מ. צאַנין

# זומערשניי

נאָוועלן ✶ עסייען ✶ רעפּאָרטאַזשן

הילע געצייכנט פֿונעם מחבר

ה. לייוויק־פֿאַרלאַג
בײַם פֿאַראיין פֿון ייִדישע שרײַבער אין ישׂראל

תל־אביב 1992 — תשנ״ב

מ. צאַנין

# שלג קיץ

סיפורים, מסות, רפורטז'ות

M. TSANIN

# SUMMER SNOW

STORIES, ESSAYS, REPORTAGES





נדפס בישראל 1992

Printed in Israel

הוצאת ספרים ע"ש ה. לייוויק

ע"י אגודת סופרי יידיש בישראל

H. Leivik Publishing House

Tel-Aviv, Israel

אינהאַלט:

# זומערשניי

במשך פֿון יאָרן האָט מען אין דער משפּחה פֿון דער באָבע לאה זיך געסודעט וועגן איר פּערענע. ווערליך דעם אופֿן פֿון סודען זיך, מער מיט רמזים און אויגנווינק ווי מיט ווערטער, האָט מען געקענט זיך אָנשטויסן, אַז עס גייט וועגן אַ קלאָרער זאַך, דהײַנו אַז אין דער באָבעס פּערענע איז אײַנגענייט אַן אוצר.

און אויב עס גייט אין אָנשטויסן זיך, האָט מען געקענט טראַכטן אויך פֿאַרקערט: פֿון וואַנען האָט די באָבע לאה גענומען אַן אוצר, כּדי אים צו באַהאַלטן אין איר פּערענע? וואָרעם איר מאַן, דער זיידע ר׳ פּנחסל, האָט, אַוועקגייענדיק אויפֿן עולם־האמת, זי איבערגעלאָזט מיט זעקס קינדער, אַ צען העקטאַר וואַלד, עטלעכע מאָרגעס אַקערפֿעלד און צוויי הײַזער. דאָס אַלץ איז טאַקע אַן אוצר, נאָר עס ווייסן דאָס וויל אַפֿילו קינדער, אַז אַזאַ אוצר קען מען נישט אײַנניייען אין אַ פּערענע.

ווי ס׳איז שפּעטער קלאָר געוואָרן, הגם אויף אונדזער וועלט איז קיין מאָל גאָרנישט אין גאַנצן קלאָר, איז די מעשׂה געווען גאָר אַנדערש. וואָלטן געלעבט די לײַט פֿון דער באָבעס דור, די שטאָטישע, וואָס האָבן אויסגעשמעקט און באַרעדט אַלץ אַרום דער שיינער לאה, וואָלט אויך די משפּחה אַנדערש געטראַכט, און עס וואָלט נישט געקומען צו קיין זומערשניי.

יענע לײַט פֿון דער באָבע לאהס דור האָבן מיט זיך מיטגענומען אויף יענער־וועלט נישט בלויז זייערע אייגענע מעשׂים און סודות, נאָר אויך אַלץ וואָס זיי האָבן יאָ אָדער נישט געוווּסט וועגן לאה ר׳ יואלטשעס, וואָס איז שפּעטער געוואָרן ר׳ פּינחסס ווײַב, און וועגן דעם פּוילישן באַראָן באָלעסלאַוו יאַקובאָווסקי. ער אַליין, דער באַראָן, זאָל האָבן דערציילט, אַז שטאַמען שטאַמט ער פֿון די פֿראַנקיסטן, און ער הייסט טאַקע נאָך יעקב פֿראַנק. זיין טשאָרטקעווער עלטער־זיידע האָט געהאַט זיך אײַנגעקויפֿט אין יִחוס בײַם פּוילישן אַדל, חתונה געהאַט פֿאַר אַ פּריצישער טאָכטער, און ער, יאַקובאָווסקי, איז זייערס אַן אוראייניקל.

וואָלטן זיך די לײַט פֿון דער באָבע לאהס דור נישט געסודעט, ווי

ס׳האָט שפּעטער געטאָן די משפּחה, אַרום דעם אוצר, נישט־געשטויגן, נישט־געפֿלויגן, נאָר ליבערשט געגעבן לשון, וואָלטן זיי אָנגעהויבן פֿון יענעם ערב־חנוכּה, ווען דער באַראָן יאַקובאָווסקי האָט פֿאַרבעטן צו זיך אין הויף דעם זיידע ר׳ יואלטשען און געזאָגט צו אים אַזוי:

— איך שענק דיר דעם פּוך פֿון אַלע גענדז וואָס האָדעווען זיך אין מײַן הויף, ווי אַ געשאַנק אויף אַ פּערענע פֿאַר דײַן שיינער טאָכטער לאה. עס קלײַבט זיך אויף אַ שווערן ווינטער. ווערדליך דעם ווי די זון פֿאַרגייט אין אָט די טעג אין בלוט־רויטע פֿלאַמען, און ווערדליך דעם ווי הײַיאָר האָבן די בושלען זיך געפֿעדערט און צוגעאײַלט זייער אָפּפֿלי, וועלן זיך שטעלן שאַרפֿע פֿרעסט. איז אַ שאָד דײַן שיינע טאָכטער זאָל לײַדן פֿון קעלט אין די פֿראָסטיקע נעכט.

ווי וויל ר׳ יואלטשע האָט אָנגענומען די מתּנה פֿון זײַן פּריץ, האָט די מעשׂה אים גורם געווען ער זאָל אין די נעכט זיך אויפֿכאַפּן מיט האַרץ־קלאַפּעניש, און ביז באַגינען זוכן דעם באַשייד פֿון דער מתּנה.

ס׳איז אמת, און דערוועגן האָט געוווסט די גאַנצע וועלט, אַז ר׳ יואלטשע האָט אַלע יאָרן געפֿירט דעם באַראָנס געשעפֿטן, כּדי דער פּריץ זאָל קענען במנוחה לעבן אין פּאַריז, אָן זאָרג פֿאַר זײַן אייגנס אין דער מדינה פּוילן. איין מאָל אין אַ יאָר אָדער איין מאָל אין צוויי יאָר, פֿלעגט דער באַראָן אַהיימקומען, בעיקר אין האַרבסט, צו יאָגן זיך אין זײַנע וועלדער נאָך הירשן, פֿאַזאַנען און האָזן. אין אַזאַ צײַט פֿלעגט געשען, אַז יאַקובאָווסקי האָט זיך פֿאַרקליבן אין שטאָט אַרײַן אויף זײַן רײַטוועגעלע געשפּאַנט מיט אַ גוט־געהאָדעוועט פֿערד, און אָפּגעטראָטן אין הויז פֿון ר׳ יואלטשע, כּדי הנאה צו האָבן פֿון די ייִדישע מאכלים.

— אַזעלכע מאכלים ווי די יואלטשעכע קאָכט, איז נישט צו געפֿינען אין גאַנץ פּאַריז — פֿלעגט יאַקובאָווסקי אויסלויבן.

אין יענער צײַט וואָס ווערט דאָ באַשריבן איז דער ייִדישער שטייגער געווען, אַז אַן אָפּגעהיטענער מאַנצביל האָט אין די וואָכנטעג נישט געגעסן בײַ איין טיש מיט זײַן אישה, בפֿרט נאָך ווען צו גאַסט איז געווען אַ פֿרעמדער מאַנצביל, און אין דעם פֿאַל, דער באַראָן יאַקובאָווסקי.

איז איין מאָל געשען, אַז ווען יואלטשע און זײַן פּריץ האָבן נהנה געווען פֿון פֿרומעטס מאכלים, האָט זיך פּלוצעם אַרײַנגעשטעלט די טאָכטער לאה. דעם באַראָן איז אַרויסגעפֿאַלן דער לעפֿל פֿון האַנט, די יויך פֿון טעלער האָט באַשפּריצט זײַן יעגערפֿרענטש, און בעבלעך שווייס האָבן אים אַרויסגעזעצט אויפֿן שטערן.

— אָ, הייליקער ישו, אַזאַ זון אין האַרבסט! — האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט אַ צעטומלטער.

דאָס פּלוצעם־געשעענע האָט אויך גורם געווען, אַז ר׳ יואלטשע זאָל אויסגיסן אויף זיך דעם טעלער יויך מיט לאָקשן. דערשראָקן ווי אַ הינד

אין וואַלד, איז לאה נעלם געוואָרן. זײַן געשטאַלט, דער עיקר זײַן פֿאַרגאַפֿט פּנים און זײַנע אויגן, זענען מיטגעשוווּמען מיט איר און זענען איר אַרײַן אין בלוט.

לאה איז דעמאָלט אַלט געווען זיבעצן, אויפֿן אַכצנטן יאָר. איר ליכטיקע העלקייט איז געווען, ווי זי וואָלט געוואַקסן צווישן קאָרנזאַנגען אין אַ קלאָר־זוניקן זומער און זיך אָנגעזאַפּט מיט זייער העלקייט. דער בלאָ פֿון די קאָרנבלימלעך האָט זיך אָפּגעזעצט אין אירע אויגן, ווי באַפּײַכט פֿון טראָפּנס מאָרגנטוי. נאָך לאַנג איידער דעם וואָס ס׳איז געשען, האָט די מאַמע פֿרומעט געהאַט צוגעגרייט אַ לעדערן קמיע־בײַטעלע מיט אַ שטשיפּטשע פֿעפֿער, אַ לעק זאַלץ און אַ נאָדל, אַז ווער ס׳וועט זיך וווּנדערן אויף איר טאָכטערס שײנקייט, זאָל האָבן פֿעפֿער אין דער נאָז, זאַלץ אין די אויגן און אַ שטעכעניש אין האַרץ. האָט זיך לאה אײַנגעעקשנט, אַז בשום־אופֿן און פֿאַר קיין שום אוצר אין דער וועלט, וועט זי די קמיע נישט אָנטאָן אויף איר האַלדז. און אָט איז געשען וואָס ס׳איז געשען.

יאַקובאָווסקי האָט אָנגעהויבן קומען וואָס עפֿטער אין הויז פֿון ר׳ יואלטשע. בײַם אַריבערטרעטן די שוועל, איז זײַן גאַנצער גוף געווען בלויז אויגן און נאָז. ער האָט געזוכט און געשמעקט אַ סימן פֿון לאהן, אָן צו זאָגן אַ וואָרט. ער האָט געבליקט דאָ אויף רעכטס, דאָ אויף לינקס, און נאָכגעפֿאָרשט די אויגן פֿון ר׳ יואלטשען, טאָמער וועלן זיי אים מרמז זײַן ווו זײַן טאָכטער געפֿינט זיך איצט — צי אין דער קאָמער פֿון דער רעכטער, צי אין דער קאָמער פֿון דער לינקער זײַט. אַזוי האָט אויך לאה, פֿאַרבאָרגן פֿון דער מאַמע פֿרומעט, פֿאַרויסגעפֿילט ווען יאַקובאָווסקי וועט קומען און טאַקע געפֿילט ווען ר׳איז געקומען.

נאָך פֿריִער, איידער ס׳איז געשען וואָס ס׳איז געשען, האָט די מאַמע פֿרומעט געדורעט איר מאַן, אַז מע דאַרף די מויד חתונה מאַכן וואָס גיכער:

— זי איז זיבעצן יאָר, יואלטשע!

ר׳ יואלטשע האָט געוווּסט דעם חשבון פּונקט ווי פֿרומעט, דערפֿאַר האָט ער זיך געבייזערט וואָס די אישה דערמאָנט אים. אַזאַ איז דער שטייגער פֿון דעם מין מענטש: ווען ער טראַכט וועגן עפּעס וואָס עס גייט אים אין לעבן, זאָגט אים אונטער דאָס ווײַב פּונקט דאָס זעלביקע. האָט ר׳ יואלטשע געזאָגט, אַז אַ חתן איז נישט קיין פֿערד, וואָס מע קויפֿט אויפֿן מאַרק. אַז דער הימל האָט אים באַשאָנקען מיט עשירות, איז עס נישט כּדי ער זאָל זיך משדך זײַן מיט אַבי ווער און מיט אַבי פֿאַרוואָס.

אַזוי ווי טאַטע־מאַמע ווייסן צום וויניציקסטן וואָס עס טראַכטן זייערע קינדער, האָבן אויך ר׳ יואלטשע און זײַן ווײַב פֿרומעט נישט געאָנט וואָס לאה טראַכט, און צי זי טראַכט, הלמאי דער פּריץ איז אַ צו אָפֿטער גאַסט פֿון זינט יענעם געשעעניש, ווען ער האָט פֿאַרגאָסן מיט יויך זײַן יעגערפֿרענטש, און זי, לאה, איז געווען די שולדיקע דערין. אָבער ביידנס

הערצער זענען געווען באַשווערט, ווי דאָס געמיט פֿון אַ מענטש ערבֿ אַ שטורעם. האָט פֿרומעט געפֿרעגט בײַ איר מאַן:

— יואלטשע־לעבן, אפֿשר זאָל איך פֿאַרזאַלצן די מאכלים און זיי באַשמעלצן מיט טראַן, עס זאָל אים קערן די גאַל און ער זאָל פֿאַרשפּאָרן צו קומען?

האָט ר׳ יואלטשע געטענהט, אַז אַזאַ דרך איז נישט קיין דרך, און טאָמער וועט יאַקובאָווסקי זיך אָנשטויסן פֿאַר וואָס די מאכלים זענען איבערגעזאַלצן און שמעקן מיט טראַן, קען עס אים, יואלן, אומגליקלעך מאַכן.

סײַ ווי איז דאָס טראַכטן פֿון ביידע געקומען צו שפּעט. לאה איז געוואָרן בלויז סוד. זי האָט געשוויגן. איר מיידלשע פֿריילעכקייט איז פֿאַר־טונקלט געוואָרן. דער מאַמעס אויגן האָבן געזען, אַז איר טאָכטער גייט אײַן. די ראָזלעכקייט פֿון איר פּנים איז פֿאַרשוווּנדן און דער בלאָ פֿון אירע אויגן איז פֿאַרנעפּלט געוואָרן.

— וואָס איז דער מער מיט דיר? דער מאַמען זאָג אויס — האָט פֿרומעט געבעטן. נאָר לאה האָט געשוויגן.

אין יענער צײַט האָבן ייִדישע טעכטער ווי לאה נישט געלייענט קיין ביכלעך, וואָס באַשרײַבן מעשׂיות צווישן אים און איר. אָבער אויך אַז ראָמאַנען, וואָס דערציילן וועגן כּלערליי תּחבולות פֿון געליבטע, זיך צו באַגעגענען אַפֿילו דורך אַ שליסללאָך, געפֿינען די פֿאַרליבטע תּחבולות זיך אָפּצוזוכן. אַזוי האָבן זיך אויך לאה און יאַקובאָווסקי אָפּגעפֿונען און זיך צעפּלאָקערט מיט אַנאַנד אין אַ העליש פֿײַער, ווי זיי וואָלטן זיך יאָרן־לאַנג געזוכט אין אַלע פֿיר עקן פֿון דער וועלט און לסוף זיך גע־טראָפֿן. און ס׳איז געווען לאהס אײַנפֿאַל זיי זאָלן זיך באַגעגענען אין די נעכט, ווען עס שלאָפֿט די שטאָט און עס שלאָפֿן די פֿייגל אין די נעסטן. לאה האָט אין מיטן נאַכט, נאָך דעם ווי די הענער האָבן זיך צעקרייט, זיך אַרויסגעגנבֿעט פֿון איר קאַמער דורכן פֿענצטער און געאײַלט צום שפּאַציר־גאָרטן, וווּ יאַקובאָווסקי האָט זי אויסגעקוקט מיט בענקשאַפֿט. ווי מע קוקט אויס מיט בענקשאַפֿט אויפֿן ים, עס זאָל זיך באַווײַזן דער ברעג.

— טוליע מיך צו זיך, ס׳איז מיר אַזוי קאַלט — האָט לאה אים געבעטן, און איר גוף האָט געצאַפּלט מיט שוידער.

יאַקובאָווסקי האָט זי געטוליעט צו זיך און זי באַרויִקט, אַז אָט באַלד, נאָך אַ נאַכט און נאָך אַ נאַכט, און ער וועט זי נעמען צו זיך אַהיים אין זײַן הויף, און זי וועט זײַן זײַן ווײַב.

טאַקע אין אַזאַ נאַכט איז יאַקובאָווסקין געקומען אויפֿן רעיון, צו געבן איר די ערשטע מתּנה: פּוך פֿאַר אַ פּערענע, און כּדי אויסצומײַדן יעדן חשד, האָט ער פֿאַרבעטן צו זיך ר׳ יואלטשען און אים געזאָגט וואָס

ער האָט געזאָגט ווען דעם פוך פֿון אַלע גענדז וואָס האָבן געדאַוונט זיך אין זייַן הויף.

ווי ווויל לאה האָט געגאַרט די נעכט זאָלן זיך אָפּבייַטן וואָס גיכער, זי זאָל ווידער פֿילן די וואַרעמקייט פֿון זייַנע אָרעמס און די זיסקייט פֿון זייַן אָטעם, האָט זי געפּאַכעט מיט דער נשמה אויס פּחד, טאָמער וועט אין איינער אַזאַ נאַכט ווער פֿון די שטובּיקע באַמערקן איר קלעטערן דורכן פֿענצטער, אין דער צייַט ווען די נאַכטוואַנדלערס שטייען אויף, כדי צו קלעטערן איבער די דעכער. זי וועט נישט אויסהאַלטן די טרערן פֿון איר מאַמען און דעם פּייַן פֿון איר טאַטן. זי וועט זיך מוזן אָנטאָן אַ מעשׂה. דעמאָלט וועט זי מער נישט פֿילן דאָס פֿריידיקע האַרץ־קלאַפּעניש בייַם אַרייַנפֿאַלן אין זייַנע אָרעמס, ווען עס דאַכט זיך איר אַזביידע הייבן זיי זיך אויף אין דער טונקלקייט פֿון דער נאַכט און שוועבן אַוועק ערגעץ ווו, בלייַבן אַליין מיט די פֿינקלענדיקע שטערן.

האָט באָלעסלאַוו יאַקובאָווסקי מיט אַ פֿורנאַל געשיקט צו ר׳ יואלטשעס דרייַ זעק מיט פוך, אַ מתּנה אויף אַ פּערענע פֿאַר דער שיינער טאָכטער לאה, וואָס איז געבוירן געוואָרן צו זייַן אַ פּרינצעסין — אַזוי האָט ער אָנגעזאָגט דעם פֿורנאַל.

פֿריידיק און אומרויִק פֿון חשדים, האָט פֿרומעט מיט אייגענע הענט געבייט דעם אייַנשיט און די ציך פֿאַר דער פּערענע, און געשעפּטשעט אַ תּחינה, זי זאָל וואָס שנעלער בייען לאהס חתונה־אויסשטייַער, וואַרעם דאָס האַרץ, דאָס האַרץ...

פּונקט ווי די מאַמע האָט מיט פֿרייד און אומרו געבייט דעם אייַנשיט און די ציך פֿאַר דער פּערענע, אַזוי האָט אויך לאה זיך אייַנגעגנורעט אין דער ליבלעכער וואַרעמקייט פֿון דער פּערענע, וואָרעם דאָס האַרץ, דאָס האַרץ...

איז אַוועק דער האַרבסט און די נעכט זענען געוואָרן פֿראָסטיקער. האָט יאַקובאָווסקי געזאָגט:

— במשך דעם ווינטער וועלן אונדזערע בריוו זיך באַגעגענען דאָ, ווו מיר אַליין האָבן זיך ביז איצט באַגעגנט, ביז דער פֿרילינג וועט ווידער פֿאַר אונדז קומען.

און אַזוי איז געשען: דער דענקמאָלשטיין אינעם שפּאַציר־גאָרטן איז געוואָרן דער אַדרעס פֿאַר זייערע אויסגעבענקטע בריוו, וואָס די שאַרפֿע פֿרעסט אַפֿילו האָבן נישט געקענט אָפּקילן זייער פֿלאַם. יאַקובאָווסקי האָט צו איר געשריבן, אַז אין די הייליקע שריפֿטן האָט ער אויסגעפֿונען אַ מעשׂה, וואָס הייסט „דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען". און אין דער מעשׂה האָט ער אָפּגעפֿונען זיך און לאהן, נאָר דאָרטן הייסט ער סאָלאָמאָן און זי הייסט שולאַמיטאַ. זאָל זי לייענען וואָס עס שטייט געשריבן אין די הייליקע שריפֿטן. דאָרטן רעדט ער צו איר, צו לאהן.

האָט לאה גענומען בײַ איר מאַמען די צאינה־וראינה און אין די נעכט, בײַ אַ חלבן ליכטל, געזוכט „דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען" און איר שלמה המלך, וואָס האַלט זי אין זײַנע אָרעמס, און זיס איז זײַן אָטעם. נאָר אין טײַטש־חומש האָט זי אויסגעפונען בלויז אַז „ס'איז דאָס געזאַנג מיט וועלכן שלמה האָט געלויבט גאָט, וואָס דער שלום איז זײַנער און ער מאַכט שלום צווישן אַלע. דען די זון און די לבנה און די שטערן גייען אין הימל און עס טוט איינער דעם אַנדערן קיין שאָדן נישט, און עס גייען רעגן און האָגל פון וואַסער, און דונערן און בליצן פון פײַער, און זיי גייען מיט אַנאַנדער, און דאָס וואַסער פאַרלעשט נישט דאָס פײַער".

האָט לאה פון דער צאינה־וראינה געדרונגען, אַז כאָטש זי איז אַ ייִדישע טאָכטער און ער איז אַ קריסט, האָבן זיי זיך ליב און זיי שטרעקן פאַר אַנאַנד דאָס לעבן, און פרייד־וויטאָג זענען זיי זיך גורם. לאה האָט געשריבן מיט אַ געגנדזענער פען און אים געענטפערט, אַז איר ליבשאַפט צו אים וועט נישט פאַרשווענקט ווערן פון וואַסער און וועט נישט פאַרברענט ווערן פון פײַער, ווי עס שטייט געשריבן אין די הייליקע שריפטן. אַזוי ווי ער, באָלעסלאַוו, פילט זיך ווי שלמה, אַזוי פילט זי זיך ווי רחל, וואָס האָט זעקס לאַנגע יאָר געוואַרט אויף יעקבֿן. זי וועט די זעקס יאָר, דעם פראָסטיקן ווינטער, נישט איבערהאַלטן. איר איינציקע טרייסט איז די פערענע, זײַן געשאַנק, וואָס זי פילט איר ווייכקייט, ווי די צאַרטע ווייכקייט פון זײַנע אָרעמס.

אויף איר לעצטן בריוו האָט זי קיין ענטפער נישט דערהאַלטן. אין איינעם אַ טאָג, ווען לאה איז צוריקגעקומען פון שפּאַציר־גאָרטן אַ ליידיקע, אַן אַ וואָרט פון יאַקובאָווסקין, איז אין אַ שליטן אָנגעפאָרן ר' יואלטשע. ער איז געקומען פון דעם באַראָנס הויף און האָט געבראַכט די בשורה, אַז יאַקובאָווסקי איז נישטאָ. ער איז אַרויס מיט פריצים פון דער סבֿיבֿה אין די וועלדער זיך יאָגן נאָך ווילדקייט, און ווען ער האָט געשאָסן אַ בער, האָט די פאַרווונדיקטע חיה זיך געוואָרפן אויף אים און געריסן פון אים לעבעדיקע שטיקער. אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָט ער געגוססט און איז אויסגעגאַנגען אין יסורים.

איצט האָט לאה געקאָנט וויינען וויפל נאָר עס האָבן איר געסטײַעט טרערן, ווײַל אויך די מאַמע פרומעט האָט געוויינט און געקלאָגט אויפן אומגליק, ווי דער באַראָן וואָלט געווען אַ נאָענטער קרובֿ. אויך ר' יואלטשע איז אַרומגעגאַנגען ווי אַן אָבל, ווי זײַן וועלט וואָלט זיך פלוצעם אײַנגעבראָכן. יעדער מיט זײַן געוויין, יעדער מיט זײַן צער. דער צער פון לאהן איז געווען אַזאַ, ווי ס'וואָלט זי באַפאַלן אַ מסוכּנדיקע שלאַפקייט. זי איז רק געלעגן אין בעט, אײַנגעוויקלט אין דער פערענע, און ווי נאָר זי איז געבליבן אַליין אין קאַמער, האָט זי צום צוואַנציקסטן און דרײַסיקסטן מאָל געלייענט זײַן געזאַנג אינעם בריוו, אַז ער איז שלמה און זי איז

שולמית.
מיטן טויט פֿונעם באַראָן איז דאָס הויז פֿון פֿרומעטן און ר׳ יואלטשען געוואָרן אויסגעליידיקט פֿון עפּעס, וואָס מע קען נישט אָנרופֿן בײַם נאָמען. די שטאָט האָט זיך געסודעט, אַז ר׳ יואלטשע איז אַראָפּ פֿון געלענדער און בלויז דער הימל וויס צי ער איז שוין געוואָרן אַ יורד, אָדער ער גייט ווערן אַ יורד.

לײַט האָבן געוווּסט, אַז ר׳ יואלטשע איז גאָר שטאַרק געפֿאַלן בײַ זיך, דאָס האָבן געזען אַפֿילו קינדער אין די וויגן. וואָרעם ווי ער האָט פֿריער געטריבן שדכנים, נישט געלאָזט זיי איבער זײַן שוועל, אַזוי האָט ער איצט, נאָכן אומגליק מיטן באַראָן, אַראָפּגעלאָזט פֿון זײַן אייגענער פֿריצישקייט און מיט כּוונה אויסגעהערט מיט וואָס דער און יענער שדכן קומט, און וואָס ער האָט צו זאָגן. און אַלע שדכנים האָבן געהאַט וואָס צו זאָגן: צו ר׳ יואלטשען וועט מען נישט קומען מיט אַ ליאַדע וועמען. טאָמער וויל ער יִחוס — האָבן זיי פֿאַר אים אַ וועלט מיט יִחוס. טאָמער וויל ער אַ שידוך מיט געלט — האָט דער צי יענער שדכן כּמעט אַ ראָטשילד פֿאַר אים. און טאָמער זוכט ער תּורה, אַן עילוי — זאָל ער נאָר זאָגן איין וואָרט און אַן עילוי וועט זיך אַרײַנשטעלן צו אים אין הויז, ווי אַ מלאך פֿון הימל, וואָרעם די וועלט איז געגרונטפֿעסטיקט אויף תּורה.

נאָך דעם וואָס ס׳איז געשען, איז אָבער די צײַט נישט געווען פֿאַר קיין תּורה און עילויים. ר׳ יואלטשע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ וואַלד־סוחר, וואָס האָט אַ בן־יחיד; קיין למדן איז ער נישט, ער האָט אָבער דעם געלענק פֿון זײַן טאַטן: צו צוואַנציק יאָר קען ער זיך שוין אויס אויף געהילץ, און ער, דער שדכן, וואָלט געשוווירן, אַז איידער ר׳איז געבוירן געוואָרן, איז ער, דער חתן־בחור, שוין געווען אויסגעקאָכט אין וועלדער, מיט אַן אויגנבליק אָפּגעשאַצט וועלכער בוים ס׳איז אַ געזונטער און מע דאַרף אים לאָזן וואַקסן, און וועלכער עס פֿוילט פֿון אינעווייניק און מע דאַרף אים אויסהאַקן.

איז דער וואַלד־סוחר געקומען צו ר׳ יואלטשען אין הויז און מיטגעבראַכט זײַן בן־יחיד אויף אַ קוק. פּנחסל איז אַוועק פֿונעם קוק אַ צעפֿלאַמטער. לאהס געשטאַלט האָט אים פֿאַרכּישופֿט, כאָטש נעם און שטעל אַ חופּה נאָך איידער מ׳האָט געשריבן תּנאָים.

אָבער נישט אַזוי איז געווען מיט לאהן. אַז די מאַמע האָט זי געפֿרעגט: „נו, לאהלע, וואָס זאָגסטו?" — האָט זי געשוויגן און אַפֿילו די אויגן נישט אויפֿגעהויבן. זי וואָלט ליבערשט געשטאָרבן, כּדי דאָרטן אַרײַנצופֿאַלן אין די אָרעמס פֿון דעם, וואָס מיט זײַן טויט האָט ער צעשטערט איר נשמה און אירע חלומות. זי איז אַרומגעגאַנגען ווי עס וואָלט איר אָפּגענומען געוואָרן ס׳לשון. ווי אַ ייִדישע יתומה, אַ כּלה, גייט אין טאָג פֿון איר חתונה צו די קבֿרים פֿון טאַטע־מאַמע, זיי פֿאַרבעטן אויף איר שׂימחה,

אַזוי איז לאה עטלעכע מאָל געלאָפֿן אין שפּאַציר־גאָרטן און בײַם דענקמאָל געזוכט אַן ענטפֿער אויף דעם ווייטיק וואָס אין איר האַרץ און אויף דעם ווייטיק וואָס זי לייענט אַרויס אין די אויגן פֿון איר מאַמען. נאָר אויב לאה האָט נישט געקאָנט ענטפֿערן אויף די שטילע ווערטער פֿון איר מאַמען, ווי אַזוי האָט איר געקענט ענטפֿערן דערויף דער פֿאַרשניטער דענקמאָל אין שפּאַציר־גאָרטן?

אין יענער צײַט, ווען ייִדן האָבן נישט געוווּסט פֿון אַזעלכע זאַכן ווי ליבע, האָבן ר׳ יואלטשע און פֿרומעט פֿאַרשטאַנען, אַז לאהס שווײַגן איז גלײַך זי וואָלט געזאָגט: יאָ. כּדי צו זײַן אין גאַנצן זיכער, אַז לאהן געפֿעלט דער שידוך, האָט די מאַמע איר געזאָגט, אַז אַפֿילו דער חתן איז נישט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ — לעבט מען שפּעטער ווי טײַבלעך, מע בינדט זיך צו צוזאַמען, ווי מע וואָלט באַשאַפֿן געוואָרן איינס.

מיט לאהן און פּנחסלען איז אָבער נישט געווען אַזוי. זי איז אים געוואָרן אַ ווײַב, געבוירן אים זעקס קינדער, אָבער די ווונד וואָס עס האָט איר גורם געווען דער טויט פֿון יאַקובאָווסקין איז נישט אין גאַנצן פֿאַרהיילט געוואָרן. יעדעס מאָל, פֿאַר דער חתונה און נאָך דער חתונה מיט פּנחסלען, ווי נאָר זי האָט זיך צוגעדעקט מיט דער פּערענע, איז איר אויפֿגעקומען פֿאַר די אויגן יאַקובאָווסקי, און די ווונד האָט זיך אויף ס׳בײַ געעפֿנט און ווײ געטאָן. די וועלט זאָגט, אַז וואָס די ערד דעקט צו ווערט פֿאַרגעסן. פֿאַר וואָס זשע קען זי נישט פֿאַרגעסן? פֿון מאָל צו מאָל, ווען עס באַפֿאַלט זי אַ קלעמעניש, אײַלט זי צום שפּאַציר־גאָרטן, ווי אונטער דעם דענקמאָלשטיין וואָלט געוואַרט אויף איר אַ בריוו מיט דעם געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען, וווּ ער איז שלמה המלך און זי איז שולמית.

נאָך בײַם ערשטן קינד האָט לאה אײַנגענייט אין דער פּערענע דעם נאָפּל פֿון דעם נײַ־געבוירענעם, ווי אַ סגולה, אַז די ליבשאַפֿט פֿון קינד צו דער מאַמען און פֿון איר צום קינד, זאָל זיך קיין מאָל נישט פֿאַרלעשן.

צו מאָל האָט זי טיף, טיף אין זיך געגאַרט, אַז דאָס ערשטע קינד זאָל זײַן פֿון אים, פֿון יאַקובאָווסקין. כּדי אָנצוהאַלטן די ליבשאַפֿט, האָט זי נאָך יעדער נײַער געבורט אײַנגענייט אין דער פּערענע דעם נאָפּל פֿונעם נײַ־געבוירענעם, ביז זי האָט פֿאַרפֿלאָכטן זעקס נאָפּלען, די פּערענע איז געוואָרן איר אוצר. אין דער פּערענע האָט זי געהאַט אַלץ וואָס זי האָט געגאַרט.

אַזוי לאַנג ווי די קינדער זענען געווען קליין, האָט זי זיי גענומען אין בעט אַרײַן, אונטער דער פּערענע, און זיי געטוליעט צו זיך, ווי־ שוועלבעלעך. צו מאָל האָבן זיך די טרערן געגאָסן פֿון זיך אַליין, פֿאַר גרויס בענקשאַפֿט. דעמאָלט איז די בענקשאַפֿט אירע געווען אָן אַ נאָמען, אָן אַן אַדרעס.

זומערצײַט פֿלעגט לאה אײַנשליסן די פּערענע אין איר קופֿערט און

דעם שליסל באַהאַלטן, ווי זי וואָלט אײַנגעשלאָסן אַן אוצר. און ערבֿ הארבסט, ווען זי האָט די פּערענע צוריק אַרויסגענומען פֿון קופֿערט, האָט זי געשמעקט צו איר מיט אַזאַ כּוונה, ווי איר מאַן שמעקט דאָס בשׂמים־ביקסל בײַם מאַכן הבֿדלה, צווישן דעם הייליקן שבת און דער וואָך.

אַז ר׳ יואלטשעס אײדעם האָט פֿון זײַן פֿאָטער געירשנט ס׳פֿאַרמעגן, און מיט דער צײַט איז אויך ער אַליין געוואָרן אַרומגעוואַקסן מיט וועלדער און פֿעלדער, האָבן לײַט צו זײַן פֿאַרצערטלטן נאָמען צוגעגעבן אַ „רבֿ" און אים גערופֿן ר׳ פּנחסל.

לאה האָט פּלוצעם דערפֿילט, אַז די יאָרן לייגן זיך אויף איר. דער שפּאַציר־גאָרטן האָט זיך דערווײַטערט, כאָטש בײַם פֿאַרבײַגיין דעם דענקמאָלשטיין, טוט איר נאָך אַ שטאָך אין האַרץ און זי פֿאַרלירט אַ רגע דעם אָטעם. אַזוי איז אויך געשען מיט יאָרן שפּעטער, ווען אירע קינדער האָבן שוין אַליין געהאַט קינדער, און לאה איז געווען זיכער, אַז די ליבשאַפֿט צווישן איר און אירע קינדער נעמט זיך פֿון דער סגולה, וואָס זי האָט אײַנגעבייט אין דער פּערענע זייערע נאָפּלען, און די פּערענע קעלטערט די ליבשאַפֿט.

איין מאָל אין אַ יום־טובֿ, ווען די קינדער און אייניקלעך זענען געזעסן בײַם טיש, האָט זיך בײַ לאהן אַרויסגעכאַפּט אַ וואָרט: ווענען, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, איבערצולאָזן די פּערענע?

ווי אַ קערנדל וואָס ווינט און רעגן פֿאַרנורען עס אין דער ערד, לאָזט שפּעטער אַרויס אַ נאָכוווקס, און עס שלאָגן אַרויס צווײַגן און פּירות, אַזוי האָט לאהס וואָרט זיך אײַנגעגנורעט אין די הערצער פֿון די קינדער. פֿאַר וואָס דווקא די פּערענע? יעדער איינער אין שטאָט איז מקנא דעם טאַטן מיט זײַן פֿאַרמעגן און ווינטשט זיך צו האָבן כאָטש אַ צענטן חלק דערפֿון וואָס ר׳ פּנחסל פֿאַרמאָגט. פֿאַר וואָס זשע בלויז די פּערענע? אַזוי האָט דער מאַמעס וואָרט געצײַטיקט אין די הערצער פֿון די קינדער די מחשבֿה, אַז אין דער פּערענע ליגט באַהאַלטן אַן אוצר.

אויס דרך־ארץ, האָט קיינער פֿון די קינדער נישט געפֿרעגט וואָס און ווען, נאָר צווישן זיך האָט מען זיך געסודעט, וואָס פֿאַר אַן אוצר האָט די מאַמע באַהאַלטן אין דער פּערענע? דאָס סודען זיך איז אויך דערגאַנגען צו די אייניקלעך, וואָס זיי האָט מען אָנגעזאָגט: חלילה, פֿאַר קיינעם נישט דערמאָנען דער באָבעס פּערענע.

האָבן אויך די אייניקלעך זיך געסודעט, און אַז די באָבע האָט זיי מיט ליבשאַפֿט אַרײַנגענומען אין איר בעט און צוגעדעקט מיט דער פּערענע, האָבן די קלייניקע אויסגעטאַפּט די פּערענע, און דער סוד איז געוואָרן נאָך מער סוד.

לײַט זאָגן, אַז אַ סוד פֿאַר מער ווי איין מענטש איז נישט מער קיין סוד. און זיי ווייסן וואָס זיי זאָגן, וואָרעם אַזוי ווי דער דור וואָס

האָט געלעבט ווען לאה איז געווען אַ מיידל האָט זיך געסודעט, הלמאי יאַקובאָווסקי איז געוואָרן אַזאַ אָפּטער גאַסט ביַי ר׳ יואלטשען, אַזוי־האָט דער איצטיקער דור, ווען לאה איז שוין געווען אַ באָבע, זיך גע־סודעט מחמת דעם אוצר. די שטאָט געדענקט דאָך אַז ר׳ יואלטשע איז געווען אויסגעקאָכט מיט דעם באַראָן, און אַז יאַקובאָווסקי אַליין האָט זיך מודה געווען, אַז ער שטאַמט פֿון די פֿראַנקיסטן, ממילא פֿון ייִדן.

איז געשען ווי עס קאָן געשען: אין איינעם אַ ווינטערטאָג איז ר׳ פּנחסל אַרויסגעפֿאָרן אין זײַנע וועלדער, כאַפּן אַ בליק צי די אַרומיקע פּויערים גנבֿענען נישט זײַן געהילץ. ס׳איז געווען נאָך דעם ווי אַכט פֿעליקע טעג איז געפֿאַלן אַ געדיכטער שניי און אַ פֿײַפֿנדיקער ווינט האָט אָנ־געיאָגט, אַז בערג און טאָלן זענען נישט געווען צו דערקענען. אויך די גראָלעכע וואָלקנס אונטערן הימל זענען געווען ווי אַראָפּהענגענדיקע שניי־בערג.

האָט ר׳ פּנחסל אַליין נישט דערקענט זײַנע וועלדער און אים האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ער בלאָנדזשעט אין פֿרעמדע לענדערײַען. פּלוצעם האָט זיך דער שליטן איבערגעקאָטשעט אויף אַ שנייבאַרג. פֿון שרעק האָט זיך דאָס פֿערד אַרויסגעריסן פֿון די האָלאָבליעס און איז אַנטלאָפֿן אַהיים. האָט זיך ר׳ פּנחסל אַרויסבאַקומען פֿון שניי און זיך געשלעפּט צו פֿוס אַהיים. אָבער אַהיים איז ער נישט דערגאַנגען. לײַט האָבן אים אויפֿן וועג גע־פֿונען אַ האַלב־פֿאַרפֿרוירענעם. ער איז שוין אַרײַן אין בעט נישט מיט זײַנע אייגענע כּוחות, און איז פֿונעם בעט נישט מער אַרויס. לאה איז געבליבן אַן אַלמנה. האָט זי געזאָגט צו אירע קינדער:

— כ׳וועל די ירושה נאָכן טאָטן נישט צעטיילן אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן. שפּעטער וועט איר ס׳פֿאַרמעגן צעטיילן צווישן זיך גלײַך אויף גלייך, ווי איך האָב אײַך אַלע יאָרן גלײַך ליב געהאַט. בלויז איין זאַך: די פּערענע וואָס האָט מיך געוואָרעמט אין פֿרייד און אין צער וועט ירשענען יאַכוועטל. זי איז די עלטסטע שוועסטער אײַערע.

דער מאַמע לאהס ווערטער זענען געווען אַ געװוּנדיקער סימן, אַז וואָס זיי האָבן געטראַכט וועגן אוצר פֿאַרבאָרגן אין דער פּערענע, איז טאָקע אמת־ויציב. און אַז דער אוצר איז אַן אוצר, דאַרף מען אים אָפּהיטן מיט זיבן אויגן. די וועלדער און פֿעלדער וואָס דער טאַטע האָט איבערגעלאָזט, וועט קיין שום גזלן אין דער וועלט נישט צודייבן, אָבער אַן אוצר אין אַ פּערענע?! — אַרײַן דורך דער טיר אין אַרויס דורכן פֿענצטער, און אויס אוצר.

און כאָטש די מאַמע פֿרומעט פֿלעגט זאָגן: „אַ זון איז אַ גרינט, אַ טאָכטער איז אַ קינד, אַ שנור איז אַ הינט און אַן איידעם איז אַ ווינט” — אַז ס׳איז געקומען צו רייד וועגן אוצר, זענען אַלע געווען גלײַך אר ביַי דער זעלביקער דעה, אַז מע דאַרף אָפּהיטן די מאַמע ווי אַן אויג אין

קאָפּ, זי זאָל חלילה נישט באַפאַלן ווערן פון גזלנים.

און געטראַכט האָבן זיי, אָן דעם אַז יוכבד זאָל דערפון וויסן, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, וועלן זיי מקיים זיין דעם געבאָט פון דער מאַמען, ווי זיי זענען מקיים די געבאָטן פון דער תורה: די פּערענע וועט ירשענען יוכבד, אָבער דעם אוצר אין דער פּערענע וועלן זיי צעטיילן גלייך און גלייך, יעדער וועט באַקומען זיין חלק.

די טעכטער, זין, שנורן און איידעמס האָבן טאַקע אָפּגעהיט די מאַמע לאה, נישט געלאָזט זי אַ רגע אַליין. איז דאָס פאַר איר געווען אַ באַלוינונג פאַר אַלע ליידן און ביטערנישן, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען פון אירע קינדער, ביז זיי זענען אַוועק איטלעכער פאַר זיך. וואָרעם ביי דער מאַמען איז אַ קינד צו זיבן — פּונקט ווי צו זיבעציק: אַ קינד. די סגולה פון איינגייען די באַפאַלען פון די קינדער אין דער פּערענע, איז טאַקע אַ סגולה פון הימל.

דאָס וואָס ס'איז שפּעטער געשען, איז געווען אין אַ הייסן זומערטאָג, וואָס אַזעלכן האָבן אַפילו די אַלטע לייט אין שטאָט נישט געדענקט. אַ פלאַם פון היץ האָט געפליישט פון הימל און פון אַלע פיר עקן וועלט. די ערד האָט געבריט, ווי דער גיהנום וואָלט זי אָנגעגליט פון אונטן. די תבואה־פעלדער זענען אויסגעסאָכניעט געוואָרן, די זאַנגען — געל און פאַר דער צייט אויסגעשיט די קערנער. פייגל האָבן מיט אָפענע שנאָבלען געפרייכט פון דאָרשט. פי אויף די פעלדער האָבן אויפגעהויבן די קעפּ צום הימל, ווי פון אויבן וואָלט געדאַרפט קומען די דערלייזונג פאַר זייער בראַנדיקן דאָרשט.

אין איינעם פון די טעג איז לאה געפאַלן צו בעט. אירע כוחות האָבן זיך אויסגעטריקנט און זי האָט זיך מער נישט געקענט האַלטן אויף די פיס. האָט זי געזאָגט צו אירע קינדער, וואָס האָבן זי געהיט טאָג און נאַכט:

— איך האָב נישט געציילט מיינע יאָרן, דאָך פיל איך, אַז מיינע הונדערט און צוואַנציק האָבן זיך געענדיקט. עס ציט מיך צו דער ערד וואָס האָט באַהאַלטן מיין אוצר.

אָן צו פאַרענדיקן אירע ווערטער, האָט לאה פאַרמאַכט די אויגן, וואָס האָבן ביז יענער רגע גאָרנישט פאַרלוירן פון זייער בלאָקייט.

וואָלטן געלעבט די לייט פון איר דור, וואָלטן זיי דערציילט, אַז כאָטש אין יענעם חמימהדיקן טאָג זענען די מענטשן אַרומגעגאַנגען שלאַבעריקע, קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס, האָט נאָך די שטאָט נישט געזען אַזאַ לוויה. קינד־און־קייט זענען נאָכגעגאַנגען נאָך לאה ר' יואלטשעס און געקלאָגט אַ קלאָגעניש, ווי זיי וואָלטן די גאַנצע שטאָט באַגלייט צו קבורה.

צוריק וועגס פונעם גוטן־אָרט האָבן די קינדער, די שנורן און די איידעמס, אָן צו רעדן דערוועגן, זיך דערמאָנט, אַז די פּערענע איינגעשלאָסן אין דער מאַמעס קופערט איז געבליבן אַליין. און מחמת די גאַנצע שטאָט

איז מחוץ דער שטאָט — איז די סכנה פֿון גזלנים גרעסער ווי אין אַלע צײַטן.

אָן אָפּצורעדן, האָבן זיך אַלע צוריקגעקערט צום לײדיקן הויז פֿון לאהן. דער שלאָס פֿונעם קופֿערט איז געווען נישט־געריִרט. האָבן די קינדער זיך אָוועקגעזעצט אין אֲבֵלוּת, און אין אײנעם מיטן טרויער אין די הערצער, האָבן זײערע מחשבֿות געזוכט דעם שליסל צום קופֿערט.

— וווּ איז דער שליסל? האָט ווער געזען ווו די מאַמע, עליה השלום, האָט באַהאַלטן דעם שליסל?

דורך די אַלע טעג איז קײנעם נישט אָנגעגאַנגען דער שליסל. די מאַמע האָט אײַנגעשלאָסן די פּערענע באַלד נאָך פּסח, ווי עס האָבן זיך נאָר געשטעלט די הײסע טעג, און קײנער האָט דעם שליסל נישט געזען. אין די זיבן טעג פֿון שיבֿעה האָט קײנער נישט גערעדט דערוועגן. נאָר אַז די זיבן טעג האָבן זיך פֿאַרענדיקט, זענען די קינדער אויפֿגעשפּרונגען צו זוכן דעם שליסל. עס האָבן געזוכט די שנורן און עס האָבן געזוכט די אײדעמס — ווי דער שליסל פֿון קופֿערט וואָלט געקומען צו קבֿורה אין אײנעם מיט דער מאַמען.

אין די פֿלאַמיקע טעג זענען די זוכערס אָפּגעגאַנגען אין שווײס, סײַ מחמת דער היץ, סײַ מחמת דער שפּאַנונג פֿון זוכן און נישט געפֿינען. ערשט אויפֿן דריטן טאָג האָט דווקא יוכבֿד, די עלטסטע טאָכטער, געפֿונען דעם שליסל אין דער זילבערנער פּושקע ווו דער טאַטע, ר׳ פּנחסל, עליו השלום, פֿלעגט בײַ זײַן לעבן האַלטן דעם אתרוג. דער שליסל איז געווען אײַנגעבעט אין די פּאַקעלעס וואָס זענען געבליבן נאָך דעם לעצטן אתרוג.

יוכבֿדס אויסרוף: איך האָב אים! — האָט באַפֿרײַט דעם אָטעם פֿון שפּאַנונג. אָבער בלויז אויף אַ רגע, כּדי ווידער צו ווערן געשפּאַנט, בײַם עפֿענען דעם קופֿערט.

אין דער מעכיע, אין דעם צעמישעניש וואָס איז געוואָרן נאָכן דערזען די פּערענע, איז פֿאַרגעקומען עפּעס מחוץ לדרך־הטבֿע: ס׳זענען נעלם געוואָרן די פֿנימער, ס׳זענען נישט־געוואָרן די געשטאַלטן, און פֿון אַלץ און אַלעמען איז געוואָרן הענט, אַ ים מיט הענט. און אַלע הענט האָבן מיט אײן מאָל אַראָפּגענידערט אין קופֿערט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט — די פּערענע הײבט זיך אַלײן אַרויס פֿונעם קופֿערט און די הענט האָבן זי געכאַפּט בלויז כּדי זי זאָל נישט נעלם ווערן. די הענט האָבן זיך אײַנגעביסן אין איר ווײכקײט און זי געשלעפּט, יעדע פּאָר הענט אין אַן אַנדער ריכטונג, יעדע פּאָר הענט צו זיך.

מחמת דעם טומל און אפֿשר מחמת דער חמימה, האָט זיך דאָס געזעמל הענט מיט דער פּערענע געטראָגן צו דער טיר, אין דרויסן אַרויס. אָבער דאָ, איבער דער שוועל, איז שוין די ציך, פֿון שלעפּעניש, געווען צעפּליקט — און ווי נאָר מ׳איז אַרויס אין דרויסן, האָט זיך אויך דער

רויטער אײַנשיט צעפּליקט אין פּאַסן און אַ ווײַסער וואָלקן איז אַרויס פֿון דער פּערענע.

דער ווײַסער וואָלקן האָט זיך כּהרף־עין צעשיט אין פּוך־פּליטערלעך און פֿונאַנדערגעשוועבט אויף אַלע זײַטן, ווי שניי־פּליטערלעך אין ווינטער־טעג. די הענט זענען געבליבן אויפֿגעהויבענע, אויסגעשטרעקטע, מיט שטיקער פֿון דער ציך און פֿון אײַנשיט, בעת די פּוך־פּליטערלעך האָבן זיך ביסלעכווײַז אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד און זיך אויסגעשפּרייט מיט ווײַסקייט, ווי אַ שנייטעפּעך.

האָבן די הענט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ווײַסקייט און געזוכט און גענישטערט מיט די פֿינגער מיט אַן אויסטערלישער געשווינדיקייט און — אין דעם זומערשניי געפֿונען דעם אוצר: זעקס צוזאַמענגעבונדענע אײַנגעקוואַרטע נאָפּלען, ווי די מאַמע לאה האָט זי אײַנגעניייט, ווי אַ סגולה פֿאַר ליבשאַפֿט צווישן אירע קינדער...

# נעבעך

ווי אַזוי מע האָט אים גערופֿן, צי האָט ער בכלל געהאַט אַ נאָמען — האָב איך נישט געקענט וויסן. אַ שטום באַשעפֿעניש. איך האָב אים נישט געקענט פֿרעגן און ער האָט מיר נישט געקענט ענטפֿערן. איבעריקנס איז מיר זײַן נאָמען נישט געווען וויכטיק. אויב עלנט האָט אַן אויסזען — איז ער געווען די עלנט. אויסגעדייוועט, מיט אַרויסשטאַרטשענדיקע ריפּן, פֿאַראַיִיטערטע אויגן, די פֿעל אָן אַ קאָליר, אפשר אויסגענאָרעט אין בלאָטע, מיטן ווײדל צווישן די פֿיס. פֿון וואַנען נעמט זיך אויף מײַן גאַס אַזאַ מיזערנע באַשעפֿעניש? צי האָט ער זיך אַרויסגעמאַכט פֿון הינטשלעגערס שטײַג און ער זוכט גראַד אויף מײַן גאַס אַ מקום־מיקלט?

מײַן גאַס איז אין צפֿון תּל־אביב. די לײַט זענען דאָ בעל־הבתּישע, בכּבֿודיקע, בעלי־אויטאָס און בעלי־הינט, כּמעט אַלע האָבן דאָ הינט, נאָר די הינט זייערע זענען ריינראַסיקע, אויסגעבאָדענע, אויסגעקעמטע און אויסגעצערטלטע. די לאַנגהאָריקע זענען געשוירן וועדליק דער הינטישער מאָדע פֿאַר יעדער ראַסע. אַלע האָבן זיי יִחוס־בריוו וועגן זייערע הינטישע אָבֿות, אָבער נישט צו טיף, מסתּמא כּדי נישט צו דערגיין צו זייער וועלפֿישן אָדער שאַקאַלישן אָפּשטאַם.

זײַן אויסזען האָט מיך אָפּגעשטויסן. האָב איך געפּרוּווט אים אויסמײַדן. אָבער אין דער רגע ווען איך האָב גענומען אַריבערגיין אויף דער צווייטער זײַט גאַס, האָבן זיך אונדזערע בליקן צונויפֿגעטראָפֿן. איך האָב שוין אין מײַן לעבן געזען כּלערליי בליקן: פֿון פֿרייד, גליק, כּעס, שרעק, פֿון יִיאוש, בהלה און קנעכטשאַפֿט. אָבער אַזאַ בליק ווי פֿון דעם פֿאַרבלאָנדזשעטן הונט אויף מײַן גאַס האָב איך נאָך נישט געזען. פֿון זײַנע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ שטום־שרײַענדיקע פֿאַרלוירנקייט פֿון אַ מענטש וואָס טרינקט זיך. ס׳האָט מיך אַ קלעם געטאָן בײַם האַרץ אַ געפֿיל וואָס איז מער ווי רחמנות. ווי ער וואָלט געפֿילט, אַז זײַן בליק האָט מיך באַצוווּנגען, האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, געניוכעט די לופֿט אין מײַן ריכטונג און איז מיר נאָכגעגאַנגען מיט געוואָרנטע טריט. איך האָב אים געטריבן פֿון זיך אויף אַלע לשונות וואָס מע רעדט צו הינט, אַחוץ ייִדיש. ווען

האָט אַ מענטש גערעדט צו אַ הונט אויף ייִדיש? גופֿא איז דאָך עלנט אויף מײַן גאַס. ס'האָט אַפֿילו נישט געהאָלפֿן ווען כ'האָב אים געטריבן מיט אַן אַראַביש זידלוואָרט, וואָס איך האָב געהערט פֿון קינדער, און נישט זיי, נישט איך, ווייסן דעם טײַטש דערפֿון. דער הונט איז מיר נאָכגעגאַנגען ביז צו מײַן טיר. דאָ האָבן זיך אונדזערע בליקן צונויפֿגעטראָפֿן פֿון דאָס נײַ. אויב ס'איז פֿאַראַן אַ תּפֿילה, וואָס ווערט מקוים באותו רגע, איז עס געווען די תּפֿילה אין די אויגן פֿונעם הונט.

— וואָס ווילסטו פֿון מיר? — האָב איך אים געפֿרעגט און נישט געוואָרט אויף קיין ענטפֿער מיט ווערטער. פֿון זײַנע אויגן האָבן זיך אַרויסגעקײַקלט צוויי מוטנע טרערן. ווער קען בײַשטיין מענטשלעכע טרערן אין די אויגן פֿון אַ געשלאָגענעם הונט? האָב איך פֿאַר אים אַרויסגעבראַכט אַ שיסל וואַסער, וואָס ער האָט אַרויסגעכלעפּטשעט מיט אַ זשעדנעקייט, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן דערפֿילט דעם טעם פֿון מים־חיים. און כ'האָב פֿאַר אים געבראַכט אַ שיסל מיט עסן, וואָס ער האָט פֿאַרצוקט ווי ער וואָלט אַ גאַנץ לעבן געהונגערט. און ווי דער שטייגער איז אַפֿילו בײַ מענטשן, אַז דאָרטן ווו מע געפֿינט אַ שטיקל ברויט און אַ וואַרעמען בליק, דאָרטן פֿאַרגעסטיקט מען זיך — האָט אויך דער הונט נישט מער געוואָלט אָפּטרעטן פֿון מײַן שוועל.

אויף וויפֿל איך בין אַ מבֿין אויף הינט, איז אָט דער פֿאַרקויטיקטער, אויסגעסאַכניעטער, פֿאַרווונדיקטער הונט געווען אַ געמיש פֿון אַלע הינטישע ראַסן אויף דער וועלט. אַזוי זעען אויס אַלע הינט וואָס שליאָנדערן אַרום אויף די מיסטן צו געפֿינען אַ כּזית ברויט, צו דערהאַלטן דאָס הינטישע לעבן, וואָס איז פֿאַר זיי נישט ווינציקער טײַער ווי דאָס לעבן פֿון אַן עלנטן און אומגליקלעכן מענטש. מיט איין וואָרט: אַ גאַסנהונט.

מסתּמא איז אויך זײַן מאַמע געווען אַ גאַסנצויג וואָס האָט אין איר לעבן קיין וואַרעם ווינקל נישט געהאַט. און דער טאַטע זײַנער? קענטיק אַ צופֿעליקער. אָפּט געשעט אויך אויף מײַן בעל־הבתּישער גאַס, אַז מחמת פֿוילקייט צו באַגלייטן דעם געצערטלטן הונט צו טאָן זײַנע באַדערפֿענישן, לאָזט מען אים אַרויס פֿרײַ, אויפֿן סמך אַז בײַ נאַכט שלאָפֿן די הינטשלעגערס און דעם ספּאַניעל, צי פּאָינטער, צי סעטער וועט גאָרנישט געשען. דערשמעקט אַזאַ בײַ־נאַכט־באַפֿרײַטער הונט פֿון דער ווײַטן אַ צעהיצטע צויג, לאָזט ער זיך אַוועק מיט אַ דאָרשטיק אַרויסגעהאַנגענער צונג צו באַצווינגען איר ליבשאַפֿט. בדרך־כּלל זענען אַלע פֿרײַע צעהיצטע צויגן הפֿקרדיק, וואָרעם ראַסיקע צויגן, מיט ייִחוס־בריוו, לאָזט מען אין דער צײַט פֿון זייער צעהיצטקייט נישט אַרויס פֿרײַ אויף דער גאַס, כּדי נישט מחלל צו זײַן די ראַסן־ריינקייט. פֿון אַזאַ הפֿקרדיקן גאַסן־זיווג איז מסתּמא געקומען אויף דער וועלט אויך דער הונט אויף מײַן שוועל.

אַז ער איז שוין געבליבן בײַ מײַן שוועל, האָב איך אים אַ נאָמען

געגעבן נעבעך. וואָס פֿאַר אַן אַנדער נאָמען האָב איך געקענט צוטראַכטן פֿאַר אַזאַ עלנט באַשעפֿעניש? אַלע מאָל ווען כ'האָב אים דערלאַנגט אַ לעק וואַסער אָדער אַ ביין, האָב איך פֿון זײַנע פֿאַרטרערטע אויגן אַרויסגעלייענט די בקשה: שלאָג מיך, שינד פֿון מיר די פֿעל, נאָר פֿאַר־טרײַב מיך נישט! איך האָב נישט מער קיין כּוח צו טראָגן מײַן עלנט. אַזוי פֿיל ליבשאַפֿט פֿאַראַן אויף דער וועלט, נאָר מיר איז קיין ברעקל דערפֿון נישט צוגעטיילט. די גאַנצע אומבררחמנותדיקייט פֿון דער וועלט האָט זיך אויף מיר אַראָפּגעלאָזט. פֿאַר רחמנות האָב איך אים אויך געגעבן אַ היים. כ'האָב אים אויסגעבאָדן, אַראָפּגעבאַרשטעוועט זײַן עלנט, אויסגעווישט דעם אײַטער פֿון זײַנע אויגן און געשמירט מיט זאַלב די ווונדן אויף זײַן פֿעל.

אין דער ערשטער מינוט בײַם באָדן אים, איז ער געווען טויט דער־שראָקן. ר'האָט געמיינט אַז איך קלײַב זיך אים דערטרינקען. ער האָט מיך נישט געביסן, ניין, נאָר אויפֿגעהויבן אַ תּחנונימדיקע יללה, ווי הינט יללהווען צו דער פֿולער לבֿנה אין פּראַסטיקע אומהיימלעכע נעכט. נאָר אַז ער האָט דערפֿילט מײַן גלעטנדיקע האַנט און דעם וואַרעמען מחיהדיקן זייפֿשוים, האָט ער אויסגעשטרעקט צו מיר זײַן מאָרדע און רק געוואָלט לעקן מײַנע באַקן. ניטע — האָב איך צו אים געטענהט — ביסט טאַקע אַ הונט, נעבעך, נאָר זײַ נישט ווי יענע מענטשן, וואָס פֿאַר אַ קאָפּ מענטש־לעכקייט זענען זיי גרייט צו זײַן שקלאַפֿן. נאָר שפּעטער... כ'האָב נישט פֿאַרענדיקט דעם זאַץ. פֿאַרגעסן אַז איך רעד צו אַ הונט.

בעתן פֿאַרנעמען זיך מיטן הונט. האָט פֿון דער טיף־טיפֿקייט פֿון מײַן זכּרון, ווי אַ שטראַל פֿון צווישן געדיכטע וואָלקנס, דורכגעריסן זיך אַ געדעכעניש. ס'איז מיר קיין מאָל נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז אַזאַ זאַך קען זיך פֿאַרקנייען אין מוח פֿון אַ מענטש אויף אַ גאַנץ לעבן.

איך בין דעמאָלט געווען אַ חדר־ייִנגל. מײַן שטעטל איז געווען אָרעם אין ברויט, אָבער רײַך אין חלומות און אין פֿרייד. דערוואַקסענע האָבן מסתּמא געהאַלטן אַז אין שטעטל געשעט נישט גאָרנישט. די טעג פֿון דער וואָך זענען ענלעך צו מטבעות, וואָס זענען אַלע גלײַך. פֿאַרגענעצטע לײַט האָבן פֿון דלות אויסגעקוקט דעם שבת; ווי ער האָט זיך מיטן זונפֿאַרגאַנג אַראָפּגעלאָזט אויפֿן שטעטל, אַזוי האָט ער נאָך אַ מעת־לעת זיך אויפֿגעהויבן ווי אַ ווײַסע טויב און אַוועקגעשוועבט צו די דרײַ שטערן אין הימל, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַ נײַע גרויע וואָך.

אָבער נישט אַזוי פֿאַר אונדז חדר־ייִנגלעך. פֿאַר אונדז האָט יעדער טאָג געבראַכט זשמעניעס געשעענישן, וואָס מ'האָט זיי קוים געקענט אַרײַנ־נעמען אין זיך. פּלוצעם, נאָך אַ רעגן, האָט פֿון ערגעץ־ווו אַרויסגעשאָסן אַ רעגן־בויגן, כאָטש כאַפּ אים און פֿאַרפֿלעכט זײַנע פֿאַרבן ווי אַ מיידלשן צאָפּ; פּלוצעם האָט זיך אַ פֿערד צעווילדעוועט און גאַלאָפּירט אויף די

גאַסן און געשלאָגן מיט די הינטערשטע פֿיס; דאָ האָט אַ גלח דורכגעאײַלט אויף זײַן געשפּאַן און געקלונגען מיט אַ גלעקל, אַ סימן אַז ער יאָגט צו אַ גוססדיקן גוי, אים באַפֿרײַען פֿון זײַנע זינד. צווישן אַזעלכע פֿאַר־לויפֿענישן האָט זיך אין איינעם אַ טאָג אַרײַנגעשטעלט אין שטעטל אַ געלבלעכער זײַל פֿון שטויב: ער האָט געהאַט אַ באָרד פֿון שטויב, אַ כאַלאַט פֿון שטויב און אויך די צעפּאַדערטע מעשטעס אויף די פֿיס — פֿון שטויב. אַפֿילו זײַנע טריט האָבן אויסגעזען, ווי דער ווינט וואָלט צוגעאײַלט אַ טומאַנדל פֿון שטויב אין געווירבל. ווערדליך די אַלע סימנים איז געווען קלאָר אַז אָט דער שטויבזײַל איז אַ ייִד. און אויב עמעצער האָט דערין געהאַט אַ ספֿק, האָט זײַן קרעכצן נישט געקענט פֿאַרפֿירן: אַזוי קרעכצט בלויז אַן אָפּגעהיטענער ייִד אויפֿן חורבן־בית־המיקדש. האָבן שטעטלשע ייִדן געוואָלט וויסן וואָס איז דער מער מיט אָט דעם שטויבזײַל, דעם ייִדן וואָס האָט אין אַ פּשוטן וואָכנטאָג פֿאַרבלאָנדזשעט אין אַן אָרעם ייִדיש שטעטל. אפֿשר איז עס גאָר אַ למד־וואָווניק וואָס גייט אַרום איבער דער וועלט און זוכט דעם וועג צו דער גאולה? און אפֿשר טאָקע משיח, און ער וועט ערבֿ שבת אַראָפּטרייסלען פֿון זיך דעם שטויב פֿון גלות אין מרחץ און זיך אַנטפּלעקן פֿאַר דער ייִדישער עדה דווקא דאָ, אין דעם אָרעמען שטעטל? אָבער קינדער, וואָס טראַכטן נישט אַזוי ים־טיפֿיק ווי די משיח־אויסגעבענקטע דערוואַקסענע, האָבן אַנגענומען אַז דער שטויבזײַל איז אַ משוגענער און האָבן אים באַגלייט מיט גראַמען וואָס קיינער האָט זיי נישט צונויפֿגעשטעלט:

ביסט משוגע, ווייסן אַלע,
ביסט אַ חתן אָן אַ כּלה.
וואָס זשע שפּרינגסטו, דולער קאָטער,
אויפֿן תּחת האָסט אַ בלאָטער?

אין שטעטל זענען געווען עטלעכע ייִדן וואָס האָבן געטענהט, אַז זיי זענען אַ מבֿין אויף די זאַכן. זיי האָבן דעם ייִדן אַרײַנגענומען אין אַן אָפּגעלאָזן הויז, אַראָפּגעוואַשן פֿון אים דעם שטויב, געלאָשן זײַן דאָרשט און געזעטיקט זײַן הונגער. דערנאָך האָבן זיי אים חוקר ודרוש געווען: ווער ביסטו און פֿון וואַנען קומסטו? און דער עיקר: וואָס זוכסטו און וואָהין ווילסטו דערגיין? וואָס דער ייִד האָט געענטפֿערט, ווייס איך נישט. דערוואַקסענע האָבן געגרן אויסצובאַהאַלטן סודות. נאָר נאָך אַ שטיקל צײַט האָט זיך אויפֿן מאַרק באַוויזן אַן אויסטערלישער פֿאַרשוין, וואָס אַזאַ האָבן לײַט נאָך נישט געזען אין אַ וואָכעדיקן טאָג. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַן אַטלאַסענער זשופּיצע מיט אַ סויבלענעם שטרײַמל אויפֿן קאָפּ. ביז צו דעם זײַדענעם גאַרטל האָט זיך געפֿעכערט אַ לאַנגע, פֿעך־שוואַרצע

באָרד. אין זײַנע טריט — ווי ער וואָלט די ערד נישט אָנגערירט, און געלאַסן — ווי ער וואָלט מיט יִראת־הכּבוד אָנטקעגנגעגאַנגען משיחן. נישט אַנדערש, נאָר שטעטלשע לײַט האָבן פֿון שטויב אַרויסגעשיילט אַ צדיק.

איר זאָלט מיך באַשווערן מיט כּל השבֿועות שבעולם, וועל איך נישט מסוגל זײַן צו דערקלערן, הלמאי די מעשׂה מיט דעם שטויבזײַל איז מיר קאַפּויער געקומען אין שײַכות מיט מײַן זאָרג פֿאַר נעבעכן דעם הונט. אפֿשר מחמת דעם סדר אויף דער וועלט, אַז ווער עס טוט אָן אַ קרוין אויפֿן קאָפּ און נעמט אַ סקעפּטער אין האַנט, דער איז אַ מלך. אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט, וועט איר פֿאַר אים אָפּבלאָזן דעם שטויב פֿון אײַער פֿאַטערשטול און אים מכבד זײַן מיט פֿויגלמילך אין אַ גאָלדן טעפּעלע. נאָר טאָמער באַווײַזט זיך דער זעלביקער פֿאַרשוין אָן זײַנע בגדי־מלכות, וועט איר אים מיט אַ חשד אַ זאָג טאָן, אַז דאָ גיט מען נדבֿות בלויז ערבֿ שבת.

נאָכן אויסבאָדן האָב איך נעבעכן דעם הונט נישט דערקענט. איך האָב אַ רגע געהאַט דאָס געפֿיל, אַז עפּעס געשעט מיט מיר, אַז איך שטיי פֿאַר אַ פֿאַטאַ־מאָרגאַנאַ. ס׳איז גאָר נישט דער הונט וואָס האָט אַרומגעבלאָנקעט אויף מײַן בעל־הבתּישער גאַס, און מחמת זײַן נעבעכדיקייט האָב איך געפּרווט אים אויסמײַדן. ער איז גאָר ווי איינער פֿון די ראַסיקע באַשעפֿענישן פֿון מײַנע שכנים — אַ כאָרט, אָדער אַ בערנאַרדין, אָדער אָן אַנדערע איידעלע ראַסע מיט אַ יִחוס־בריוו. פֿון וואַנען נעמט ער זיך אין מײַן הויז?

ווען איך בין צו־זיך געקומען, איז פֿאַר מיר ווידער געוואָרן קלאָר, אַז נעבעך איז נעבעך. ער געהערט נישט צו מײַנע שכנים. דאָס האָב איך אים מיט מײַנע הענט געמאַכט פֿאַר אַ מענטש אין אַ ריכטיק היגטיש געשטאַלט. אָט וועל איך אים איבערגעבן אַ דרעסירער, ער זאָל אים אויסלערנען אויף מײַן באַפֿעל זיך לייגן, אויפֿשטיין, זיך שטעלן אויף די הינטערשטע פֿיס און מיט זײַנע ציינער מיך פֿאַרטיידיקן פֿאַר איטלעכן איינעם, ווי נאָר איך וועל אים אַ זאָג טאָן: צערײַס אים! און בילן זאָל ער בלויז ווערדליק מײַן באַפֿעל. און ער זאָל אויך לויפֿן אויף הינט־פֿאַרמעסטן, און טאָמער וועט ער געווינען אַפֿילו דעם צווייטן פּרײַז, וועט מען אין די צײַטונגען אויך דערמאָנען מײַן נאָמען, אין איינעם מיטן נאָמען פֿון נעבעכן דעם הונט.

בײַ אָט דער מחשבֿה איז מיך באַפֿאַלן אַ געפֿיל פֿון חרטה, הלמאי איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן נעבעך. אַזאַ נאָמען שטויסט אָפּ און רופֿט אַרויס רחמנות. עס וואָלט גאָר פֿאַר אים געפּאַסט דער נאָמען צעזאַר, אָדער נעראָן, אָדער ברוטוס, אַפֿילו אַורעליאָן, אויך אַ קייסער וואָס האָט געפֿאָדערט מע זאָל אים באַטראַכטן פֿאַר אַ גאָט. ס׳איז דאָך אַ צײַט ווען די מענטשן אויף מײַן גאַס, און אויף אַנדערע גאַסן אין

ישׂראל, פֿאַרוואָרפֿן די נעמען פֿון זייערע זיידעס און באַקליידן זיך מיט נעמען פֿון פּירות און גרינסן, אָדער גאָר מיט נעמען פֿון פֿאַר מתּן־תּורה. פֿאַר וואָס זשע זאָל איך נישט בײַטן נעבעכס נאָמען אויף אַ נאָמען פֿון אַ רוימישן קייסער ?

נעבעך האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אומרו אין שײַכות דערמיט, ער האָט זיך גאָר גיך פֿאַראייגנט דעם נאָמען נעבעך. ווי ער האָט דערהערט בלויז דעם ערשטן טראַף: נע — איז ער שוין אויפֿגעשפּרונגען, ווי ער וואָלט פֿון תּמיד אָן געווען אַ שקלאַף. ער איז אָבער נישט געווען קיין שקלאַף. ס׳האָבן אים באַוווּיגן גאָר אַנדערע מניעות. אויב מע קען זאָגן אויף אַ הונט אַז ער איז אַ פּערזענלעכקייט — איז נעבעך געווען אַ פּער־זענלעכקייט. פֿאַר וואָס נישט ? ! צי האָבן געלערנטע נישט געשריבן וועגן געוועזענע פּיראַטן אָדער סתּם וועג־רוצחים, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן הערשער איבער פֿעלקער, אַז זיי זענען פּערזענלעכקייטן ? ווען די ווונדן אויף נעבעכס פֿעל האָבן זיך פֿאַרהיילט, האָב איך אין זיי געזען שראַמען, ווי אויף די פּנימער פֿון פּרײַסישע יונקערס, העלדן־צייכנס פֿון דועלן מיט ראַפּירן, ערגעץ בײַם ראַנד פֿון אַ וואַלד, צי אין אַ ווילדעניש אין פֿאַרנעפּלטע באַגינענס.

ביז דעמאָלט בין איך געווען זיכער, אַז בלויז מענטשן זענען מסוגל צו דערגרייכן פֿון אָפּגרונטיקייט און שיפֿלות צו אַן אַדעליקן מעמד. הײַנט, זעט אויס, קענען אויך דערגרייכן צו אַזאַ מעמד, און אַפֿילו גיכער. און געבוי ווי מענטשן, בײַטן זיי זיך אין אַזאַ פֿאַל. אויך נעבעך האָט זיך געביטן, נישט צו דערקענען אים. וואָלט איך נישט געוווּסט אין וואָס פֿאַר אַ מצב איך האָב אים געטראָפֿן אויף מײַן גאַס, וואָלט איך געגלייבט אַז ער איז געקומען אויף דער וועלט און האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין אַ קיניגלעכן הויף. למען־האמת האָב איך מיט זיך אַליין אויך געמאַכט אַ שטיקל חשבון: צי האָב איך טאַקע נעבעכן געגעבן אַ היים און אים געזעטיקט בלויז צוליב רחמנות ? אפֿשר האָט מיר גאָר די אינטויִציע אונטערגעזאָגט, אַז דורך דעם הונט וועל איך זיך געזעלשאַפֿטלעך אויס־גלײַכן מיט מײַנע שכנים, וואָס איך זע ווי עס וואַקסט זייער גדלות און פֿאַרריסנקייט בעת זיי שפּאַצירן מיט די ראַסיקע הינט ?

גאָר אין גיכן האָט נעבעך פֿאַרוואַנדלט אונדזער בשותּפֿותדיק הויז אין אַ פֿעסטונג. קיין בעטלער האָט ער נישט אַריבערגעלאָזט איבער אונדזער שוועל. פֿון וואַנען ער האָט געוווּסט אַז ס׳איז אַ קבצן, אַן אָרעמאַן — איז געבליבן פֿאַר מיר אַ רעטעניש. אפֿשר דערפֿאַר, ווײַל אַ בעטלער שטרעקט אויס די האַנט צו נעמען עפּעס וואָס געהערט צו זײַן, נעבעכס, בעל־הבית ?

איך אַליין האָב נישט קיין פֿאָראורטיילן לגבי מענטשן וואָס איך עפֿן פֿאַר זיי מײַן טיר. ערשט ווען איך זע ווי זיי באַציִען זיך צו מיר, דערקען

איך זייער מהות. נעבעך איז געווען פֿלינקער פֿון מיר אין דערקענען מענטשן. ווי נאָר עמעצער האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָט ער אַ שמעק געטאָן צו זײַנע טריט און — ס׳האָט זיך צעזידט אין אים דאָס הינטישע בלוט, אָדער ער האָט פֿרײַנדלעך געפּאָכעט מיטן וויידל און אַרויפֿגעקוקט צו מיר מיט הסכּמה. איך האָב זיך שווער צוגעוווינט צו דער מאָדערנער, לאָכודרעדיקער הלבשה פֿון יונגע־לײַט, בגדים מיט לעכער און מיט לאַטעס, און האָב אָפֿט נישט געוווּסט צי ס׳איז אַ זכר צי אַ נקבֿה. נעבעך איז אויך אין דעם פּרט געווען פֿלינקער פֿון מיר. ער האָט די קרוע־בלוע־געסט באַטראַכט מיט אַ חשד און געקוקט צו מיר, וואָס איך האָב צו זאָגן וועגן יעדן איינעם. ער האָט זיך אָבער נישט פֿאַרלאָזט אויף מיר. פֿון דער פֿאַרלאַטעטער הלבשה האָט ער אַרויסגעיאָדערט דעם מענטש און מיר צו וויסן געטאָן אויף זײַן לשון, וואָס איז געוואָרן אונדזער בשותּפֿותדיק לשון, וואָס ער טראַכט וועגן אים, און טאָמער איז אים אַ גאַסט נישט געפֿעלן געוואָרן, האָב איך אים, נעבעכן, געמוזט האַלטן מיט גוואַלד, ער זאָל אויף אים נישט אָנפֿאַלן. ווען געסט זענען געקומען צו מיר אין הויז, איז סײַ ווי שוין געווען נעבעכס שטייגער זיך אָוועקצולייגן בײַ מײַנע פֿיס, ווי ער וואָלט מיך באַשיצט פֿון בייזס. ערשט שפּעטער האָב איך באַנומען, הלמאי ער איז בודק איטלעכן וואָס קומט אַרײַן. ער האָט מיך געהאַלטן פֿאַר אַ מאַכטהאָבער, וואָס מענטשן לאָקערן אויף זײַן לעבן, ווי דער שטייגער איז כּלפּי מאַכטהאָבערס.

איך בין וואָס אַ מאָל געווען מער איבערצײַגט, אַז נעבעך איז נישט געבוירן געוואָרן צו לעבן ווי אַן אַרומבלאָנקענדיקער גאַסנהונט. זײַנע עלטערן זענען מסתּמא געווען באַבל־ראַסיקע הינט, וואָס זענען אַראָפּ פֿון דער מדרגה, און מיט זייער בידנע מזל מיטגעשלעפּט דעם זון זייערן. דערבײַ איז ווידער פֿון מײַן זכּרון קאַפּויער געקומען אַ מעשׂה, און ס׳איז מיר ווידער געווען אַ חידוש, ווי אַזוי אַזאַ צופֿעליקער ענין קעלטערט זיך אײַן אין דער טיפֿעניש פֿון געדעכעניש:

בעת איך בין איין מאָל געזעסן מיט אַ פֿרײַנד אין אַ קאַפֿע אויף מאָנפּאַרנאַס, אין פּאַריז, איז צו אונדזער טישל צוגעקומען אַ קלאָשאַר און אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך אַ נדבֿה. ווערדליק דער אָפּגעלאָזנקייט פֿון זײַנע קליידער, דעם פֿאַרגעלטן פּנים און די נישט־אויסגעשלאָפֿענע אויגן פֿון פֿאַרברענגען די נעכט אין מעטראָ־טונעלן, האָט ער אויסגעזען ווי אַ ראיה צו דער מאַרקסיסטישער טעאָריע וועגן קלאַסן־סתּירות, וועגן וועלכער מיר האָבן נאָר וואָס גערעדט. ווי נאָר דער קלאָשאַר וועט צונויפֿזאַמלען די עטלעכע פֿראַנק פֿאַר אַ באַגעט און אַ פֿלעשל ווײַן, וועט ער צוריק אַרײַן אין דער קלאַסן־טעאָריע. ווען איך האָב אין זײַן אויסגעשטרעקטער האַנט אַרײַנגעלייגט אַ מטבע, האָט ער מיליטעריש אַ קלאַפּ געטאָן מיט די קנאַפּל און מיט דער רעכטער האַנט בײַם שלייף מיר

געדאַנקט פֿאַר דער נדבֿה. מײַן פֿרײַנד, אַן אַלטער פּאַריזער תּושבֿ, באַהאַוונט אין די קאַפּעען, האָט נאָכגעקוקט דעם אַלטן, אײַנגעהויקערטן קלאָשאַר און געזאָגט: „אַזאַ פּנים האָט איצט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. וואָלט זי פֿאַר־וואָגלט געוואָרן קיין פּאַריז, וואָלט אויך זי געשלאָפֿן אין די מעטראָ־טונעלן און אויסגעשטרעקט די האַנט פֿאַר אַ נדבֿה״.

כ׳האָב נישט פֿאַרשטאַנען וואָס פֿאַר אַ שײַכות דאָס האָט צו דעם עלנטן קלאָשאַר. האָט מיר מײַן פֿרײַנד דערציילט, אַז אָט דער שאָטן פֿון אַ מענטש איז דער זון פֿון אַ צאַרישן אַדעליקן. בעת דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז די משפּחה אַנטלאָפֿן פֿון רוסלאַנד. אין פּאַריז האָבן זיי נישט געהאַט פֿון וואָס צו לעבן. דער פֿאָטער איז געוואָרן אַ שיכּור. ר׳האָט געבעטלט נדבֿות אין די קאַפֿעען אויף פּלאַס דע לאַ רעפּובליק, ווו ס׳רוב געסט זענען געווען יידן פּראָלעטאַריער, אַנטרונענע פֿון פּוילן. דער זון פֿון אָט דער אַדעליקער משפּחה, וואָס די עלטערן האָבן אים געבראַכט ווי אַ קינד קיין פּאַריז, איז געבליבן אויף דער גאַס און טאַקע געוואָרן אַ טייל פֿון דער גאַס. אויך די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַן ענלעכן קלאָשאַר־גורל, נאָר זי בעטלט נדבֿות ערגעץ אַנדערש...

איך האָב נישט געהאַט בדעה אַנטקעגנצושטעלן מענטשן און הינט. אין דער תּורה שטייט אַז דער מענטש איז באַשאַפֿן געוואָרן בצלם־אלוהים, און אויב איך וועל אים פֿאַרגלײַכן מיט אַ הונט, וועט פֿאַרלוירן גיין דאָס געשטאַלט פֿון גאָט. נאָר דאָס וואָלט אפֿשר קלאָר געמאַכט פֿאַר וואָס גאָט האָט זיך באַנוצט מיט בייזע מלאכים, וואָס זאָלן צורעדן דעם מענטש צו טאָן שלעכטס, כּדי אים, דעם מענטש, זײַן באַשאַף, צו פֿאַרלענדן. צווישן די זיבעציק מלאכים, וואָס רינגלען אַרום דעם באַשעפֿער, איז נישט צו געפֿינען בײַ דער זײַט פֿון גבֿריאל און רפֿאל, קיין שׂר מיטן נאָמען כּלבֿיאל — דער הונט פֿון גאָט. אויב כּלבֿיאל איז נישטאָ אין די הייליקע ספֿרים, איז ער מסתּמא מיט זײַן געזינדל געווען בײַ די וואַגאָנען, אין וועלכע מ׳האָט געפֿירט יידישע קינדער קיין בירקענאַו, טרעבלינקע, סאָבי־באָר, טראַווניקי, זיי צו פֿאַרלענדן. כּלביאל און זײַן געזינדל האָבן מיט זייער בילן און צײַנער־שטשירעניש באַגלייט די קינדער אין די גאַזקאַמערן. פֿאַר וואָס זשע האָב איך זיך דערבאַרעמט אויף נעבעכן אין זײַן געפֿאַלנ־קייט? מסתּמא דערפֿאַר, ווײַל כּלבֿיאל מיט זײַן געזינדל זענען אין קייטן געפֿירט געוואָרן און מיט גוואַלד אָנגערייצט געוואָרן דורך ברואים באַ־שאַפֿענע בצלם־אלוהים, אין דער געשטאַלט פֿון גאָט! איך אַליין בין דאָך באַשאַפֿן געוואָרן בצלם־אלוהים, און וואָלט איך מײַן שׂינאה אויסגעשפּרייט אויף הינט, ווי אויף מענטשן וואָס זענען מסוגל אָנצוררייצן הינט אויף קינדער, וואָלט איך אויך געדאַרפֿט פּײַנט באַקומען דעם באַשעפֿער.

אויף אַ מיסטעריעזן אופֿן האָט נעבעך, מיט זײַן וווּנדערלעכן חוש־הריח, אָפּגעפֿילט דעם אונטערשייד צווישן מענטשן וואָס פֿאַרדינען דעם

נאָמען מענטש און אַזעלכע וואָס באַהאַלטן זיך בלויז אונטער דעם דאָזיקן נאָמען. איך האָב נאָר נישט באַנומען זײַן וועלפּישן צאָרן צו בעטלער. ער האָט זיי דערפילט נאָך איידער איך האָב געעפנט די טיר. וואָס האָט ער צו זיי ? ער אַליין איך דאָך פריער געווען אַ בעטלער, וואָס האָט דורך הכנעה אויסגעשנאָרעט בײַ מיר אַ היים. און אפשר טאַקע דערפאַר: בעטלער האָבן אים דערמאָנט אין זײַן אייגענעם מצב, ווען ער איז נאָך געווען אַ גאַסנהונט. דאָס איז אַזוי מענטשלעך און דערבײַ אַזוי הינטיש!

פונקט ווי מענטשן באַמערקן נישט ווען זיי בײַטן זיך, אַזוי באַמערקן עס אויך נישט הינט. נעבעך האָט זיך צוגעבונדן צו מיר ווי אַ געבוירענער שקלאַף בינדט זיך צו צו זײַן האַר. ער האָט פאַרויסגעפילט וואָס איך וויל פון אים און ער האָט זיך אַליין אויסדרעסירט פאַר מײַנעט וועגן. איך האָב בלויז געדאַרפט אָנרירן דעם רימען מיט וועלכן איך פלעג אים פירן שפּאַצירן, און ער איז שוין געזעסן אַ גרייטער לעבן מײַנע פיס. אויף די שפּאַצירן איז ער מיר נאָכגעגאַנגען פוס־טריט, ווי ער וואָלט געווען מײַן שאָטן, הגם איך האָב געפילט, אַז זײַן הינטיש האַרץ גייט אויס זיך אָפּ־צושטעלן בײַ יעדן בוים, בײַ יעדן מויער, נאָכצושמעקן די שפּורן פון אַלע הינטישע דורות אין תּל־אָבֿיבֿ. קודם האָב איך אים געפירט שפּאַצירן ווען די מײַן צײַט און ווילן; דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן פאָדערן פון מיר איך זאָל אים פירן ווען אים האָט זיך פאַרגלוסט, און ער האָט מיר געבראַכט צו טראָגן דעם רימען, און אַז איך האָב זיך געקווענקלט אויסצופירן זײַן ווילן, איז ער געוואָרן אומגעדולדיק און מיט אַ שטילער יללה מיך באַוויגן נאָכצוקומען זײַן רצון.

גאָר אין גיכן האָב איך באַנומען, אַז נישט איך האָב אַ הונט וואָס באַשיצט מיך און מײַן הויז, נאָר איך בין גאָר זײַן אייגנס. ער שיצט מיך, ווײַל איך שפּײַז אים, ווײַל איך באָד אים, ווײַל איך גיי מיט אים שפּאַצירן. אויף די שפּאַצירן האָט ער מיך טאַקע געצוווּנגען נאָכצוקומען זײַנע פאַר־וועלעכצער. דערזען אַ צווייטן הונט — האָט ער זיך געריסן מיט אַ צאָרן, ווי איך וואָלט מחויבֿ געווען צו כאַפּן יענעם הונט פאַר זײַנעט וועגן.

ס'איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז ער האָט געטריבן בעטלער פון מײַן טיר, ווײַל ס'איז אים געווען אַ שאָדן די פּרוטה וואָס איך גיב דעם קבצן, וואָרעם אויב איך בין זײַן אייגנס, איך דאָך אַלץ וואָס איך פאַרמאָג זײַנס, און דאָ קלײַב איך זיך שאַסטעווען מיט זײַנס. נעבעך איז געוואָרן פאַרריסן, ווי ער וואָלט געשטאַמט מי יודע פון וועלכער אַדעליקער ראַסע. אויף אונדזערע שפּאַצירן האָט מיך אָפּגעשטעלט דער צי יענער פון מײַנע שכנים און געוואָלט וויסן אַקוראַט די ראַסע צו וועלכער נעבעך געהערט. האָב איך זיי געזאָלט דערציילן דעם אמת, ווער נעבעך איז און אין וואָס פאַר אַ מצבֿ ער איז געווען ווען איך האָב אים געפונען אויף אונדזער בכּבֿודיקער גאַס ? פאַר אַזאַ מין אמת וואָלט איך אַליין אַראָפּגעפאַלן פון דער מדרגה

אין די אויגן פֿון מײַנע שכנים. זיי האָבן אויסגעטײַטשט מײַן שווײַגן, אַז איך האַלט בסוד די זעלטענע ראַסע פֿון מײַן הונט.

צוויי פֿון מײַנע שכנים זענען צוגעשטאַנען מיר זאָלן זיך מתחתן זײַן: פֿון זייערע צויגן און נעבעכן וועלן מיר אויפֿשטעלן אַ נײַע היגטישע ראַסע! בײַ דער געלעגנהייט האָט נעבעך זיך באַשמעקט מיט ספּאַניעלס, פּאָינטערס, פּודלס, מאָפּסן, טעריערס און בערנאַרדינערס — אַלע מיט יִחוס־בריוו ביז דעם פֿינפֿטן צי אַפֿילו דעם זעקסטן דור. איינער אַ פּאָינטער זאָל אַפֿילו האָבן געשטאַמט פֿון אַ קלאַן, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין ענגלישן קיניגלעכן הויף און זײַנעם אַ נאָכקום זאָל האָבן געבראַכט קיין פּאַלעסטינע אַ בריטישער הויך־קאָמיסאַר. נאָך עטלעכע דורות איז דער קיניגלעכער פּאָינטער־קלאַן דערגאַנגען צו מײַן גאַס אין צפֿון תּל־אביב.

דעם פֿאָרשלאַג זיך מתחתן צו זײַן האָב איך באַקומען דעמאָלט, ווען איך האָב שוין געהאַט באַנומען, אַז אין תּוך בין איך נעבעכס אייגנס. האָב איך געזאָגט צו מײַנע שכנים: וואָס פֿרעגט איר מיך? פֿרעגט מײַן הונט!" מאָדנע! דווקא ער, נעבעך, וואָס איך האָב אים אויסגעבאָדן פֿון זײַן עלנטקייט און אים אויסגעהיילט די ווונדן אויף זײַן פֿאַרקוויטיקטער פֿעל, גראָד ער האָט זיך געהאַלטן גרויס. ער האָט באַשמעקט אַ צענדליק ראַסיקע צויגן און דערנאָך, בײַ דער נאָענטסטער מויער, אויפֿגעהויבן אַ פֿיסל און מיך אַ שלעפּ געטאָן: „קום אַהיים!"

אין איינער אַ נאַכט, פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף, האָב איך געפֿילט ווי אַ שווערע משׂא האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף מײַנע פֿיס. ס'איז געווען נעבעך, מײַן הונט. אים איז, ווײַזט אויס, נימאס געוואָרן צו שלאָפֿן אין דעם ווינקל וואָס איך האָב געהאַט באַשטימט פֿאַר אים און ער האָט באַשלאָסן צו שלאָפֿן אין מײַן בעט. ס'איז פֿאַר מיר געוואָרן קלאָר, אַז זײַן קריכן צו מיר אין בעט איז אַ המשך דערפֿון, וואָס איך בין געוואָרן זײַן אייגנס. איז דאָך מײַן בעט אויך זײַן אייגנס. כאָטש נעם און לאָז אים איבער און גיי שלאָפֿן אין זײַן ווינקל.

פֿון זינט איך האָב נעבעכן אַרײַנגענומען אין הויז בין איך נאָך קיין מאָל נישט געווען בייז אויף אים. אָבער ווי אַ פֿאַרשלאָפֿענער, האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל אַז נעבעך פֿאַרטרײַבט מיך פֿון מײַן בעט, און מיט אַ ברוטאַלן שטויס האָב איך אים אַרויסגעשטופּט. איך בין זיכער געווען, אַז דערמיט האָט זײַן קריכעניש אין בעט צו מיר זיך פֿאַרענדיקט. איך האָב אָבער געהאַט אַ טעות.

איך האָב אויסגעפֿונען אַז נעבעך איז נישט בלויז קלוג, נאָר ער איז אויך בקי אין די סודות ווי אַזוי צו דערגיין צו מאַכט און צו הערשן. דאָס האָט זיך פֿאַרבונדן מיט מײַנער אַ פֿריִערדיקער מחשבֿה, אַז נעבעך איז נישט געבוירן געוואָרן ווי אַ גאַסנהונט, נאָר מחמת סיבות וואָס זענען געווען אָפּהענגיק פֿון מענטשן, נישט פֿון הינט, איז ער געוואָרן אַ יורד. דערפֿאַר

האָט ער זיך געהאַדעוועט בײַ אַ הערשער, געלעגן בײַ זײַנע פֿיס, ווי מיר זענען עס אויף פֿאַרטרעטן פֿון מאַכטהאָבערס, און בײַ אים זיך אויסגעלערנט ווי אַזוי צו הערשן. און ער האָט מיך טאַקע — איך בין זיך מודה — באַהערשט.

דאָס איז בעצם דער שטייגער פֿון אַלע הינט, פֿון אַלע ראַסן אויף דער וועלט: געווינען צוטרוי און הערשן! איך האָב זיך צו ביסלעך געפֿילט דערנידעריקט וואָס נעבעך האָט מיך דערפֿירט צו אַזאַ מצבֿ, אַז איך בין געוואָרן זײַן אייגנס און ער פֿאַנגעוועט איבער מיר, ווי אונדזערע ראָלעס וואָלטן זיך געביטן. האָב איך זיך אָנגעהויבן צו גריבלען אין די ביכער וועגן מאַכטהאָבערס און זייערע הינט. צי זענען זיי אויך געווען באַהערשט פֿון זייערע וואָלפֿהינט צי בערנאַרדינערס, ווי איך, אַ פּשוטער מענטש, אָן מאַכט־אַמביציעס, בין באַהערשט פֿון נעבעכן? האָב איך אויסגעפֿונען, אַז מאַכטהאָבערס זענען אַזוי באַהערשט געווען פֿון זייערע הינט, אַז מיט דער צײַט זענען זיי געוואָרן ענלעך צו זיי, די כּלבֿים, ווי דאָס טרעפֿט אויך מיט עלנטע מענטשן, וואָס זייערע נאָענטסטע און צו מאָל איינציקע פֿרײַנד זענען הינט.

פֿון דעם איז געמאָלט, אַז די הינט פֿון די מאַכטהאָבערס זענען שותּפֿים צו דער הנהגה איבער די פֿעלקער, נאָר די הערשערס גיבן זיך נישט אָפּ קיין חשבון דערפֿון. איך האָב אויך אויסגעפֿונען, אַז בעת מאַכטהאָבערס הרגענען זייערע אייגענע זין, און זין הרגענען זייערע אייגענע טאַטעס, כּדי אַליין צו הערשן, האָט נאָך נישט געטראָפֿן אַז אַ מלך זאָל הרגענען זײַן הונט, וואָרעם ער, דער מלך, איז דאָך דעם הונטס אייגנס, כאָטש ער גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון דערפֿון, ווי אַ סך הערשערס באַמערקן נישט וויכטיקע ענינים צוליב מאַכט־שיכּרות.

איך האָב בשום־אופֿן נישט געקענט שלום מאַכן דערמיט, אַז נעבעך זאָל מיך האַלטן פֿאַר זײַן אייגנס. האָב איך באַשלאָסן פּטור צו ווערן פֿון אים. איך האָב אים געפֿירט אין נגבֿ, נאָענט צו אַ בעדויִנער געצעלט, און אים דאָרטן איבערגעלאָזט, מיט דער האָפֿענונג אַז אַ בעדויִנער וועט אים אײַנשפּאַנען צו היטן זײַן שעפּסן־טשערעדע. זאָל ער זיך דאָרטן אויסלעבן אין זײַן מאַכט־גיריקייט! נאָר כ'האָב ווידער געהאַט אַ טעות.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָב איך נעבעכן געפֿונען בײַ דער שוועל פֿון מײַן טיר. איך האָב אים קוים דערקענט. ער איז געווען כּמעט אין דעם זעלביקן מצבֿ ווי דעמאָלט ווען ער איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן אויף מײַן גאַס. מאָדנע, ער האָט זיך מיט מיר נישט דערפֿרייט. ער האָט אויף מיר געקוקט מיט אַ שולדיקן בליק, ווי ער וואָלט קעגן מיר באַגאַנגען אַ פֿאַרברעך נישט מוחל צו זײַן. האָב איך אים געגעבן אַ שיסל מיט וואַסער און ער האָט דאָס וואַסער אויסגעלעקט, ווי ער וואָלט צו ערשטן מאָל אין זײַן לעבן געטרונקען. און ווען איך האָב אים דערלאַנגט אַ שיסל

מיט שפּיַיז, האָט ער זי פֿאַרצוקט ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון עסן.

ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אין דעם ווינקל וואָס איך האָב געהאַט פֿאַר אים באַשטימט און האָט ווידער געקוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט זיך קעגן מיר שטאַרק פֿאַרזינדיקט...

# בן־ציון דער צווייטער

אין דער ענגער קאַמער פֿון פֿײַטל שנײַדער איז געווען לעבעדיק און לוסטיק. דער משוגענער בן־ציון, מיטן פּאַפּיראָסל צווישן זײַנע טאַבאַק־פֿאַרגעלטע פֿינגער, האָט געזונגען פֿריילעכע לידער. די צוויי געזעלן האָבן אים צוגעהאָלפֿן, און פֿײַטל, וואָס האָט לחלוטין נישט געקענט אַרויסברענגען אַ ריינעם טאָן, האָט צוגעבאָמקעט. די לוסטיקייט איז דאָס מאָל געווען אַן אַנדערע ווי תּמיד צווישן שנײַדערס, וואָס בײַ זיי גייט די נאָדל צוזאַמען מיט געזאַנג: פֿײַטל האָט אײַנגעהאַנדלט זינגערס אַ ניימאַשין און ער האָט זיך נישט געקענט צוגעוווינען צו דעם וווּנדער ווי אַזוי די מאַשין גייט און נייט ווי אַ מזמור. פֿון דעם טאָג אָן וועט ער מער נישט דאַרפֿן בלויז דזשאַבען מיט דער נאָדל כּדי אויסצופּאַרטיקן אַ גאַנץ מלבוש. די ניימאַשין צוזאַמען מיט די צוויי געזעלן וועלן אים שטעלן אויף די פֿיס, אַז זײַנס אַ וואָרט איז אַ וואָרט און אַז ער זאָגט „דער שפּענצער וועט זײַן אויף ערבֿ פּסח, זאָל ער נישט פֿאַרטיק ווערן ערבֿ סוכּות".

בן־ציון, אַ שטענדיקער אײַנגייער צו פֿײַטלען, האָט זינגענדיק זיך געריבן די הענט פֿון נחת און פֿאַרויסגעזאָגט, אַז מיט פֿײַטלס ניימאַשין הויבט זיך אָן אַ תּקופֿה ווען מענטשן וועלן מער נישט דאַרפֿן אַרבעטן. מ'וועט נאָר דאַרפֿן זאָגן דער מאַשין: „קלאַפּ מיר אויף אַ פּאָר הויזן", אָדער „קאָך מיר אָפּ אַ פֿעטע גריץ", אָדער „אַ געשמאַקן קרויט־באָרשטש" און די מאַשינען וועלן זיך שלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט און אויפֿשטעפּן אַ פּאָר הויזן און אָפּקאָכן אַ פֿעטע גריץ, וואָס איר ריח וועט מען פֿילן איבער דער גאַנצער שטאָט.

בן־ציון דער צווייטער, ווי די שטאָט האָט אים גערופֿן, האָט געהאַט זײַן אייגענע סיבה צו זײַן פֿריילעך מחמת פֿײַטלס ניימאַשין. נאָך מיט יאָרן צוריק, ווען די שטאָט האָט געזען אַז מיט דעם זון פֿון בן־ציון דעם ערשטן איז נישט פֿויגלדיק, זענען לײַטן צוגעשטאַנען צו אים, צו בן־ציונען, ער זאָל זיך לערנען אַן אומנות — ווערן אַ שנײַדער, אַ סטאָליער, אָדער אַ שינדלער, צי גאָר אַפֿילו אַ שמיד, וואָרעם ער פֿאַרמאָגט אַ פּאָר שטאַרקע ידיים אַז ער קען דערשטיקן אַ לייב. בן־ציון, איז נישט קיין

בהמה, ער זאָל זיך לאָזן אײַנשפּאַנען צו אַרבעטן. „זעסט״, פֿלעגט ער אָנווײַזן מיט אַ פֿינגער צום הימל, „ווען ער, דאָרט, וואָלט געוואָלט, אַז בן־ציון זאָל אַרבעטן, וואָלט ער אים אַראָפּגעשיקט אויף דער וועלט מיט שער־און־אײַזן אין זײַנע הענט, מיט אַ הובל אָדער אַפֿילו אַ קאָוואַדלע. זעסט, טאָמער האָט ער געוואָלט בן־ציון זאָל הנאה האָבן פֿון אַ ציגאַרעטל, עסן אַ פֿעטע גריץ, האָט ער אים אַראָפּגעשיקט אויף דער וועלט מיט אַ מויל, מיט אַ פּאָר אויגן און צוויי נאָזלעכער. ער דאַרף נאָר אַ שמעק טאָן צום דרויסן און ער פֿילט באַלד וואָס פּאָר אַ פּאַפּיראָסל עס רייכערט דער און יענער״. בן־ציון האָט נאָכגעשפּעט און אָפּגעחוזקט פֿון די שטאָטישע לײַט, וואָס האָבן נאָר געוואָלט אים אײַנשפּאַנען צו אַן אַרבעט. „קלוגע מענטשן און אַזעלכע נאַראָנים״, האָט ער געלאַכט פֿון זיי.

אויב נאָר ער האָט געהאַט אַ פּאַפּיראָסל און געקענט זיך שפּילן מיטן רויך, אים לאָזן אין דער לופֿטן, מאַכן פֿון אים רינגעלעך, אָדער אַפֿילו קונציק אים אַ זופּ טאָן צוריק אין מויל אַרײַן און אים ווידער באַפֿרײַען דורך די נאָזלעכער אין צוויי גלײַכע שטראָמעלעך, איז בן־ציון געווען מסוגל צו פֿאַסטן אַ צוויי־דרײַ טעג. אין די טעג פֿון פֿאַסטן פֿלעגט ער שמעקן צום דרויסן וווּ אין שטאָט עס ווערט פֿאַרטיק אַ פֿעטע גערייטשטע זופּ, אָדער אַ ווינטערדיקער געשמאַקער קרויטבאָרשטש און זומער — אַ שטשאַוו־באָרשטש. נאָר טאָמער איז ער געווען טאַבאַק־הונגעריק איז ער געוואָרן דערשלאָגן און אַלע איבֿרים האָבן אים ווײי געטאָן, ווי עמעצער וואָלט צעקאַטעוועט זײַן לײַב. דעמאָלט האָט זיך אים דאָס מויל נישט געעפֿנט צו זינגען און ווי אַ קראַנקער אָקס איז ער געגאַנגען איבער די גאַסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און צווישן די רונדע שטיינער פֿונעם ברוק האָט ער געזוכט שטיקלעך פֿון נישט דערררויכערטע ציגאַרעטן. און אַז ער האָט דערבליקט עמעצן מיט אַ ציגאַרעט צווישן די ליפּן, האָט ער אים אָנגעקוקט מיט הכנעה פֿון אַ הונגעריקן הונט. דעריבער, ווען פֿײַטל האָט אַרײַנבאַקומען זינגערס אַ ניימאַשין, איז ער געווען מלא שׂמחה אַז עס דערנענטערט זיך די צײַט ווען ער, בן־ציון, וועט האָבן זײַן אייגנס אַזאַ מין מאַשינקע, אַז ווי נאָר ער וועט אַ קוועטש טאָן אַ קנעפּל, וועט אַרויס־שפּרינגען אַ פֿאַרוויכערט ציגאַרעטל.

מחמת זײַן פּאַפּיראָסן־הונגער איז די שטאָט מיר־נישט־דיר־נישט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פֿון אַ בהלה, אַז דער משוגענער בן־ציון גייט זיך שמדן. די מעשׂה איז געווען אַזוי: בײַ דער שטאָט האָט עס געהייסן, אַז דאָס עפּעלע פֿאַלט נישט ווײַט פֿונעם ביימעלע. דער טאַטע דער בונ־טאָווושטשיק, בן־ציון דער ערשטער, האָט זיך פֿאַרנומען מיט אַראָפּוואַרפֿן דעם קיסר, און זײַן זונדל, בן־ציון דער צווייטער, גייט אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך ס׳ביסל ייִדישקייט און טוישן דאָס רענדל. די שטאָט האָט געהאַט אַ גענוגע סיבה אַרײַנצופֿאַלן אין בהלה, וואָרעם לײַטן האָבן מיט זייערע

אייגענע אויגן געזען ווי דער גלח האָט געגלעט דעם קאָפּ פֿון דעם משוגענעם בן־ציון און ער איז מיט דעם גלח מיטגעגאַנגען. איז צוליב וואָס פֿאַרמאַניעט אַ גלח אַ יידישן בחור, אויב נישט אים אָפּצושמדן און דערמיט, חלילה, ברענגען אַן אומגליק אויף יידן? טאָמער וואָלטן די לײַט וואָס האָבן דאָס צוגעזען, אויך געזען וואָס עס איז געשען מיט אַ מינוט פֿריִער, וואָלט אפֿשר צו דער בהלה נישט געקומען.

אין יענעם פֿרימאָרגן איז בן־ציון אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן אַ פֿאַרמרה־שחורהטער, מיט אויסגעלאָשענע אויגן און אַ גראָ־אַשיק פּנים. ער האָט געשמעקט צום דרויסן, געזוכט דעם ריח פֿון ציגאַרעטן־רויך און צווישן די שטיינער פֿונעם ברוק האָט ער געזוכט די געלע טאַבאַק־ברעקלעך אויף ציגאַרעטן־גילזעס. איז אָבער דער שטייגער פֿון די שטעטל־שע און אַזוי אויך פֿון די פּויערים וואָס וויקלען מאַכאָרקע אין זייד־פּאַפּירלעך, אויסצורויכערן אַ ציגאַרעטל ביז עס בריִען די שפּיץ פֿינגער. דאָך האָט בן־ציונס הונגעריק אויג דערזען מיט איין מאָל צוויי ציגאַרעטן־גילזעס מיט ברעקלעך טאַבאַק אויף זייערע ראַנדן. איז ער צוגעפֿאַלן צו זיי, ווי אַ טויט־הונגעריקער פֿאַלט צו צו אַ ברעקל ברויט. גראָד אין יענער רגע האָט דאָס דאָבערע־מזל אָנגעטראָגן דעם גלח און ער האָט באַמערקט די ווילדע פֿרייד פֿונעם יידישן בחור. „גיט מיר אַ קריש פֿײַער!" האָט ער אויסגערופֿן נישט באַמערקנדיק אַפֿילו אַז ער ווענדט זיך צו אַ גלח. דער גלח האָט אָנגעקוקט דעם בחור, וואָס זײַן פּנים האָט אין דער רגע געלויכטן מיט אַן אויסטערליש רייצנדיק ליכט און זײַנע אויגן האָבן געגליט מיט שמחה. האָט ער אים אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און געזאָגט:

„מיט זיך האָב איך נישט קיין צינדל. קום מיט מיר וועל איך דיר אויך געבן אַ פּאָר לײַטישע ציגאַרעטן, זאָלסט נישט דאַרפֿן קלייבן דאָס מיסט אין גאַס".

איז בן־ציון, ווי אַ שאָטן, נאָכגעגאַנגען דעם גלח, היטנדיק אין זײַן האַנט די צוויי געפֿונענע ציגאַרעטן־גילזעס, ווי ער וואָלט געהיט אַן אוצר.

בײַם גלח אין הויז האָט געשמעקט מיט געקעכטס און מילדער וואַרעמ־קייט. זיי איז אַנטקעגנגעקומען דעם גלחס באַלעבאָסטע, אַ ווײַב מיט פֿעט־אויסגעבעטע גלידער, מיט אַ גוידער, וואָס איז איר אַראָפּגעהאָנגען פֿון אונטער דער גאָמבע, ווי דער שיטערער גוידער בײַ אַן אינדיק. מיט אירע קליינע פֿאַרשמאָלצטע אויגן האָט זי זיך אײַנגעקוקט אין בן־ציונען און געפֿרעגט:

„ווו האָט דער פֿאָטער געפֿונען אַזאַ שיינעם בחור? בײַם קאָנפֿעסיאָ־נאַל?"

„דער אָרעמער רויכערט מיסט פֿון דער ערד". האָט דער גלח גע־ענטפֿערט קורץ און אַרײַנגעפֿירט בן־ציונען אין אַ האַלב־טונקעלער קאָמער,

ווו די ווענט אַרום זענען געווען פֿול מיט ביכער. ער האָט באַפֿוילן בן־ציונען זיך אָוועקצוזעצן און צו אים אויסגעשטרעקט אַ ברוין הילצערן קעסטעלע, פֿול מיט ציגאַרעטן. בן־ציון האָט דאָס אַראָפּגענומענע היטל אַרונטערגעלייגט אונטער זײַן געזעס און מיט צוויי פֿינגער אַרויסגענומען פֿונעם קעסטעלע אַ ציגאַרעט מיט אַ לאַנגער ווײַסער גילזע.

„מעגסט נעמען עטלעכע", האָט דער גלח געזאָגט מיט אַ צערטלשטים. מיט ציטערנדיקע פֿינגער און מיט בליקן אויפֿן פּנים פֿונעם גלח האָט בן־ציון גענומען עטלעכע ציגאַרעטן און געשמעקט צו זיי מיט תּענוג.

„צי ווייסטו ווי מען רופֿט אַזאַ קאַמער מיט ביכער?" האָט דער גלח געפֿרעגט מיט דער זעלבער צערטלשטים.

„ביבליאָטעק", האָט בן־ציון געענטפֿערט קורץ.

ווי ער וואָלט זיך פּלוצעם דערמאָנט אָן עפּעס גאָר וויכטיקס, האָט זיך דער גלח אויפֿגעהויבן פֿון זײַן שטול הינטער דעם שרײַבטיש, זיך דערנענטערט צו בן־ציונען און מיט אַ קנאַק אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און דערלאַנגט זײַן גאַסט אַ פֿלעמל פֿײַער:

„זאָלסט קיין מאָל נישט טאָן קיין האַלבע מצווה, זון", האָט זיך דער גלח אַראָפּגעבויגן, כּמעט אָנרירנדיק מיט זײַן שטערן דעם שטערן פֿון בן־ציונען.

בן־ציון האָט הונגעריק אויפֿגעכאַפּט דאָס פֿלעמל פֿײַער און נאָך איידער דער טאַבאַק האָט זיך ווי געהעריק אָנגעצונדן האָט ער זיך טיף פֿאַרצויגן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו פֿאַרלירן אַ ברעקל טאַבאַק־רויך. ער האָט דעם רויך לאַנג פֿאַרהאַלטן אין זיך. עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז ער האָט דעם רויך אַראָפּגעשלונגען. באַלד דערנאָך האָט ער פֿון דער נאָז און אין דער זעלבער צײַט פֿון מויל אַרויסגעלאָזט שטראָ־מעלעך רויך. פֿון די שטראָמעלעך זענען געוואָרן בייגעלעך. בן־ציון האָט זיך אײַנגעקוקט אין די פּליסיקע רויכפֿאַרמען און זײַן פּנים איז געוואָרן מילד־שמייכלענדיק, ווי דאָס פּנים פֿון אַ שלאָפֿנדיקן, וואָס חלומט אַ זיסן חלום. קוקנדיק אויף בן־ציונס מילד פּנים האָט אויך דער גלח געשמייכלט און מיט זײַנע פֿינגער באַרירט בן־ציונס יונגטלעכע באַקן.

„דו געפֿעלסט מיר, זון, לייענען קענסטו?" האָט זיך דער גלח אויפֿ־געשטעלט, האַלטנדיק צווישן זײַנע פֿינגער דאָס פֿאַרלאָשענע שוועבעלע.

„אַוודאי קען איך. ווי אַ וואַסער", האָט בן־ציון געענטפֿערט אַ באַ־פֿרידיקטער.

„ביכער לייענסטו?" האָט דער גלח געוואָלט וויסן.

„מײַן טאַטע האָט איבערגעלאָזט אַ פּאָר ביכער, האָב איך זיך פֿון זיי אויסגעלערנט לייענען. מיין טאַטע לעבט נישט", איז בן־ציונס שטים צוליב עפּעס געוואָרן מער אויפֿגעהײַטערט.

דער גלח האָט מיט ביידע הענט אַרומגענומען בן־ציונס קאָפּ, אים

אַ קוש געטאָן אין שטערן און געזאָגט:

„פֿון היינט אָן קענסטו קומען צו מיר ווען דיר וועט זיך גלוסטן, רייכערן ציגאַרעטן און ליינען וועלכע ביכער דו וועסט וועלן. ווייסטו וואָס עס מיינט פֿילאָזאָפֿיע, ראָמאַנען? ווייסטו ווער עס איז וויספּיאַנסקי, מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי? ווייסטו וואָס עס איז אַזעלכעס היסטאָריע? דאָס אַלץ וועסטו, זון, געפֿינען אַרום די ווענט", האָט ער מיט דער האַנט געמאַכט אַ קרייז אין דער לופֿט. „אויב איך וועל נישט זיין אין דער היים, זאָלסטו זאָגן מאַרטען, זי זאָל דיר לאָזן אַרויסציִען פֿון די פֿאַכן וואָס פֿאַר אַ בוך דו וועסט נאָר וועלן און לייען ווי לאַנג דו ווילסט".

ווי די שטילע און מיט צערטלעכקייט געזאָגטע ווערטער וואָלטן דער־גאַנגען צו דער קיך, האָט זיך אַריינגעשטעלט דאָס פֿעטע ווייב, פֿאַרויס־שטופּנדיק איר אויפֿגעבלאָזענעם בוזעם. זי האָט זיך באַוויזן אין דער רגע ווי דעם גלחס האַנט האָט גערוט אויף בן־ציונס קאָפּ. באַמערקט איר באַווייזן זיך, האָט ער זיין האַנט אַוועקגעכאַפּט פֿון בן־ציונען, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט. מאַרטאַס פֿאַרשמאַלצטע אויגן זענען געוואָרן שטאָל־שפּיזלדיקע און דער שיטערער גוידער אונטער איר גאָמבע האָט געציטערט, ווי נאָך אַ רגע און זי וועט אָנהויבן דראָלן ווי אַן אינדיק:

„דער מיטאָג איז געגרייט צום טיש", האָט זי געטאָן אַ דראָל, געוואָרפֿן אַ רכילות־בליק סיי אויף דעם גלח און סיי אויף בן־ציונען און זי איז פֿאַרשוווּנדן.

„קום, זון, וועסט עסן צוזאַמען מיט מיר. דו געפֿעלסט מיר", האָט ער אים ווידער אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

בן־ציון איז אויפֿגעשפּרונגען אַ באַלאַדנטער — צווישן די ליפּן אַ ציגאַרעט, אין איין האַנט די פּאָר ציגאַרעטן און אין דער צווייטער זיין היטל.

„וואָס איז געשען?" האָט דער גלח אים אָנגעכאַפּט ביים אָרעם.

„כ'טאָר נישט עסן!" האָט שרעק אָפּגעביטן די מילדקייט אויף בן־ציונס פּנים. ער איז געוואָרן אויפֿגערעגט, זיינע אויגן — לויפֿנדיקע שיפֿלעד אויף אַ וועבשטול, די בליקן דאָ אויף רעכטס און דאָ אויף לינקס, ווי ער וואָלט געזוכט אַ וועג צו אַנטרינען. געפֿונען די ריכטונג, האָט ער זיך אָפּגעריסן פֿון פּלאַץ און אַנטלאָפֿן מיט אַזאַ פֿלינקייט און אויסגעפֿונענקייט, ווי ער וואָלט זיך אין דעם הויז אויסגעפֿונען זייט יאָרן.

אָפּגעלאָפֿן אַ פּאָר צענדליק טריט, האָט זיך בן־ציון פֿאַרשטעקט הינטער אַ הויז און ערשט דאָ באַקוקט און באַשמעקט די פּאָר ציגאַרעטן, ווי מען שמעקט צו בלומען מיט פֿאַרשיכּורנדיקע ריחות.

ער איז געלאָפֿן צו פֿייטל שניידער. די געזעלן זענען געזעסן אויפֿן לאַנגן שניידערישן טיש, גענייט און געזונגען. פֿייטל אַליין האָט צוגע־באַמקעט און געבלאָזן אויף די קוילן אינעם פּרעסאייזן. די פֿריילעכקייט

אין הויז האָט זיך אין דער רגע איבערגעוואָרפֿן אויף בן־ציונען. ער האָט אונטערגעכאַפּט דעם ניגון, וואָס די געזעלן האָבן געזונגען, און געווינעריש און אויף שטום־לשון געוויזן אויף זיין האַנטפּלאַך די ציגאַרעטלעך פֿונעם גלחס הילצערן שעכטל. פּלוצעם האָט ער איבערגעריסן זײַן מיטזינגען, אויפֿגעהויבן די האַנט אין דער הייך און אויסגעשריגן:

„איר זעט, אַ רוח אין זײַן טאַטנס טאַטן אַרײַן. אָנגעשטאָפּט מיט פּאַפּיראָסלעך!"

„ווער?" האָט אַ געזעלן געפֿרעגט.

„דער גלח!"

פֿײַטל האָט מיט אַ שפּײַעכץ־באַנעצטן פֿינגער געפּרוווט די היץ פֿונעם פּרעסאײַזן און געווענדט זײַן פּנים צו בן־ציונען:

„ווי קומסטו צום גלח, ביסט טאַקע אויף אַן אמת חסר־דעה?"

בן־ציון האָט צוגעלייגט אַ פֿינגער צו די ליפּן און געזאָגט כלומרשט קיינער זאָל נישט הערן:

„ס'איז אַ סוד".

„דאָס איז די מעשׂה!" האָט פֿײַטל אויסגערופֿן ווי ער וואָלט דערגאַנגען אַ רעטעניש: „ווי קומט אַ ייִד צו האָבן סודות מיט אַ גלח? איר האָט בשותּפֿות געפּאַשעט חזירים?" אַנשטאָט צו ענטפֿערן האָט בן־ציון פֿאַרצויגן ס'פּאַפּיראָסל און אויפֿגעזונגען אַ פּזמון:

חזיר, חזיר עס איך נישט,
כ'וויל ליבערשט עסן קיגל,
ווי ייִדן האָבן די פֿרײַהייט געוואָלט
שטאָט קנעטן אין מצרים ציגל.

„כ'זע שוין אַז דו האָסט פֿאַרקאָכט אַ קאַשע", האָט פֿײַטל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַרײַנגעבלאָזן אינעם טירעלע פֿונעם פּרעסאײַזן אויפֿצובלאָזן די קוילן.



דאָס וואָס די שטאָט האָט געזען מיט אירע אייגענע אויגן ווי דער גלח גלעט דעם משוגענעם בן־ציון אין דער מיט מאַרק און אין דער מיט טאָג, און אַז ער פֿירט אים נאָך זיך, איז געווען גענוג כּדי צו זײַן זיכער, אַז „דאָס איז עס — אַ שמד". ס'איז אַוודאי אַ גרויסע בראָך ווען אַ ייִד שמדט זיך — און אין דעם פֿאַל וואָלט אפֿשר געקענט זײַן אַ טרייסט: מילא, וועט זײַן מיט אַ משוגענעם ווייניקער אין שטאָט. די צרה איז אָבער וואָס אַז עס שמדט זיך איין ייִד, ווערט צעררייצט דער באַגער פֿון גויים אַז אַלע ייִדן זאָלן זיך שמדן: בײַט, קינדערלעך, דאָס רענדל און אַ סוף אַן עק. דערום האָט פֿײַטל גענומען אויף זיך די מצווה צו רעדן מיט

בן־ציונען קלאָר און קלאָר ווי עס האָלט מיט אים אין דער וועלט:

„בן־ציון", האָט ער אים געזאָגט, „מיט איין תחת פּאָרט מען נישט אויף צוויי יאַרידים. טאָמער ווילסטו פאַרשעמען דײַן טאַטן אויף יענער וועלט און אָנטאָן צרות דײַן מאַמען אין גן־עדן, איז אויף דעם ביסטו משוגע, אָבער טוישן דאָס רענדל פאַר פּאַפּיראָסלעך און וועלן בלײַבן צווישן ייִדן — אַזאַ מעשׂה גייט נישט".

האָט בן־ציון זיך צעלאַכט מיט אַ ווילד געלעכטער, וואָס סײַ פּײַטל און סײַ די געזעלן האָבן נישט געהערט פון אים זינט ער איז געוואָרן אַן אײַנגייער צו זיי, און ער איז אַרויס מיט לשון:

„ווערליק דעם ווי מײַן טאַטע איז געווען צעקריגט מיטן ייִדישן גאָט, ווייס איך נישט ווו איך אַליין האַלט מיט אים. איז וואָס האָב איך צו זוכן בײַם גוייִשן גאָט? אָבער פּאַפּיראָסלעך גייען נישט צו פוס. די כאַליערעס רויכערן זיי אויס ביז צום סוף און זיי וואַרפן אַוועק די גילזעס, איך, בן־ציון, זאָל אײַנבעמען אַ קרענק זאָל איך. חיים דער שענקער רויכערט טײַערע פּאַפּיראָסלעך אַז ווען איך גיי פאַרבײַ זײַן שענק קריג איך די ניכפּה. בעט איך אים: ר' חיים, גיט מיר אַ ציִ, נעמט ער אַרויס פון מויל ס'ציגאַרעטל, וואַרפט עס אַראָפּ אויף דער ערד און צעטרעט עס פאַר מײַנע אויגן. אַזוי אויך לייבל דער שניטקרעמער: שטייט זיך פאַר זײַן קראָם און רויכערט איין ציגאַרעטל נאָכן צווייטן. בעט איך אים: ר' לייבל, אַ פּאָר ציִ, פאַרציט ער זיך פונקט ווי ער וואָלט געוויכערט דרײַ ציגאַרעטלעך מיט איין מאָל און מיך טרײַבט ער אַוועק: 'גיי, משוגע־נער! טראָג זיך אָפּ פון דאַנען!' האָב איך גענומען און זיך אָפּגעטראָגן צום גלח. ער גיט מיר פּאַפּיראָסלעך וויפל איך וויל גיט ער מיר. ס'עסן ביי אים איז טרייף — עס איך נישט קיין בשׂר. זײַנע פּאַפּיראָסלעך זענען כּשרע — רויכער איך אַ מחיה!"

די שטראָף־רייד פון פּײַטל שנײַדער זענען צו דער שטאָט דערגאַנגען גאָר אַנדערש ווי זיי זענען געווען. ערשטנס האָט די שטאָט נישט געוווּסט, אַז פּײַטל קוויקט זיך מיט בן־ציונס ניגונים נישט ערגער ווי מיט די ניגונים פון הערש־לייב דעם חזן. נישט מער, הערש־לייבן דעם חזן הערט מען בלויז אין די יום־טובֿים און אין די ימים־נוראים, בעת בן־ציונען הערט ער יעדן טאָג און עס נעמט נישט קיין סוף צו זײַנע ניגונים. ווו האָט דער משוגענער גענומען אַזוי פיל לידער און אַזוי פיל ניגונים? — דאָס ווייסט גאָט אַליין. און געדענקען געדענקט ער די ניגונים ווי אַ ייִדיש קינד געדענקט „מודה אני".

עס איז געמאָלט אַז ווען די פאַרלויפּענישן זאָלן זיך האָבן אַנדערש פאַרענדיקט, ווו זיי האָבן זיך פאַרענדיקט מיט די פּאַפּיראָסלעך פונעם גלח, וואָלט ער, דער גלח, אויך געהאַט צוגערעדט בן־ציונען ער זאָל זיך אָפּשמדן, און דעמאָלט וואָלט די שטאָט זיך געקלאַפּט אין בײַכל,

אַז זי איז געווען גערעכט ווען זי האָט געהאַלטן, אַז דאָס עפעלע פֿאַלט נישט ווײַט פֿונעם ביימעלע און ווי בן־ציון דער ערשטער האָט מורד געווען אין רבונו־של־עולם, אַזוי טוט אים נאָך זײַן זונדל. נישט מער, פֿאַרלויפֿעניש הערן זיך נישט צו וואָס די שטאָט זאָגט, נאָר זיי טוען זיך אָפּ ווי זיי אַליין פֿאַרשטייען אַז זיי דאַרפֿן זיך אָפּטאָן.

ווי נאָר עס האָט אים צוגעקלעמט דער הונגער נאָך אַ ציגאַרעטל, האָט זיך בן־ציון אַרײַנגעשיפּט אין הויז פֿונעם גלח און נהנה געווען סײַ פֿון פּאַפּיראָסלעך און סײַ פֿון לייענען ביכער. וואָס אַן אמת איז אים פֿון אָנהויב געווען שווער דאָס לייענען. געלייענט אַ שורה און באַלד זי נאָך אַ מאָל געלייענט, ביז עס האָט זיך אים פֿאַרדרייט אין קאָפּ. נאָר אַז ער האָט זיך אַרײַנגעלייענט אין דעם גלחס ביכער, איז ער זעלטענער געקומען צו פֿײַטל שניידער. ער איז דערגאַנגען, אַז ווען מען לייענט אַ בוך און בײַם לייענען פֿאַרציט מען אַ גוט פּאַפּיראָסל, פֿאַרגעסט מען אַן עסן און אַן דער גאַנצער וועלט. וואָרעם — אַזוי איז בן־ציון דערגאַנגען פֿונעם לייענען — אַז די אמתע וועלט ליגט אויף די פּאָליצעס אַרום דעם גלחס ווענט. טאָמער וואָלט ער געקענט, וואָלט ער אַלע ביכער איבער־געלייענט מיט איין מאָל. אויף די פּאָליצעס איז מער געמישט ווי עס איז געמישט אין דער שטאָט. טייל ביכער דערציילן וועגן ליבעס צווישן נקבֿות און זכרים, וואָס זידן אויף דאָס בלוט; וועגן מלחמות, וואָס פֿאַרגיסן טײַכן בלוט; וועגן ים־רײַזעס און אויסטערלישע געשעענישן אין ווילדע לענדער, וואָס מאַכן גליווערן דאָס בלוט. און ערשט די ביכער וואָס דער גלח זאָגט, אַז זיי זענען פֿון היסטאָריע אָדער פֿון פֿילאָזאָפֿיע! קיין סך פֿאַרשטייט ער נישט פֿון אַזעלכע ביכער, אָבער אַז ער לייענט זיי, איז אים שווער צוריק זיי אַוועקצולייגן. ער, בן־ציון, וועט אַוודאי אויסבאַהאַלטן דעם סוד פֿון זײַן ווערן אַן אײַנגייער אין הויז פֿון דעם גלח ביז ער וועט האָבן אויסגעלייענט אַלע ביכער און אויסגערויכערט אַלע ציגאַרעטן פֿונעם גלחס הילצערן קעסטעלע ביזן סוף. נאָר אין דאָס וואָס איז ווײַטער געשען איז שולדיק געווען נישט ער, בן־ציון, נאָר דער גלח:

איין מאָל, ווען בן־ציון איז געווען אַרײַנגעטאָן אין לייענען „די הייזקע פֿון דעם פֿעטער טאָם", האָט אים דער גלח צוגערופֿן צו זיך, ער זאָל זיך זעצן אויף זײַן שויס און אים איבערדערציילן וואָס ער האָט געלייענט. מחמת הנאה וואָס דער גלח טוט פֿאַר אים, האָט בן־ציון געפֿאָלגט וואָס ער האָט אים געהייסן טאָן. אָבער ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זײַנע קני, האָט דער גלח אים אָנגעהויבן צערטלען און קושן מיט אַזאַ צערייצטקייט אַז בן־ציון איז באַפֿאַלן אַן אומהיימלעכע שרעק: דאָס בוך איז אים אַרויסגעפֿאַלן פֿון די הענט און אַז ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן עס אויפֿצוהויבן, האָט דער גלח געפּרוווט מיט כּוח אַראָפּצורײַסן פֿון אים דאָס כאַלאַטל. בן־ציון איז אויפֿגעשפּרונגען, פֿון אימפּעט איז ער אַרויס

פונעם כאַלאַטל און געלאָפן צו דער אַרויסגאַנג־טיר. דער גלח איז געבליבן זיצן מיט בן־ציונס אַרעמען מלבוש אין זײַנע הענט.

דאָס אַלץ וואָס איז געשען, איז געשען אָן צו לאָזן הערן אַ וואָרט, אָדער אַ געשריי, אַפילו נישט קיין פּיפּס. אָבער אין לויפן האָט זיך בן־ציון אָנגעשלאָגן אָן דעם פּעטן ווײַב מיט דעם שיטערן גוידער. מיט אַן אויס־געשריי: „אָ, יעזו!" האָט זי געפּרוווט אים פאַרהאַלטן. האָט דער אין בהלה־לויפנדיקער בן־ציון זי אָפּגעשטויסן מיט אַזאַ כּוח אַז זי האָט מיט אירע פּעטע פּלייצעס זיך אָנגעשלאָגן אָן דער אָנטקעגנאיבערדיקער וואַנט — „אָ, מאַריאַ!"

ערשט אין דרויסן, אין דער קילבלעכער לופט, איז בן־ציון געקומען צו זיך און דערזען, אַז ער איז אָן זײַן כאַלאַטל. האָט ער זיך אומגעקערט צום גלחס הויז, צומאָל געפּרוווט שטעלן אַ טריט אין יענער ריכטונג, און אַרויסגעוואָרפן אַ קללה. ער האָט געקוקט אויף זײַנע הענט־פלאַכן, געזוכט אין זיי אַ פּאַפּיראָסל — זײַנע הענט זענען געווען ליידיקע. צו דער נאַר־וואָסיקער בהלה האָט אים אַ קלעם געטאָן דער הונגער נאָך אַ ביסל ציגאַרעטן־רויך. ער האָט אָנגעהויבן ציטערן פון אַ פּלוצעם באַ־פאַלענער קעלט. ציטערנדיק האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום הימל, ווי ער וואָלט פון דאָרט דערוואַרט אַ פּאַפּיראָסל, און פּלוצעם, ווי זײַנע פּיס וואָלטן געווען אַ באַזונדער גוף, האָבן זיי אָנגעהויבן אים טראָגן וואָס אַמאָל שנעלער און שנעלער, בעת ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן דעם קאָפּ פאַרריסן צום הימל.

בן־ציון איז געקומען צו לויפן צום מאַרק און עס האָט זיך אים געדאַכט אַז ער איז געקומען פון אַ ווײַטער וועלט. ווו איז דער פּעטער טאָם? נאָר וואָס איז דער פּעטער טאָם געווען אַזאַ גוטער, אַזאַ גוטער און דאָ, ווו ער איז געקומען צו לויפן, איז אים אַלץ פרעמד. אָנעם כאַלאַטל, ווי לײַט זענען נישט געווען געוווינט אים צו זען, מיט צעטראָגענע זוכע־רישע אויגן, האָט דער און יענער באַקומען אויף אים רחמנות, אָבער דאָס רחמנות האָט די לײַט נישט געשטערט צו דערמאָנען אים, אַז ער איז אַ חסר־דעה:

„בן־ציון דער צווייטער, נאָך אַ טאָג און דו וועסט אַרומלויפן איבער דער שטאָט אַ נאַקעטער!"

בן־ציון האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיך און געקוקט אַרום זיך אויף דער ערד ווי ער וואָלט וועלן דערגיין ווו ער געפינט זיך. אין זוכעניש אַרום זיך האָט ער צווישן די שטיינער געפונען אַ רעשטל פון אַ ציגאַרעט. ער האָט די פאַרגעלטע גילזע אַרײַנ־גענומען צווישן זײַנע ליפן און ווידער זיך אַרומגעקוקט, ווי פון ערגעץ וואָלט געדאַרפט קומען אַ פלעמל פײַער. און אַז קיין פלעמל פײַער איז נישט געקומען, האָט ער זיך אָפּגעריסן פונעם פּלאַץ און אַנטלאָפן. קינדער

האָבן אים נאָכגעשריגן: „בן ציון דער צווייטער, וווהין לויפֿסטו?״

דערהערט דאָס געשריי פֿון די קינדער, האָט בן־ציון זיך פּלוצעם פֿאַר־האַלטן, זיך אויסגעדרייט, און ווי פֿריִער וואָלט גאָרנישט געשען, האָט ער געענטפֿערט ווי ער וואָלט פֿאַר די קינדער אויפֿגעקלערט:

„וואָס בין איך שולדיק אַז מײַן טאַטע בן־ציון איז געשטאָרבן אין סיביר איידער איך בין געקומען אויף דער וועלט? אַז זייערע זאָגן: מײַן טאַטע איז געווען בן־ציון דער ערשטער, בין איך בן־ציון דער צווייטער בין איך״. אָפּגעזאָגט ס׳זייניקע איז ער אַנטלאָפֿן, ווי עמעצער וואָלט אויף אים גע־לויערט.

אין הויז פֿון פֿײַטל שנײַדער איז ער אַרײַן מיט אימפּעט און פֿאַרסאָפּעט. זײַן צעטומלטקייט האָט שטיל געמאַכט די געזעלן, וואָס ווי עס איז געווען זייער שטייגער האָבן זיי די נאָדל־שטעך באַגלייט מיט באַהאַרצטע לידער. פֿײַטל, אַ ביסל אָן אַראָפּגעבויגענער, האָט געהאַלטן אין אויפֿבלאָזן די אײַנגעדושעטע קוילן אין זײַן פּרעסאײַזן. האָט בן־ציון זיך אײַליק דער־נענטערט צו אים, זיך אַראָפּגעבויגן צו די אויפֿגעזשאַרעטע קוילן צו פֿאַררויכערן די גילזע, וואָס ער האָט געהאַלטן צווישן זײַנע ליפּן ווי אַ קאָרעקל.

„וואָס ביסטו אַזוי אַזוי צעיאָכמערט, בן־ציון? זעסט דאָך אַזוי ווי דו וואָלסט אַנטלאָפֿן פֿונעם גיהנום. ווו האָסטו פֿאַרלוירן ס׳כאָלאָטל? די מלאכי חבלה האָבן עס ביי דיר צוגענומען? קוק זיך נאָך אָן מיט דײַנע אייגענע אויגן און דו וועסט זען. נישט געשטראָפֿט זאָל איך ווערן פֿאַר מײַנע רייד״.

בן־ציון האָט טיף אַרײַנגעצויגן אין זיך דעם רויך, וואָס איז געווען מער רויך פֿון דער גילזע ווי פֿון טאַבאַק, און פֿאַרגלאָצנדיק די אויגן צום באַלקן, זיך פֿאַרשלאָסן אין שווײַגעניש. פֿײַטל האָט אויף שטום־לשון אַ באַרעדעווודיקן קוק געטאָן צו זײַנע געזעלן און צוגעלייגט אַ פֿינגער צום שטערן, ווי אַ סימן, אַז די וועלט איז גערעכט ווען זי זאָגט, אַז „משוגע איז נישט געזינט און אַ גאַנדז איז נישט קיין רינד״.

„וואָס גאַפֿעט איר זיך?״ האָט פֿײַטל אַ וועק געטאָן זײַנע געזעלן, „פֿון טראַכטן פֿאַרוואָס די הינער טרינקען און פֿישן נישט וועט דאָס שטיקל אַרבעט פֿאַרטיק ווערן?״

די געזעלן, וואָס האָבן געוווסט וועלכע לידער בן־ציון האָט ליב צו זינגען, זענען אַרויס מיט אַ פֿריילעכן ניגון, זיך צעשאָקלט אין דער אַרבעט. האָבן אָבער מיט זייער געזאַנג אים נישט אויפֿגעוועקט. ער איז מיט זײַנע מחשבֿות געווען, ווײַט, ווײַט.

אויף צו מאָרגנס אין דער פֿרי האָט בן־ציון זיך פֿאַרשטעקט נאָענט צום גלחס הויז און מיט אומרויִקע אויגן עפּעס וואָס אויסגעקוקט. נאָך אַ שעה אַנדערטהאַלבן אויסקוקן האָט ער פּלוצעם אָנגעהויבן רײַבן איין האַנט אָן דער צווייטער, ווי אויף צו דערוואַרעמען זיי. דער גלח איז אַרויס

פֿון זײַן הויז און זיך פֿאַרנומען צו דער קירך. בן־ציון האָט אים באַגלייט מיט די בליקן, און ווי נאָר ער איז אַרײַן אין דער קירך, אַזוי איז בן־ציון אויפֿגעשפּרונגען און זיך געלאָזט צום גלחס הויז.

„כ'האָב דאָ נעכטן פֿאַרגעסן מײַן כאַלאַטל, האָב איך", האָט ער ווי אַ שולדיקער געזאָגט צו דעם פּעטן ווײַב, וואָס האָט זיך אים געשטעלט אין וועג מיט אירע גוזמאדיק גרויסע בריסטן.

„מיר דערצייל נישט קיין מעשׂיות מיט פֿאַרגעסן. ביסט אַנטלאָפֿן פֿון אים. אַלע אַנטלויפֿן פֿון אים".

„כ'וויל מײַן כאַלאַטל, וויל איך", האָט ער געבעטן מיט קבצנישער הכנעה.

מאַרטאַ האָט זיך אויסגעדרייט און אויף אַ רגע פֿאַרשוווּנדן אין אַ זײַטיק צימער, וואָס האָט געפֿירט פֿון דער קיך. ווי נאָר זי איז אַוועק פֿון זײַנע אויגן האָט בן־ציון אַ שפּרונג געטאָן און אַרײַן אין דער קאַמער פֿון וועלכער ער איז נעכטן אַנטלאָפֿן. אויפֿן שרײַבטיש איז געשטאַנען דאָס אָפֿענע קעסטעלע ציגאַרעטן און דערנעבן איז געלעגן דאָס בוך „די הייזקע פֿונעם פֿעטער טאָם". האָט ער פֿונעם קעסטעלע אַ כאַפּ געטאָן אַ זשמעניע ציגאַרעטן און דאָס בוך און צוריק אַרײַן אין דער קיך, ווו עס איז אים אַנטקעגנגעקומען מאַרטאַ מיט זײַן כאַלאַטל אין אירע הענט.

„אַליין קריכט מען נישט ווו מען טאָר נישט", האָט זי געזאָגט אָנ־געברוגזט און אַרויסגענומען פֿון זײַן האַנט דאָס בוך. „אויב דו ווילסט לייענען קענסטו לייענען דאָרט ווו די ביכער זענען דאָ. ביז מיטאָג איז ער פֿאַרנומען ביים קאַנפֿעסיאָנאַל. מעגסטו קומען לייענען, אָבער גאָרנישט מיטנעמען מיט זיך. ביסט הונגעריק? אויב דו ביסט הונגעריק, שעם זיך נישט"...

„אַ צינדל", האָט בן־ציון געבעטן, ווי ער וואָלט נישט געהערט וואָס מאַרטאַ האָט געזאָגט. ער האָט אין גאַנצן געציטערט וועגן דאָס ווײַב האָט אים אַנטקעגנגעטראָגן אַן אָנגעצונדן שוועבעלע. ער האָט זיך פֿאַרשיכּורט מיט דעם לאַנגן אַרײַנציִען אין זיך דעם רויך פֿונעם ציגאַרעט. האָט זי אים אַרײַנגעפֿירט אין דער זײַטיקער קאַמער, פֿון וועלכן זי האָט אַרויס־געבראַכט זײַן כאַלאַטל און געזאָגט:

„דאָ, שיינער בחור, קענסטו לייענען וויפֿל דײַן האַרץ גלוסט, און אַז עס וועט דיר הונגערן זאָלסטו מיר זאָגן. דו ווייסט, אַז דו ביסט אַ שיינער בחור? דו ביסט אויך אים געפֿעלן".

בן־ציון האָט נישט געהערט וואָס דאָס ווײַב האָט אים צו זאָגן. ער איז געווען פֿאַרטראָגן אין אַן אַנדער וועלט. זײַנע אויגן האָבן גאָרנישט געזען אויסער די רויך־רינגעלעך, וואָס ער האָט פֿון געוווינהייט געפֿורעמט בײַם אַרויסלאָזן דעם ציגאַרעטן־רויך. ווי נאָר ער האָט דערפֿילט, אַז דער ציגאַרעט ענדיקט זיך, האָט ער אים אָפּגעביטן מיט אַ צווייטן, איבער־

נעמענדיק דאָס פֿײַער פֿונעם ערשטן. בן־ציון האָט נישט געדענקט ווי לאַנג ער איז געזעסן אויפֿן דיל פֿון דעם קליינעם צימער ווו עס איז געשטאַנען בלויז אַ בעט אָנגעהויפֿט מיט גרויסע קישנס און אַ שענקל. אין שיכּרות פֿונעם ציגאַרעטן־רויך האָט ער געבלעטערט דאָס בוך „די הייזקע פֿונעם פֿעטער טאָם", געזוכט דעם פּלאַץ ווו ער האָט נעכטן גע־האַלטן און אים נישט געפֿונען. אַז מאַרטאַ האָט זיך באַוויזן אין דער קאַמער, האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ צו איר און געפֿרעגט:

„איר האָט געלייענט וואָס דאָ איז געשריבן?"

„וואָס גייט עס מיר אָן וואָס דאָרט איז געשריבן?", האָט זי זיך אָפּגעטרייסלט. „איצט טראָג זיך אָפּ פֿון דאַנען, ער דאַרף באַלד אַהיימ־קומען. מאָרגן וועסטו ווײַטער קענען לייענען און מיר אָנטראָגן אַ וואָלקן מיט רויך פֿון דײַנע ציגאַרעטן".

ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט און געבעטלט ביי איר:

„אַ פּאָר פּאַפּיראָסלעך".

„וואָס נאָך?" האָט דאָס ווײַב געפֿרעגט און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפֿער איז זי אַוועק און געבראַכט אים צוויי ציגאַרעטן. דערלאַנגענדיק אים די ציגאַרעטן האָט זי אַ גלעט געטאָן זײַן האַנט און געזאָגט:

„כאָטש דו ביסט אַ ייִד, געפֿעלסטו מיר. ביסט אַ שיינער בחור. קום מאָרגן אין דער פֿרי אין דער זעלבער צײַט, ווי דו ביסט הײַנט געקומען".

אויף צו מאָרגנס אין דער פֿרי, נאָענט צום גלחס הויז, איז בן־ציונען אַנטקעגנגעקומען דער ריח פֿון אַ געשמאַק געקעכטס. האָט ער צוגעאײַלט זײַנע טריט און קוים באַמערקט מאַרטאַן, וואָס איז געשטאַנען אין דער טיר־עפֿענונג.

„אַ פּאַפּיראָסל", האָט ער געזאָגט שטאָט אַ גוט מאָרגן.

מאַרטאַ האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין דער קיך, אים באַפֿוילן ער זאָל זיך זעצן צום טיש און אַן אויסצורעדן אַ ווערט האָט זי פֿאַר אים אַוועק־געשטעלט אַ שיסל מיט אַ פּאַרענדיקן קרויט־באַרשטש. „עס!" האָט זי אים באַפֿוילן און דערלאַנגט אין דער האַנט אַרײַן אַ לעפֿל.

„אַ פּאַפּיראָסל", האָט ער הכנעהדיק אַרויפֿגעקוקט צו איר.

„עס!" האָט זי איבערגעחזרט, „דער רויך וועט דיר נישט אַנטלויפֿן". זי האָט געקוקט אויף אים מיט אירע פֿאַרשמאַלצטע אויגן און ס'איז איר געפֿעלן מיט וואָס פֿאַר אַ גלוסט ער עסט איר געקעכטס. „האָסט אַ ווײַב?" האָט זי געפֿרעגט.

בן־ציון האָט אויפֿגעהויבן צו איר די אויגן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין. מאַרטאַ האָט געשמייכלט צו אים מיט אַן אויסטערלישן שמייכל, אַזוי אַז אירע אויגן האָבן זיך איר אין גאַנצן פֿאַרגאָסן מיט פֿעטקייט. זי האָט אַרײַנגעבראַכט אַ ציגאַרעט און אים אַוועקגעלייגט נעבן בן־ציונען. „פֿאַרבײַסעכץ", האָט זי געזאָגט מילד און שטייענדיק הינטער

דער שטול אויף וועלכער ער איז געזעסן, האָט זי זיך אַראָפּגעבויגן און אים אַ קוש געטאָן אין קאָפּ.

„דו געפֿעלסט מיר, שיינער בחור״.

בן ציון האָט דערפֿילט אויף זײַן פּנים אירע וואַרעמע הענט און איר אָטעם. אַלץ צוזאַמען, דער הייסער קרויט־באָרשטש, דאָס פּאַפּיראָסל מיט דעם ווײַסן גילזע־העלדזל ווי אַ „פֿאַרבײַסעכץ״ און מאַרטאַס ווײַבלעכע צערטלעכקייט האָבן זיס אויפֿגעקאָכט בן־ציונס בלוט. ס׳האָט זיך אים פּלוצעם פֿאַרוואָלט זינגען. האָט ער געלאָזט דעם לעפֿל אין דער טיפֿקייט פֿון דער שיסל, אָבער באַלד אים צוריקגעכאַפּט, דער אָרום האָט אים אויסגעזען פֿרעמדלעך אויף צו זינגען ייִדישע לידער. האָט ער געשמייכלט צו זיך אַליין און אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ צום פֿעטן ווײַב, וואָס האָט מיט אירע פֿינגער געגלעט זײַן פּנים און אים געקעמט זײַנע זײַד־גלאַנציקע האָר. פֿון דעסטוועגן האָט אים געשפּאַרט דעם חשק צו זינגען. איז ווי נאָר ער האָט אויסגעליידיקט די שיסל קרויט־באָרשטש, האָט ער זיך אָפּגעריסן פֿון דער שטול, פֿאַררויכערט דאָס אָפּוואַרטנדיקע פּאַפּיראָסל און פֿרייליך אַרויסגעפּראַלט :

אָט אַזוי נייט אַ שנײַדער

אָט אַזוי נייט ער צו.

ער נייט און נייט אַ גאַנצע וואָך

און אַז ס׳קומט ערבֿ שבת האָט ער אַ דרײַער

מיט אַ לאָך.

מאַרטאַ האָט אים אַרומגעהאַלדזט און מיט איר מויל פֿאַרדעקט זײַן מויל.

„לײַט וועלן דערהערן״, האָט זי געמורמלט מיט אַ פֿאַרשטיקט קול און בלויז אויף אַ רגע באַפֿרײַט זײַנע ליפּן. זי האָט אים מער נישט אָפּגעלאָזט. פֿון צווישן זײַנע פֿינגער האָט זי געכאַפּט דאָס פֿאַררויכערטע ציגאַרעטל און עס אַ שלײַדער געטאָן אויפֿן דיל. אַ צערייצטע מיט אַ צעפֿלאַמט פּנים, וואָס האָט נאָך מער פֿאַרשטעלט אירע פֿאַרשמאַלצטע קליינע אייגעלעך, האָט זי אים אַרײַנבאַקומען אין איר קאַמער. מיט פֿלינקע באַוועגונגען האָט זי פֿונעם געלעגער מיט דעם אָנגעהויפֿטן בעטגעוואַנט אַראָפּגעוואָרפֿן די קישנס אויפֿן דיל. מיט איר גאַנצן שווערלײַביקן גוף האָט זי באַהערשט בן־ציונען. ער האָט זיך געפֿונען אונטער אַ באַרג צעהיצט לײַב, וואָס האָט אויך אים אָנגעצונדן און ער האָט געפּרוּווט מיט זײַנע הענט, ווי מיט רייפֿן זי אַרומנעמען און עס נישט דערגרייכט. ווי אַ בראַנד האָט אים מאַרטאַ באַצוווּנגען, און ער, אַ ברענענדיקער און פֿאַרלוירענער, האָט געלאָזט מיט זיך טאָן וואָס זי האָט געוואָלט.

„דו תּענוגדיק ייִדעלע", האָט זי אים אַרײַנגעפּליסטערט אין אויער און אים נישט באַפרײַט פֿון אירע אָרעמס אַפילו דעמאָלט ווען ער האָט זיך אויסגעלאָשן און ס'איז אים געוואָרן הייס, דערשטיקט צו ווערן.



אין יענער צײַט איז בן־ציון זעלטן געקומען צו פּײַטל שנײַדער, וואָס כאָטש ער האָט אים מיט גאָרנישט אַרויסגעהאָלפֿן, נישט פּײַטלען און נישט זײַנע געזעלן, האָט ער זיי אַלעמען געפֿעלט. מיט אים האָט זיך אַנדערש געזונגען — פֿריילעכער בײַ פֿריילעכע לידער און בענקשאַפֿט־לעכער בײַ סומנע לידער — און מיט אים האָבן זיך די הענט אַנדערש געלייגט צו דער אַרבעט. אַז עמעצער פֿון די געזעלן האָט געלאָזט פֿאַלן אַ פֿרעג: „ווו איז ער אַהינגעקומען?" האָט פּײַטל געהאַט אַן ענטפֿער: „מסתמא געגאַנגען קיין האָצעפּלאָץ זוכן אַ פּאַפּיראָסל". בן־ציון האָט מער נישט געזוכט קיין פּאַפּיראָסלעך. דעם גלחס באַלעבאָסטע האָט בן־ציונען געהאַלטן בײַ זיך אין דער קאַמער צווישן דעם באַרג קישנס, נישט ווײַל זי זאָל האָבן אים פֿאַרשלאָסן, ער זאָל זיך נישט קענען אַרויסבאַקומען פֿון אונטער איר שליטה, נאָר ווײַל אים אַליין איז גוט געווען צווישן די קישנס. מאַרטאַ האָט אים אין די טעג געקעכלט, געליפּערט אים ציגאַ־רעטלעך, אים פֿאַרברענט מיט איר לײַב און אויסגעלאָשן און ווידער אָנ־געצונדן, ער זאָל ווערן צוגעבונדן צו איר בעט. זי האָט ממש נישט מורא געהאַט דער גלח זאָל דערשנאַפּן אַז דער ייִד וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון זײַן שויס, געפֿינט זיך בײַ אים אונטערן דאַך.



במשך די פֿינף אויפֿן זעקסטן יאָר ווי זי, אַן אלמנה אָן קינדער, איז געוואָרן זײַן באַלעבאָסטע, האָט דער גלח איר מיט קיין וואָרט און מיט קיין צייכן נישט אָנגעדײַט, אַז ער וויל זי באַשלאָפֿן. פֿון אָנהויב האָט זי זיך געוווּנדערט: טאָקע אַ מאַן, וואָס מחמת זײַן שטאַנד טאָר ער נישט חתונה האָבן, אָבער פֿון אויסזען איז ער אַ פֿעסטער מאַן, וואָס אַזאַ איינער קען נישט לעבן אָן אַ ווײַב. ביז זי איז דערגאַנגען, אַז בײַם קאָנפֿעסיאָנאַל, ווו גלויביקע קומען זיך מתוודה צו זײַן פֿון זייערע זינד, לאָקט ער אַרײַן ייִנגלעך אין זײַן קאַמער בײַ דער קירך, און ער באַלוינט זיי מיט ציגאַרעטלעך און קאַרמעלקעס. אין אירע מחשבֿות האָט זי אים אָנגערופֿן „ווילדער חזיר". און אַז מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער ווי בן־ציון איז פֿון אים אַנטלאָפֿן, האָט ער איר געפֿרעגט ווו עס איז דעם ייִדס כאַלאַטל, האָט זי אַפֿילו אָן צו טראַכטן געענטפֿערט:

„איך באַהאַלט נישט קיין ייִדישע שמאַטעס און לאָכעס. כ'האָב עס אַרײַנגעוואָרפֿן אין מיסט".

בן־ציונען איז גוט געווען אין מאַרטאַס קאַמער. מאַרטאַ האָט אים געבראַכט אויסגעזוכטע ציגאַרעטן מיט לאַנגע ווײַסע גילזעס און מיט געלבלעכע גילזעס. זיי האָבן אים געהאַלטן אין שיכּרות. מיט דעם גלחס ביכער האָט ער זיך פֿאַרלייענט, כמעט קיין איינס נישט דערלייענט ביז דער לעצטער שורה, און געכאַפּט זיך צו אַנדערע. ער איז אַרײַן אין אויסטערלישע וועלטן, וואָס ער האָט זיך מיט זיי נישט געקענט קיין עצה געבן. אַלע ביכער האָט ער געוואָלט לייענען. פֿון אָנהייב האָט ער געזוכט אַזעלכע מעשׂיות ווי „די הײַזקע פֿונעם פּעטער טאָם". שפּעטער זענען אים געקומען אין די הענט אַרײַן ביכער מיט אויסטערלישע נעמען, וואָס בײַם אָנהייב לייענען זיי האָט ער גאַרנישט, טאַקע גאַרנישט פֿאַרשטאַנען, דאָך האָט ער זיי געלייענט אָן צו וויסן פֿאַרוואָס. אויף די רוקנס פֿון די ביכער האָט ער געלייענט נעמען: פּלאַטאָ, קאַנט, פֿראַנציסקוס פֿון אַסיסי, ספּינאָזאַ. און אַז בײַם בלעטערן די דינע און דיקע ביכער האָט ער זיך דערוווּסט, אַז בענעדיקט ספּינאָזאַ הייסט גאָר ברוך און ער איז אַ ייִד, איז אים ברוך געוואָרן היימיש. זײַן מאַמעס ברודער האָט געהייסן ברוך. ווי זײַן פּעטער ברוך האָט אויסגעזען, האָט ער נישט געדענקט, אָבער דעם נאָמען געדענקט ער גוט. האָט ער גענומען אַ בוך פֿון ברוך ספּינאָזאַ אין דער קאַמער מיט די אָנגעהויפּטע קישנס, געלייענט און געלייענט און גאָרנישט פֿאַרשטאַנען. האָט ער ווידער אָנגעהויבן לייענען פֿון סאַמע אָנהייב. פֿאַרוואָס פֿאַרשטייט ער די ביכער וואָס דערציילן מעשׂיות און ער קען זיך פֿון זיי נישט אָפּרײַסן און פֿאַרוואָס פֿאַרשטייט ער נישט וואָס עס זאָגט ברוך? נאָר ברוכן, זײַן פּעטער, וועט ער נישט אָװעקוואַרפֿן און נעמען אַן אַנדער בוך. ביז צום וויפֿלסטן מאָל לייענען ברוכן האָבן זיך פֿון דעם נעפּל פֿון ווערטער אָנגעהויבן אַרויסשיילן מעשׂה־בילדער, וואָס ער האָט זיי געזען וואָס אַמאָל קלאָרער. איין מאָל, ווען מאַרטאַ האָט אים דערלאַנגט אַ שיסל פּאַרעדיקע קליצקעס, וואָס האָבן אים אָפּגעבריט די צונג, האָט ער איר געפֿרעגט, זופּנדיק דעם וויטאָג פֿונעם ברי:

„מאַרטאַ", צי ווייסטו, אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט?"

דאָס ווײַב האָט זיך איבערגעצלמט און אויסגערופֿן:

„זאָל גאָט אויסהיטן! מסתּמא מיינסטו אַז ס'איז נישטאָ קיין ייִדישער גאָט, אונדזער גאָט איז דאָ!"

„ברוך זאָגט אַז די גאַנצע וועלט איז גאָט", האָט ער געפּרוּווט נעמען אין מױל אַרײַן אַ קליצקע און זיך ווידער אָפּגעבריט.

„ווער איז ברוך?" האָט מאַרטאַ אָנגעשטעלט אויף בן־ציונען אירע אייגעלעך. „ער איז אַן אַנטיכריסט! ער איז אַ זשיד, דײַן ברוך, דערפֿאַר זאָגט ער, אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט".

מאַרטאַ איז אַרײַן אין פֿאַרלעגנהייט הלמאי עס האָט זיך איר אַרויס־

געכאַפּט דאָס וואָרט „זשיד“, האָט זי זיך אַראָפּגעבויגן, בן־ציונען אַ קוש געטאָן אין פּנים און געזאָגט:

„עס אויף די קליצקעס און קום אין בעט אַרײַן. ס'האָט זיך מיר פֿאַרגלוסט“.

בן־ציון האָט געפֿאָלגט וואָס מאַרטאַ האָט אים געזאָגט, ער האָט אָוועקגערוקט די שיסל מיט קליצקעס אָן אַ זײַט און געזאָגט: „קום!“

מאַרטאַ איז אים נאָכגעגאַנגען צו איר קאַמער.

אָפּט, בײַם לייענען, האָבן זיך איבערגעריסן די פֿעדעם פֿון זײַנע מחשבֿות און ער האָט געטראַכט וועגן פֿײַטל און זײַנע גזעלן. ער וואָלט זיי געדאַרפֿט דערציילן וואָס עס זאָגט ברוך. זיי זענען ייִדן וועלן זיי אים פֿאַרשטיין. זי, מאַרטאַ, פֿאַרשטייט גאָרנישט, אויסער דעם וואָס עס ציט זי כּסדר צום בעט דווקא דעמאָלט ווען ער איז אַרײַנגעלייענט אין אַ בוך. ווי מאַרטאַ האָט נישט פֿאַרשטאַנען קיין וואָרט פֿון דעם וואָס בן־ציון האָט איר דערציילט וואָס עס זאָגט דער ייִד ברוך, אַזוי האָט ער נישט פֿאַרשטאַנען ווען זי האָט אים אין איינעם אַ טאָג געזאָגט:

„איך גיי האָבן פֿון דיר אַ קינד, איך בין טראָגעדיק“.

„פֿון מיר?“ האָט ער געפֿרעגט און געזוכט אין מאַרטאַס אויגן אַן ענטפֿער אויף דעם געהערטן. „וועסט האָבן אַ קינד... מײַן קינד... יאָ, מאַרטאַ? מײַן קינד?“ האָבן זײַנע אויגן געזוכט אויף איר בויך, וואָס אויך אָן שוואַנגערשאַפֿט האָט ער זיך געשטופּט פֿאַרויס, ווי זי וואָלט געווען אין אַכטן חודש.

„איך טאָר נישט, דער גלח וועט מיך פֿאַרטרײַבן“, האָבן טרערן פֿאַרגלעזט אירע אויגן.

„פֿאַרוואָס זאָל ער דיך פֿאַרטרײַבן? ס'וועט זײַן מײַן קינד!“ האָט ער אָנגעכאַפּט איר האַנט מיט אַזאַ פּלוצעמער און געשווינדער באַוועגונג, ווי מאַרטאַס האַנט וואָלט געווען אַ קינד, וואָס ער וויל שיצן פֿון סכּנה. „כ'וועל האָבן אַ קינד, כ'וועל האָבן אַ קינד“, האָט ער איבערגעחזרט מיט אויסטערלישער פֿריידיקער צעטראָגנקייט.

„ביסט משוגע?“ האָט מאַרטאַ נישט פֿאַרשטאַנען וואָס עס געשעט מיט אים.

„איך... משוגע?... אויך דו, מאַרטאַ?“

„וואָס אויך איך?“ האָט דאָס ווײַב געפֿרעגט און אַרויפֿגעלייגט איר קאָפּ אויף זײַן אַקסל.

„גאָרנישט... ווען וועסטו האָבן מײַן קינד?“ האָט ער אַרײַנגעפּליסטערט אין איר אויער, וואָס איז געווען נאָענט צו זײַנע ליפּן.

„איך טאָר נישט! איך בין אומגליקלעך. איך וועל מוזן בעלם ווערן פֿון דער שטאָט“, האָט ער צום ערשטן מאָל געהערט טרערן אין איר קול.

„און מײַן קינד? וועסט מיטנעמען מײַן קינד? ס'איז מײַנס!“ האָט

בן־ציון אויסגערופֿן קריגעריש, ווי אין דער קאַמער וואָלט שוין געווען אַ קינד, וואָס מאַרטאַ וויל עס ביַי אים צורויבן.

מאַרטאַ האָט אים אַריינגעקוקט אין פּנים, אַרויפֿגעווישט זיַין אַ האָרלאָק אויפֿן שטערן און געזאָגט שטיל ווי אַ סוד:

„מיר וועלן פֿון שטאָט אַנטלויפֿן צוזאַמען, ווי מאַן און וויַיב".

„און מיַין קינד?" האָט בן־ציון נישט אָפּגעלאָזט.

מאַרטאַ האָט נישט געענטפֿערט. פֿון צווישן זיַינע פֿינגער האָט זי אַרויסגענומען דעם נישט פֿאַרוויכערטן ציגאַרעט, אים אַריינגעשטופּט צווישן זיַינע ליפּן און מיט אַ זיפֿץ „אַ, יעזוס ,מאַריאַ" האָט זי דעם ציגאַרעט אָנגעצונדן. בן־ציון האָט אַריַינגעצויגן אין זיך אַ שלל רויך און אויף זיַין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל פֿון תּענוג: „בן־ציון דער דריטער", האָט ער אַרויסגעפֿליסטערט אויף ייִדיש לשון.

„וואָס מיין ליבער?" האָט מאַרטאַ געוואָלט וויסן דעם באַטיַיט.

„מיין טאַטע איז געווען בן־ציון דער ערשטער, איך בין בן־ציון דער צווייטער, מיַין קינד — דער דריטער".

ער האָט מאַרטאַן נישט געענטפֿערט וואָס עס באַטיַיטן זיַינע ווערטער, ער איז געווען פֿאַרטראָגן אין אַן אַנדער וועלט — אויסער דעם גלחס הויז. אויסער דער שטאָט...



ווי אַ שיכּור גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, אַז מיטן דויער פֿון טרינקען פֿאַרלירט ער די קלאָרקייט פֿאַר דעם וואָס עס געשעט מיט אים גופֿא און אַרום אים, אַזוי האָט בן־ציון נישט געפֿילט די ענדערונג, וואָס קומט פֿאָר אין אים זיַיט ער האָט אָנגעהויבן לייענען די ביכער פֿון דעם גלחס־ביכער־שענק. פֿון אָנהויב האָבן אים אַוודאי צוגעבונדן צום גלחס הויז דאָס הילצערן שאַכטעלע מיט ציגאַרעטן, וואָס ווו ער זאָל נישט זיַין האָט ער עס געזען ווי אַ וואָנדערער ביַינאַכט זעט פֿון דערוויַיטנס אַ ליכט־פֿלעמל — אַ סימן פֿון אַ מענטשלעכן ייִשוב. אָבער ביסלעכוויַיז האָט דער ניַיגער צו וויסן וואָס עס דערציילן די ביכער זיך צונויפֿגעחבֿרט מיט דעם הונגער נאָך ציגאַרעטן און אים צוגעשמידט צו מאַרטאָס צימער. דאָס באַשלאָפֿן די פֿעט־ליַיביקע מאַרטאַ — תּמיד ווען זי וועקט אים דערצו — איז געווען אַ מין באַצאָלונג פֿאַר אים וואָס זי ליפֿערט אים סיַי ציגאַרעטן, סיַי מאכלים און זי שטערט אים נישט צו נעמען וועלכע ביכער עס גלוסט אים און זיי אַריַינצונעמען אין איר צימער. יעדעס בוך וואָס ער האָט צופֿעליק אַרויסגעצויגן פֿון צווישן אַנדערע ביכער נאָר וויַיל דער גאָלד־געליישטער רוקן האָט געצויגן זיַין בליק, האָט אים אַריַינגעטריבן אין אַן אַנדער וועלט. און די וועלטן האָבן זיך אויסגעמישט — די וועלט פֿון

דעם פּעטער טאָם איז אַרײַן אין דער וועלט פֿון פֿראַנציסקוס פֿון אַסיסי און ביידע האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער אויסטערלישער וועלט פֿון ברוך ספּינאָזאַ. די ביז דעמאָלט פֿרעמדע פֿאַר אים וועלטן האָבן צערודערט זײַן געמיט. פֿון צווישן די הויכע קישנס אין מאַרטאַס צימער איז ער אויפֿגעשטיגן העכער פֿון דעם הימל. עס האָט אים געפֿרייט וואָס פֿראַנציסקוס פֿון אַסיסי האָט גאָרנישט פֿאַרמאָגט, אַזוי ווי ער, בן־ציון, פֿאַרמאָגט גאָרנישט און עס פֿעלט אים איצט גאָרנישט. און אַז ער האָט אײנעם כאָאָס פֿון לייענען זיך דערוווּסט פֿון ספּינאָזאַ, אַז עס איז פֿאַראַן אַן אוניווערס, וואָס איז מילי־מיליאָסן גרעסער פֿון דער וועלט אויף וועלכער ער, בן־ציון, פּײַטל שנײַדער מיט זײַנע געזעלן און דאָס גאַנצע שטעטל לעבן, האָט ער זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז אַהין האָט דערגרייכט פֿראַנציסקוס פֿון אַסיסי און דער פּעטער טאָם, ווײַל זיי האָבן גאָרנישט פֿאַרמאָגט, און דערפֿאַר זיך געקענט אויפֿהייבן אין אוניווערס ווו עס לעבט גאָט. דערנאָך האָט ער פֿון ספּינאָזאַ זיך דערוווּסט, אַז גאָט וווינט נישט אין הימל, נאָר אַז דער גאַנצער אוניווערס איז גאָט. ער האָט ברוכן געגלויבט יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט יאָ, אָדער נישט פֿאַרשטאַנען. ער הייסט דאָך דעם זעלבן נאָמען וואָס זײַן פּעטער, דער מאַמעס ברודער — ברוך!

בעת מאַרטאַ האָט אים פֿאַרטרויט דעם סוד, אַז זי איז טראָגעדיק געוואָרן פֿון אים, בן־ציונען, און אַז זי וועט מוזן אַנטלויפֿן מיטן קינד, זענען אַלע וועלטן פֿון די ביכער צעטרייסלט געוואָרן. מאַרטאַ טראָגט זײַן קינד — וועט זי אַנטלויפֿן מיט זײַן קינד? וווּהין וועט זי לויפֿן מיט זײַן קינד? און ער, בן־ציון? ביז יענער רגע איז ער געווען פֿרײַ און גאָרנישט פֿאַרמאָגט, ווי פֿראַנציסקוס פֿון אַסיסי, אָדער אַפֿילו דער פּעטער טאָם, וואָס אויך ער איז געווען אָרעם. איצט טראָגט מאַרטאַ זײַן קינד און זי וויל מיט זײַן קינד אַנטלויפֿן! פֿאַר עפּעס האָט ער מורא געהאַט זי צו פֿרעגן וווּהין זי וויל אַנטלויפֿן. ווען די מאַמע וואָלט געלעבט וואָלט ער זי געפֿרעגט וואָס צו טאָן. מיט דער מאַמען וואָלט ער זיך געשעמט צו רעדן דערוועגן. ער וואָלט גערעדט מיטן טאַטן. איז דער טאַטע פֿאַרשיקט געוואָרן אויף סיביר און ער איז דאָרט געשטאָרבן. האָט ער זיך פּלוצעם דערמאָנט אַן פּײַטל שנײַדער און זײַנע געזעלן, וואָס מיט זיי האָט ער אויסגעזוונגען אַ וועלט מיט לידער.

ס׳איז געווען אין דער מיט פֿון די זומערדיקע חמימה־טעג, ווען משוגעים ווערן באַפֿאַלן פֿון בהלה און אין זייער פֿאַרפֿינצטערטער וועלט ווייסן זיי נישט ווו אויס און ווו אײַן. אין איינעם פֿון אַזעלכע טעג האָט בן־ציון זיך אַרויסגעמאַכט פֿון דעם גלחס הויז אַן צו זאָגן מאַרטאַן אַ וואָרט דערוועגן. דאָס איינציקע וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך איז געווען אַ זשמעניע ציגאַרעטן פֿון דעם הילצערן קעסטעלע בײַם גלח אויפֿן טיש. אַז די שנײַדער־לײַט האָבן געזען זײַן אימפּעטיקן אַרײַנקום און זײַן צעטראָגן פּנים, זענען

זייערע נאָדלען געבליבן שטעקן אין די שטיקלעך אַרבעט און די ניימאַשין האָט אויפגעהערט קלאַפּן. פּײַטל האָט מעכאַניש אַראָפּגעצויגן פון זײַנע אַקסלען דעם צעראַטעוועם אַרשין און קוקנדיק פון אונטערן שטערן צו בן־ציונען, געזאָגט מיט אַ טאָן ווי ער וואָלט נישט געווען זיכער, אַז דער וועמען ער מיינט אַז ער איז — איז עס טאַקע:

„ס׳קאַצל קומט! אויסגעוועזן אין פּייטערבאַרג? אין דעם קייסערס מאַיאָנטקעס? זיך אויסבאַהאַלטן פון פּריזיוו?!״.

בן־ציון האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן זעלבן פּלאַץ ווי אַלע מאָל, אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ ציגאַרעט, פון וועלכן דער טייל מיט טאַבאַק האָט זיך אָפּגעבראָכן פון דער גילזע. האָט ער געלאָזן אָפּגעשונדן אַ ברעקל זײַדפּאַפּיר פון דער גילזע, באַנעצט עס מיט שפּײַעכץ און פאַרלאַטעט דעם ציגאַרעט. אַז ער האָט דאָס פּאַפּיראָסל פאַררויכערט און זיך לאַנג פאַרצויגן, האָט ער פאַרויסגעשיקט אַ וואָלקנדל רויך און געפרעגט:

„קען ווער פון אײַך ברוך ספּינאָזע?״

איינער פון די געזעלן, וואָס איז געזעסן אויפן שנײַדערטיש און מיט יעדן שטאָך מיט דער נאָדל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט זיך אַ וויג געטאָן אין די אַקסלען און געזאָגט באַרימעריש, ווי ער וואָלט בן־ציונען געכאַפּט בײַ אומוויסנקייט:

„בן־ציון דער צווייטער, דו מיינסט מסתּמא ברוך שולמאַן, דעם וואָס האָט דערשאָסן דעם וואַרשעווער גובערנאַטאָר״.

געזאָגט וואָס ער האָט געזאָגט מיט זיכערקייט, האָט ער באַלד געלאָזט הערן דאָס ליד וועגן ברוך שולמאַן.

מיט אומגעדולד און גאַרנישט אין זײַן שטייגער האָט בן־ציון אויס־געשריגן:

„דרעק! איך מיין ברוך ספּינאָזע, פון אוניוועוערז מיין איך!״

פּײַטל, וואָס האָט צום ערשטן מאָל געזען בן־ציונען אַזאַ ווילד־אויפּ־גערעגטן, האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, דער געזעלן זאָל אויפהערן זינגען און אַ וואָרטשע געטאָן אונטער דער נאָז:

„וואָס עפּעס ווערזען אין מיצקע דערינען? זאָלן אונדזערע שונאים אויסוווערזען, וואָס זיי האָבן געגעסן נעכטן און אַ גאַנץ יאָר״.

„נישט ווערזען נאָר אוניוועוערז!״ האָט בן־ציון זיך אויפגערעגט.

פּײַטל האָט מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויף זײַן אייגענעם שטערן און די געזעלן האָבן באַקומען רחמנות אויף בן־ציונען. זיי האָבן געקוקט אויף אים און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ — וואָס פון דעם מענטש איז געוואָרן זינט ער איז נעלם געוואָרן.

זיך גוט פאַרצויגן מיט רויך און זיך אײַנגעהערט אין דער אויסטער־לישער שטילקייט, האָט בן־ציון געזאָגט:

„אײַך דאַכט זיך אַז די ערד, איך, מיר דאָ אַלע, זענען די גאַנצע וועלט. ס'איז דרעק! ס'איז גאָרנישט געבייט מיט כשרע פּאָדעם! אײַך דאַכט זיך אַז די זון, די לְבָנה, די שטערנס און ווייס איך וואָס איז די גאַנצע וועלט. אַ נעכטיקער טאָג. ס'איז גאָרנישט! ווייסט איר וואָס עס איז אוניווערז? קאָסמאָס? אין אוניווערז טוט זיך אַ וועלט מיט וועלטן!...".

„און אין די אַלע וועלטן זענען דאָ מענטשן?" האָט איינער פֿון די געזעלן געספּקט און מסכּים געווען מיט פֿײַטלען, אַז אויב די וועלט זאָגט משוגע, דאַרף מען גלייבן.

בן־ציון האָט זיך אָנגעבלאָזן, ווי ער וואָלט זיך באַליידיקט הלמאי מען לאָזט אים נישט אויסרעדן און אַרויסגעוואָרפֿן:

„און דו מיינסט, אַז די אַלע וואָס לעבן אויף דער וועלט זענען אַלע מענטשן?"

„זעסט, ער איז גאָר נישט קיין חסר־דעה. ער רעדט דאָך צו דער זאַך!" האָט פֿײַטל אויפֿגעלעבט און צוריק אָנגעטאָן איבער זײַנע אַקסלען דעם צעראַטענעם אַרשין. „אין וועלכע שקאָלעס האָסטו געכאַפּט דעם שׂכל, בן־ציון?"

לאָזנדיק קליינע וואָלקנדלעך רויך האָט בן־ציון געזאָגט ווי צו זיך אַליין:

„גאָט איז אַן אויסגעטראַכטע מעשׂה, זאָגט ברוך. דער אוניווערז, דער קאָסמאָס איז גאָט!"

„הער אַ מעשׂה, בן־ציון דער צווייטער, ווער מושווה ווער עס איז גאָט — דער ווערזער, אָדער דער צווייטער, ווי רופֿט מען אים דאָרט".

„קאָסמאָס", האָט אים אַ געזעלן דערמאָנט.

„און דער, ווי דו זאָגסט, אַז ער איז חלילה דער רבונו־של־עולם, האָט אַזאַ גרויסן פּאָנץ וואָס בעמט אַרײַן אַלץ וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן? און ער ווערט נישט צעפּלאַצט?" איז פֿײַטל געוואָרן סאַרקאַסטיש. „איז וואָס מיט דעם פֿאָטער אין הימל, איך זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד? ער איז שוין גאָרנישט? ניעגאָדין זאָגסטו? דער טאַטע ר' בן־ציון דער ערשטער האָט געוואָלט אַראָפּזעצן דעם קיסר און דער זון ר' בן־ציון דער צווייטער וויל אַראָפּזעצן דעם רבונו־של־עולם".

בן־ציון האָט אים קעגנגערעדט:

„גאָט זיצט נישט אין פּעטערבורג, מען זאָל אים קענען אַראָפּוואַרפֿן. אין אוניווערז איז נישטאָ קיין סיביר".

„ס'איז דאָ אַ גיהנום!" האָט עס פֿײַטל געהאַט גענוג. „פֿאַר אַזעלכע ווערטער שמייסט מען דאָרט מיט אײַזערנע ריטער. אַ נײַע מעשׂה, ווערזן, ברוך, אַנשיקענישן רחמנא ליצלן".

די געזעלן זענען געווען היפּש אויפֿגערודערט פֿון בן־ציונס ווערטער. קיין מאָל פֿריִער האָט ער אַזאַ לשון נישט געהאַט. בײַ זיי האָט עס

אויסגעזען, אַז דורך דער צײַט ווי ער האָט זיך פֿאַר זײַערע אויגן נישט געוויזן, איז ער ערגעץ־ווּ געווען צווישן דער חבֿרה, וואָס מאַכן „סכאַדקעס" אין די וועלדער און זײַ רופֿן צו סטרײַקן. אַוודאי, דאָס עפּעלע פֿאַלט נישט ווײַט פֿונעם ביימעלע. בן־ציון גייט אין זײַן טאַטנס וועגן און הלוואי זאָל ער נישט ענדיקן אין סיביר.

פֿײַטל וואָס האָט אַלע מאָל געקוואָלן פֿון בן־ציונס זינגען און ער האָט אים ליב געהאַט ס'לעבן, איז געווען בײַ אַן אַנדער דעה: מחמת דעם וואָס ער רעדט אסור לדבר, איז אפֿשר די שטאָט גערעכט. די מעשׂה מיט דעם גלח וואָס האָט פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַנצער שטאָט געגלעט בן־ציונען דעם קאָפּ, גייט זיך ענדיקן מיט שמד. ס'זעט אויס, אַז דער גלח באַהאַלט בן־ציונען אין דער תּיפֿלה, לערנט אים זײַנע מאַליטוועס און אַז ער וועט אים אָפּשוועגצלען וועט ער אַרויס אַ פֿאַלנער גוי.

בן־ציון האָט זיך געלאָזט צו פֿײַטל שנײַדער אַ פֿולער מיט דעם אַלעם, מיט וואָס ער האָט זיך אַנגעזעטיקט אין מאַרטאָס קאַמער. ער איז געווען זיכער, אַז ווי נאָר ער וועט אַרויסלייגן די מעשׂה מיט דעם אוניווערס און אויך דערמיט וואָס עס גייט ווערן מיט זײַן קינד, אַזוי וועלן די געזעלן אויפֿכאַפּן דאָס דערציילטע און צוזאַמען מיט פֿײַטלען וועלן זיי אים געבן די ריכטיקע עצה סײַ וואָס שײַך דעם אוניווערס און סײַ וואָס שײַך זײַן קינד. ס'איז צו דעם נישט דערגאַנגען. פֿײַטל האָט אים איבערגעריסן מיט שטראָפֿרייד, וואָס ער האָט זיי באַפֿעסטיקט מיט אַ שטאַרקער שטעפּן אויף דער ניימאַשין. בן־ציונען האָט ווײ געטאָן אויך דאָס שווײַגן פֿון די געזעלן. געזעלן זענען סטרײַקערס און סטרײַקערס האָבן נישט קיין מורא. פֿאַרוואָס זשע האָבן זיי מורא פֿאַר פֿײַטלען? ער וועט זיי אַוועקשיקן קיין סיביר? אַלץ איז אַנדערש פֿון דעם ווי עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס וועט זײַן ווען ער איז אַרויס פֿון מאַרטאָס קאַמער. איז ער געוואָרן מאַרקאַטנע. די געזעלן, וואָס מיט זיי האָט ער אויסגעזונגען אַ ים מיט לידער, זענען געוואָרן ווײַט פֿון אים. פֿײַטל האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו דעם האָפּסלדיקן פּיסל פֿון דער ניימאַשין. האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און איז אַוועק אַן צו זאָגן אַ גאָט־העלף.

אין דרויסן האָט נאָך געגליט די חמימה, כאָטש די זון איז געווען באַדעקט מיט אַ געלבלעכן טומאַן. אין דער דעמפּיקער לופֿט האָבן אַרומגערויעט און געזשומעט מחנות בלאָ־גלאַנציקע פֿערדפֿליגן. די מענטשן, זיצנדיק און שטיינדיקע פֿאַר זײַערע קראָמען, האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געשלאָפֿן זיצנדיק און שטייענדיק. קיינער האָט אַפֿילו קיין בליק נישט געטאָן ווי ער, בן־ציון, שטייט איינער אַליין אויף דער גאַס. ער האָט נישט מער קיינעם. נישטאָ מער פֿײַטל שנײַדער. די זינגענדיקע געזעלן זענען ערגעץ ווײַט־ווײַט און ער הערט נישט אַפֿילו קיין אָפּהילך פֿון זײַערע לידער. אויך ברוך ספּינאָזע מיט דעם אוניווערס און מיט דעם

קאָסמאָס האָבן אין דער רגע זיך דערוויטערט פֿון אים. מאַרטאַ האָט גע־זאָגט, אַז זי איז טראַגעדיק געוואָרן פֿון אים. וואָס האָט זי צוגענומען פֿון אים? וואָס באַהאַלט זי פֿון אים? ער האָט געטריבן פֿון פֿאַר זײַן פּנים די ווילד־צעזשומעטע פֿליגן, געפּרווווט זיי הרגענען צווישן זײַנע ביידע הענט. די קלעפּ פֿון זײַנע הענט האָבן אַפּגעהילכט, אָבער די פֿליגן האָבן קונציק זיך אַרויסגעמאַכט פֿון צווישן זײַנע הענט און זיך געררייצט מיט אים. איז ער אַנטלאָפֿן פֿון זיי, זענען זיי אים נאָכגעפֿלויגן און אים אַרײַנגע־זשומעט אין די אויערן: „ווו איז דײַן פֿעטער ברוך?"

בן־ציון האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ צום געלבלעכן דרויסן און גע־בלאָנדזשעט מיט די אויגן. פֿאַרוואָס שלאָפֿן סײַ די וואָס זיצן און סײַ די וואָס שטייען פֿאַר זייערע קראָמען? מסתמא חלומען זיי וועגן אַ קונה, און ער איז דער איינציקער וואָס שלאָפֿט נישט. אוודאי, ער איז געקומען פֿון מאַרטאַן און ער גייט צוריק צו מאַרטאַן, וואָס האָט אים פֿאַרטרויט, אַז זי טראָגט פֿון אים. זי באַהאַלט פֿון אים זײַן קינד. איצט קען ער נישט גיין צו איר און איר זאָגן: „ס'איז מיינס!". אין דער שעה איז דער גלח אין דער היים. וועט ער אים ווידער אויסטאָן פֿון כאַלאַטל און ער וועט אים שלאָגן פֿאַר גנבֿענען זײַנע ציגאַרעטן פֿונעם העלצערן קעסטע־לע. ער האָט פֿאַררויכערט אַ ציגאַרעט און מיט דעם רויך געפּרווווט פֿאַר־טרײַבן די מחנה זשומענדיקע פֿערדפֿליגן. האָט זיי דער רויך נאָך מער צעווילדעוועט און זיי רייצן זיך מיט אים, שפּילן מיט אים „קאַמער־קאָמעב־טיר". ער וואָלט אַנטרינען פֿון זיי צום גלח אין הויז, וועט אים דער גלח מימתן און מאַרטאַ וועט וויינען. פֿאַרוואָס זאָל זי וויינען? ווען דער פֿעטער טאָם וואָלט איצט געווען נאָענט צו אים, וואָלט ער צו אים געגאַנגען און איבערגעוואַרט ביז דער גלח וועט ווידער נישט זײַן אין דער היים און ער וועט גיין צו מאַרטאַן.

סײַ דער באַגער צו זײַן נאָענט צו מאַרטאַן און סײַ דער הונגער נאָך ציגאַרעטן האָבן אים צוגעפּירט נאָענט צום הויז, אָבער דער פּחד האָט אים אָפּגעהאַלטן אַרײַנצומאַכן זיך אין הויז. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס וואָס מאַרטאַ האָט אים אָנגעזאָגט וועגן איר שוואַנגערשאַפֿט איז געווען מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק און קען זײַן אַז אין דער צײַט איז זי אַנטלאָפֿן פֿון דער שטאָט. איצט, טאָמער עפֿנט ער די טיר פֿון דעם גלחס הויז, וועט ער, דער גלח, אים אָנכאַפּן בײַם קאָלנער פֿונעם כאַלאַטל און אים אַרײַנשלעפּן צו זיך און אים שלאָגן הלמאי מאַרטאַ האָט געמוזט אַנטלויפֿן, ווײַל ער האָט זי טראַגעדיק געמאַכט. דאָך דערוויטערן זיך פֿון דעם הויז האָט ער נישט געקענט. טאָג נאָך טאָג האָט ער געוואַכט אַרום דעם הויז. אַפֿילו דעמאָלט ווען דער גלח האָט אין די מאָרגן־שהען פֿאַרלאָזט זײַן היים צו גיין אין דער קירך, האָט דער פּחד אָפּגעהאַלטן בן־ציונען אַרײַנצוגיין אין דעם הויז טאָמער וועט ער מער נישט געפֿינען מאַרטאַן מיט זײַן קינד.

די חמימה אין דרויסן האָט אָנגעהאַלטן. מחמת דער פּײַכטלעכער לופֿט זענען מענטשן און בעלי־חי אַרומגעגאַנגען ווי שיכּורע, און נאָך מער איז בן־ציון געווען ווי אַ שיכּורער — אָן אויסגעהונגערטער נאָך מאַרטאָן און אַ דורשטיקער נאָך ציגאַרעטן. ביז אין איינעם אַ פֿרימאָרגן האָט ער זיך אָנגעגורט מיט כּוח און ווי נאָר דער גלח איז אַרויס פֿון הויז, האָט ער זיך אַרײַנגעמאַכט און געעפֿנט די טיר. עס איז אים אָנטקעגנגעקומען אַן עלטערע פֿרוי.

„צו וועמען דאַרפֿט איר?" האָט זי געפֿרעגט און פֿאַרשטעלט דעם וועג פֿאַר דעם פֿרעמדן.

„צו מאַרטאָן", האָט בן־ציון קוים געענטפֿערט.

„נישטאָ קיין מאַרטאַ דאָ", האָט די פֿרוי געזאָגט מיט רוגזה און געמאַכט אַ באַוועגונג ווי פּטור צו ווערן פֿון דעם פֿרעמדן.

בן־ציון האָט דעם ענטפֿער נישט געהערט. עס האָט אים אַ ציי געטאָן צו דעם ביבליאָטעק־צימער פֿון וואַנען ער האָט פֿון דעם הילצערן שאַכטעלע גענומען ציגאַרעטן. האָט ער מיט כּוח אַוועקגעשטופּט די פֿרוי אָן אַ זייט, אַרײַן אין דעם צימער און אַרומגעכאַפּט פֿונעם שרײַבטיש דאָס שאַכטעלע מיט אַלע ציגאַרעטן. די פֿרוי האָט זיך צעשריגן, געפּרוּווט פֿאַרהאַלטן דעם פֿרעמדן, האָט בן־ציון אויסגעליידיקט דאָס קעסטעלע אין דער פֿאַלע פֿון זײַן כאַלאַט, געוואָרפֿן דאָס קעסטעלע פֿאַר די פֿיס פֿון דער צעשריגענער פֿרוי און ער איז אַנטלאָפֿן אין בהלה, ווי מען וואָלט אים נאָכגעיאָגט.

ער איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון דער שטאָט, דאָ, צווישן די פֿאַרחלשטע פֿעלדער, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין און צוזאַמענגענומען די ציגאַרעטן פֿון דער פֿאַלע. ער האָט געשמעקט צו זיי ווי ער וואָלט צוזאַמענגענומען בלומען. ער האָט געהאַט אַ באַדערפֿעניש מיט עמעצן זיך צו טיילן וועגן דעם פֿאַרמעג. האָט ער אַרויפֿגעקוקט צום צעגליטן הימל און אַ שטרעמל היץ איז אים דורכגעפֿלאָסן איבערן רוקן. „מאַרטאַ!" האָט ער אויסגערופֿן און זיך אָנגעשטרענגט צו זען אין הימל דאָס וואָס ער האָט געזען. און געזען האָט ער דאָרט ווי מאַרטאַ שוועבט גאָר־גאָר הויך און זי ווערט וואָס אַמאָל קלענער. און כאָטש ער האָט קוים־קוים געזען דאָס קינד, וואָס מאַרטאַ האָט געהאַלטן אין אירע אָרעמס, האָט ער דורך דעם מצבֿ פֿון איר רוקן מיט די אַרויסשטאַרצנדיקע עלנבויגנס געפֿילט אַז זי שוועבט אַוועק מיט זײַן קינד.

„מאַרטאַ, צום אוניווערס?" האָט ער אַרויפֿגעשריגן און באַלד איז זײַן קול געוואָרן הכנעהדיק: „מאַרטאַ, רויב נישט אַוועק מײַן קינד. איך וועל זוכן אַ וועג צום אוניווערז און איך וועל דיך דאָרט געפֿינען. הערסט, מאַרטאַ?"

מאַרטאַ איז מער נישט געווען. פֿון איר און זײַן קינד איז געוואָרן אַ פּינטעלע און אויך דאָס פּינטעלע איז געוואָרן וואָס אַמאָל קלענער און

קלענער. אַ ווײַס וואַלקנדל, ווי אַ שטיק וואַטע האָט פֿאַרדעקט דעם פּלאַץ פֿון דעם פּינטעלע און אויך פֿון דעם איז גאָרנישט געבליבן. כאַטש אַ חמימה, האָט אַ קעלטשווידער אים דורכגענומען. „איך וועל דיך געפֿינען, מאַרטאַ!" האָט ער אויסגעשטרעקט אַ פֿויסט צום הימל. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט, פֿאַררויכערט אַ ציגאַרעט און נאָכן טיפֿן אַרײַנציִען אין זיך דעם רויך האָט ער אויסגעטאָן דאָס כאַלאַטל און די שיך. אין איינעם פֿון די שיך האָט ער אַרײַנגעלייגט די זשמעניע ציגאַרעטן און די שיך צוזאַמענגעבונדן מיט די בענדלעך. ער האָט זיך אַרומגעקוקט דאָ פֿון דער זײַט שטראַז און דאָ פֿון דער צווייטער זײַט, ווי עס קוקט זיך אַרום אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער. פּלוצעם, ווי ער וואָלט געפֿונען די ריכטונג, האָט ער פֿון אונטער זײַן פֿאַרדעכלטן שטערן אַ קוק געטאָן צום הימל: „צום אוניווערז! צום אוניווערז!" האָט ער אויסגערופֿן, אַריבערגעוואָרפֿן די שיך איבערן אַקסל און אַוועק מיטן שטראָז שטאָט־אויס...

# דער בלינדער אהרון

די שטאָט האָט געהאַט אַ זכּרון נאָר פֿאַר וויכטיקע פֿאַרלויפֿענישן: זי האָט געדענקט ווען ס'איז אויסגעבראָכן די כאָלערע; זי האָט געדענקט ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע שׂריפֿה וואָס האָט נישט איבערגעלאָזט אין שטאָט קיין סימן פֿון אַ הויז; זי האָט געדענקט, ווי עס וואָלט זיך פֿאַרלאָפֿן נעכטן, אויך די צווייטע שׂריפֿה, וואָס האָט פֿאַרצערט אַפֿילו די פֿעסלעך וואָס זענען אַלע מאָל געשטאַנען ביי זושע פֿײַערלעשער אין שטאַל, גרייטע צו לעשן אַ שׂריפֿה. אלא וואָס דען? דער זומער פֿון יענעם יאָר איז געווען אַ חמימהדיקער, האָט דאָס וואַסער אין די פֿעסלעך אויסגעטריקנט. זענען די קלעפּקעס מיט די רייפֿן זיך צעפֿאַלן, ווי זיי וואָלטן קיין מאָל קיין פֿעסלעך נישט געווען. די מעשׂה מיט די פֿעסלעך וואָלט די שטאָט מסתמא געהאַט פֿאַרגעסן ווען נישט דער פּינקס ווו אַלץ איז געווען פֿאַרשריבן ביז צו דער לעצטער פּרוטה: וויפֿל די אַלטע פֿעסלעך האָבן געקאָסט און וויפֿל די שטאָט האָט באַצאָלט פֿאַר די נײַע פֿעסלעך.

איז אויב די שטאָט האָט געהאַט אַ זכּרון בלויז פֿאַר וויכטיקע פֿאַרלויפֿענישן און פֿאַר דעם וואָס איז געוואָרן פֿאַרשריבן אינעם פּינקס, איז קלאָר אַז זי, די שטאָט, האָט נישט געדענקט ווען דער בלינדער אהרון האָט פֿאַרלוירן דאָס ליכט פֿון זײַנע אויגן און אַפֿילו נישט ווען ער איז געקומען אויף דער וועלט, און צי ער איז געקומען אויף דער וועלט מיט אָפֿענע אויגן אָדער ער איז אַרײַנגעבוירן געוואָרן אין אַן אייביקער נאַכט.

דער בלינדער אהרון איז געקומען אויף דער וועלט מיט אָפֿענע אויגן, וואָס האָבן געוואָלט זען אַלץ און וויסן וועגן אַלץ וואָס זיי האָבן געזען: פֿאַרוואָס וואַרפֿן אַראָפּ פֿון זיך די ביימער און קוסטן זייער געבלעטער אין האַרבסט, ווען עס גייט צו אַ קאַלטן ווינטער, און זיי וועלן בלײַבן נאַקעטע; און פֿאַרוואָס, ווען עס קומט דער פֿרילינג און אין דרויסן ווערט וואַרעם, באַדעקן זיי זיך ווידער מיט פֿרישן געבלעטער און צוויט? ווי אַ קינד, נאָר וואָס געשטעלט זיך אויף די פֿיסלעך און געקוויקט זיך מיט דעם תּענוג פֿון גיין און לויפֿן, האָט אַרעלע געקענט לאַנג נאָכקוקן אַ מוראַשקע וואָס איז אויסגעדאַרט ווי זי וואָלט קיין ברויט נישט געהאַט, שלעפּט זי

אויף זיך אַ לאָדונג וואָס איז גרעסער און שווערער פֿון איר. און אַז דער טאַטע, יודל וואַסער־טרעגער, האָט אים צו דרײַ יאָר געבראַכט אין חדר אַרײַן, האָט אים דער מלמד געפֿרעגט: „אַרעלע זיסער, וואָס ווילסטו דער מלאך זאָל פֿאַר דיר אַראָפּוואַרפֿן דאָ אויפֿן סידור, אַ גראָשן צי אַ זיסיקייט?" האָט אַרעלע געענטפֿערט: „אַ זיסיקייט". און אַז ער האָט באַמערקט ווי דער מלמד וואַרפֿט אַראָפּ פֿון איבער זײַן קעפּעלע אַ צוקערל, האָט אַרעלע געשמייכלט צום רבין, ווי צווישן ביידע וואָלט אויפֿגעקומען אַ סוד...

אפֿשר, ווען מיר וואָלטן דערגאַנגען די אַלע סודות, וואָס זענען פֿאַר אונדז ער היום פֿאַרזיגלט, וואָלטן מיר אויך געוווּסט פֿאַרוואָס פֿון אַרעלען איז צוגענומען געוואָרן דאָס ליכט פֿון זײַנע אייגעלעך ווען ער איז אַלט געווען פֿינף אין זעקסטן יאָר. אפֿשר דערפֿאַר ווײַל ער האָט געזען ווי אַ פֿליג רײַבט די הינטערשטע פֿיסלעך איינס אָן אַנדערן און ער האָט זי געפֿרעגט: „פֿליג, נאַרישע פֿליג, פֿאַרוואָס ווישסטו דײַנע פֿיסלעך? צי ביסטו געגאַנגען אין אַ בלאָטע?" און אַז ער האָט געזען ווי אַ טויב צעפֿעכערט אירע פֿליגעלעך און שוועבט אַוועק אין דער לופֿט, ווי זי וואָלט גאַרנישט געוויגן, האָט אויך ער צעפֿענט זײַנע קינדערשע אַרעמס, זיי באַוויגן אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ מיט אַזאַ שטאַרקן באַגער זיך אויפֿצוהייבן אין דער לופֿט, און ער איז געבליבן שטיין אויף דער ערד מיט טרערן אין די אייגעלעך...

געשען איז עס אין איינעם אַ ווינטער: פֿינף טעג נאָך אַנאַנד האָט געשנייט און געוויוגעט און צוגעדעקט אַלץ וואָס אויף דער ערד. פֿון די הײַזער, גאַסן און באַקעטע ביימער זענען געוואָרן שנייבערג און שניי־טאָלן, ווי די שטאָט וואָלט געווען אַ ווײַס־בלענדיקע וויסטעניש. באַלד איז באַכגעקומען אַ ברענענדיקער פֿראָסט און די שנייבערג און שנייטאָלן זענען געוואָרן ווי פֿון גלאָז. אין דער מיט פֿון דעם ווײַס־פֿאַרגלאָזטן מאַרק — אַ ברונעם פֿון גלאָז. איבער דער אומהיימלעכער ווײַסקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ טיף גראָער הימל פֿון נישט־טאָג און נישט־נאַכט, ווי דער טאָג וואָלט פֿאַרפֿרוירן געוואָרן און ער קען זיך נישט רירן פֿון אָרט פֿאַר דער אָנקומענדיקער נאַכט. קינד און קייט האָבן זיך פֿאַרריגלט הינטער די פֿאַרגלאָזטע שנייבערג, און דורך די מיט וואַרעמען אָטעם באַהויכטע שײַבלעך געזוכט אַ סימן פֿאַר אַ נאָענטער אָדליגע.

אין איינעם פֿון אָט די טעג איז יודל וואַסער־טרעגער, באַלאָדן מיט צוויי הילצערנע צעבערס, פֿאַרהאַנגענע אויף זײַנע קרעמישלעס, אַוועק צום ברונעם. יודל אָט אַלע מאָל געהאַט די שטאָט אויף זײַן געוויסן טאָמער לאָזט ער זי חלילה אָן אַ קוואָרט וואַסער. איז ער צום ברונעם געגאַנגען מיט גליטשטריט ווי אויף משקולות. מחמת דעם אַרומיקן אײַז איז דער ברונעם געוואָרן ווי אַ ריזיק שוואַרץ אויג, וואָס האָט אומהיימלעך אַרויפֿגעקוקט צו יודלען. האָט ער אויף אַ שטריק אַראָפּגעלאָזט איין עמער און

מיט מי אים אַרויפֿגעצויגן אַ פֿולן, ווי עמעצער וואָלט אין דער טיף אים אָפּגעהאַלטן. ביים אַראָפּלאָזן דעם צווייטן עמער — האָט יודל אַרײַנגעקוקט אין ברונעם, געוואָלט זען וואָס איז דער מער מיטן וואַסער וואָס איז דאָס מאָל שווערער ווי אַלע מאָל. דער צווייטער פֿולער עמער איז געווען נאָך שווערער ווי דער ערשטער. האָט יודל צעשפּרייזט די פֿיס פֿאַר מער כּוח אינעם גוף, און אין דער רגע האָט ער זיך אַ גליטש געטאָן און דער עמער האָט אים גופֿא אַראָפּגעצויגן אין ברונעם.

די שטאָט האָט נישט געהערט יודלס רופֿן פֿון דער ברונעם־טיפֿקייט. ער וואָלט מסתּמא אויסגעגאַנגען אין דער שוואַרצער טיפֿקייט, ווען נישט אַ ווײַב, וואָס אויך זי איז געקומען אָנשעפּן אַן עמער וואַסער. אָבער ווי דאָס ווײַב האָט געהערט אויסטערלישע קולות פֿונעם ברונעם־אַרויס איז זי אַנטלאָפֿן, אין לויפֿן געפֿאַלן, זיך אויפֿגעהויבן און ווידער זיך אויס־געגליטשט, און ווידער געלאָפֿן און געשריגן: „ייִדן, אַ נישט גוטער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אינעם ברונעם! ייִדן, דער ימח־שמוניק וויל חלילה אומברענגען די שטאָט! ייִדן, ראַטעוועט!“. האָבן זיך פֿון אונטער די אײַז־בערג אַרויסבאַקומען ייִדן מיט געשרייען: „ווו ברענט אין אַזאַ וויסטער צײַט?!“

אַז זיי האָבן געהערט דעם ווײַבס געשריי, אַז אַ נישט־גוטער איז אינעם ברונעם, האָט איינער געעצהט אין דער אותו רגע רופֿן דעם רבֿ ער זאָל דעם בעל־דבֿר באַפֿוילן צו גיין אין זײַן רו. איידער וואָס־ווען זענען ייִדן אַליין צוגעפֿאַלן צום ברונעם און הערנדיק די הייזעריקע רופֿן האָבן זיי שוין מער קיין ספֿק נישט געהאַט, אַז אַ נישט־גוטער, וואָס האָט אַנגעבראַיעט דעם שניי מיטן פֿראָסט האָט זיך פֿאַרקאַרנייעט אינעם ברונעם, אַז די שטאָט זאָל אויך קיין לעק וואַסער נישט האָבן. פּלוצעם האָט איינער אויסגערופֿן: „ייִדן, ער רעדט ייִדיש רעדט ער!“ האָבן ייִדן צוגעלייגט אַן אויער און געפּסקנט אַז יודל דער וואַסער־טרעגער ליגט אין ברונעם. האָבן ייִדן געבראַכט שטריק און אַ לייטער און אַרויסגעצויגן יודלען מער אַ טויטן ווי אַ לעבעדיקן. אויפֿן וועג אַהיים זענען יודלס מלבושים פֿאַרווייסט געוואָרן פֿונעם פֿראָסט, ווי די לײַט וואָלטן געטראָגן אַ מת. האָט יודל אָפּגעפֿיבערט אַ פֿעליקע וואָך און אויסגעגאַנגען אין גליענדיקן פֿיבער.

אַז די שטאָט האָט געהאַט אַ זכּרון נאָר פֿאַר וויכטיקע פֿאַרלויפֿענישן, סײַדן עפּעס־וואָס איז געווען פֿאַרשריבן אינעם פּינקס, האָט זי, די שטאָט, נישט געדענקט ווען יודל דער וואַסער־טרעגער איז געוואָרן אַן אלמן און אַרעלע — אַ יתום. איצט, ווען אויך יודל איז מער נישט געווען, איז אַרעלע געוואָרן אַ קײַלעכדיקער יתום, אָן שוועסטער און ברידער — אַ בן־יחיד געווען בײַ טאַטע־מאַמע.

מ׳קען בשום אופֿן נישט זאָגן, אַז די שטאָט זאָל חלילה האָבן געווען

סדום און אַז זי זאָל האָבן איבערגעלאָזט דעם קלײנעכדיקן יתום אויף הפקר. נאָר די וועלט זאָגט אַז „טאַטע־מאַמעס בליק איז פֿאַרן קינד אַ גליק און אין פֿרעמדע הענט ווערט אַ קינד פֿאַרברענט". אויב די וועלט איז אַזוי אָוועקגעשטעלט געוואָרן, איז נישט געווען צו וועמען צו האָבן טענות ווען נישט לאַנג נאָך דעם איז אַרעלע געפֿאַלן צו בעט, אָפּגעפֿיבערט וואָכן לאַנג אַ קראַנקשאַפֿט וואָס נישט קיין פֿעלדשער און נישט קיין אָפּשפּרעכער האָבן געקענט זאָגן וואָס איז דער מער מיט איר. אפֿשר, ווען טאַטע־מאַמע זאָלן לעבן, וואָלטן זיי געמאָסטן קבֿרים, אײַנגעריסן דעם ארון קודש אין דער אַלטער שול און אָפּגעשפּראָכן עין־הרעס, וואָרעם קיין גלײַכן צו אַרעלען איז אין שטאָט נישט געווען.

שוין דעמאָלט, צו פֿינף אין זעקסטן יאָר, האָט אַרעלע געלערנט חומש מיט רש"י און געקענט לייענען די פּרשה פֿון דער וואָך ווי אַ וואַסער. און העכטעלעך האָט דאָס ייִנגל געהאַט נאָר אויסצוקושן: וואָס די אייגעלעך האָבן געזען וואָס עמעצער מאַכט, האָט ער עס געקענט נאָכמאַכן. איז ווי קומט עס צו אַ פּראָסטן וואַסער־טרעגער אַזאַ גליק? איז מסתּמא ריכטיק הלמאַי לײַט האָבן מורא אימת מוות פֿאַר מענטשלעכע אויגן. און קנאה־אויגן האָבן געברענט! און מאַמעס האָבן מיט פֿאַרשנירלטע מײַלעכלעך זיך געוווּנטשן דאָס זעלבע פֿאַר זייערע קינדער, נאָר מיט אַ בעסער מזל, אַפֿילו נישט צוגעגעבן „אָן אַרעלעס שאָדן". איז געשען וואָס עס איז געשען: אַרעלע האָט אין דער קראַנקשאַפֿט פֿאַרלוירן דאָס ליכט פֿון זײַנע אייגעלעך.

מ'קען נישט זאָגן אויף זיכער, אַז אַרעלע זאָל מער נישט האָבן געזען וואָס אַרום אים טוט זיך; ער זאָל מער נישט האָבן געזען ווי עס פֿאַרגייט די זון, אָפּט אין רויטע און אין גינגאָלדענע פֿלאַמען, ווען מען ברענט רשעים אין גיהנום. אָדער ווען די זון גייט אויף מיט בלאָלעך געזאַגג און פֿליגל־געטשוויטשער, אָדער ער זאָל מער נישט האָבן געזען ווי אין פֿרילינג צעגרינט זיך און צעבלומט זיך פֿעלד און וואַלד. זײַט ער האָט פֿאַרלוירן דאָס ליכט פֿון זײַנע אייגעלעך האָט ער, אמת, מער די אויגנ־לעדלעך נישט אויפֿגעהויבן. דערפֿאַר האָט ער געהאַלטן אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ העכער ווי פֿריער, זײַנע אויערן זענען געוואָרן אָנגעשפּיצט ווי זיי, די אויערן, וואָלטן געוואָרן זײַנע אויגן. און זײַן נאָז איז געוואָרן ווי די נאָז פֿון אַ קעניגל — נישט אויפֿגעהערט עס צו באַוועגן און צו שמעקן. שמעקן ווי אַלץ אַרום וואָלט גערעדט צו אים מיט ריחות. טאָמער האָט ער זיך געשפּילט מיט קינדער, האָט ער קיין מאָל זיך נישט אָנגעשלאָגן אָן אַ וואַנט בײַם לויפֿן, אָדער געשטרויכלט געוואָרן פֿון אַ שטערונג, ווי וואַנט און שטערונג וואָלטן געהאַט פֿאַר אים אַ בשותּפֿותדיק לשון.

די קינדער האָבן אים געגעבן אַ צונאָמען „טרעלער", וואָרעם ער האָט געקענט אויסטרעלן מעשׂיות נישט געשטויגן נישט געפֿלויגן. צווישן אַלע מעשׂיות האָט ער אויך אויסגעטרעלט, אַז ער אַליין איז געווען דערבײַ ווי

די ייִדן זענען אַרויס פֿון מצרים. ער איז געלאָפֿן צוזאַמען מיט אַלע, אַזש דער אָטעם האָט זיך אים פֿאַרהאַקט. פֿונעם לויפֿן האָט זיך אויפֿגעהויבן אַזאַ געדיכטער שטויב, אַז די ייִדן און אויך ער, אַרעלע, האָבן נישט געזען אַז זיי דערנענטערן זיך צו אַ ים. נאָר אַז זיי זענען צוגעקומען נאָענט צום ים האָט זיך דער טומאַן שטויב אַראָפּגעזעצט און זיי, די ייִדן, און אויך ער, אַרעלע, זענען געוואָרן שטאַרק באַטריבט, וואָרעם די כוואַליעס אויפֿן ים האָבן געברויזט און געווירבלט און פֿון הינטן האָט מען געהערט דעם גאַלאָפּ פֿון מיליע מיליאָסן פֿערד. דאָס האָט מצרים־וואָיסק נאָכגעיאָגט די ייִדן. ערשט דער ים האָט זיך ראַפּטעם איינגעשטילט און איידער מ׳האָט זיך אַרומגעקוקט האָט זיך דאָס געוויסער געשפּאָלטן אין דער מיט. דער טייל פֿון דער רעכטער זײַט ים איז אַוועק אויף רעכטס און דער טייל פֿון דער לינקער זײַט איז אַוועק אויף לינקס און אין דער מיט איז געוואָרן אַזוי טרוקן ווי דאָ וואָלט קיין מאָל קיין ים נישט געווען. האָבן די ייִדן און אויך ער, אַרעלע, אָנגעהויבן לויפֿן פֿײַל אויסן בויגן. פֿון הינטן האָט מען שוין געהערט דאָס הודזשען פֿון די אָנלויפֿנדיקע מיצרישע פֿערד, און ווי די ייִדן און אויך ער, אַרעלע, זענען שוין געווען אויף דער צווייטער זײַט ים, האָט דאָס געוויסער פֿון ביידע זײַטן, פֿון רעכטס און פֿון לינקס, זיך אַ לאָז געטאָן, געברויזט און געשוימט און פֿאַרגאָסן די מיצרים מיט זייערע פֿערד. זיי אַלע דערטרונקען. באַלד האָט ער דער ים אַרויסגעשפּוגן אויף דער ייִדישער זײַט די פֿײַל־און־בויגנס, די פּיקעס און די שווערדן פֿון די דערטרונקענע מיצרים און אַזוי האָבן די ייִדן געהאַט געווער קעגן די לייבן, לעמפּערטן, וויזלטיערס און פּיפּערנאָטערס, וואָס ברויען אַרום אין דער מדבר. ער, אַרעלע, האָט געכאַפּט אַ שווערד און ער האָט מיט דער שווערד אָפּגעהאַקט די קעפּ פֿון צוויי וויזלטיערס און דרײַ, צי אַפֿילו מער פּיפּערנאָטערס. אַז די לייבן און לעמפּערטן האָבן דאָס געזען, האָבן זיי פֿאַר אים, פֿאַר אַרעלען, מורא באַקומען. ווי הינט לאָזן אַראָפּ די וויידלען ווען זיי דערזעען דעם וואָס האָט זיי געשלאָגן, אַזוי האָבן די לייבן און לעמפּערטן אַראָפּגעלאָזט די וויידלען ווען זיי האָבן דערזען אים, אַרעלען.

מיט צעפּלאָמטע פּנימלעך האָבן קינדער אויסגעהערט זײַנע מעשׂיות און נישט געוואָלט גלייבן, אַז ער טרעלערט זיי אויס פֿון זײַן אייגענעם קאָפּ. מסתּמא דערציילט ער נאָר וואָס ער האָט געלייענט. האָט אַרעלע זיך פֿאַרטיידיקט: „ווי קען איך לייענען אויב איך בין בלינד?"



טאָמער וואָלט דער בלינדער אהרון נישט געהאַט תּמיד אַראָפּגעלאָזט די אויגנלעדלעך, וואָלט קיין ילוד־אישה נישט געגלויבט, אַז ער איז אַ בלינדער. זײַן גאַנג איז געווען פֿון אַ זעעוודיקן און אַזוי אויך זײַן רעדן:

„צערייַס מיר נישט דעם ספּאַדיק וועל איך אים נישט דאַרפֿן פֿאַרצערעוועון״; „איך זע אַז דו גלויבסט מיר נישט״; „כ׳מוז לויפֿן אָנטראָגן אַ פּאָר עמערס וואַסער״. וואָס צו ירשענען פֿון זייַן טאַטע האָט אהרון נישט געהאַט. אַפֿילו דעם טאַטנס קרעמישלעס מיט די צוויי הילצערנע צעבערס זענען ערגעץ־ווו אַוועקגעקומען. און אַז די שטאָט האָט געזוכט פֿאַר אים אַ תּכלית, ער זאָל אַליין פֿאַרדינען אויף זייַן ברויט, האָט זי אים געקויפֿט נייַע קרעמישלעס און אַ פּאָר עמערס. דער בלינדער אהרון איז געווען גערעכט, אַז טאָמער וואָלט ער געהאַט אַ האַק, וואָלט ער פֿאַר בעלי־בתּים אָנגעהאַקט האָלץ אויפֿן ווינטער. פֿאַרוואָס־זשע זאָל ער נישט קענען זייַן קיין וואַסער־טרעגער? פֿאַר דער מתּנה — די קרעמישלעס און די עמערס — האָט דער בלינדער אהרון צוגעזאָגט אָפּצוהיטן די פֿעסלעך וואַסער אויף צו לעשן אַ שׂריפֿה, באַהיט זאָל מען ווערן. די פֿעסלעך זאָלן תּמיד זייַן פֿול מיט וואַסער און צוגעדעקט מיט זעק, אַז בייַם פֿירן זיי צו דער שׂריפֿה זאָל דאָס וואַסער זיך נישט אויסגיסן. דער בלינדער אהרון האָט נישט געקענט וויסן פֿאַרוואָס דער שטאָט גייט אַזוי שטאַרק אין לעבן די פֿעסלעך אין שטאָל פֿון זושע בעל־עגלה זאָלן תּמיד זייַן פֿולע. קיינער האָט אים נישט דערציילט, נישט וועגן דער ערשטער שׂריפֿה און קיינער האָט אים נישט דערציילט וועגן דער צווייטער שׂריפֿה, וואָס האָט פֿאַרצערט אויך די פֿעסלעך אויף צו לעשן אַ שׂריפֿה. נאָר אַז די שטאָט זאָגט: „אַזוי און אַזוי דאַרף זיין דער שטייגער״, פֿרעגט מען נישט קיין שאלות. האָט אַזוי אויך געטאָן דער בלינדער אהרון: ער האָט אָפּגעהיט די פֿעסלעך מיט אַזאַ אייפֿער ווי דאָס וואַסער אין זיי וואָלט געווען נישט אויף צו לעשן אַ שׂריפֿה, נאָר אויף צו באַקן מצות ערב פּסח.

דאַרף מען זאָגן דעם אמת: די שטאָט איז חלילה נישט געווען סדום. אַ ייִדישע שטאָט איז זי געווען. ווי זי האָט געזאָרגט דער בלינדער אהרון זאָל באַקומען קרעמישלעס און עמערס, אַזוי האָט זי אויך געזאָרגט, אַז ווען ער וועט ווערן ראוי לחופּה זאָל זי געפֿינען פֿאַר אים אַ זיווג, ער זאָל נישט בלייַבן עלנט ווי אַ שטיין אין פֿעלד.



ביַי וועלוול דעם גריוולטן שוסטער האָט זיך געהאַדעוועט אַ קייַלעכדיקע יתומה. קיילע האָט זי געהייסן. אויסער וואָס קיילע איז געווען אַ קייַלעכדיקע יתומה איז זי אויך געווען אַ קאַליקע. זי האָט ביידע פֿיס געהאַט אויסגעדרייטע אויף אַרייַן, אַזוי אַז בייַם גיין האָט זי געמוזט מיט איין פֿוס אַריבערטרעטן איבער דעם צווייטן פֿוס. אויך איר געשטאַלט איז געווען נישט מיט אַלעמען: איר נאָז איז געווען אַזאַ ווי עמעצער וואָלט איר געוואָרפֿן אין פּנים אַרייַן אַ געבראָטענעם קאַרטאָפֿל און אַזוי איז דער

קאַרטאָפֿל געבליבן אויף איר פּנים. אויסער דעם זענען אירע אויגן נישט געווען קיין גלייַכע; איין אויג איז געווען ווי פֿון אַ קעלבל.

ווי אַזוי קיילע איז געוואָרן אַ קייַלעכדיקע יתומה האָט קיינער אין שטאָט נישט געדענקט. און די מעשׂה איז געווען אַזוי: אַמאָל איז די שטאָט באַפֿאַלן געוואָרן פֿון דער כאָלערע, ווי אַ רוצח באַפֿאַלט, און אויסגע־שאָטקעוועט יונג און אַלט. אָפּגעטאָן אירס איז די כאָלערע אַוועק ווי קיין מאָל נישט געווען. ערשט מיט כּמה וכּמה יאָרן שפּעטער האָט זיך די כאָלערע ווי דערמאָנט, אַז זי האָט נאָך אייַנצומאָנען אַ חוב אין שטאָט. איז זי אָנ־געלאָפֿן פּלוצעם און באַפֿאַלן דעם און יענעם און אויך קיילעס טאַטע־מאַמע, אביונים בני אביונים, און קיילע איז געבליבן אַ קייַלעכדיקע יתומה. האָט די שטאָט געזוכט ווו און אין בייַ וועמען די יתומה צו באַשטאַטן און ס'האָט זיך אָפּגערופֿן וועלוול דער געריוולטער שוסטער. וועלוול האָט געהאַט זייַן אייגנס צען קינדער און אַ פֿידעלע, וואָס ווען עס האָט אים אָנגעכאַפּט, פֿלעגט ער אויף דעם פֿידעלע אויסשפּילן באַהאַרצטע ניגונים, וואָס וואָלטן אַפֿילו אַ שטיין גערירט. האָט וועלוול געזאָגט, אַז בייַ צען מייַלעכלעך זעט זיך אַן עלפֿט נישט אָן, און קיילע איז ביי אים געווען ווי אַן אייגן קינד. אַז זייַנע קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, און אויך קיילע איז אויסגעוואַקסן, איז וועלוול אַוועק צו דער שטאָט און געזאָגט: „אַזוי און אַזוי, כ'דאַרף טראַכטן וועגן אַ תּכלית און טאָמער וואָלט קיילע נישט געווען קיין קאַליקע וואָלט איך אָנגעשלאָגן אַ שדכן ער זאָל אָנשלאָגן אַ שידוך. איז זי בעוונותינו הרבים אַ געשלאָגענע, נעבעך, און אַז אַ שדכן זעט זי, קוקט ער קרום אויך אויף מייַנע אייגענע קינדער, ווי זיי וואָלטן געווען קאַליקעס".

האָט די שטאָט געזאָגט: „וועלוול, די וועלט גייט חלילה נישט אונטער. אַז דער אייבערשטער זאָרגט אַפֿילו פֿאַר אַ ווערעמל אויף דער ערד און פֿאַר אַ שוועלבעלע אונטערן דאַך, וועט ער נישט זאָרגן פֿאַר אַ יתומה אַ קאַליקע? אָט איז אהרון דער וואַסער־טרעגער, אַ בחור צו גאָט און צו לייַט, נאָר נעבעך אַ געשלאָגענער מיט בלינדקייט. אַ קאָפּ האָט ער, ווי ער וואָלט שטודירט מי יודע ווו. איז גאָר מעגלעך... ווער קען וויסן גאָטס דרכים און ווי ער פֿירט אָן מיט זייַן וועלט?... דער הימל אַליין האָט געזאָרגט דערפֿאַר אַז די יתומה קיילע זאָל זייַן דער זיווג פֿון דעם בלינדן אהרון — אַ זיווג מן השמים. נישט אַזוי?"

האָט וועלוול געזאָגט: „מסתּמא אַזוי".

האָט די שטאָט צוזאַמענגעפֿירט דעם בלינדן אהרון און קיילען אויף אַ „קוק", ווי עס איז דער שטייגער בייַ ייִדן. און דער „קוק" איז צו שטאַנד געקומען טאַקע אין הויז פֿון וועלוול דעם געריוולטן שוסטער. צום „קוק" איז מיטגעקומען אַ מזומן שיינע ייִדן, וואָרעם פֿון אַלע תּרי"ג מצוות איז נישטאָ נאָך איינע, וואָס זאָל זייַן אַזוי אָנגעלייגט ווי עס איז די מצווה פֿון מזווג זייַן יתומים און דערצו קאַליקעס. האָבן די שיינע

יידן זיך געקוואָפּעט און בײַם טיש גערעדט דבֿרי תורה און די װעלװלטשיכע האָט דערלאַנגט כּיבוד, אײַנגעמאַכטס פֿון קאַרשן. כּלומרשט װי גאַרנישט, װי אומגעריכט, האָט אײנער פֿון די שײנע יידן זיך אַרױסגעכאַפּט: „נו, אהרון, װי געפֿעלט דיר די כּלה?" אױף אַ רגע איז בײַם טיש געװאָרן שטיל, װי בײַ אַלע אַרום װאָלט חלילה אָפּגענומען געװאָרן דאָס לשון. אין אָט דער טױט־שטילקײט האָט זיך דערהערט אהרונס קול: „אַלע כּלות זענען שײנע און אױך מײַנע". אהרונס װערטער האָבן װי מיט אַ שליסל אױפֿגעפּראַלט די מײַלער, און אַלע צוזאַמען האָבן מיט אײן קול אױס־געשריען: „מזל־טובֿ, מזל־טובֿ, מיט מזל זאָלן מיר לעבן!"



אין יענער צײַט איז בײַ יידן געװען דער שטײגער, אַז די חופּה פֿון צװײ קאַליקעס, און דערצו נאָך קײַלעכדיקע יתומים, איז געשטעלט געװאָרן אױפֿן בית־עלמין. װעט די שטאָט חלילה נישט גײן ברעכן אַ מנהג, װאָרעם עס שטײט געשריבן, אַז אַ מנהג ברעכט אַפֿילו אַ דין, האָט די גאַנצע שטאָט זיך געגרײט צו דער חופּה פֿון דעם בלינדן אהרון און קײלע די קאַליקע, מער װי צו דער חופּה פֿון צװײ גבֿירישע קינדער. װײַבער און קינדער האָבן באַגלײט חתן־כּלה צום נײַעם בית־עולם װוּ אהרון און קײלע האָבן פֿאַרבעטן זײערע טאַטע־מאַמעס צו דער חופּה. װײַבער זענען פֿאַרױס־געלאָפֿן באַצײַטנס צו זוכן די קבֿרים. קײלע, װאָס האָט נישט געדענקט איר טאַטע־מאַמע האָט זיך געשעמט זײ צו פֿאַרבעטן, זי האָט נישט געװוּסט װאָס צו זאָגן זײ. זי האָט אַפֿילו קײן טרער נישט געלאָזט. האָבן װײַבער פֿאַר איר געװאָרעט געזאָגט: „מאַמעשי קרױן, איך טו דיר אָנזאָגן אַז הײַנט פֿירט מען מיך צו דער חופּה און איך בעט דיר דו זאָלסט קומען אין אַ מזלדיקער שעה". און אַזױ האָבן די װײַבער אונטערגעזאָגט בײַם טאַטנס קבֿר: „טאַטעשי קרױן". דער בלינדער אהרון האָט בײַ זײַן טאַטנס קבֿר געװײנט מיטן אַרבל די טרערן, װאָס זענען אים אַפּערגעפּלאָסן פֿון אונטער די פֿאַרמאַכטע אױגנלעדלעך. „טאַטע, טאַטע". האָט ער קױם אײַנגעהאַלטן זיך פֿון כליפּען, „איך האָב הײַנט חתונה מיט מײַן באַשערטער, װעסט אװדאי קומען צו מײַן חופּה, זאָג דער מאַמען אױך זי זאָל קומען צוזאַמען מיט דיר. איך האָב געזוכט איר קבֿר און איך נישט געפֿונען, מסתּמא איז אױף איר קײן שטײן נישט געװען. װעסט נישט פֿאַרגעסן, טאַטע?".

די זון האָט שױן געהאַלטן בײַם זעצן זיך. אױפֿן ראַנד פֿון הימל האָבן זיך אױסגעשפּרײט פֿלאַמיק־רױטע און גינגאָלדענע שטרײַפֿן זון, װאָס מיט זײ האָט זיך פֿאַרזיגלט דער טאָג, װען אין דער אַנטקעגנאיבערדיקער זײַט פֿון הימל זענען גראָע געװענדער פֿאַרױסגעלאָפֿן דעם אָנקומענדיקן אָװנט. פֿײַטל דער שמש האָט באַצײַטנס געבראַכט אױפֿן אַלטן בית־עלמין

די רויט־פּלושענע חופּה. ער האָט אויך נישט פֿאַרגעסן מיטצוברענגען דעם גרויסן לאָמטערן, וואָס ווינטערצײַט באַלײַכט ער אים דעם וועג צו גיין וועקן ייִדן צו עבודת הבורא.

פֿאַרוואָס פֿײַטל דער שמש האָט בײַ יעדער זײַן באַוועגונג געקרעכצט, האָט בלויז גאָט אַלײַן געוווּסט. מסתּמא האָט ער געקרעכצט אויף חורבן בית המיקדש און מסתּמא אויך דערויף וואָס מחמת זיקנה בייגט זיך אײַן נישט בלויז זײַן רוקן, נאָר אויך די אַלטע מצבֿות בייגן זיך אויס און עס ציט זיי צו דער ערד. און ווי פֿײַטל דער שמש איז געווען פֿאַרטאָן מיט אָנצינדן זײַן לאָמטערן אַנטקעגן דעם אָנקומענדיקן אָוונט, זענען צום בית־עלמין אָנגעקומען די לײַט פֿון דער חבֿרה תּהילים און יעדער איינער מיט אַ וועקסענעם ליכטל אין דער האַנט. די פֿלאַמיק־רויטע און גינגאָלדענע פֿאַסמעס זון אויפֿן ראַנד פֿון הימל האָבן זיך אָפּגעביטן אין בלוט־רויטן פֿײַער, וואָס שטיקער פֿון דעם פֿײַער זענען געבליבן הענגען צווישן דעם געבלעטער פֿון ביימער, ווי רויט־פֿלאַמיקע שטערנס. און ווי די גרויע הימל־געוועבדער האָבן פֿאַרלאָשן יעדן צייכן פֿון זונליכט, זענען דער בלינדער אהרון און קיילע די קאַליקע געפֿירט געוואָרן צו דער חופּה. די פֿירזאָגערין פֿון דער שול און די וועלוולטשיכע האָבן געפֿירט קיילען, און דער גבאי פֿון דער שול האָט אונטערגעפֿירט דעם בלינדן אהרון. וועלוול, דער געריוולטער שוסטער, האָט די מיצווה פֿון משמח זײַן חתן־כּלה געוואָלט האָבן פֿאַר זיך. איז ער זיי נאָכגעגאַנגען און אויף זײַן פֿידעלע אויסגעשפּילט באַהאַרצטע ניגונים אַז אַפֿילו ווען ער האָט געוואָלט זיי זאָלן זײַן פֿריילעכע, זענען אויך זיי אַרויסגעקומען האַרץ־נאַגנדיקע, וואָס האָבן די נאָכגייענדיקע ווײַבער געמאַכט וויינען און זיך ווינטשן: „מערטשעם בײַ אונדזערע קינדער נאָר מיט מער מזל".

מיט דעם פֿלעמל פֿון זײַן לאָמטערן האָט פֿײַטל דער שמש אָנגעצונדן די וועקסענע ליכטלעך אין די הענט פֿון קינדער און דערוואַקסענע מיידלעך, און אַז די אונטערפֿירער האָבן אונטערגעבראַכט אהרונען און קיילען אונטער דער חופּה, איז געשען ווי פֿון אַלע אָנגעצונדענע ליכטלעך און פֿון דעם פֿלעמל פֿון פֿײַטלס לאָמטערן איז געוואָרן אַ זוניקע ליכט, וואָס האָט באַלויכטן די פּנימער פֿון חתן־כּלה, און אין דער רגע איז מקוים געוואָרן וואָס דער בלינדער אהרון האָט אַנומלט, בעתן „קוק", געזאָגט: „אַלע כּלות זענען שיין און אויך מײַנע". אונטער דער חופּה, אין דעם אויפֿגע־קומענעם זוניקן ליכט, איז קיילעס פּנים אויסגעלײַטערט געוואָרן. דער ווייכער קאַרטאָפֿל אויף איר נאָז איז נעלם געוואָרן, און איר פּנים, יונג אין יאָרן, איז באַלויכטן געוואָרן פֿון אַן אינערלעך ליכט מיט אַזאַ ראָזלעכן שײַן, אַז אויך דאָס קעלבערנע אויג איז געוואָרן אַ מענטשלעך אויג. אַלץ איז דעמאָלט געווען אויסטערליש: וועלוולס אונטערשפּילן אויף זײַן פֿידעלע האָט אויפֿן בית־עלמין אָפּגעהילכט ווי אַ גאַנצע קאַפּעליע קלעזמאָרים וואָלט

אונטערגעשפּילט. דאָס כליפּען פֿון די ווײַבער איז געוואָרן שאַרף ווי דער געטשוויטש פֿון די נאַכטפֿייגל וואָס זענען צעטומלטע פֿאַרבײַגעפֿלויגן צו זייערע נאַכט־מעשים. און דאָס קול פֿון דעם רבֿ, וואָס איז אַלע מאָל געווען הייזעריק, אַז אַפֿילו אין די וואַרעמע טעג האָט ער דעם האַלדז אַרומגעוויקלט מיט אַ וואָלענעם שאַל צו היטן די כּלי, איז דאָס מאָל געווען שאַרף, אַן דעם מינדסטן סימן פֿון צעבראָכנקייט.



די וועלט זאָגט, אַז טײַבעלעך האָבן זיך ליב, אַז טײַבעלעך זענען מילדער פֿון ציגעלעך. מאַלע וואָס די וועלט זאָגט! ווען די וועלט וואָלט געזען די רשעות פֿון מענטשן, וואָלט זי אויך געזען, אַז טײַבעלעך קענען זיין מלא רשעות. און דעמאָלט וואָלט אפשר זי אַליין, די וועלט, געוואָרן ווייניקער רשעותדיק. און ווען די וועלט וואָלט געוווסט ווי עס לעבן צווישן זיך דער בלינדער אהרון און קיילע די קאַליקע, וואָלט זי זיך צוזאַמענגעלאָפֿן צו זייער פֿענצטער פֿון גרויס חידוש ווי אַזוי אין דער אָרעמער קאַמער פֿאַרגייט קיין מאָל נישט די זון. ווען נישט יעדן טאָג אַ קוק צו טאָן צו די פֿולע פֿעסלעך בײַ זושע בעל־עגלה אין שטאַל, וואָלט אהרון צוויי טעג אין דער וואָך פֿאַרמיטן צו טראָגן וואַסער פֿון ברונעם, כּדי צו בלײַבן מיט קיילען אין שטוב...

האָט דער בלינדער אהרון געטראַכט אַזוי: דאָס טראָגן וואַסער איז אים נישט מער ווי אַ האַלבע פּרנסה, שוין זײַט אַ יאָר, אָדער אַפֿילו מער, איז זײַן אומנות אַרויסציִען פֿון ברונעם אַרײַנגעפֿאַלענע עמערס. מיט אַ לאַנגער הילצערנער קילקע בײַם סוף פֿון איר אַן אײַזערנע „קאַץ" מיט דריי האָקנס, האָט ער אויסגעטאַפּט דעם עמער אויפֿן דנאָ פֿונעם ברונעם, געזוכט און געפֿונען דעם עמערס הענטל און אים אַרויפֿגעצויגן אַ פֿולן מיט וואַסער. ער האָט זיך אַפֿילו איין מאָל געוועט, אַז ער וועט פֿון אַ ברונעם אַרויסציִען אַ ליימען טעפּל, אויב דאָס טעפּל האָט אַן אויער. ער האָט דעם געוועט געוווּנען. מיט די שפּיץ פֿינגער האָט ער דורך דער הילצערנער קילקע „געזען" יעדע זאַך וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלן אין דער טיפֿקייט פֿון אַ ברונעם. פֿאַר אַרויסציִען אַן אַראָפּגעפֿאַלענעם עמער האָט ער גענומען אַזויפֿיל וויפֿל פֿאַר דרײַ מאָל וואַסער... איז דאָס טראָגן וואַסער געוואָרן בלויז אַ העלפֿט פֿון זײַן פּרנסה. האָט ער געזוכט און ער האָט געפֿונען אַ צווייטע העלפֿט פּרנסה, כּדי ער זאָל קענען וואָס לענגער בלײַבן מיט קיילען אין שטוב.



פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט אין שטאָט אַריין קומען אַ מגיד, און ווי עס איז דער שטייגער, איז אין די פֿוסטריט פֿונעם מגיד נאָכגעקומען אַ

פּאַקנטרעגער. בײַם אַרײַנגאַנג אין בית־מדרש האָט דער פּאַקנטרעגער אויס־געלייגט זײַן סחורה: סידורים, בענטשערלעך, תחינות, מזוזות און אויך מעשׂה־ביכלעך. איז דער בלינדער אהרון, וואָס האָט, ווי מיר ווייסן שוין, גערן געהאַט אויסצוטערעלן מעשׂיות, איין מאָל אַוועק אין בית־מדרש אויס־הערן די מעשׂיות פֿון דעם מגיד, וואָס איז יענעם טאָג אָנגעקומען אין שטאָט אַרײַן. האָט ער געהערט ווי בײַם אַרײַנגאַנג אין בית־מדרש רופֿט אַ ייִד צו קויפֿן בײַ אים מעשׂיות וועגן בעלי־נס, מעשׂיות וועגן צדיקים און כּשרע מזוזות. האָט זיך דער בלינדער אהרון דערנענטערט צום ייִד און געפֿרעגט וואָס נאָך פֿאַר אַ מעשׂיות ער האָט צו פֿאַרקויפֿן. האָט דער פּאַקנטרעגער געפֿרעגט: „צי האָט איר ווער עס זאָל פֿאַר אײַך פֿאַרלייענען די מעשׂיות?" האָט אהרון אַ שמייכל געטאָן מיט דעם קינדישן שמייכל פֿון בלינדע און געזאָגט: „וואָס הייסט צי איך האָב ווער עס זאָל פֿאַר מיר פֿאַרלייענען? אַוודאי האָב איך, מײַן קיילע לייענט ווי אַ וואַסער. האָט איר שיינע מעשׂיות?" האָט דער פּאַקנטרעגער אַרויסגעצויגן פֿאַרביקע ביכלעך און געזאָגט: „אָט דאָ האָב איך אַ מעשׂה פֿון אַ פֿאַרכּישופֿטער בת־מלכּה. און דאָ ווידער אַ מעשׂה מיט אַ מלך, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַן אביון אַ מדינה־גייער. און דאָ האָב איך אַ נאָך שענערע מעשׂה ווי אַזוי אַ ייִדישע טאָכטער איז געפֿאַנגען געוואָרן פֿון טאָטערן, האָט די ייִדישע טאָכטער אָפּגעטאָן אַ כּישוף דעם פּרינץ פֿון די טאָטערן, ער זאָל זיך מגייר־זײַן און ער איז געוואָרן אַ גר צדק". „וויפֿל קאָסט אַזאַ מעשׂה?" האָט אהרון געוואָלט וויסן. האָט דער פּאַקנטרעגער געזאָגט: „פֿאַר פֿינף גראָשן וועל איך אײַך געבן אַ מעשׂה אויף אויסצולייענען. אַז איר וועט זי מיר צוריק־ברענגען וועל איך אייך אָפּגעבן דרײַ גראָשן". האָט אהרון געגעבן דעם פּאַקנטרעגער פֿינף גראָשן און אַהיימגענומען די מעשׂה מיט דער ייִדישער טאָכטער און דעם גר צדק דעם פּרינץ פֿון די טאָטערן.

כּאַטש קיילע האָט בײַ וועלוועלען דעם געריוולטן שוסטער זיך אויס־געלערנט לייענען, און אַפֿילו אויך שרײַבן, איז איר פֿון דעסטוועגן אָנגעקומען שווערלעך צו לייענען די מעשׂה. אַז זי האָט זיך אָבער אַרײַנגעלייענט און אַרײַנגעלייענט, האָט זי זיך באַגאָסן מיט טרערן פֿון וועגן דעם ווי די ייִדישע טאָכטער האָט געבעטן זיך אָנגעליטן בײַ די טאָטערן און ווי אַזוי זי האָט שפּעטער נושׂא חן געווען בײַ זייער פּרינץ, ווי אסתר המלכּה האָט נושׂא חן געווען אין די אויגן פֿון דעם מלך פֿון דער מגילה. האָט דער בלינדער אהרון געזאָגט: „קיילעשי, איך וועל מערטשעם אויפֿהערן טראָגן וואַסער". האָט ער קיילען גאָרנישט דערציילט, בײַם פּאַקנטרעגער אָפּ־געקויפֿט זעקס מעשׂה־ביכלעך און פֿאַר ייִנגלעך נעבן זײַן אַמאָליקן חדר דערציילט אַז ביי אים אין שטוב קען יעדער איינער פֿאַר אַ גראָשן אויס־הערן אַ שיינע מעשׂה. און אַז דער בלינדער אהרון זאָגט „אַ שיינע מעשׂה" קען מען אים גלויבן, ווי מען גלויבט אים אַז ער קען אַרויסציִען פֿון ברונעם

אַ טעפּל... זענען עלטערע ייִנגלעך געקומען צו אים. פֿון אָנהייב זעלטן אין דער וואָכן און שפּעטער יעדן שבת נאָכן שלאָפֿן, אויסהערן אַ שיינע מעשׂה. מיט יעדן שבת האָט קיילע געלייענט די ביכלעך וואָס אַמאָל בעסער און בעסער און וואָס אַמאָל מער ייִנגלעך זענען געקומען הערן אָדער אַפֿילו אַליין לייענען די שיינע מעשׂיות. האָט קיילע געזאָגט: „ווייסט, אַרעלע, איך וועל אָפּזאָגן אַ טאָפּ אַרבעס און פֿאַר אַ מייסטעלע אַרבעס וועלן מיר ביי די ייִנגלעך נעמען אַ גראָשן. אַ גראָשן פֿאַר לייענען און אַ גראָשן פֿאַר אַ מייסטעלע אַרבעס זענען צוויי גראָשן, ווי פֿאַר ברענגען צוויי עמערס וואַסער. נישט אַרעלע?" איז דעם בלינדן אהרון געפֿעלן די זאַך. און אַז ער האָט ביי אַ פּאַקנטרעגער איינגעהאַנדלט נאָך און נאָך מעשׂה־ביכלעך האָט ער צום געזאָטענעם אַרבעס אויף שבת געבראַכט אַהיים אַ קופּערנעם באַלאָן סאָדע־וואַסער און פֿאַר דריי גראָשן האָט מען געקענט סיי לייענען אַ מעשׂה־ביכל, סיי עסן געזאָטענעם אַרבעס און פֿאַרטרינקען מיט סאָדע־וואַסער.

דער בלינדער אהרון האָט אויפֿגעהערט צו זיין אַ וואַסער־טרעגער. בלויז צוויי מאָל אין דער וואָך האָט אים קיילע געפֿירט צו זושען אין שטאָל אַריין, צו זען צי דאָס וואַסער אין די פֿעסלעך צו לעשן אַ שׂריפֿה האָט נישט אויסגערונען...

# דער פּלאַמען־שלינגער

לייב האָט אָנגעהויבן פֿאַרלירן זײַן זכּרון אין דעם עלטער ווען ער האָט שוין געהאַט באַוויזן אײַנצוקעלטערן אין זיך אַזוי פֿיל וויסן כּדי צו וויסן, אַז ער ווייסט נישט. אינעם גאַנג פֿון פֿאַרלירן דעם זכּרון איז ער אָפֿט נישט געווען זיכער מיט זײַן אייגענעם נאָמען. פֿאַר זײַן פֿאָרנאָמען האָט ער געהאַט אַ צייכן פֿון זײַן קינדהייט. פֿון קינדווײַז אָן האָט ער געוואָלט זײַן דאָס וואָס עס באַצייכנט זײַן נאָמען — אַ לייב: זײַן שטאַרק ווי אַ לייב, ברילן ווי אַ לייב און הערשן ווי אַ לייב. איז פֿון אָנהייב פֿון זײַן ייִנגלשן לייב־געבריל אַרויסגעקומען דער מע פֿון אַ שעפּעלע. ערשט מיט די יאָרן איז זײַן שטים געוואָרן שטאַרקער, מעגלעך, בפֿרט ווען די פֿאַרלויפֿענישן אין דער צײַט האָבן אים צוגעקלעמט אַזוי, אַז פֿון צער און ווייטאָג פֿלעגט ער ברילן ווי אַ קראַנקער לייב אין דזשונגל. כּוח אין די גלידער האָט ער געהאַט ווי אַ לייב. פֿון סכּנה איז זײַן געלאַף געווען ווי פֿון אַ הונגעריקן לייב, וואָס יאָגט זיך נאָך אַנטלויפֿנדיקן רויב. אָבער וואָס צו טאָן מיט דעם כּוח האָט ער נישט געוווּסט. פֿאַר אים איז די גאַנצע וועלט געווען אַן אויסגעליידיקטע און אין דער ליידיקייט איז ער אייבער אַליין. נישטאָ איבער וועמען צו הערשן. נו, צי אַז דער לייב איז שטאַרק, הערשט ער איבער דעם שטורעם אין דזשונגל? איבער דער חמימה, צי איבער דער פֿאַרטאָגיקער קילקייט? אַפֿילו זײַן אייגענעם דאָרשט און הונגער איז ער נישט מסוגל צו באַהערשן.

אין אָט דער צײַט ווען וועלכער עס איז די רייד, איז די גאַנצע וועלט פֿון לייבן געווען אַ פֿאַריתומטע און פֿאַראָבלטע. פֿון דורותדיקע, טיף פֿאַרוואָרצלטע משפּחות זענען געבליבן לעבן בלויז איינצלנע, ווי אָפּ־געברענטע האָלעוועשקעס אין אַ וואַלד, וואָס איז פֿאַרצערט געוואָרן אין אַ שׂריפֿה. ער האָט אַפֿילו נישט געהאַט בײַ וועמען צו פֿרעגן ווער ער איז און אונטער וואָס פֿאַר אַ דאַך זײַן וויגל איז געשטאַנען. בלויז דער צייכן, אַז ער איז אַ ייִד איז אײַנגעשניטן אין זײַן לײַב.

צו מאָל האָט זיך אין זײַן זכּרון־אויסגעדייוועֿרטן מוח אַ וועק געטאָן אַ געדאַנק־פֿלעמל, אַז ער שטאַמט פֿון פֿרום־פֿאָרכטיקע טאַטע־מאַמע, וואָרעם

ווי דאָס ברילן פֿון אַ לייב האָט זיך איינקאָרנייעט אין אים, אַזוי איז אים נאָכגעגאַנגען אַ שפּעטנאַכטיקער ניגון פֿול מיט בענקשאַפֿט און וועלט־געבראָך. ביי זיין אָפּגעמעקטן זכרון האָט ער נישט געקענט פֿרעגן, צי דעם ניגון אין די שטילע נעכט האָט אויסגעברומט איבער אַ גמרא זיין טאַטע, אָדער ס׳איז געווען אַ זיידע. וואָרעם נאָר זיידעס ברומען אַריין פֿאַר דור־דורות. לייב איז געווען זיכער, אַז אַ מענטש איז געגליכן צו אַ ספֿר: ווען אַ מענטש זאַפּט איין אין זיך אַ ניגון, בלייבט ער אין אים פֿאַר אַלע צייטן. אַזוי אויך מיט אַ ספֿר. דער ניגון, אַריינגעזונגען אין אַ ספֿר, ווייקט דורך מיט זיין צאַרטקייט די אותיות און בלייבט דאָרט אויף אייביקע צייטן. דערום, ווען מען איז מעיין אין אַן אַלטן ספֿר און אויב מען איז באַשאָנקען מיט אַ פֿיליק געהער, הערט מען ווי פֿון צווישן די דפֿים הויערט אַרויס דער ניגון, וואָס די אותיות האָבן פֿאַרנומען.

מיט זיין פֿאַרלירן דעם זכרון איז געשען וואָס לויט זאָגן, אַז טאָמער פֿאַרלירט אַ מענטש דעם כּוח פֿון איין גליד, שטאַרקט זיך דער כּוח פֿון אַ צווייטן איבער כּפֿל כּפֿליים. אין דער צייט ווי לייבס זכרון האָט זיך אָפּ־געדריוולט, איז זיין שמיעה געוואָרן אַזוי פֿיליק און אָנגעשפּאַנט אַז ער האָט געהערט דעם ניגון פֿון בלעטערפֿאַל אין האַרבסט און דאָס צייטיקייט־געזאַנג פֿון די זאַנגען אין פֿעלד, די שניטער זאָלן איילן מיטן שניט איידער די קערנער שיטן זיך אויס. איז לייב איין מאָל אַריין אין אַ קלויז, וואָס איז על־פּי־נס נישט געוואָרן פֿאַרלענדט, און געבלעטערט אַ פֿאַריתומט און פֿאַראַבלט ספֿר, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַלגערט אין אַ ווינקל הינטערן אויוון. ער האָט אָנגעשטעלט זיין פֿיליק אויער צום געבלעטער פֿונעם ספֿר צו הערן דעם ניגון וואָס אין אים. אפֿשר וועט דער ניגון פֿון דעם אַלטן ספֿר אים מגלה זיין ווער ער איז, פֿון וואַנען האָט ער זיך אַהער דערווישט? — גאָרנישט דערפֿון. דער ספֿר איז געווען שטום. און אפֿשר האָבן אים די רשעים געשאָכטן, ווי זיי האָבן געשאָכטן די, וואָס האָבן מעיין געווען אין אים? מיטן געביין פֿון די פֿאַרלענדטע איז אויך אָפּגעמעקט געוואָרן זייער נשמה־פֿאַרמעג, זייער געזאַנג, זייער פֿרייד ווי זייער צער. האָבן זיך אויך די פֿירקאַנטיקע אותיות אינעם געשאָכטענעם ספֿר אויסגעליידיקט, ווי עס געשעט מיט יענע יצורים, וואָס פֿאַר אַ צייט ליידיקן זיי זיך אויס פֿון זייערע זאַפֿטן, זיי בלייבן בלויז אין זייער הייטלדיקן לבֿוש ביז זיי וועלן זיך אויך ס׳ביי אָנפֿילן מיט לעבן...

אויב דער שפּעטנאַכטיקער ניגון מיט בענקשאַפֿט האָט אים נישט מגלה געווען ווער ער איז און אונטער וועלכן דאַך זיין וויגל איז געשטאַנען, איז אים צומאָל איינגעפֿאַלן, אַז ער זאָל האָבן זיך אויפֿגעהאָדעוועט ביי ציגיינער. יינגלווייז האָט אים גאָר שטאַרק געצויגן צו אַ וואַלד ווו עס האָבן געלאַגערט ציגיינער. ער האָט פֿאַרביידע, סיי פֿאַר דעם וואַלד און סיי פֿאַר די ציגיינער, מורא געהאַט און דאָך זיי ליב געהאַט. ער האָט מורא

געהאַט אין וואַלד פֿאַר דעם קראַנקנדיקן ברוך פֿון טרוקענע צווייַגלעך אונטער די פֿיס פֿון צעשראָקענע הירשלעך און האָזן, און ליב געהאַט דאָס בלעטער־געזאַנג אויף די ביימער־שפּיצן. אַזוי האָט ער מורא געהאַט פֿאַר דעם כּישוף, וואָס ציגייַנער טוען אָפּ צו מענטשן, פֿאַר די שלעכטע בשׂורות, וואָס זיי קענען פֿירזאָגן, און ער האָט ליב געהאַט זייער פֿאַרבענקט געזאַנג, ווי זייער לוסטיקייט, ציגייַנערישע מיידן, גייענדיקע שטיקער פֿייַער, מיט האָניק־לשון אויף זייערע קלאַפּנדיקע צינגלעך, האָבן גאָר פֿרי אויפֿגעוועקט אין אים באַגערן, וואָס אַפֿילו ווען זיי ווערן וואָר, בלייַבט נאָך זיי אַ קלעמענדיקע בענקשאַפֿט. זיי זענען די איינציקע וואָס זאָגן פֿיר פֿון דער האַנט, צו פֿון קאָרטן, ליבשאַפֿט, גוטע־בשׂורה־בריוו, וואָס וועלן אפֿשר קיין מאָל נישט ווערן וואָר, אָבער זיי אַליין זענען די גוטע בשׂורה. האָט לייב לסוף גאָר שטאַרק געוואָלט מיט אים זאָל געשען וואָס לייַט דערציילן, אַז ציגייַנער פֿאַרכאַפּן פֿרעמדע קינדער און האָדעווען זיי ווי אייגענע. אויף די וואָגל־וועגן, אין דער מעשׂהדיקייט פֿון צעגרינטע פֿעלדער, גאָלדענע תּבֿואה־לאַנען און אין געדיכטע וועלדער מיט קנייעס וויזלטיערס, פּיפּער־נאָטערס און קאָשעצן, פֿאַרגעסן די קינדער אָן זייערע טאַטעס און מאַמעס, לערנען די סודות פֿון אָפּטאָן כּישוף און פֿירזאָגן וואָס עס דערוואַרט וועמען אין דער צייַט. דערצו זענען ציגייַנער די איינציקע וואָס ווייסן דעם סוד ווי אַזוי צו ווייַסן קופּערנע כּלים פֿון ייִדן, זיי כּשר צו מאַכן אויף פּסח...

דאָס פּנים פֿון אַ ציגייַנער־מויד האָט אים אָפּגעטאָן כּישוף ווען ער איז אַלט געווען פֿערצן אויפֿן פֿופֿצנטן יאָר. איר פּנים איז געווען טונקל־הויטיק, אָבער פֿון הינטער דער פּנים־ברוינלעכקייט האָט אַרויסגעשפּאַרט אַ העל ליכט, ווי עס לייַכט דורך די זון דורך אַ דינעם וואָלקן. פֿון אירע אויגן האָט געשפּאַרט אַ גרינלעך־פֿינקלדיק ליכט, וואָס איז אַרייַן אין לייבס בלוט מיט זיסן ווייטאָג. אַלע ליכטער אין אים זענען דורך די יאָרן פֿון נסיון פֿאַרלאָשן געוואָרן, בלויז דאָס ליכט פֿון דער ציגייַנער־מוידס גרינע אויגן האָט מיט בענקשאַפֿט געריזלט אין זייַן בלוט. ער האָט נישט מער געזוכט די אַלע זייַנע אייגענע, וואָס זענען פֿאַרלענדט געוואָרן, וואָרעם ווי קען מען זוכן וואָס איז פֿאַרלענדט און צוגעדעקט געוואָרן מיט דעם שטויב פֿון דער ערד? די ציגייַנער־מויד איז נישט פֿאַרלענדט געוואָרן, זי האָט געריזלט אין זייַן בלוט.

די סבֿרה מיט ציגייַנער קען אפֿשר האָבן געווען נעענטער ווי די סבֿרה פֿון אַ פֿרום־פֿאַרכטיקן טאַטן און זיידן. וואָרעם וווּ און בײַ וועמען האָט ער, לייב, געקענט זיך אויסלערנען צו שלינגען פֿייַער־פֿלאַמען, וואָרפֿן אין דער לופֿטן פֿינף־זעקס פֿלעשער און זיי קונציק אויפֿכאַפּן פֿאַר זיך, הינטער זיך און אַפֿילו צווישן זייַנע פֿיס? אויסער שלינגען פֿייַער־פֿלאַמען, ווי אַ דאָרשטיקער שלינגט וואַסער, האָט ער געשפּילט אויף אַ פֿלייט. און נישט בלויז אויף אַ פֿלייט. אויף דער פּלייצע האָט ער אָנגעגורט אַ קעסל־

פּויק מיט צווײ מעשענע טאַצן און מיט אַ שטריקל זײ צוגעבונדן צום קנאָפּל פֿון זײַן רעכטן פֿוס. זײ זענען געווען די באַגלײטער צו די ניגונים פֿון דער פֿלײט. אָבער אויף זײ אַלײן, אויף דער קעסלפּויק מיט די מעשענע טאַצן, האָט לײב מיט קלעפּ און צימבל־גערויש אַראָפּגעבראַכט אויף מערק און יאַרידים שטורעמס מיט דונערן און בליצן, אַז כאָטש די זון האָט געשײַנט האָט דער אַרומיקער עולם זיך אַראָפּגעבויגן, כדי זיך צו שיצן פֿונעם געוויטער. אָבער באַלד זענען די טאַצן און די קעסלפּויק איבער־געגאַנגען צו אַ פֿײַערלעכן געווירבל ווי בעת אַ יום־טובדיקן פּאַראַד און די פֿיס פֿונעם אַרומיקן עולם האָבן זיך געגרײט צו טאַנצן צום טאַקט. מיט זײַן שלינגען פֿלאַמען, זיך אַוועקלײגן מיט דער פּלײצע אויף אַ ברעט מיט שאַרפֿע שפּיציקע נעגל, אָן אויף זײַן לײב זאָל בלײַבן אַ צײכן, און אפֿשר נאָך מער מיט זײַנע ניגונים אַריוסגעכישופֿטע פֿון זײַן פֿלײט, האָט ער דערפֿרײט קינדער אַ סך מער ווי קינדער ווערן דערפֿרײט פֿון מעשׂיות וועגן אַ מלך און אַ בת־מלכּה און אַ פֿאַרכישופֿטן פּרינץ. אויך דערוואַקסענע און זקנים איבעם געזעמל אַרום אים זענען געוואָרן געגליכן צו קינדער. ס'איז אים נישט באַקומען. אַלע מאָל האָט ער צווישן דעם פֿאַרכישופֿטן עולם געזוכט די וואָס האָט געריזלט אין זײַן בלוט. איז אויך זי פֿאַרלענדט געוואָרן און אים איבערגעלאָזט אַ צעשניטענעם אויף דער העלפֿט? זי וואָלט אַוודאי געזאַלבט זײַן לײַב נאָכן וואַלגערן זיך אויף דער ברעט מיט די שאַרפֿע נעגל. זי וואָלט אַוודאי אים באַוווּנדערט ווי ווויל ער האָט באַהערשט דאָס שלינגען פֿלאַמען און אויסכישופֿן ניגונים.

פֿון וואַנען ער האָט אַרויסגעכישופֿט ניגונים צו לאָזן זײ הערן אויף די מערק און יאַרידים, האָט ער אַלײן נישט געוווּסט. פֿון הימל — האָט ער געטראַכט — קומען זײ נישט צו אים. ווי קענען קומען צו אים פֿון הימל אַזעלכע ניגונים אויב ער, דער הימל, איז פֿאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער און ער הערט נישט אַפֿילו די תּפֿילות פֿון קינדער? אויך פֿון דער ערד קומען זײ נישט. ווי קענען זײ קומען פֿון דער ערד, אויב גאָט האָט געבראַכן זײַן שבֿועה און אַראָפּגעוויטערט אַ מבול, דאָס מאָל פֿון בלוט און טרערן? נישט אַנדערש נאָר די ניגונים הויערן אין דער לופֿט און זײ האַלטן זיך אויף די פֿליגל פֿון ווינטן, אויף די קרוינען פֿון ביימער, און אין די נעכט דרינגען זײ אַרײַן אין אים, אין לײבן. מיט זײַן פֿיליקער שמיעה, ווי זי וואָלט געווען אַן אָנגעצויגענע סטרונע אויף אַ פֿידעלע, נעמט ער זײ אויף ווי אַ טרײסט. זײ דערצײלן אים וועגן דער ציגײַנערישער מויד, וואָס פֿון אַלץ און אַלע איז זײַן זכּרון צו איר אין חלום, ווי זי וואָלט געלעגן בײַ זײַן זײַט און ער פֿילט איר צעשטורעמט לײַב; זײ דערצײלן אים וועגן צײַטיקע תּבֿואה־פֿעלדער, וואָס רופֿן די שניטער זײ זאָלן קומען מיט זײערע סערפּן צו שנײַדן ברויט פֿאַר הונגעריקע קינדער; זײ דערצײלן אים וועגן בערן וואָס גנבֿענען אַרויס דעם האָניק פֿון פֿאַרבאָרגענע בינ־

שטאָקן און וואַלדביימער און ברענגען דעם האָניק צו קינדער, וואָס האָבן נאָך דעם טעם פֿון האָניק אויף זייערע צינגעלעך נישט געפּילט, און וועגן הירשן אין וואַלד, וואָס אויף די צווייַגן פֿון זייערע הערנער צייַטיקן גינגאָלדענע עפּל, וואָס ווער עס איז טועם פֿון זייער זאַפֿט בלייַבט אייביק יונג.

אלא וואָס דען? די ניגונים און זייַנע מעשׂיות, וואָס ער האָט געהערט אין די שטילע נעכט, זענען געווען אַזוי פֿאַרפֿלאָכטן און פֿאַרפּלאָנטערט מיט אייַנאַנדער, אַז טאָמער האָט ער זיי געפּרוווט פֿונאַנדערטיילן, כּדי די באַפֿרייַטע ניגונים אויסשפּילן אויף די מערק און יאַרידים, האָבן זיי זיך צעדריוולט, ווי עס צעדריוולען זיך די נעצן שפּינגעוועב אין געדיכטע וועלדער ווען ס'ווילדקייט דערפֿילט דעם אָנקום פֿון יעגערס. זענען זייַנע ניגונים אויף די מערק געווען אַנדערע, ער אַליין איז געווען זייער קוואַל און זיי האָבן אַרויסגעהילכט פֿון זייַן פֿלייט מיט דעם כּוח פֿון כּישוף, אַז ווען ער האָט אויסגעשפּילט אַ פֿריילעכן, האָפּסלדיקן ניגון, זענען די פֿיס פֿון די אַרומיקע לויז געוואָרן צו טאַנצן. און טאָמער איז דער ניגון געווען אַ מאַרקאָטנער, האָט זיך דאָס געזעמל צונויפֿגעדרענגט, ווי אין דער צייַט פֿון סכּנה. דעמאָלט האָט ער געפֿילט זייַן כּוח אַז טאָמער וואָלט אים אייַנגעפֿאַלן צו ציִען דעם עולם נאָך זיך — ער פֿאָרויס מיט דער פּויק און טאַצן און מיטן שאַלן פֿונעם פֿלייט, ווי אַ פּאַסטעך פֿאָרויס פֿון אַ טשערעדע שאָף — וואָלט ער די מענטששאָף געפֿירט... ווּהין וואָלט ער זיי געפֿירט? ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט, ווי פֿון אַ שלעכטער בשׂורה, וואָרעם אין זייַן דמיון האָבן זיך פֿאַרוועבט שטיקלעך און פּיצלעך וועגן אַ קריגער, וואָס רייַט פֿאָרויס אויף אַ צעשוימטן פֿערד און נאָך אים מאַרשירן זעלנער, זעלנער, אָן אַ סוף. נישט געפֿרעגט און נישט דערציילט פֿירט ער זיי אַרויף אויף אַ ריזיק וויסט פֿעלד. דאָרט, ווּ נאָר דאָס אויג קען דערגרייכן, לאַגערט אַ גרויער שטורעם־וואָלקן, וואָס האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד, אָן זיך אויסצוגיסן. נאָר ווי דער נישט־אויסגעגאָסענער שטורעם־וואָלקן דערזעט די אַנטקעגן־קומענדיקע מחנה מיט דעם קריגער אויפֿן צעשוימטן פֿערד, אַזוי הייבט ער זיך אויף מיט געוויי און ריטש און ביידע מחנות וואַרפֿן זיך אויף אייַנאַנדער מיט העק, מיט שווערדן, מיט פּיקעס. קעפּ, הענט און פֿיס שפּרינגען אָפּ פֿון מענטשלעכע גופֿים ווי שפּענער און קאַרפּינעס ביים אויסהאַקן אַ וואַלד. דערנאָך ווערט שטיל, אַ שטילקייט געמישט מיט דעם זשומען פֿון פֿליגן, וואָס קומען פֿון ערגעץ־ווּ אָנצופֿליִען ביים דערפֿילן מענטשלעך בלוט, אַ צינערנער הימל נידערט אַראָפּ ווי עס וואָלט אין פֿריִען טאָג געגאַנגען ווערן נאַכט. אַנטקעגן דעם גרויען הימל ווערן די בלוט־קאַלוזשעס צונטער־ליכטיק, ווי פֿון אונטער זיי וואָלט פֿון דער ערד אויפֿגעגאַנגען ליכטיקייט. דאָ און דאָרט פֿלאַקערן שייַטערס מיט בלוט־רויטע פֿלאַמען. אין דער שטילקייט אויפֿן קטל־פֿעלד איז די פּויק אַנטשוויגן געוואָרן, די מעשענע טאַצן האָבן פֿאַרלוירן זייער

צימבל־קלאַנג. בלויז די פֿלייט האָט בענקשאַפֿטלעך געניגונט, ווי אַן אָבֿל ניגונט אַרויס זײַן טרויער. לייבל האָט אַנטקעגן זיך דערבליקט דערשלאָגענע מענטשן — מאַנצבילן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און ווײַבער האָבן מיט די עקן פֿון זייערע קאָפּ־טיכלעך געווישט די טרערן פֿון זייערע באַקן. האָט ער פֿון דער ערד אויפֿגעהויבן זײַן היטל און עס אויסגעשטרעקט צו די דערשלאָגענע מענטשן. די מטבעות, געוואָרפֿענע צום היטל, האָבן אָפּגעקלונגען מיט אַ פּליוך, ווי זיי וואָלטן געפֿאַלן אין אַ וואַסער. און אַזוי, נאָכקוקנדיק פֿון פֿליִענדיקע מטבעות, האָט ער צווישן עולם דערזען די ציגײַנערישע מויד מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם צו וואַרפֿן אַ מטבע. איר טונקל־הויטיק פּנים האָט געלויכטן מיט דעם אינערלעכן ליכט, וואָס ער זעט אין זײַן חלום ווען זי ליגט נעבן אים און ער פֿילט איר צעשטורעמט לײַב, ווי זי וואָלט וועלן אים פֿאַרברענען מיט איר נאָענטקייט. ער האָט געטאָן אַ טריט אין דער ריכטונג פֿון איר אויסגעשטרעקטן אָרעם און איר געשטאַלט איז נעלם געוואָרן. האָט ער זײַן היטל מיט די מטבעות אַראָפּגעלייגט אויף דער ערד, אַנגעצונדן די פֿלאַמען־שפּיזן און, קוקנדיק דאָרט ווו מיט אַ רגע פֿריִער האָט ער געזען איר געשטאַלט, האָט ער די פֿלאַמען געשלונגען מיט שנעלקייט, ווי ער וואָלט געגאַנגען עפּעס פֿאַרשפּעטיקן. נישט די פֿלאַמען, נישט דאָס דונערן פֿון דער קעסלפּויק און דאָס צימבלען פֿון די טאַצן האָבן צוריקגעבראַכט דאָס גרינע פֿײַער פֿון דער מוידס אויגן. האָט ער, ווי אַ מענטש ראַטעוועט זיך, געכאַפּט די פֿלעשער און זיי געוואָרפֿן אין דער לופֿטן וואָס אַמאָל העכער און העכער מיט אַ געשיקטקייט ווי די פֿלעשער וואָלטן געווען אויסדרעסירטע טויבן, וואָס פֿליִען אים צוריק אַרײַן אין זײַנע הענט. אין אַן אויגנבליק פֿון זוכן איר געשטאַלט צווישן עולם, האָט ער פֿאַרפֿעלט און צוויי פֿלעשער זענען מיט געבראַזג אַראָפּגעפֿאַלן אויפֿן שטיינערנעם ברוק און צעקרישלט געוואָרן אין גלאָזשטויב. דער עולם האָט געלאַכט, ווי דאָס וואָס איז געשען וואָלט געווען נאָך איין קונץ פֿון דער פֿלאַמען־שלינגער, וואָס אָט באַלד וועט ער האָקוס־פּאָקוס פֿון דעם גלאָזברוך צוריקמאַכן צוויי גאַנצע פֿלעשער. דער אַנטוישטער המון האָט געברומט פֿון צאָרן. ס'איז נישט געשען ווי ער האָט געוואָלט עס זאָל געשען. איבער דעם גלאָזשטויב האָט לייב אויסגעשפּילט אויפֿן פֿלייט אַ בענקשאַפֿט־ניגון, וואָס איז געהערט געוואָרן אין אַלע עקן פֿונעם מאַרק. ער האָט נאָך אַלץ געהאָפֿט, אַז די מויד וועט צוריקקומען און אים דערלאַנגען אין דער האַנט אַרײַן די מטבע וואָס זי האָט געוואָלט אים דערלאַנגען. דער עולם האָט געטומלט, איז אין טומל אונטערגעלאָפֿן אַ יונג מיט צעשויבערטע קודלעס, מיט אַ רויט־צעקלײַענט פּנים און צעיאַכמעטע אויגן, געכאַפּט פֿון דער ערד דאָס היטל מיט די מטבעות און אַנטלאָפֿן ווי אַ צוגווינט. לייב האָט זיך פֿון אָרט נישט גערירט, פֿאַרטראָגן האָט ער געוואָרט דער ניגון פֿון דער פֿלייט זאָל אים צוריקברענגען

דאָס ליכטיקע פּנים פֿון דער טונקלהויטיקער מויד. אויך דער עולם האָט געוואָרט, געוועזן זיכער, אַז דער אַנלויף פֿונעם יונג און זײַן אַוועקכאַפּן דאָס היטל מיט מטבעות איז דער אָנהייב פֿון אַ קונץ, וואָס דער פּלאַמען־שלינגער וועט זי באַלד ווײַזן און אפֿשר וועט דאָס היטל צוריקקומען פֿול מיט גאָלדענע און זילבערנע מטבעות. און אַז לייב האָט געוואָרט און דער המון האָט געוואַרט און גאָרנישט איז געשען, איז דער עולם געוואָרן צאָרנדיק, ווי מען וואָלט אים אָפּגענאַרט און ער זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען.

לייב איז געבליבן איינער אַליין אויפֿן מאַרק. ניין, דער מאַרק איז געווען פֿול מיט צעטומלטע פֿון האַנדל און וואַנדל, מיט געשרייען, מיט פֿאַרסקען און הירזשען פֿון פֿערד, מיט ריטשען פֿון חזירים פֿאַרבונדענע אין זעק, מיט אײַנפּאַטשן אין די הענט פֿון געשלאָסענע מסחרים. נאָר, ער, לייבל, איז געווען איינער אַליין אין זײַן עלנט. זײַן גאַנצער גוף האָט אים ווײ געטאָן פֿון צער. האָט ער אויסגעטאָן די פּויק מיט די טאַצן, אויפֿ־געהויבן אַ שטיין פֿון דער ערד, פֿאַרמעסטנדיק זיך, און מיט אַ קרעכץ פֿון אַנגעוורטן כּוח, דעם שטיין אַ שלײַדער געטאָן צום הימל: „נאַ!״ דער שטיין האָט נישט געטראָפֿן אין הימל; ער האָט אַראָפּגענידערט אויפֿן זאַד פֿון אַן אויסגעשפּאַנט פֿערד, וואָס פֿון איבערראַשונג צי פֿון ווייטאָג האָט עס אַ בריקע געטאָן מיט די הינטערשטע פֿיס און צעבראָכן אַ האַליעבליע פֿונעם וואָגן.

דאָס קלעמעניש האָט אים אַנגעפּילט דעם האַלדז מיט טרערן, אָבער וויינען האָט ער נישט געוויינט. אַ מאַן וויינט נישט, האָט ער געמיינט. אפֿשר, ווען ער איז געווען אַ ייִנגל, האָט ער מסתּמא יאָ געוויינט. ווי קען עס זײַן אַנדערש? אַנישט וואָלטן אים די אָנגעקליבענע טרערן אין זײַן יוגנטלעכקייט דערשטיקט. ער האָט אַמאָל געלייענט אַ בוך וועגן אַ מאַן. ווער עס האָט דאָס בוך געשריבן און ווער עס איז געווען דער מאַן — איז פֿאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט זײַן זכּרון. נאָר צעדריוולטע שטיקלעך פֿון דעם וועגן וואָס דאָס בוך האָט דערציילט, איז געבליבן אין זײַן געמיט: דער מאַן האָט געהאַט אַ מאַמע. מתּוך ליבשאַפֿט פֿאַר דער מאַמען, וואָס האָט אים געשענקט אַזאַ זעלטן געשאַנק ווי דאָס לעבן, האָט ער רק געשטרעקט אַראָפּצוצי׳ען דעם הימל צו דער ערד און אים, דעם גאַנצן הימל, אַוועקלייגן פֿאַר דער מאַמעס פֿיס: „נאַ, מאַמע, דאָס איז פֿאַר דיר אַ מתּנה פֿאַר דעם וואָס דו האָסט מיר געשענקט״. איז די מאַמע יונג געשטאָרבן און די פֿרייד פֿון לעבן איז פֿון דעם מאַן אַוועקגענומען געוואָרן. וואָרעם ער האָט מער נישט געהאַט פֿאַר וועמען אַראָפּצוצי׳ען דעם הימל צו דער ערד. האָט ער געזוכט אַ טרייסט בײַ זײַן פֿאָטער, וואָס זײַט ער האָט געדענקט איז דער טאַטע געווען אַן אַנגעשטעלטער אין אַ קליינער באַנק און ער האָט זײַן לעבן פֿאַרבראַכט צווישן קרעדיט און דעבעט, וואָס ביידע זענען נישט געווען זײַנע. דער טאַטע האָט קיינעם נישט פֿיינט

געהאַט, קיינעם נישט ליב געהאַט, אויסער דער מאַמען, וואָס איז געווען דער יום־טובֿ אין זײַן לעבן. פֿאַר איר איז ער גרייט געווען זיך אויפֿצוהייבן פֿונעם אויסגעריבענעם באַנק־זעסל און זיך לאָזן אומברענגען. אַז דער אייפּערזיכטיקער הימל, וואָס דער זון האָט געוואָלט אַראָפּציִען צו דער ערד און אים אַוועקלייגן פֿאַר די פֿיס פֿון זײַן מאַמען, האָט בײַם פֿאָטער צוגענומען די, וואָס ער האָט ליב געהאַט מער ווי זײַן אייגן לעבן, האָט ער געלעסטערט גאָט מיט ווערטער, וואָס ס'איז שווער צו ברענגען זיי פֿאַרן מויל. שטייט ערגעץ־ווו געשריבן, אַז ווי וואָר אַז גאָט איז באַרעמ־האַרציק, אַזוי איז ער אויך, נישט אויסגערעדט זאָל עס זײַן, אַ גאָט פֿון נקמה. און די פֿאַרטלען, וואָס גאָט פֿאַרמאָגט כּדי צו נעמען נקמה זענען נישט אויסצורעכענען. האָט ער פֿאַר דעם אָנגעשטעלטן אין דער קליינער באַנק צוגעטראַכט אַ מלחמה. אין איינעם אַ טאָג האָט ער פֿון די מאַכטיקע אין לאַנד באַקומען אַ באַפֿעל, ער זאָל איבערלאָזן דעם קרעדיט און דעם דעבעט צוזאַמען מיט די רעכן־ביינדלעך אויף די דראָטן, און קומען נעמען אַ ביקס און גיין אין דער מלחמה הרגענען די שונאים. ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן האָט דער אָנגעשטעלטער אין דער קליינער באַנק קיינעם נישט פֿײַנט געהאַט און קיינעם נישט ליב געהאַט, אויסער ווי מיר ווייסן שוין. די מאַכטיקע אין לאַנד האָבן אים אַפֿילו נישט געגעבן גענוג צײַט, ער זאָל אויסגעפֿינען שונאים וואָס עס זאָל זײַן כּדאי זיי צו הרגענען. האָט מען אים אָנגעטאָן אין זעלנערישע פּלודערן, אים געגעבן אַ ביקס מיט אַ באַגנעט און אים אַוועקגעפֿירט אויף אַן אָפּגעלעגענעם פּלאַץ, וואָס ער האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז אַזאַ איז פֿאַראַן אין זײַן לאַנד. דאָ האָט מען אים אָנגעזאָגט: „שיס, שטעך, הרגע צום רום פֿונעם פֿאָטערלאַנד!".

וואָכן־לאַנג איז ער געלעגן אין די טראַנשייען און אויסער פֿאַרבײַלויפֿנדיקע האָזן און ווילדע חזירים האָט ער קיין מענטש פֿאַר זײַנע אויגן נישט געזען. אין זיי, אין די האָזן און אין די ווילדע חזירים, האָט ער קיין שונאים נישט געזען און צו זיי נישט געשאָסן. אין איינעם אַ באַגינען, אײַנגעטוליעט אין זײַן שינעל מחמת דער פֿאַרטאָגיקער קאַלטקייט, האָט ער געהערט דעם אָפּהילך פֿון אַ שיסערײַ. שפּעטער איז צו אים דערגאַנגען, אַז צוויי זעלנער זענען אַרויס פֿון די טראַנשייען אויסצולײדיקן די געדערעם, האָט זיי דער שונא דערהרגעט. ווער איז דער שונא? ווי זעט אויס דער שונא? וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָט ער אָפּגעטאָן פֿאַרוואָס ער איז געוואָרן אַ שונא? כּדי נישט צו שטאַרבן פֿון שרעק געהרגעט צו ווערן בײַם אויסלײדיקן די געדערעם, האָבן די זעלנער אין די טראַנשייען זיך דערציילט מעשׂיות. האָט איינער אַ זעלנער, וואָס האָט גערן געהאַט צו דערציילן גוזמאות, דערציילט, אַז זײַן מאַמע האָדעוועט אַ הון, וואָס לייגט אייער פֿינף מאָל אַ טאָג און אַמאָל אַפֿילו זעקס אייער, און אַ קו האָדעוועט זי איינע אין דער גאַנצער וועלט. אַהיימברענגען פֿונעם פּאַשע־פֿעלד אַן אײַטער מיט

צען עמערס מילך און אָפּט אַפילו מער, איז ביי איר אַ קינדער־שפּיל.
האָט דער בעל־גוזמא אויך דערציילט, אַז ער האָט ערגעץ־ווו געהערט, אַז עס דערנענטערט זיך די צייט, ווען אין מלחמות וועט מען מער נישט ליגן אין טראַנשייען און מ׳עט נישט הרגענען יעדן איינציקן זעלנער באַזונדער. ס׳וועט זיין אַזאַ געווער וואָס מיט איין קלאַפּ וועלן אויסגעהרגעט ווערן אַלע שׂונאים אַזוי אַז דער בעל־נצחון וועט רייך ווערן אַפילו בלויז פון אַראָפּציִען די שטיוול פון די געהרגעטע. דעם אַנגעשטעלטן אין דער קליינער באַנק איז געווען אַזוי קאַלט און ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט, ער זאָל ווידער זיצן אויפן זעסל פון דער באַנק פאַר די ביכער פון קרעדיט און דעבעט, אַז דאָס לעבן איז אים נמאס געוואָרן און ער האָט תּפילה געטאָן דאָס קומענדיקע געווער זאָל קומען שוין באַלד און דערגרייכן אויך אים. לסוף האָט דער זון זיינער באַקומען אַ קורץ בריוול געכתיבעט קאַליגראַפיש אויף שיין פּאַפּיר:
„מיט צער ווערט דיר געמאַלדן, אַז דיין פאָטער איז געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט פאַר דער רום פונעם פאָטערלאַנד״.
מיט קיין ציילכן איז אין דעם בריוול נישט געווען געזאָגט, אַז ער איז געפאַלן פון אַ קויל, ווען ער איז אַרויס פונעם טראַנשיי אָפּצוגעבן שילשול נאָכן טרינקען זומפּוואַסער. איז דער זון געבליבן אַ קיילעכדיקער יתום פון אַלץ און אַלעמען, וואָס ער האָט ליב געהאַט — פון זיין מאַמען, פון זיין טאַטן, פון גאָט און פון זיין פאָטערלאַנד. אַזוי איז די גאַנצע וועלט געבליבן פאַר אים אויסגעליידיקט, ווי עס טרעפט אַמאָל מיט אַ שיינער נוס, וואָס איז אינעווייניק גאַרנישט. איז ער אַרומגעגאַנגען איבער דער הוילער וועלט און אַפילו נישט געהאַט וועמען צו פרעגן: „פאַרוואָס? וועמען האָט עס געאַרט וואָס איך האָב געהאַט אַ מאַמע, וואָס פאַר איר האָב איך געשטערקט דאָס לעבן אַראָפּצוציִען דעם הימל צו דער ערד און אים אַוועקלייגן פאַר אירע פיס? וועמען איז עס געווען דערווידער וואָס איך האָב ליב געהאַט מיין טאַטן, וואָס אויך ער האָט אין מיין מאַמען געזען אַ אייביקן יום־טובֿ? וועמען האָט עס געשטערט וואָס איך האָב זיך געפרייט מיט יעדן טאָג, מיט דער זון און מיט די שטערן און מיט אַלץ, וואָס אַ מענטש באַגערט אַרומצונעמען מיט ליבשאַפט און קושן? ווער האָט אים געקענט ענטפערן אויב די וועלט איז געווען אויסגעליידיקט און אין דער ליידיקייט וואַנדערט אַרום בלויז ער אַליין, דער מאַן וואָס וועגן אים האָט אַ בוך דערציילט די מעשׂה.
איצט, נאָך דעם ווי די מויד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים אויפן מאַרק און צוריק נעלם געוואָרן, האָט ער באַקומען אַ ציילכן, אַז זי לעבט, נישט בלויז אין זיינע חלומות אין די נעכט, נאָר זי איז אַ לעבעדיקע פאַר אים ערגעץ־ווו אין דער נאָענט, נאָר מיט איר ציגיינערישן כּישוף מאַכט זי ער זאָל זי נישט זען. זענען אַפילו קיין ציגיינער מער נישטאָ, זיי זאָלן

אָפּפרעגן איר כּישוף און שטילן זײַן בענקשאַפט־ווייטאָג. איז ער מיט אַ וואָך שפּעטער געקומען אויפן מאַרק מיט זײַן פֿאַרמעג — מיט דער קעסלפּויק און טאַצן, מיט דער פֿלייט און מיט די ניגונים, מיט די שפּיזן צו שלינגען פֿלאַמען און מיט די פֿלעשער, וואָס פֿליִען פֿון זײַנע הענט ווי אויסדרעסירטע טויבן, און אויך געשלעפּט מיט זיך די ברעט מיט די שאַרפֿע נעגל. דאָס מאָל האָט ער פֿון דעם אַרומיקן עולם געריסן שטיקער מיט זײַנע בענקשאַפֿטלעכע ניגונים, און מיט זײַן פּויקן זיי צערודערט אַזוי, אַז זייערע פֿיס האָבן זיך אַליין געהויבן צום טאַנץ. און די פֿײַער־פֿלאַמען? יעדער איינער איז געווען זיכער: זאָל נאָר דער פֿלאַמען־שלינגער אים געבן די פּעלגנדיקע שפּיזן און אויך ער וועט מיט לײַכטקייט שלינגען און אויסשפּײַען די פֿלאַמען. און די פֿלעשער? נישט איינער פֿון די אַרומיקע וואָלט געשוואָרן, אַז ער האָט מיט זײַנע אייגענע אויגן געזען און מיט זײַנע אייגענע אויערן געהערט ווי די פֿלעשער זענען געפֿלויגן אַזוי הויך אַז זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין הימל און פֿונעם קלאַפּ אין הימל זענען זיי צוריק אַראָפּ אין די הענט פֿון דעם פֿלאַמען־שלינגער. און איצט — לייב האָט מיט אַ קונצנמאַכערישע באַוועגונג אָוועקגעלייגט די ברעט מיט די שאַרפֿע נעגל און, זוכנדיק מיט די אויגן צווישן עולם די, וואָס ער האָט געבענקט צו איר, האָט ער מיט דער פּלייצע זיך אָוועקגעלייגט אויף די נעגלשאַרפֿן און זיך אויף זיי געטאַרלעט. פֿון ווייטאָג האָט ער געברילט ווי אַ פֿאַרווונדעטער לייב און געשרוּפֿן: „קום! טאַנץ אויף מײַן ברוסט איך זאָל שטאַרבן פֿון תּענוג און ווייטאָג!" זי איז נישט געקומען. האָט ער לסוף זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ברעט און פֿון זײַן צעשטאָכן לייב האָט געטריפֿט בלוט. און אַז ס'איז נישט געווען די, וואָס ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט קומען זאַלבן זײַן לײַב, האָט ער אויפֿגעהויבן דאָס היטל פֿון דער ערד און עס אויסגעשטרעקט צום עולם כּאָטשבי צו הערן דעם קלאַנג פֿון מטבעות.

„ביסט נישט קיין קונצן־מאַכער!" האָט ווער פֿון צווישן דעם געזעמל אויסגערופֿן.

לייב האָט צעפֿירט די הענט און זיך פֿאַרנייגט פֿאַרן עולם, ווי ער וואָלט זיך פֿאַרן מאַרק מודה געווען, אַז ער איז נישט קיין קונצן־מאַכער, נאָר בלויז אַ פֿלאַמען־שלינגער...

# רעליגיע און אידעאָלאָגיע

ס'איז אָנגענומען, אַז רעליגיע און אידעאָלאָגיע געפֿינען זיך אויף צוויי קעגנזעצלעכע פּאָלוסן. האַלט דאָך די מאַרקסיסטישע אידעאָלאָגיע, וואָס טעאָרעטיש איז זי אַנטי־רעליגיעז, אַז „רעליגיע איז אָפּיום פֿאַר די מאַסן". רעליגיע איז געוואָרן אַזוי סובלימירט אַז זי וויל נישט האָבן דעם מינדסטן שייַכות מיט פּאַגאַניזם, וואָס פֿון אים, פֿונעם פּאַגאַניזם, האָט זי זיך אַנטוויקלט, פּונקט ווי פֿון דעם אורמענטש האָט זיך אַנטוויקלט דער האָמאָ סאַפּיענס. דער מענטש וויל נישט שלום מאַכן מיט דעם עוואָלוציע־פּראָצעס, וואָס האָט אַ שייַכות צו אים. עס באַליידיקט זייַן עגאָ...

רעליגיע איז אַן אי־ראַציאָנאַלער און מעטאַפֿיזישער גלויבן־סיסטעם — אַן אַבסטראַקציע וועגן אַ גאָטהייט, וואָס מען קען זי נישט זען און נישט הערן און וואָס מען קען זי נישט וויסנשאַפֿטלעך באַגרינדן. נישט אַלע גלויביקע אין אַ געוויסער רעליגיע זענען איינשטימיק וואָס שייַך דער פֿאָרעם, דער געשטאַלט און מהות פֿון זייער גאָט.

הגם די ייִדישע רעליגיע איז די עלטסטע פֿון די מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס, אַרום דרייַ טויזנט דרייַ הונדערט יאָר, זענען אירע חכמים ביז הייַנט נישט געקומען צו אַן איינהייטלעכער דעה וועגן דעם געשטאַלט פֿון גאָט. וועדליק דעם ספֿר בראשית איז גאָט אַ גייַסט אין מענטשלעך געשטאַלט: „ויברא אלהים את האדם בצלמו, בצלם אלהים ברא אותו" — „גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטש אין זייַן געשטאַלט", און כּדי קיינער זאָל נישט מאַכן קיין טעות, חזרט איבער דער פּסוק עקזאַקט: „בצלם אלהים ברא אותו", „אין געשטאַלט פֿון גאָט האָט ער אים באַשאַפֿן". די דעה פֿון אַזאַ צדיק, און וויזיאָנער, ווי עס איז געוועזן ר' ישראל בעל־שם־טוב, איז גאָר אַן אַנדערע. וועדליק אים האָט נישט גאָט קיין פֿיזיש געשטאַלט — „כל הארץ מלא כבודו", די גאַנצע וועלט איז אויסגעפֿילט מיט גאָט. מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז דער בעל־שם־טוב האָט נישט געהערט וועגן ברוך ספּינאָזאַ: „כל הארץ מלא כבודו" איז דאָך די ספּינאָזישע „כּפֿירה" פֿון פּאַנטעיִזם, אַז די נאַטור, די גאַנצע וועלט איז גאָט. אַ דריטע פֿאָרשטעלונג וועגן גאָט האָט די קבלה. דער „זהר" זעט

גאָט ווי אַ געשטאַלט מיט דאָפּלט געשלעכט. ער איז סײַ אַ פֿאָטער און סײַ אַ מוטער. די שכינה — גאָט — איז אַ ווײַב און דער וואָס זיצט אין די עולמות העליונים און באַהעפֿט זיך כּמעט סעקסועל מיט די הייליקע נשמות („ער קושט זיי, ער צערטלט זיי און האַלדזט זיי") איז אַ מאַן. די קריסטלעכע רעליגיע האָט דעם ענין קאָמפּליצירט. גאָט האָט נישט בלויז אַ מענטשלעך געשטאַלט, ווי עס זאָגט זיך אין אָנהייב פֿון ספֿר בראשית, נאָר ער האָט אויך אַ זון און בײדע האָבן אַ הייליקן גײַסט. דעם גײַסט האָבן די קריסטן גענומען פֿון דעם זעלבן בראשית־מקור. גאָט איז טאַקע אין געשטאַלט פֿון אַ מענטש, אָבער איידער ער האָט באַשאַפֿן די וועלט, האָט זײַן גײַסט געפֿלאַטערט איבערן געוויסער — „ורוח אלהים מרחפת על פּני המים". מאַכאַמעד, וואָס האָט זיך געפֿונען אין קלעם צווישן ביידע מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס — די ייִדישע און קריסטלעכע — האָט אָנגענומען די ייִדישע פֿערזאָניפֿיצירונג פֿון גאָט, נאָר אים צוגעגעבן אַן אַראַבישן ניואַנס — אַללאַ, וואָס הערשט טאַקע פֿון הימל, אָבער ער איז נעענטער צו דער ערד, אַפֿילו צו דער שווערד...

אַנטקעגן רעליגיע, וואָס איז אי־ראַציאָנעל, איז אידעאָלאָגיע נאַטירלעך ראַציאָנאַליסטיש, כּולה שׂכלדיק, אַ סיסטעם וואָס שטייט מיט ביידע פֿיס אויף דער ערד און שליסט אויס רעליגיע פֿון אירע ביזנעס. עס זאָל הייסן, אַז אידעאָלאָגיע פֿאַרנעמט זיך פּראַקטיש מיט פּלאַנירן און רעאַליזירן פּאָלי־טישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע צילן, וועגנטועל אויך קולטור־צילן. רע־ליגיע איז פּערמאַנענט, אירע דאָגמעס זענען „אייביקע", כאָטש אירע מפֿרשים טײַטשן אויס — אַ הלכה דאָ און אַ הלכה דאָרט פֿאַר פּראַקטישע צוועקן.

צי זענען אין דער ווירקלעכקייט די ביידע סיסטעמען — רעליגיע און אידעאָלאָגיע — קעגנזעצלעכע?

אין אונדזער פֿיל־געפּרוווטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן זיך אָנ־געזאַמלט גענוג באַווײַזן, אַז ווי רעליגיע קען פֿאַרוואַנדלט ווערן אין ערדישער פּערווערזיטעט, אַזוי קען אידעאָלאָגיע פֿאַרוואַנדלט ווערן אין רעליגיע. אין ביידע פֿאַלן זענען מענטשן מסוגל צו דערגיין צו מערדערישן און זעלבסטמערדערישן פֿאַנאַטיזם. לאָמיר נעמען אַ פּאָר בײַשפּילן פֿון דער ווירקלעכקייט:

פֿאַר דער אמונה אין גאָט, ווי זיי זעען אים, זענען רעליגיעזע ייִדן געווען און זענען ווײַטער גרייט צו גיין אויף קידוש־השם און זיך לאָזן אומברענגען, „ייהרג ואל יעבור". נו, דער קידוש איז אויך פֿאַראַן אין אַן אידעאָלאָגישער וואַריאַציע — קידוש האידעאָלאָגיע: בעת די סטאַלינישע מכשפֿה־פּראָצעסן אין די דרײַסיקער יאָרן זענען אַזעלכע אָרטאָדאָקסישע באָלשעוויקעס און קאָמוניסטישע אידעאָלאָגן, ווי גריגאָרי זינאָוויעוו, לעוו קאַמעניעוו און אַנדערע, זיך מודה געווען אין אידעאָלאָגישע פֿאַרברעכנס

(הערעזיעס און שמד זענען די רעליגיעזע עקוויוואַלענטן), וואָס זיי זענען באַגאַנגען, און דאָס כּדי צו ראַטעווען די הייליקע דאָגמעס פֿון דעם באַל־שעוויסטישן קאַטעכיזם.

אין לענדער, ווו די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז געשטאַנען אויסערן געזעץ, און קאָמוניסטן זענען פֿאַרפֿאָלגט געוואָרן, זענען קאָמוניסטן געגאַנ־אויף קידוש האידעאָלאָגיע. זיי זענען געפּייניקט געוואָרן און פֿאַר זייערע גלויבן לאַנגע יאָרן געשמאַכט אין די טורמעס.

די נאַצישע אידעאָלאָגיע איז סײַ פֿאַר די דײַטשע פֿאָלקסמאַסן פֿון אַלע שיכטן און סײַ פֿאַר דער אינטעליגענץ געוואָרן אַ רעליגיע. כּדי די נאַצישע רעליגיע צו פֿאַרטיפֿן, האָבן די נאַציס טיילווײַז זיך דיסטאַנסירט פֿון דער קריסטלעכער רעליגיע און זיך געוואָנדן צו הינדויִזם וואָס דער מערדער־יונג הײַנריך הימלער איז געוואָרן זײַן פּריידיקער.

„דער ציל הייליקט די מיטלען" איז געווען און איז ווײַטער דער קאַנאָן פֿון אַלע רעליגיעס און אויך פֿון די אידעאָלאָגיעס, וואָס ווערן פֿאַרוואַנדלט אין רעליגיע.

די מוראַדיקסטע פּאָליטישע, רעליגיעזע, סאָציאַלע און קולטור־פֿאַר־ברעכנס זענען באַגאַנגען געוואָרן אין אונדזער קולטורעלן און וויסנשאַפֿט־רײַכן יאָרהונדערט. די פֿאַרברעכנס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן אין נאָמען פֿון אידעאָלאָגיעס. פּונקט ווי די קאַטוילישע אינקוויזיציע האָט געפּײַניקט און פֿאַרברענט אומשולדיקע מענטשן פֿאַר הערעזיע און פֿאַר אויסדריקן מחשבֿות, וואָס האָבן נישט געשטימט מיט די קירכלעכע דאָגמעס, האָבן ענלעכע פֿאַרברעכנס אָפּגעטאָן רעזשימען מיט טאָטאַליטאַרע אידעאָלאָגיעס. די אינקוויזיטאָרן, די געפּעאו, די עס־עס האָבן זייערע פֿאַרברעכנס אָפּגעטאָן קאַלטבלוטיק און מיט דער איבערצײַגונג, אַז דערמיט וואָס זיי זענען גורם טויט, יסורים און אינוואַלידישקייט האָבן זיי גוט געדינט גאָט אין הימל און די געטער אויף דער ערד. די שרעקלעכסטע מלחמות אין אייראָפּע זענען פֿאָרגעקומען צווישן אַרמייען פֿון קריסטלעכע לענדער. עס האָבן זיך געשאָכטן קעגנזייטיק קאַטאָליקן, אָדער קאַטאָליקן מיט פּראָטעסטאַנטן, אָבער פֿון דער זעלבער גרונד־רעליגיע. יעדער צד האָט געבעטן צו דעם זעלבן גאָט און זײַן זון, ער זאָל אים העלפֿן פֿאַרטיליקן דעם קעגנער. דײַטשלאַנד האָט געפֿירט מלחמה מיט פֿראַנקרײַך, האָבן די דײַטשן געהאַט אויסגעקריצט אויף די שנאָלן פֿון זייערע מונדיר־רימענס — „גאָט איז מיט אונז". די קעמפֿנדיקע צדדים האָבן זייער בשותּפֿותדיקן גאָט געשטעלט פֿאַר אַן אכזריותדיקער דילעמע, וועלכע פֿון זײַנע גלויביקע אויסקוילען. האָט ער געלאָזט קוילען ביידע...

די פֿאַרטרעטערשאַפֿט פֿון דעם קריסטלעכן גאָט אויף דער ערד, דער וואַטיקאַן, די קאַרדינאַלן און בישאָפֿן אין די קריסטלעכע מלחמה־פֿירנדיקע לענדער האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אָט דעם רעליגיעז־אידעאָלאָגישן

בורלעסק, אין זייערע צביעותדיקע תפילות, גאָט זאָל העלפן שעכטן די קעגנערישע גלויבנס־ברידער, קריסטן, האָבן זיי אַריינגעלייגט אַלע זייערע רעליגיעזע כוונות. די בולטע סתירות סײַ אין דער רעליגיעזער פּראַקטיק און סײַ אין די אידעאָלאָגישע סתירות ווערן אויסגעגליכן מיט אַ לײַכט הארץ, ווי זיי וואָלטן בכלל נישט געווען.

אין דער תורה שטייט געשריבן (שמות יז 14, 15, 16) „ויאמר אלהים אל משה", האָט גאָט געזאָגט צו משה, „כתוב זאת זיכרון בספר", פאַרשרײַב עס אין אַ ספר צו געדענקען, „ושים באזני יהושע", און רעד עס אַרײַן אין אויער פון יהושע, „כי מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים", אַז איך וועל אויסמעקן דעם זכר פון עמלק פון אונטער דעם הימל. „ויבן משה מזבח", און משה האָט אויפגעבויט אַ מזבח, „ויקרא שמו יהוה־נסי", און גערופן זײַן נאָמען גאָט איז מײַן פאָן. „ויאמר כי יד על כס יה", און ער האָט געזאָגט מיט דער האַנט אויף גאָטס טראָן: „מלחמה ליהוה בעמלק מדור לדור", די מלחמה קעגן עמלק וועט אָנגיין פון דור צו דור".

צי איז נויטיק געווען אַ גרעסערע גאַראַנטיע, ווי די גאַראַנטיע פון גאָט, אַז ער וועט אָפּמעקן עמלקן פון אונטערן הימל? איז געקומען דער ערגסטער עמלק, דער נאַצישער עמלק, און אָפּגעמעקט דאָס פונדאַמענטאַלסטע דריטל פון אונדזערע פאָלק, צוזאַמען מיט אַנדערטהאַלבן מיליאָן קינדער.

רבנים, אדמו"רים, צדיקים און חרדים, וואָס זענען מדקדק צי אין אַן איי איז נישטאָ קיין בלוט־טראָפּן, האָבן נישט געמאַכט דעם מינדסטן אויספיר, אָדער חשבון הנפש, פון גאָטס גלײַכגילטיקייט כלפּי זײַן אויס־דערוויילט פאָלק אין יענע פינצטערע יאָרן. וואָרעם עס שטייט געשריבן: „גאָט איז גערעכט און זײַן משפּט איז גערעכט". איז געקומען דער לובאַוויטשער אדמו"ר, מנחם מענדל שניאורסאָן, און „אויסגעגלײַכט" די סתירה צווישן דעם געשריבענעם אין דער תורה און דער מוראדיקערווירקלעכקייט: ער האָט דערקלערט בפרהסיא פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז די נאַציס האָבן פאַרטיליקט דעם בעסטן טייל פון אונדזער פאָלק צוזאַמען מיט די קינדער, ווײַל דאָס ייִדישע פאָלק האָט געזינדיקט. מיט אַזאַ „פסק הלכה" האָט דער לובאַוויטשער באַרעכטיקט די אַלע וואָס שטייען אָן אויף ייִדן, די פּאַמיאַטס, די קו־קוקס־קלאַן און אַנדערע אויסוואורפן, ווײַל זיי ווערן געשיקט פון גאָט מחמת דאָס ייִדישע פאָלק איז זינדיק. קיין שום שונא ישראל האָט נאָך נישט צוגעטראַכט אַזאַ שווערן בילבול, אַז ייִדן זענען אַזוי שטאַרק זינדיק, אַז פאַר אַזעלכע זינד קומט זיי אומגעבראַכט צו ווערן צוזאַמען מיט זייערע פרויען, עופעלעך און קינדער אין די חדרים און ישיבות.

אַזעלכע קאַרדינאַלע הימלישע סתירות און דאָס אַבסורדאַלע פאַר־ענטפערן זיי איז מעגלעך נאָר דערפאַר ווײַל דאָס האָט דער מענטש אויפ־געהויבן די גאָטהייט פון דער ערד און זי אַרויפגעזעצט אויפן זיבעטן הימל.

מיט די געטער פֿון די אידעאָלאָגישע רעליגיעס קומט עס פֿאַר מיט מער גערעכטיקייט, ווייל די געטער זענען צו דערגרייכן און די „געשטראָפֿטע" פֿעלקער קאָנפֿראָנטירן זיי, אָפֿט מיט אַ געוואַלטיקער פֿאַרשפּעטיקונג און מיט מיליאָנען אומשולדיקע קרבנות.

נישט געווען קיין גלייכער צום שעפֿער פֿון דער פֿאַשיסטישער אידעאָלאָגיע, דעם דוטשע בעניטאָ מוסאָליני. נישט בלויז דער איטאַליענישער המון האָט אים פֿאַרגעטערט. אויסער פֿון דעם איטאַליענישן המון איז ער פֿאַרגעטערט געוואָרן דורך איטאַליענישע גענעראַלן, אינטעלעקטואַלן, דיכטער און קינסטלער, צווישן זיי מאַרינעטי דער דיכטער און שעפֿער פֿונעם פֿוטוריזם, און די גענויאַלע שוישפּילערין לעאָנאַראַ דוזע.

בעניטאָ מוסאָליני — אַ גאָט אויף דער ערד, וואָס זײַן רעליגיע איז קאָפּירט געוואָרן פֿון אַנדערע הערשער אין אייראָפּע. זיי אַלע האָבן אים דערהויבן ביז אונטערן הימל, אָבער נישט געווען בכוח אים אַרויפֿצוזעצן אויפֿן הימל. דערמיט איז זײַן געטלעכער גורל געווען געחתמעט. נאָך אַלע זײַנע פֿאַשיסטישע פֿאַרברעכנס און נאָך זײַן אַנשליסן זיך צום נאַציזם אין אַ בונד מיט היטלערן, האָט אים דער המון, וואָס האָט אים נעכטן־אייערנעכטן געמאַכט פֿאַר אַ גאָט, געמשפּט און אים אויפֿגעהאָנגען בײַ די פֿיס ווי אַ בהמה.

אַדאָלף היטלער, וואָס האָט די נאַצישע אידעאָלאָגיע פֿאַרוואַנדלט אין אַ רעליגיע און זיך פֿאַרמאָסטן אָפּצובײַטן אַלע אַנדערע רעליגיעס און אידעאָלאָגיעס און פֿאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט די אַלט־גערמאַנישע וואָטאַן־רעליגיע — אויך ער האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם געטלעכן עקזאַמען אויף דער ערד. ער, דער נאַצישער גאָט, איז אַ פֿאַרשפּילטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און זײַנע כּהנים זענען אויפֿגעהאָנגען געוואָרן.

ענלעך מיט יוסף סטאַלין־דזשוגאַשווילי, דעם גאָט, וואָס דיכטער האָבן באַזונגען זײַן מעכטיקייט מיט אַן ענלעכער דבֿיקות און לײַדנשאַפֿט, ווי פֿרומע לײַט פֿון די מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס באַזינגען גאָט אין הימל. ער, דער ערדישער גאָט סטאַלין, האָט געהאַלטן אין אידעאָלאָגיש־רעליגיעזער שפּאַנונג נישט בלויז די פֿעלקער פֿון אַ זעקסטל פֿון דעם ערדקײַלעך, נאָר אויך צענדליקער און צענדליקער מיליאָנען גלויביקע אין אים איבער אַלע קאָנטינענטן. ער, דער קאָמוניסטישער גאָט אויף דער ערד, איז דער שולדיקער אינעם פּײַן, יסורים און טויט פֿון צענדליקער מיליאָנען מענטשן, אָבער די גלויביקע אין אים האָבן זײַנע מאָנסטרועלע פֿאַרברעכנס פֿאַרענטפֿערט מיט דעם זעלבן רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם, ווי דער לובאַוויטשער רבי און דער ליטווישער רב שאַך האָבן פֿאַרענטפֿערט גאָט אין הימל פֿאַר זײַן גלײַכגילטיקייט אין די פֿינצטערע טעג, ווען די מלאכי־חבלה פֿון דעם נאַצישן גאָט אויף דער ערד האָבן געשאָכטן אונדזער פֿאָלק מיט דער כּוונה אָפּצומעקן עס פֿון דער ערד.

איך קען אַ גרעסערע צאָל לידער פֿון יידישע דיכטער, וואָס האָבן געלויבט סטאַלינען מיט ענלעכע שבֿחים, מיט וועלכע רעליגיעזע יידן לויבן גאָט אין קדיש און אין אל מלא רחמים, מיט דער אונטערשייד וואָס דער קדיש יתום איז געשריבן אין אַראַמעיש און די לויבלידער פֿאַר סטאַלינען אין יידיש, אָבער מיט די זעלבע פּירקאַנטיקע אותיות.

איז דער אונטערשייד צווישן דער אי־ראַציאָנעלער, מעטאַפּיזישער רעליגיע און דער ראַציאָנעלער רעליגיע מתוך אידעאָלאָגיע בלויז דער, וואָס דער גאָט פֿון דער ערשטער געפֿינט זיך אין הימל און איז נישט צו דערגרייכן פֿיזיש, בעת די געטער פֿון די רעליגיעס־אידעאָלאָגיעס גע־וועלטיקן אויף דער ערד און די פֿאַרביטערונג פֿון זייערע פֿאַרפֿירטע בעלי־אמונה לאָזט זיך לסוף אויס צו זייערע קעפּ.

ווי אַזוי איז בכלל געקומען צו גאָט־זוכעניש פֿונעם מענטש סיי אויף דער ערד און סיי אין הימל ?

זינט דער מענטש האָט אָנגעהויבן באַגרייפֿן זיין פֿאַרגענגלעכקייט און שרעקלעכע איינזאַמקייט אויף דער וועלט, לעבט ער אין קאָסמישער שפּאַנונג און פּחד. דער אינסטינקט פֿון פּחד פֿאַר אויפֿהאַלטן דאָס לעבן — אַן אינסטינקט וואָס איז גלייך פֿאַר אַלע לעבעדיקע יצורים — איז גע־שטאַרקט געוואָרן פֿון דעם אומגעהייער אין וועלכן דער מענטש לעבט און באַגרייפֿט אים נישט. אויב ער, דער מענטש, טראַכט, פֿילט ווייטאָג, קען באַהערשן אַלץ וואָס איז שוואַכער פֿון אים — לעבט אויך די זון, די לבֿנה, די שטערנס, די שטיינער אויף דער ערד. אָט געשעט און אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿאַרניכטעט די חיות און די געוויקסן, מיט וועלכע דער מענטש שפּייזט זיך. איז אַ סימן, אַז דאָס געוויסער לעבט און קען טאָן צום מענטש גוטס, אָדער שלעכטס. די זון איז אָפּט גורם אַ טריקעניש, דאָס גריבס אויף די פֿעלדער ווערט פֿאַרברענט, די גראָז־עסנדיקע חיות שטאַרבן פֿון הונגער צוזאַמען מיט דעם מענטש. איז אַ סימן, אַז די זון לעבט און איז מסוגל צו טאָן מיטן מענטש וואָס זי וויל מיט אים טאָן. דאַרף דער מענטש בעטן צו די שטאַרקערע עלעמענטן, וואָס רינגלען אים אַרום, זיי זאָלן אים נישט קוועלן, נישט פֿאַרהונגערן, נישט קראַנק מאַכן, נישט אומברענגען.

דער פּרימיטיווער מענטש האָט זיך גייסטיק נישט געקענט אַן עצה געבן דערמיט, מיט וואָס די נאַטור־דערשיינונגען און די הימל־קערפּערס האָבן אים באַלאַסטעט. וואָס מער נסיונות פֿון טריקעניש און פֿאַרפֿלייצונגען, פֿון ערד־ציטערניש, פֿון עפּידעמיעס, פֿון וועטער־שטורעמס, אַלץ מער האָט זיך געשטאַרקט זיין קאָסמישע שפּאַנונג און דער פּחד. שפּורן דערפֿון זענען געבליבן אין דעם רעליגיעזן שטייגער ביי יידן: כאָטש אַ רעליגיעזער ייד ווייסט, אַז בליץ און דונער זענען איין און די זעלבע דערשיינונג — מאַכט ער פֿאַר בליץ די ברכה „עושה מעשה בראשית” און פֿאַר אַ דונער —

„שכוחו וגבורתו מלא עולם". און כאָטש דער רעליגיעזער ייִד האָט אין דער טעלעוויזיע געזען ווי אַזוי אַ מענטש, דערצו אַ גוי, שפּאַצירט אויף דער לבֿנה און פֿלאַנצט אַרײַן אינעם באָדן פֿון דער לבֿנה די אַמעריקאַנער פֿאָן — איז ער ממשיך מקדש צו זײַן די לבֿנה, און ער בענטשט די זון און די לבנה, און די שטערנס, און דעם הימל און אַפֿילו דאָס וואַסער וואָס איבער דעם הימל (אין סדר קידוש לבנה). ענלעך מיט דער תּפֿילה פֿאַר רעגן און פֿאַר טוי — רעמיניסצענצן פֿון דער מענטשלעכער שפּאַנונג אין שײַכות צו נאַטור־דערשײַנונגען פֿון פֿאַר צענדליקער און צענדליקער טויזנטער יאָרן — איידער עס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די אמונה אין איין גאָט און דער אַקט פֿון מתּן תּורה.

איך וואָלט דעם פּחד פֿון דעם מענטש און זײַן קאָסמישע שפּאַנונג, אין וועלכער ער לעבט ביזן הײַנטיקן טאָג פֿאַרגליכן צום פּחד און פֿאַרלוירנקייט, וואָס באַהערשט אַ קינד. ווי האַנדלט אַ קינד אין אַ מצב פֿון שרעק? עס כאַפּט זיך אָן בײַם קלייד פֿון דער מאַמען און עס איז זיכער, אַז די מאַמע איז די שטאַרקסטע אין דער וועלט און זי וועט אים באַשיצן פֿון אַלדאָס בייזס. אויך דער מענטש, אין קאָסמישער שפּאַנונג און אין פּחד פֿאַר דעם אומבאַקאַנטן, האָט געזוכט און זוכט נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג זיך אָנצוכאַפּן „בײַם קלייד פֿון דער מאַמען", ווי אַ העכערער געטלעכער כּוח, וואָס וועט אים העלפֿן און שיצן...

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פֿאַר דער קאָסמישער שפּאַנונג איז די אויסטערלישע און אומדערקלערלעכע דערשײַנונג אויך בײַ אַ צאָל נאַטור־וויסנשאַפֿטלער, וואָס פֿאַראַלעל מיט זייער עקזאַקט וויסן ווערן זיי רעליגיעז אָדער זענען ממשיך זייער רעליגיעזיטעט פֿון דער היים, נישט געקוקט דערויף וואָס צווישן זייער רעליגיעזיטעט און וויסן הערשט אַ תּהום פֿון סתּירה. אַ וויסנשאַפֿטלער אין הויכער מאַטעמאַטיק, אַן אַסטראָנאָם און חלל־פֿאָרשער זעען דעם קאָסמאָס ווי אַ סטרוקטור, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אָנהייב אין קיין צום צײַט־דימענסיע און וועט וואַרשײַנלעך קיין מאָל נישט האָבן קיין סוף. אין קאָסמאָס הויזן אומציילקע זונסיסטעמען. דאָס וואָס דער מענטש רופֿט אָן הימל, „דער הימל איבער אונדזערע קעפּ", איז פּאַקטיש אויך אונטער אונדז און איז פֿאַקטיש נישט דאָס, וואָס מיר זענען זיכער אַז מיר זעען. נישט געקוקט דערויף זענען נישט זעלטן די פֿאַלן ווען אָט אַזעלכע וויסנשאַפֿטלערס ווערן רעליגיעז, נעמען אָן די רעליגיעזע דאָגמעס. אויב זייער רעליגיע איז אַ מאָנאָטעיִסטישע, אַקצעפּטירן זיי דעם פּראָצעס פֿון מעשה בראשית, ווי ער קומט צום אויסדרוק אין ספֿר בראשית. אויב ער איז אַ ייִד, נעמט ער אָן די דאָגמעס פֿון דער גרונטיקער ייִדישער רעליגיע און דערמיט אויך אַז גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטש און אַז די גאַנצע וועלט עקזיסטירט סך־הכּל נישט קיין גאַנצע זעקס טויזנט יאָר. אויב ער איז אַ קריסט, נעמט ער אָן די דאָגמע פֿון דער דרײַאייניקייט, און אַז ישו,

געבוירן ווי אַ ייִד פֿון אַ בתולה, איז נאָך זײַן טויט אויפֿגעשטאַנען תחית המתים און איז געוואָרן אַ גאָט.

ווי אַזוי גייען צוזאַמען דער ראַציאָנאַליזם פֿון דער עקזאַקטער וויסנ־שאַפֿט מיט דעם אי־ראַציאָנאַליזם וואָס אין דער רעליגיע? קיינער וועט אַזעלכע אַפּיקורסים־אַקאַדעמיקער און חוזרי־בתשובֿה נישט באַשולדיקן אין פֿאַראַנויע. די ריכטיקע אויפֿקלערונג פֿאַר אַזאַ קעגנזעצלעכקייט וועט מסתּמא זײַן די, אַז אויך דער אינטעלעקטואַל און דער וויסנשאַפֿטלער איז אין דעם אומגעהײַער, וואָס הייסט קאָסמאָס, נישט ווייניקער פֿאַרלוירן אין קאָסמיש־געשפּאַנט, ווי עס איז דער שפּײַזקרעמער, אָדער ווי עס איז געווען דער פּרימיטיווער מענטש, וואָס האָט נישט געקענט זיך אַן עצה געבן מיט דעם אַלעמען.

דער מאָדערנער רעליגיעזער מענטש האָט פֿאַר זײַן איינזאַמקייט אין דעם אומגעהײַער אַ מעטאַפֿיזישע דערקלערונג: גאָט פֿירט די וועלט און איך דאַרף מקיים זײַן די מצוות, וואָס ער האָט געבאָטן. איך דאַרף אים דאַנקען פֿאַר דעם ווויל, וואָס ער טוט מיט מיר, און מתפּלל זײַן צו אים אין נויט. דער סעקולערער מענטש איז אַ פֿאַטאַליסט: מײַנע עלטערן האָבן מיך נישט געפֿרעגט, צי איך וויל קומען אויף דער וועלט, נעם איך דאָס לעבן ווי עס איז. אָבער אויך דער סעקולערער מענטש איז געבענדיקט פֿון דער קאָסמישער שפּאַנונג. אויך אים איז שווער זיך אויסצוגעפֿינען אין דער פֿאַרלוירנקייט. איז ער אויך אין אַ היפּשער מאָס אַבערגלויבעריש־רעליגיעז. ער גלויבט אין מזל, אין גורל, ער וועט אין אַ האָטעל נישט נעמען קיין צימער מיט דעם נומער 13, ער וועט צוריקגיין אַ פּאָר טריט אויב אַ שוואַרצע קאַץ וועט אים פֿאַרבײַלויפֿן א״א...

דער מאָדערנער מענטש איז סאָפֿיסטיצירט און ער האָט אַן אַ צאָל כּלים זיך אַן עצה צו געבן, סײַדן אין קאַטאַסטראָפֿעס, ווען די מיטלען גייען אַרויס פֿון זײַן שליטה. כּדי דאָס פֿעלד זאָל זײַן פּרוכטיק, מוז ער נישט מתפּלל זיין צו גאָט: געהעריקע כעמישע באַמיסטיקונג און גוטע באַוואַ־סערונג און דאָס פֿעלד וועט אים אָפּדינען ווי צום בעסטן. דער מאָדערנער מענטש מוז נישט אַנטלויפֿן און ווײַכן פֿון שטחים, וואָס זענען באַדראָט פֿון ערד־ציטערנישן. די מאָדערנע אַרכיטעקטור פֿון הײַזערבוי באַוואָרנט אַז אַ הויז געבויט פֿון אײַזן־בעטאָן און אין אַ גענוגנדיקער טיפֿקייט פֿון זײַן פֿונדאַמענט, זאָל בלײַבן אומבאַשעדיקט אַפֿילו בײַ אַ גאָר שטאַרקער ערד־ציטערניש, ווי, למשל, אַזאַ וואָס האָט חרובֿ געמאַכט ביזן גרונט יאָקאָהאַמאַ און טאָקיאָ אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. מיט צען, צי מיט צוואַנציק טויזנט יאָר פֿריער און אַפֿילו שפּעטער איז דער מענטש געווען אומבאַהאָלפֿן. ער האָט נישט געהאַט די כּלים אַפֿילו אַרבערצושיפֿן זיך איבער אַ טײַך, ער האָט נישט געהאַט די מיטלען אָפּצוצײַען דאָס וואַסער פֿון די פֿאַרפֿלייצטע פֿעלדער, וואָס האָבן אים געשפּײַזט, ער האָט נישט

געהאַט די מיטלען צו היילן זיך פֿון קראַנקייטן. דאָס איינציקע וואָס דער מענטש האָט פֿאַרמאָגט איז געווען תּפֿילה: בעטן צום טײַך, ער זאָל אים נישט פֿאַרפֿלייצן, בעטן צום ווינט ער זאָל נישט שטורמען און נישט צעשטערן זײַן געצעלט, בעטן צו דער זון זי זאָל נישט אויסטריקענען די פֿעלדער, בעטן צו דער לבֿנה זי זאָל אים צולײַכטן אין די נעכט ווען ער גייט אַרויס אויף אַ נאַכטגעיעג, ווען חיות און עופֿות דרימלען.

אַט אויף דעם שטייגער האָט דער מענטש אָנגעהויבן גלויבן אין די אַלע אָביעקטן ווי אין געטלעכקייטן: אויב די זון קען סײַ צעשטערן און סײַ באַלעבן, דאַרף מען צו איר בעטן. אויב דער ווינט, וואָס מען זעט אים נישט, קען זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ צעשטערערישן שטורעם, דאַרף מען צו אים בעטן ער זאָל זײַן אַ גוטער. פֿון אָט דעם זענען נתגלה געוואָרן געטער — קליינע געטער, גרויסע געטער און מיטעלע געטער.

אין יאַפּאַן האָב איך פּערזענלעך אַרויפֿגעקלעטערט עטלעכע שטאָק אינעם גאָט דאַי־בוטסו, אַ קרוב פֿון די אינדישע געטער; אויפֿן העלפֿאַנד־אינדזל אין באָמבײַ האָב איך אין דעם דאַרטיקן אַרכיטעקטאָניש־וווּנדערבאַרן טעמפּל געזען ווי מענטשן זענען מתפּלל צו אַ גאָט וואָס וועגט מסתמא אַ צוואַנציק טאָן און מער. ווער עס האָט באַזוכט מעקסיקע האָט זיך מסתמא באַקענט מיט אַצטעקישע געטער, וואָס יעדער איינער וועגט מינדסטנס אַ צען טאָן. דאָס זענען שווערוואָגיקע געטער פֿון פֿעלקער וואָס זיצן סטאַביל אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע. פֿעלקער וואָס וואַנדערן אָדער ווילן האָבן געטער נאָענט צו זייערע הײַזער, האָבן קליינע געטער, וואָס מען קען זיי מיטנעמען מיט זיך. אַזעלכע קליינע געטער האָב איך באַזוכט אין אַ טעמפּל אין דער שטאָט פּענאַנג, אויפֿן אינדאָכינעזישן האַלבאינדזל. בײַ דער גע־לעגנהייט האָב איך זיך צוגעקוקט פֿון וואָס די דאָרטיקע מיניאַטור־געטער מאַכן אַ לעבן: די געטער שטייען, אָדער זיצן אויף פֿאַכן אַרום די ווענט פֿונעם טעמפּל. אין דער מיט, אויף אַ נידעריקן מזבח ברענט אַ שײַטער. די גלויביקע ברענגען שפּײַז פֿאַר די געטער; יעדער ווערדליך זײַנע עקאָנאָ־מישע מעגלעכקייטן: איינער ברענגט אַ קוישל פּרוכטן, דער צווייטער אַ טעלער רײַז, אַ דריטער — די אינגעווײדן פֿון אַ חזיר, אָדער אַ שעפּס, אַ פֿערטער ברענגט אַ בינטל פּעטרישקע. די שפּײַז־מתנות ווערן אַרײַנ־געוואָרפֿן אינעם פֿײַער און ווערדליך דעם ווי די געטעלעך זענען שוואַרץ ווי פּעך, שטויסט מען זיך אָן אַז די געטער שפּײַזן זיך פֿון דעם רויך פֿון די אַלע שפּײַז־מתנות. אינעם טעמפּל פֿילט זיך אַ שאַרפֿער מזרחדיקער ריח פֿון די כל מיני פֿאַרברענטע פּראָדוקטן; דער ריח איז דווקא אַן אָנרעגנדיקער. אַז איך האָב אין זיך אַרײַנגעזעטעמט דעם ריח, האָט מיר דער כהן גדול, אָדער כהן הדיוט פֿונעם טעמפּל אָנגעוויזן אויף זײַן נאָז און אויף מײַן נאָז און מיט אַן אויסגעשטרעקטן פֿינגער צו די געטער, ווי אַ צייכן, אַז דער ריח, וואָס איז גוט צו מײַן נאָז און צו זײַן נאָז, איז

אויך דער ריח ניחוח פֿאַר די געטער. פֿאַר זייער חוש הריח.

ווי עס געשעט אַז עס קומט אײַך פֿון ערגעץ־ווו אַנטקעגן אַ ריח, וואָס דערמאָנט אײַך אײַער קינדהייט, אַזוי האָב איך אינעם טעמפּל אין פּענאַנג, בײַ דער סצענע פֿון שפּײַזן די געטעלעך, זיך דערמאָנט מײַן אייגענע קינדהייט, ווען איך האָב אין חדר, בײַם מלמד כילקע, געלערנט די פּרשה נח, ווי אַזוי נח האָט געבויט אַ מזבח צו גאָט, גענומען פֿון אַלע ריינע בהמות און פֿון אַלע ריינע פֿייגל און זיי געבראָטן אויפֿן מזבח, „וירח יהוה את ריח הנחוח”, „און גאָט האָט געשמעקט דעם געשמאַקן ריח”. אין דער תּורה ווערט מער פֿון אַ צענדליק מאָל דערמאָנט, אַז גאָט האָט ליב דעם ריח פֿון די געבראָטענע קרבנות פֿון בהמות, שעפּסן, ציגן און אַנדערע כּשרע חיות. דער שמש, אָדער גבאי, צי כּהן גדול, אָדער כּהן הדיוט אינעם טעמפּל אין פּענאַנג האָט זיכער נישט געקענט און אַפֿילו נישט געהערט וועגן אַ תּורה פֿון ייִדן, וועגן דעם תּנ״ך בכלל; ער האָט דעם גוטן ריח פֿאַר די נעזער פֿון זײַנע געטעלעך גערירשנט פֿון זײַנע עלטער־עלטער זיידעס מיט טויזנטער יאָרן צוריק. אין דער זעלבער שטאָט פּענאַנג לעבן אויך אינדיער, וואָס זייער רעליגיע איז פֿון אַ העכערן, אינטעלעקטועלן מעמד — בודהיזם, וואָס נאָך גילגול הנשמות ווערט דער מענטש געפֿירט צו זעלבסט־אויפֿלייזונג (נירוואַנאַ) און ער ווערט באַפֿרײַט פֿון די לײַדן פֿון דער וועלט. אין פּענאַנג לעבן אויך מאָסלעמער, מאַנאָטעיִסטן, וואָס ווייסן מסתּמא פֿון וואַנען זייער נבֿיא האָט געשעפּט באַגײַסטערונג פֿאַר אַ נײַער רעליגיע. אָבער די פֿײַנדשאַפֿט צווישן רעליגיעס איז פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי עס איז די בלוט־שׂנאה צווישן מענטשן בכלל, האָבן זיך די אורזיידעס פֿון דעם פּריסטער, וואָס טוט ווויל צו די נעזער פֿון די געטעלעך, פֿאַרעקשנט און געבליבן ביי זייער קולט פֿון פֿאַר צענדליקער טויזנטער יאָרן, און „מײַן” פּריסטער אין פּענאַנג ציט די גאָלדענע קייט...

פֿון אָט דעם אוראַלטן קולט, ווויל צו טאָן די נאָזלעכער פֿון די געטער, זענען רעליגיעזע קולטן איבערגעגאַנגען אויך צו אַן אַנדער פֿאָרעם פֿון ווויל־טאָן די נאָזלעכער פֿון די געטער — שאַפֿן פֿאַר זיי אַ שמעקעדיקן רויך. רויכערן קטורת. אַפֿילו ייִדן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַלע געטער פֿאַר דעם איינציקן גאָט אין הימל, האָבן דעם ענין קטורת איבערגענומען, ווי עס שטייט געשריבן אין דער פּרשה תּשׂא (שמות ל 1 און ווײַטער): „ועשׂית מזבח מקטר קטורת עצי שיטים תעשׂה אותו” — „און זאָלסט מאַכן אַ מזבח צום רייכערן ווײַרויך, פֿון אַקאַציע־ביימער זאָלסטו אים מאַכן.”... ואת קטורת הסמים לקודש בכל אשר ציויתך יעשׂו” — ...„און דעם ווײַרויך פֿון שמעקעדיקע געווירצן פֿאַרן הייליקטום, ווי אַלץ וואָס איך האָב דיר געבאָטן זאָלן זיי טאָן”. די קריסטן, וואָס האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון דער מערהייט מצוות פֿון דער תּורה, האָבן פֿון דעסטוועגן איבערגענומען דעם אוראַלטן פּאַגאַנישן שטייגער פֿון רויכערן קטורת פֿאַר די ראַפֿינירטע נעז

פֿון די געטער, דאָך מיט אַ קריסטלעכן אויסטײַטש...

אוודאי האָבן די פּרימיטיווע מענטשן אין זייער פּחד פֿאַר דעם אומ־געהײַער, וואָס רינגלט זיי אַרום און פֿון דער קאָסמישער שפּאַנונג, געגלויבט אינעם לעבן פֿון די נאַטור־אָביעקטן און סטיכיעס. האָבן זיך די אָביעקטן און סטיכיעס פֿאַרוואַנדלט אין געטער. און אויב מענטשן קענען נישט לעבן פֿון תּעניתים און זיי האָבן הנאה פֿון שפּײַז, האָבן די מענטשן צוגעשריבן זייערע געטער מענטשלעכע אייגנשאַפֿטן. ווי מענטשן קענען זײַן סײַ גוט און סײַ שלעכט — אַזוי אויך די געטער, דאַרף מען מיט זיי לעבן בשלום — ברענגען פֿאַר זיי קרבנות — די געטער פֿון שטיין און האָלץ זאָלן נישט אָנטאָן קיין צרות. איז די ראַפֿינירטקייט פֿון ברענגען קרבנות צו די געטער דערפֿירט געוואָרן ביז קרבנות פֿון מענטשן.

דער כנענישער גאָט מולוך האָט ליב געהאַט דווקא קרבנות פֿון מענטש־לעכע קינדער. פֿאַרוואָס דווקא קינדער? מסתּמא דערפֿאַר ווײַל קינדער זענען אומבאַהאָלפֿן און שוואַך און זיי קענען זיך נישט פֿאַרטיידיקן. מעקסיקע איז אָפּגעטיילט פֿון כּנען דורך אַ גרויסן קאָנטינענט און צוויי אָקעאַנען. איז שווער צו זאָגן ווער עס האָט דעם איינפֿאַל צו ברענגען מענטשן ווי קרבנות פֿאַר זייער גאָט איבערגענומען פֿון וועמען, די אַצטעקן אין מעקסיקע פֿון די כּנענים אָדער פֿאַרקערט. ווי עס זאָל נישט זײַן האָבן די אַצטעקן יעדעס יאָר געבראַכט ווי אַ קרבן פֿאַר זייער גאָט אַ יונג מיידל. פֿאַרוואָס אַ יונג מיידל? מסתּמא מחמת דער זעלבער סיבה פֿאַרוואָס די כּנענים האָבן צו מולוכן געבראַכט ווי אַ קרבן קינדער.

אַן אָפּהילך וועגן מענטשלעכע קרבנות פֿאַר אַ גאָט הערן מיר אין דער דראַמע עקדת יצחק: (אברם) אברהם איז געקומען פֿון אַ געצנדינע־רישער משפּחה אין חרן. ווען גאָט האָט צוגערעדט אברהמען ער זאָל פֿאַרלאָזן זײַן פֿאָטערלאַנד און זײַן פֿאָטערס הויז און זיך איבערקלײַבן קיין כּנען, איז ער אַלט געווען פֿינף און זיבעציק יאָר. אין אַזאַ עלטער איז היפּשלעך שווער זיך אָפּצוגעוווינען פֿון אַן אײַגעוואָרצלטן שטייגער אין הויז פֿון דעם טאַטן און זיידן. דער אײַנגעוואָרצלטער שטייגער איז דעמאָלט געווען דער שטייגער פֿון דעם נישט ווײַטן כּנען, ווו מען האָט געבראַכט קינדער ווי אַ קרבן פֿאַר דעם גאָט מולוך. ביז אין עלטער פֿון אַן ערך נײַנציק יאָר האָט שׂרה, אברהמס ווײַב, נישט געהאַט קיין קינד. צו נײַנציק יאָר איז געשען דער נס און זי האָט געבוירן יצחקן. אַן איין און איינציקן זון! די דאַנקבאַרקייט פֿון אברהם צו גאָט איז געווען אין לשער. פֿון דאַנקבאַר־קייט און ליבשאַפֿט צו גאָט איז אברהם גרייט געווען צו יעדן קרבן וואָס ער, גאָט, וועט פֿאָדערן פֿון אים. איז געשען און גאָט האָט אויסגעפּרוווט אברהמען און געזאָגט צו אים: „קח־נא את בנך את יחידך אשר אָהבת את יצחק" — „נעם נאָר דײַן איינציקן זון, וואָס דו האָסט ליב, יצחקן, גיי אַוועק אין לאַנד מוריה און ברענג אים דאָרט פֿאַר אַ בראַנד־קרבן".

אָן צו טראַכטן האָט אברהם אָנגעהאַקט האָלץ פֿאַר אַ שײַטער צו פֿאַר־ברענען זײַן איינציק־אָנערקענטן זון און איז מיטן ייִנגל אַוועק צו דעם פּלאַץ צו שעכטן און ברענגען יצחקן פֿאַר אַ קרבן. אברהם דער נעאָפֿיט, וואָלט אים מסתמא געשאָכטן און פֿאַרברענט, ווען גאָט וואָלט דורך אַ מלאך נישט פֿאַרהאַלטן זײַן האַנט מיט דעם אויסגעשטרעקטן חלף. וואָרעם פֿון אברהמס לאָיאַליטעט האָט גאָט געזען זײַן אומגעווײנטלעכע גאָטספֿאַרכטי־קייט. אָבער אָן אַ קרבן איז ער נישט אָפּגעקומען. אברהם האָט געשאָכטן אַ הירשל און עס פֿאַרברענט אויפֿן שײַטער אָנשטאָט זײַן זון...

אין דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון רעליגיעזן, מעטאַפֿיזישן גלויבן, און כּסדר אין דער זעלבער קאָסמישער שפּאַנונג און פּחדים זענען מענטש־לעכע קרבנות אײַנגעטוישט געוואָרן אויף קרבנות פֿון בהמות. דער ייִדישער רעליגיעזער גלויבן איז געווען דער ערשטער גלויבן אין איין איינציקן גאָט בײַ דער זײַט פֿון פּילגעטערײַ, און ווײַל דער גלויבן אין קרבנות איז געווען אײַנגעוואָרצלט טיף אין די הערצער און אינעם שטייגער פֿון מענטשן, האָט די תּורה איבערגענומען דעם שטייגער און אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאָמ־פּליצירטן סיסטעם, וואָס בעיקר ווערט ער באַהאַנדלט אין ספֿר ויקרא. אַפֿילו משה, דער גרעסטער קאָדיפֿיקאַטאָר און הומאַן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, דער שעפֿער פֿון דעם ייִדישן עטישן קאָדעקס און וואָס האָט באַקעמפֿט געצנדינערײַ, האָט, כּדי נישט צו פֿאַרלירן דאָס פֿאָלק (וואָס האָט נאָך טיף געשטעקט אין געצן־דינערײַ) באַשטעטיקט די הלכה פֿון קרב־נות: נאָך דעם ווי משה האָט דעם פֿאָלק איבערגעגעבן אַלע ווערטער פֿון גאָט, איז ער אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי „ויבן מזבח תחת ההר און געבויט אַ מזבח אונטערן באַרג און געשיקט יונגע־לײַט פֿון די בני ישׂראל, און זיי האָבן געבראַכט אַ בראַנד־קרבן און געשאָכטן אָקסן ווי גאַנצע קרבנות צו גאָט — „ויעלו עולות ויזבחו זבחים שלמים ליהוה פּרים". און משה האָט גענומען דאָס בלוט און עס געשפּרענגט אויפֿן פֿאָלק און געזאָגט: הנה דם־הברית אשר כרת יהוה עמכם על כל הדברים האלה" — „דאָס איז דער בלוטבונד, וואָס גאָט האָט מיט אײַך געשלאָסן פֿון וועגן די דאָזיקע ווערטער" (שמות כד).

נישט געקוקט דערויף וואָס די הלכה פֿון קרבנות איז נישט אָפּצוטיילן פֿון אַלע געטלעכע תּורה־געבאָטן, האָבן ייִדן, נאָכן חורבן בית המקדש, אָפּגעשאַפֿט קרבנות פֿון באַשעפֿענישן (באשר חורבן בית המקדש). דער תּירוץ מיט „חורבן בית המקדש" איז אַ תּירוץ פֿאַר די בענטש־לײַכטער. דער אמת איז, אַז ייִדן האָבן דעמאָלט געהאַט דערגרייכט אַ העכערע קולטור־מדרגה און די דעמאָלטיקע קולטור־פֿעלקער האָבן געחוזקט פֿון ייִדן פֿאַר זייער פֿאַרוואַנדלען זייער הייליקסטן פּלאַץ, דעם בית המקרש, אין אַ שעכט־הויז. די מעשׂה קרבנות איז געבליבן בלויז בײַ די שומרונים און אַראַבער.

צום באַדויערן איז די ווילדע באַרבאַרישע בענקשאַפֿט נאָך קרבנות

קאַפּויער געקומען אין אונדזער צײַט בײַ יענע ייִדישע פֿאַנאַטיקער אין ירושלים, וואָס לייגן אײַן וועלטן צו געפֿינען אין וועלכער עס איז גוייִשער מדינה אַ „פּרה אדומה" און זי ברענגען קיין ישׂראל ווי אַ קאַנדידאַטין צו באַנײַען דעם סדר קרבנות אויפֿן הר הבית ווען דער בית־המקדש וועט אָפּגעבויט ווערן...

ביזן דערשײַנען פֿון וואָלטער, דעם קירכן־פֿײַנדלעכן אויפֿקלערער, פֿילאָ־זאָף, פּאָעט און היסטאָריקער (1694—1778), איז יעדער אויסדרוק פֿון סעקולאַריזאַציע געווען כּפֿירה און די כּופֿרים זענען געברענט געוואָרן אויפֿן שײַטער־הויפֿן. כּפֿירה איז געווען אַלץ, וואָס האָט נישט געשטימט מיט די דאָגמעס פֿון דער קאַטוילישער קירך: די ערד האָט זיך נישט געטאָרט דרייען, נישט אַרום דער זון און נישט אַרום זיך. זי האָט געמוזט בלײַבן אויסגעשפּרייט ווי אַ טעפּעך, ווי ישעיהו הנביא האָט זי געזען, מיט פֿיר עקן. די קאָסמאָגראַפֿיע האָט נישט געטאָרט זײַן אַנדערש ווי אין ספֿר בראשית.

דער גרעסטער וויסנשאַפֿטלער ביזן 17טן יאָרהונדערט, גאַליליי גאַ־ליליי, פֿיזיקער, באַגרינדער פֿון דער מעכאַניק, אַסטראָנאָם, האָט אין יאָר 1633 געמוזט פֿאַר דער אינקוויזיציע אין רוים אָפּלייקענען אַלץ וואָס ער האָט אויסגעפֿונען פֿון די אייביקע נאַטור־געזעצן. ווײַל די קירך האָט גע־וואָלט, אַז אַלע פּראָצעסן אין דער נאַטור, אין סאָציאַלן און אין עקאָנאָמישן לעבן זאָלן האָבן די רעליגיעזע באַזע. אויפֿשטאַנדן מחמת עקאָנאָמישע סיבות האָבן אַנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון קעמפֿערישער רעליגיעזער אָפּאָזיציע: דער קאַמף פֿון דעם טשעכישן רעפֿאָרמאַטאָר הוס איז אין תוך געווען אַ פּאַטריאָטישער קאַמף פֿון דעם טשעכישן פֿאָלק קעגן דעם דײַטשן אימפּעריאַליזם, וואָס האָט אונטערדריקט די טשעכן. האָט דער קאַמף לסוף אַנגענומען אַ רעליגיעז־רעפֿאָרמאַטאָרישן כאַראַקטער און די קאַטוילישע קירך האָט הוסן פֿאַרברענט ווי אַ כּופֿר. ענלעך איז געווען דער קאַמף פֿון דעם שווייצאַרישן רעפֿאָרמאַטאָר צווינגלי. די גרונט־סיבה איז געווען אַ פּאָליטישע, צווישן די קאַנטאָנען און קעגן דער אונטערדריקונג פֿון דער קירך מיט אירע ווילדקייטן. צווינגלי האָט געוואָלט מער פֿרײַהייט פֿאַרן פֿאָלק. האָט דער קאַמף לסוף זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ מלחמה צווישן זײַנע כּוחות און די קאַטוילישע קאַנטאָנען, און אין דעם קאַמף איז ער געפֿאַלן.

מיר האָבן אַן ענלעכן בײַשפּיל ווי אַזוי אויך אין ייִדישן לעבן איז אַ סאָציאַלער קאַמף פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעליגיעזער באַוועגונג, וואָס האַלט אַן ביזן הײַנטיקן טאָג. כ'מיין דאָ די באַוועגונג וואָס אויפֿן נאָמען פֿון ר' ישׂראל בעל־שם־טוב:

אין אַכצנטן יאָרהונדערט איז דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער מרחק צווישן אָרעם און רײַך בײַ ייִדן געווען נישט קיין קלענערער ווי דער מרחק צווישן דעם פּעאָדאַל און דעם וואַסאַל אין דער קריסטלעכער וועלט.

אויף אַן אַרעמאַן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַ „געמיינער מאַן". פֿון דעם היסטאָרישן און לעגענדאַרן אַרום דעם בעש"ט באַקומט זיך אַ רעאַלער קערן, אַז אַפֿילו זײַן אייגענער שוואָגער, דער בראָדער רב, האָט זיך געשעמט מיט אים, דעם געמיינעם מאַן, וואָס האָט גענומען פֿאַר אַ ווײַב זײַן פֿאַרזעסענע שוועסטער און ער האָט אים געגעבן געלט ער זאָל פֿאַרלאָזן בראָד און זוכן פּרנסה אין אַן אַנדער פּלאַץ. צווישן די קהל־פֿאַרזאָרגער און דעם יִידישן קלער פֿון איין זײַט און דעם „פּראָסטן פֿאָלק", איז געלעגן אַ תהום. מיט הונדערט יאָר שפּעטער האָט דאָך מענדעלע, דער יִידישער בעלעטריסט, באַשריבן די בעלי טאַקסע, קהלס סטראַפּטשעס, די בלוטזויגערס. קעגן דעם האָפּענונגסלאָזן מצבֿ פֿון די „געמיינע לײַט" איז אויפֿגעשטאַנען די באַוועגונג פֿון חסידות. צו דער באַוועגונג זענען צוגעשטאַנען אַזעלכע הומאַנע פּערזענלעכקייטן ווי רבי נחמן בראַסלאַווער, אַ דיכטערישע נשמה, וואָס האָב ליב געהאַט מענטשן בתכלית האהבה, רבי פּנחס מקאָרעץ, רבי מאיר פֿון פּרעמישלאַן און זייערס גלײַכן, וואָס אַלע האָבן זיי געשטרעקט דאָס לעבן פֿאַרן יִידישן מענטש. די קעגנער פֿון דער באַוועגונג זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געציטערט פּחד מות פֿאַר יעדער סאָציאַלער ענדערונג אין דער יִידישער געזעלשאַפֿט, אַזוי ווײַט אַז ווען אין דער באַוועגונג האָט זיך אָנגעשלאָסן רבי שניאור זלמן מלאַדי (שניאורזאָן), האָבן די פֿירער פֿון די מתנגדים אים געמסרט פֿאַר דער צאַרישער מאַכט, אַז ער איז אַן אָנהענגער פֿון נאַפּאָלעאָנען און איז קעגן דעם צאַרישן רעזשים. שניאור זלמן איז אין דער יוגנט געווען אַ תלמיד פֿון דעם מעזריטשער מגיד און ער האָט פֿאַרהייליקט דעם דרך פֿונעם בעש"ט. דער שפּעטער פֿונעם חב"דישן חסידות וואָלט מסתמא אויסגעגאַנגען אין דער פּעטערבורגער פֿעסטונג, ווען זײַנע חסידים וואָלטן אים נישט באַפֿרײַט פֿאַר אַ גרויסע סומע שוחד־געלט. אַזוי ווי דאָס גאַנצע יִידישע לעבן איז דעמאָלט געווען באַזירט אויסשליסלעך אויף רעליגיעזער דיסציפּלין, איז די חסידישע באַוועגונג אַוועק אין דער געשיכטע ווי אַ רעליגיעזע באַוועגונג, אָבער זי איז דאָך געווען און איז געבליבן אַ פֿאָלקס־באַוועגונג.

אין דעם זעלבן יאָרהונדערט ווי עס איז אַנטשטאַנען די באַוועגונג פֿון בעש"ט, איז פֿאַר דער פֿראַנצייזישער רעוואָלוציע פֿאָרגעקומען אַ טיפֿע קולטור־רעוואָלוציע, וואָס האָט אָפּגעטיילט, אָדער אָנגעצייכנט שאַרפֿע גרענעצן צווישן וועלטלעכע ענינים און רעליגיע. די רעוואָלוציע האָבן געמאַכט די ענציקלאָפּעדיסטן אין פֿראַנקרײַך: וואָלטער, דידעראָ, רוסאָ, מאָנטעסקיע און אַנדערע. וואָלטער, אַ פֿילאָזאָף, אַ דיכטער, אַ היסטאָריקער און פּאָלעמיסט, איז געווען אַן אומדערשראָקענער קעמפֿער קעגן דער קירך. ער האָט אויפֿגעדעקט די פֿאַלשקייטן און די צבֿיעות פֿונעם קלער וואָס אונטער דער מאַסקע פֿון רעליגיע וויל ער אויפֿהאַלטן די פֿינצטערניש פֿונעם מיטלאַלטער און פֿאַרשטעלן דעם וועג צו יעדן פֿרײַען געדאַנק, וואָס

איז עלול צו באַדראָען זײַן מאַנאָפּאָל פֿון דער רעליגיע איבער דעם לעבן פֿון מענטשן.

פֿון פֿראַנקרײַך האָט זיך די אויפֿקלערונג איבערגעטראָגן קיין דײַטשלאַנד און אין אַנדערע אײראָפּעיִשע לענדער. די מענטשלעכע מחשבֿה איז געוואָרן פֿרײַ פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט. אַזוי אַרום זענען פֿאַר וועלטלעכע פּראָבלעמען און פּראָצעסן אויפֿגעקומען אידעאָלאָגיעס אָן דער אינגערענץ פֿון רעליגיע.

אָן דער ענציקלאָפּעדיסטישער אויפֿקלערונג וואָלט נישט אַנטשטאַנען די אידעאָלאָגיע פֿון סאָציאַליזם (מאַרקסיזם, קאָמוניזם) און אַנדערע פּאָליטישע און געזעלשאַפֿטלעכע אידעאָלאָגיעס. מיט אָט דער ליניע פֿון אויסער־רעליגיעזער אינגערענץ זענען ביי ייִדן אויפֿגעקומען די בונדישע אידעאָלאָגיע, די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע (די בונדישע אידעאָלאָגיע האָט זיך שפּעטער געשפּאָלטן אויף מעסיקע (איינסער) און ראַדיקאַלע (צווייער). די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע האָט זיך געשפּאָלטן אויף פֿינף־זעקס סוב־אידעאָלאָגיעס: צוויי בירגערלעכע, אַ רעוויזיאָניסטישע, פּועלי־ציוניסטישע, באָראָכאָוויסטישע און מזרחישע. ס'איז אויפֿגעקומען אַ טעריטאָריאַליסטישע אידעאָלאָגיע, אַ פֿאָלקיסטישע, אַ צ.ס.־אידעאָלאָגיע, אויב איך האָב נישט פֿאַרגעסן אַנדערע.

כּדי זיך דערנענטערן צו זייערע צילן זענען די אידעאָלאָגיעס געוואָרן קעמפּעריש, מיליטאַנטיש, במילא פֿאַנאַטיש. דער פֿאַנאַטיזם פֿון אַ ייִדישן קאָמוניסט איז נישט געווען שוואַכער פֿונעם פֿאַנאַטיזם פֿון זײַן פֿרומען טאַטן, וואָס איז יומם ולילה געווען אַרײַנגעטאָן אין לערנען גמרא. ווער עס איז געווען באַקאַנט מיט די אידעאָלאָגישע באַוועגונגען ביי ייִדן אין מזרח־אייראָפּע פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, דער ווייסט אויך וועגן די מלחמות, וואָס דער סאָציאַליזם האָט געפֿירט קעגן קאַפּיטאַליזם, קאָמוניזם קעגן סאָציאַליזם, ציוניזם קאָנטראַ בונדיזם, בונדיזם קאָנטראַ ציוניזם, העברעיִזם קאָנטראַ ייִדישיזם — מלחמות וואָס אָפֿט זענען זיי געווען שאַרפֿערע ווי די מלחמות צווישן חסידים און מתנגדים אין דער תקופֿה פֿון אומטאָלעראַנץ, ווען די מתנגדים האָבן באַשולדיקט די חסידים אַז זיי זענען שבתאי צביי־ניקעס. נאָך מער, פּונקט ווי רעליגיעזע ייִדן לעבן לויטן מיטלאַלטערלעכן „שולחן ערוך" און זיי ווילן נישט אָפּווײַכן פֿון דער הלכה, אַזוי האָט אויך דער קאָמוניזם געהאַט אַ „שולחן ערוך" — אַ פּאַרטיי־ליניע, וואָס ווער עס האָט אָפּגענייגט פֿון איר איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ טראָצקיסט, אַן אָפּנייגלער, און פֿאַר אַזעלכע אָפּנייגן האָט מען די אפּיקורסים פֿאַרבעטן קיין מאָסקווע און דאָרט זיי ליקווידירט.*

---

*) די געשיכטע מיט די פּוילישע אָפּנייגלער אין דער שפּיץ מיט דעם קאָמוניסטישן פֿירער וואַרסקי.

די ווײַט גרעסטע מערהייט ייִדן אין פּאַלעסטינע זענען געווען ציוניסטן. געקומען קיין ארץ־ישׂראל כּדי דאָ צו בויען אַ ייִדישע מדינה, האָבן אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען געפֿירט אַ שאַרפֿע מלחמה קעגן דער ייִדישער קאָמוניסטישער באַוועגונג אינעם יישובֿ (די אַזוי גערופֿענע „מאָפּסן"). אָבער אין דער אייגענער ציוניסטישער משפּחה איז אָנגעגאַנגען אַ מלחמה, אין וועלכער עס זענען אָנגעווענדט געוואָרן די שמוציקסטע מיטלען ביז פֿיזיש ליקווידירן קעגנער, אָדער פֿאַרדעכטיקטע אין „פֿאַרראַט" („דער סעזאָן", דער מאָרד איבער חיים אַרלאָזאָראָוו, די פּרשה „אַלטאַלענאַ"). אַפֿילו די רעוויזיאָניסטישע טעראָריסטישע באַוועגונג קעגן ענגלענדער, אצ"ל, איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון אַ „סכיזמע" אויפֿן שטייגער פֿון דער קריסטלעכער קירך און זיך געשפּאָלטן — אצ"ל איז געבליבן בײַ זײַן „קלאַסישן" קאַטאָליציזם און די אָפּגעשפּאָלטענע, די שטערניסטן, אָדער לח"י, זענען געוואָרן „לוטעראַנער", אָדער קאַלוויניסטן. די וועלטלעכע אידעאָלאָגיע פֿון ביידע האָט זיך אין איר קנאַישקייט פֿאַרוואַנדלט אין אַ רעליגיע, וואָס ווייסט נישט פֿון קיין טאָלעראַנץ און ספֿקות.

ווען מען שמועסט וועגן אידעאָלאָגיע־רעליגיע איז די שפּאַלטונג אין דער קיבוצישער באַוועגונג (אחדות העבֿודה און פּועלי ציון) דערגאַנגען ביז טראַגי־קאָמיזם: קיבוצים האָבן זיך געשפּאָלטן, לײַב־חבֿרים זענען זיך צעגאַנגען און נישט געוואָלט זיצן בײַ איין טיש, האָבן זיך אויך די עס־צימערן געשפּאָלטן. פֿאַרפֿעלקער זענען זיך צעגאַנגען מחמת אַן אידעאָלאָגישן קוצו של יוד, די קי־שטעלער זענען געוואָרן באַזונדערע און איין לאַגער האָט בײַם צווייטן אין די נעכט אַרויסגעגנבֿעט קי. אַז אַ פֿרומער ייִד קומט אַרײַן אין אַ ייִדישער שטוב קען ער פֿרעגן, צי די קיך איז אַ כּשרע. אין די געשפּאָלטענע קיבוצים זענען ביידע קיכן אָן צו פֿרעגן געווען נישט קיין כּשרע און איינער האָט נישט געוואָלט עסן בײַם צווייטן...

די מחשבֿה וועגן דער דאָמיניקאַנער אינקוויזיציע מיט איר שפּאַנישן כּהן גדול, טאָמאַס טאָרקוועמאַדאַ, רופֿט נאָך הײַנט אַרויס אַ ציטער. אין וואָס וועלן מיר זאָגן וועגן דער דזשערזשינסקי־סטאַלינישער אינקוויזיציע, וואָס האָט געפּײַניקט און אומגעבראַכט מיליאָנען אומשולדיקע קרבנות און צווישן זיי אויך אַ גרויסע צאָל אויפֿריכטיקע קאָמוניסטן, וואָס זענען געגאַנגען אויף קידוש הקאָמוניסטישע אידעאָלאָגיע און לסוף געלאַנדעט אין די אויספֿאַרש־קעלערן פֿון דער גע.פּע.או. און שפּעטער ען.קא.ווע.דע.?

בנוגע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס שטייען מיר הײַנט פֿאַר אַ צעבראָכענע קאָרעטע. ווי אין די צײַטן פֿון די ענציקלאָפּעדיסטן אין פֿראַנקרײַך זענען דענקענדיקע מענטשן געשטאַנען פֿאַר די צעבראָכענע קאָרעטעס פֿון רעליגיע, אַזוי שטייען הײַנט דענקענדיקע מענטשן פֿאַר די צעבראָכענע קאָרעטעס פֿון פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס. נעכטיקע אידעאַליסטן זענען געוואָרן הערעטיקער, אַנדערע האָבן מורא צו פֿאַרלירן דעם גלויבן און ס'האָט זיך גע־

שטעלט אַ סעזאָן פֿון „צוריק אין שיל אַרײַן״. די חוזרי־בתשובֿה־באַוועגונג האָט אַרומגעכאַפּט נישט בלויז ייִדן; אויך אין די אַנדערע צוויי מאָנאָטעיִס־טישע רעליגיעס שטאַרקט זיך די באַוועגונג צוריקצוקערן צו רעליגיעזיטעט. אָבער די חוזרי־בתשובֿה־באַוועגונג טראָגט מיט זיך די גרעסטע געפֿאַרן, ווײַל צוזאַמען מיטן צוריקקערן צו רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם, ווערן אין דעם גלויבן אַרײַנגענומען די סאַמע רעאַקציאָנערסטע נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן נעכטן נישט געפֿירט צום ציל. אַזוי בײַ ייִדן, אַזוי בײַ די קריסטן און אַזוי אין איסלאַם. דער איסלאַמישער „דזשיהאַד״ סימבאָליזירט אויך דעם נאַציאָנאַליזם, דעם נעאָפֿאַשיזם און דעם „גוש אמונים״ אין ישׂראל.

דאָס איז וואָס איך האָב געוואָלט אויספֿירן, אַז רעליגיע, דורך וועלכער דער פֿאַרלוירענער מענטש האָט זיך געוואָלט אָנהאַלטן בײַ אַ שטאַרקן כּוח, איז אין דער מאָדערנער צײַט אָפּגעטוישט געוואָרן אויף אידעאָלאָגיע. אָבער אויך די אידעאָלאָגיע איז לסוף געוואָרן אַ רעליגיע און זי האָט נישט דערפֿירט צום אויסגעבענקטן ציל. האָבן מיר איצט אַ קאָקטייל: רעליגיע אין דער פֿאַנטאַסטישער פֿאָרעם געמישט מיט נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע, וואָס אויך זי האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין רעליגיע...

איצט רופֿט זיך איבער דער „דזשיהאַד״ פֿון דעם אַראַבישן „כאַמאַס״ (אַראַבישע פֿונדאַמענטאַליסטישע באַוועגונג) מיט דעם פּראַוואָסלאַוונעם „פּאַמיאַט״ און מיט דעם ייִדישן „גוש אמונים״, וואָס אין זײַן שפּיץ שטייען יענע שוואַרצע כּוחות, וואָס האָבן מער בײַגעטראָגן צום חורבן בית המקדש און צום פֿאַרלירן די נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט ווי די געצנדינערישע רוימער מיט זייערע מענטשן־געטער...

# מדינת ישראל און דאָס וועלט־ייִדנטום

א.

ייִדן, קינדער פֿון דעם צום מערסטן געפּרוווטן פֿאָלק צווישן פֿעלקער, האָבן געהאַט זייער פֿילאָסאָפֿיע בנוגע דעם אופֿן ווי אַזוי צו פֿאַרזיכערן מאַטעריעלן פֿאַרמעג. די פֿאַרזיכערונג איז געווען אויף דרײַ אופֿנים: אַ דריטל אין אומבאַוועגלעכע גיטער, אַ דריטל אין צירונג און אַ דריטל אין מזומן. אַזאַ פֿונאַנדערטייל איז געווען אַ נאַטירלעכע רעלאַטיווע פֿאַרזיכערונג קעגן דער סכּנה צו פֿאַרלירן דאָס גאַנצע פֿאַרמעג מיט איין מאָל. וואָרעם טאָמער איז דאָס גאַנצע פֿאַרמעג אין אומבאַוועגלעכע גיטער, קען אַ שׂריפֿה, אַ גערויסער, צי אַ מלחמה־געוויטער לאָזן דעם מענטשן אין איין העמד; טאָמער האַלט דער מענטש זײַן גאַנץ פֿאַרמעג אין צירונג, ווערט ער ענלעך צו דעם מלך אינעם קינדער־מעשׂהלע — ער טראָגט אויפֿן קאָפּ אַ גילדענע קרוין אויסגעזעצט מיט איידלשטיינער און אַליין גייט ער אַרום איבער די הײַזער בעטן אַ סקאָרינקע ברויט. און טאָמער האַלט ער זײַן גאַנץ פֿאַרמעג אין מזומן, קען די מענטשלעכע גײַציקייט אים צורעדן צו מסחרים וואָ־באַנק און ער איז עלול צו פֿאַרלירן זײַן גאַנצע האָרעוואַניע מיט איין מאָל.

בנוגע דער פֿאַרזיכערונג פֿון זייער נאַציאָנאַלן נפֿש האָבן ייִדן נישט געהאַט קיין באַזונדערע פֿילאָסאָפֿיע. דאָ האָט געהערשט דער פֿאַטאַליזם, אָדער די אמונה אין גאָט פֿון ישׂראל, אַז ער וועט נישט פֿאַרלאָזן זײַן פֿאָלק און, נאַטירלעך, וועט דאָס פֿאָלק אים נישט פֿאַרלאָזן, ווײַל ביידע זענען אָפּהענגיק איינער פֿון דעם אַנדערן — אָן אים איז נישטאָ דאָס פֿאָלק און אָן דעם פֿאָלק איז אויך ער נישטאָ. עס זעט אָבער אויס, אַז דער שׂר־האומה פֿירט אַ שטיקל חשבון און בנוגע אונדזער נאַציאָנאַלן נפֿש האָט ער, אויפֿן שוועל פֿון הײַנטיקן יאָרהונדערט זיך נוהג געווען געגנוי ווי עס איז דער אַלטער שטייגער פֿון ייִדן וואָס שייך זייער מאַטעריעלן פֿאַרמעג.

אַזוי האָבן זיך אויפֿן שוועל פֿון הײַנטיקן יאָרהונדערט געשאַפֿן אין דעם מאַסן־קאָמפּאַקטן און גײַסטיקן צענטער אין מיזרח־אייראָפּע דרײַ

קאָנטראַסטישע שטרעמונגען: ציוניזם, בונדיזם און עמיגראַציאָניזם. אַלע דרײַ שטרעמונגען זענען **נאַציאָנאַלע** און זענען אַ פּועל־יוצא פֿון דער זעלבער היסטאָרישער דערפֿאַרונג.

אויף דעם היסטאָרישן אַרויסרוף האָט דער ציוניזם געענטפֿערט אַז די ייִדן־פֿראַגע, וואָס אַלע דרײַ שטרעמונגען זענען מסכּים געווען אַז זי איז אַ ברענענדיקע, קען געלייזט ווערן נאָר אין אַן אייגענער זעלבשטענדיקער מדינה, אין ארץ־ישׂראל. אין אַן אייגענער סוווערענער מדינה וועלן ייִדן אַליין קענען באַשטימען זייער אייגענע סאָציאַל־קולטורעלע סטרוקטור, זייער אייגענע עקאָנאָמיע און קענען פֿרײַ אַנטוויקלען זייערע גײַסטיקע כּוחות. די ייִדישע מדינה וועט אײַנזאַמלען דאָס פֿונאַנדערגעשפּרייטע ייִדישע פֿאָלק פֿון אַלע גלותן און די ייִדן־פֿראַגע וועט ענדלעך זײַן געלייזט.

אויף דעם זעלבן היסטאָרישן אַרויסרוף האָט דער בונד געענטפֿערט, אַז די ייִדן־פֿראַגע איז ענג געבונדן מיט דער פֿראַגע פֿונעם פּראָלעטאַריאַט אין די לענדער ווו ייִדן לעבן און ייִדן זענען דאָרט נישט קיין פֿרעמדער גוף, די ייִדן־פֿראַגע וועט געלייזט ווערן נאָר אין אַ וועלט פֿון סאָציאַלן, עקאָנאָמישן און פּאָליטישן יושר. דעריבער דאַרפֿן די ייִדישע פֿאָלקס־מאַסן אין רוסלאַנד, פּוילן און ליטע זיך אָנשליסן אין די רעוואָלוציאָנערע רייען פֿון דער רוסישער אימפּעריע, רעוואָלטירן קעגן דער מאַכט פֿון אונטערדריקונג און אײַנפֿירן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג. צום סאָציאַליזם וועלן די ייִדישע מאַסן זײַן שותּפֿים און דערמיט וועט די ייִדן־פֿראַגע געלייזט ווערן.

די דריטע שטרעמונג — עמיגראַציאָניזם — האָט נישט געהאַט קיין אידעאָלאָגיע. אויף דעם היסטאָרישן אַרויסרוף האָט זי געענטפֿערט סטיכיש: די געפּײַניקטע ייִדישע מאַסן קענען נישט וואַרטן אויף דעם באחרית הימים און וועלן נישט געהאָלפֿן ווערן פֿון דער אָדער יענער אידעאָלאָגיע וואָס שייך דער ייִדן־פֿראַגע. נישטאָ מער קיין כּוח צו לײַדן פֿון אונטערדריקונג, פּאָגראָמען און מאַטעריעלער נויט. די ייִדישע מאַסן אין די שטעט און שטעטלעך ווערן צעריבן אונטער די רעדער פֿון רעוואָלוציע און רעאַקציע און „איידער עס וועט קומען די נחמה וועט אויסגיין די נשמה". אַמעריקע איז אַ נײַ, רײַך און פֿרײַ לאַנד. גאַנץ אַמעריקע האָט זיך קאָלאָניזירט פֿון געיאָגטע און גערודפֿטע, און ייִדן זענען דאָך ד י געיאָגטע און גערודפֿטע, וועלן אויך זיי אויף דער נײַער יבשה, אין דער נײַער וועלט געפֿינען אַ היים, אַ בעסער לעבן, אַ פֿרײַ לעבן. און געוואַלדיק גרויסע מאַסן ייִדן האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

## ב.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש אַז דווקא די צוויי נאַציאָנאַל־אידעיִשע שטרעמונגען — דער ציוניזם און דער בונד — האָבן זיך אָנגעטראָפֿן אויף ממש

קאַטאַסטראָפאַלע מיכשולים, בעת דווקא דער נישט־אידעיִשער עמיגראַציאַ־ניזם האָט אָפּגעהאַלטן אַ פּולן נצחון. ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ מעכטיק צפון־אַמעריקאַנער יידנטום, וואָס די סטיכישקייט פון דער עמיגראַציע האָט אַפילו איבערגעאָנדערשט די סאָציאַלע סטרוקטור און וועלכער די אימי־גראַנטן האָבן געלעבט אין די אַלטע היימען. לעבנדיק גייַסטיק און משפחה־דיק מיט די אַלטע היימען, זענען זיי מאַטעריעל, גייַסטיק און אָרגאַניזאַציאָ־נעל דורכגעגאַנגען אַן אייגענעם און דורכויס זעלבשטענדיקן פּראָצעס. די אַמעריקאַנער יידישע אימיגראַנטן־מאַסע איז געוואָרן אַ י י ד נ ט ו ם מיט אַן אייגענער פּערזענלעכקייט.

קלענערע אימיגראַנטישע יישובים, סייַ אויף דעם דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט און סייַ אין אַנדערע לענדער האָבן זיך אָרגאַניזירט אויף די מוסטערן פון דעם מיזרח־אייראָפּעיִשן גייַסטיקן צענטער און פון דאָרט געצויגן זייערע זאַפּטן. אָבער אויך זיי האָבן זיך פּאַרוואָרצלט און זיי האָט נישט געצויגן — נישט צו דער אַלטער היים און אויך נישט צו ארץ־ישראל, הגם זיי זענען ווייַט נישט געווען גלייַכגילטיק צו די צוויי נאַציאָנאַל־אידעיִשע באַוועגונגען, ציוניזם און בונדיזם; כאָטש אַלע אימי־גראַנטישע יישובים האָבן געשאַפן אייגענע קולטורווערטן און אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז במשך פון אַן ערך קורצער תּקופה געשאַפן געוואָרן אַ קרעפטיקע יידישע ליטעראַטור, האָבן זיי דאָך זיך געוואַרעמט בייַ דער זון פון דעם מיזרח־אייראָפּעיִשן יידישן צענטער, וואָס איז געווען זייער נאַטירלעכער רעזערוואַר.

בעת די יישובים האָבן זיך עקאָנאָמיש פּאַרוואָרצלט און דאָס סאָציאַלע לעבן פון דער אימיגראַנטן־מאַסע האָט זיך אַנטוויקלט אין גורלדיקע שוועריִ־קייטן, זענען די צוויי נאַציאָנאַל־אידעיִשע שטרעמונגען אויסגעשטעלט גע־וואָרן — יעדע אויף איר טעריטאָריע — אויף די סאַמע געפערלעכסטע נסיונות.

דער ציוניזם האָט זיך אָנגעשטויסן פון איין זייַט, אויף אַ קעגנערישן כּוח וואָס אויף אים האָט ער זיך פריִער געשטיצט, אויף ענגלאַנד, און פון דער צווייטער זייַט — אויף דעם יונגן אַראַביזם, וואָס האָט גענומען אַ מוסטער טאַקע פונעם ציוניזם גופא. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער אָרגאַניזירטער יידישער יישוב אין ארץ־ישראל געמוזט קעמפן אויף אַלע פראָנטן, כּדי איבערצוהאַלטן: ער האָט געמוזט קעמפן פאַר פיזישער זיכערקייט, פאַר עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און אויך פאַר יעדן איינציקן עליה־סערטיפיקאַט. אָט דער שווערער קאַמף וואָלט נישט געקענט געפירט ווערן אָן דער מאָראַלישער און מאַטעריעלער אונטערשטיצונג און אויך פיזישער אונטערשטיצונג סייַ פון דעם גייַסטיקן צענטער אין מיזרח־אייראָפּע און סייַ פון די אימיגראַציע־יישובים אין דער וועלט.

אין נאָך אַ שווערערן מצב האָט זיך געפונען די צווייטע נאַציאָנאַלע

שטרעמונג, די אַזוי גערופֿענע „דאָיִסטישע" שטרעמונג, וואָס איר רעפּרע־
זענטאַנט איז געווען דער בונד. אויך אין פּוילן האָבן ייִדן געמוזט קעמפֿן
פֿאַר זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, קעגן כּלערליי דיסקרימינאַציעס און
פּאָגראָמען, זיי זענען אָבער נישט געווען אין אַ מצבֿ צו קענען אָרגאַניזירן
אַן אייגענע אונטערערדישע אַרמיי, כּדי צו שיצן זיך פֿיזיש. אין ארץ־
ישׂראל איז קעגן דעם ייִדישן ייִשובֿ געשטאַנען ע נ ג ל אַ נ ד, וואָס יורידיש
האָט זי געהאַט בלויז דעם מאַנדאַט איבער פּאַלעסטינע און באַשטימטע
אינטערנאַציאָנאַלע התחייבֿותן כּלפּי דעם ייִדישן פֿאָלק און כּלפּי די
אַ ר אַ ב ע ר, וואָס נישט געקוקט אויף זייער נאַציאָנאַלער אויפֿוואַכונג
זענען זיי אָרגאַניזאַציאָנעל געווען זייער שוואַך. דער דריי און האַלב מיליאָ־
ניקער ייִשובֿ אין פּוילן איז געווען אין אַ קלעם פֿון דעם האַלב־פֿאַשיסטישן
פּוילישן רעזשים, צווישן אַ פֿאָלק, וואָס איז דורות־לאַנג געווען דורכ־
געפֿרעסן מיט אַנטיסעמיטיזם און מיט דער איינשטעלונג אַז „כּל ישׂראל
ערבֿין זה לזה". אויך די אידעיִשע יסודות פֿון דער דאָיִסטישער שטרעמונג,
אַז די ייִדן־פֿראַגע וועט געלייזט ווערן דאָ אויפֿן אָרט, אין אַ רעזשים
פֿון סאָציאַלער, עקאָנאָמישער און פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג, דורך
דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, זענען שוין געלעגן אין חורבֿות. מיט פּוילן
האָט זיך געגרענעצט די רוסישע אימפּעריע, וואָס נאָכן רעאַליזירן דעם
שיינעם חלום פֿון רעוואָלוציע און סאָציאַליזם האָט זי נישט בלויז סאָציאַל
און עקאָנאָמיש דערדריקט די פֿעלקער, נאָר אין איר פּאָליטישן פֿאַר־
שקלאַפֿונג־פּראָגראַם האָט זי מיט באָלשעוויסטישער אַכזריות אַדאָפּטירט
דעם פּלאַן פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן צו רוסיפֿיצירן דאָס ייִדנטום
אין אירע גרענעצן. פֿאַר דעם דאָזיקן אַלט־צאַריסטישן פּלאַן האָבן די נייע
„סאָציאַליסטישע" הערשערס צוגעטראַכט די פֿילאָסאָפֿיע, אַז ייִדן זענען
נישט קיין נאַציע, נאָר אַ רעליגיעזע געמיינשאַפֿט. מיטן מאָמענט ווען די
רעוואָלוציע האָט דערקלערט אַ טאָטאַלע מלחמה אַלע רעליגיעס, במילא
אויך דער ייִדישער, זענען ייִדן נישט מער ווי „רוישטאָף" צו פֿאַרוואַנדלען
זיי אין רוסן.

ערבֿ דער צווייטער וועלט־מלחמה, ביים פּלאַנירן דעם „טויזנט־יעריקן
רייך" און די דעמאָגראַפֿישע מאַפּע פֿון די פֿעלקער אינעם דייטשן „לעבנס־
ראַום", — האָט דער היטלער־רעזשים פֿאַרמישפּט אומצוברענגען דאָס ייִדי־
שע פֿאָלק. אָט דער טעווטאָנישער פּלאַן האָט נישט פֿונאַנדערגעטיילט די
ייִדן אויף ווערטפֿולע און מינערווערטיקע, ווי דער היטלעריזם האָט עס
יאָ אָנגעצייכנט פֿאַר אַנדערע פֿעלקער, נאָר דער פֿאַרלענדונג־פּלאַן האָט
אַרומגענומען אַלע ייִדן און אויף יעדן געאָגראַפֿישן שטח, וואָס די דייטשן
האָבן אָקופּירט, איינגעשלאָסן אָפּשטאַמיקע פֿון ייִדן, ביזן דריטן דור.

די היטלעריסטישע האַק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו ערשט איבערן
פּוילישן ייִדנטום און מיט דער זעלבער האַק איז דער טעווטאָנישער רוצח

געגאַנגען פֿון לאַנד צו לאַנד. אין יאָר 1941 האָט די סכּנה אָנגעקלאַפּט אין די טויערן פֿון ארץ־ישׂראל. ראָמעלס פּאַנצער־האָרדעס זענען געשטאַנען פֿאַר די גרענעצן פֿון מצרים. דער ייִדישער ישוב אין ארץ־ישׂראל האָט זיך געגרייט צו אַ צווייטער מצדה. דאָס מאָל אויף די כּרמל־בערג. אין פֿאַל די דײַטשן וואָלטן אַרײַן אין ארץ־ישׂראל האָט זיך דער גאַנצער ייִשובֿ געדאַרפֿט קאָנצענטרירן אויף די כּרמל־בערג און מיט דעם ביסל געווער, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, האָט ער זיך געזאָלט פֿאַרטיידיקן אַזוי לאַנג ווי ער וואָלט געווען בכּוח. אָבער אויב גרויסע מדינות מיט רעגולערע און גוט־באַוואָפֿנטע אַרמייען זענען במשך פֿון געציילטע טעג געפֿאַלן אונטער די דײַטשע פּאַנצער־כּוחות, וואָלט אויך דער ייִדישער ייִשובֿ אין ארץ־ישׂראל נישט אויסגעמיטן דעם גורל פֿון די ייִדן אין אייראָפּע, הגם די דײַטשן וואָלטן באַצאָלט אַ טײַערן פּרײַז.

עס איז געשען אַ נס. דער בריטישער אַרמיי איז געראָטן צו צעברעכן די דײַטשע אָפֿענסיווע בײַ די גרענעצן פֿון מצרים, אין סאַהאַראַ־מידבר, און דעם 21סטן יוני פֿון דעם זעלבן יאָר, 1941, איז היטלער באַפֿאַלן זײַן שותּף — סטאַלין. די שולדיקע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה און אין דער גרעסטער טראַגעדיע אין דער געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק, האָבן זיך קעגנזײַטיק באַצאָלט פֿאַר זייערע פֿאַרברעכנס קעגן דער מענטשהייט.

ארץ־ישׂראל איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, כּדי צו ראַטעווען דאָס ייִדישע פֿאָלק נאָך דער מאוימדיקער קאַטאַסטראָפֿע.

ג.

עס איז אַוודאי ריכטיק, אַז די באַן פֿון דער געשיכטע ווערט געטריבן מיט דער ענערגיע פֿון סאָציאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קאָנפֿליקטן. ס'איז אָבער ווײַט נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט די איראַציאָנאַלע כּוחות, וועלכע קומען אויף אין רעזולטאַט פֿון די קאָנפֿליקטן. מאַטעריאַליסטן האָבן וועגן דעם איראַציאָנעלן אַזאַ פֿאַלשע מיינונג, ווי עס האָבן געהאַט פֿיזיקער וועגן ענערגיע פֿאַר אײַנשטיינס אַנטדעקונג, אַז ענערגיע און מאַטעריע איז איינס און דאָס זעלבע. נאָך ערגער, מאַטעריאַליסטן לייקענען איבערהויפּט דעם איראַציאָנעלן עלעמענט. און דאָ ליגט די סיבה פֿאַר וואָס די מערהייט עקאָנאָמיסטן, פּאָליטיקער און סטראַטעגן, נאָך די גע־נויסטע חשבונות און קאַלקולאַציעס וואָס לאָזן נישט איבער דעם מינדסטן ספֿק, לעבן איבער גרויסע אַנטוישונגען.

אינעם אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל האָט דער איראַציאָנעלער עלעמענט, ווי אַ מין „כעמישער" רעזולטאַט פֿון די סיבות, וועלכע האָבן זיך מאָדנע צוזאַמענקאָמפּאָנירט, געשפּילט אַ גאָר היפּשע ראָלע.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך איר, האָט די ציוניסטישע

אָנפֿירונג אין ארץ־ישׂראל געקעמפֿט נאָר און דורכויס קעגן דעם „ווייַסן בוך", וואָס האָט פֿאַרמאַכט די טויערן פֿון ארץ־ישׂראל פֿאַר וואָגלדיקע ייִדן און פֿאַר דער שארית־הפליטה פֿון אונדזער חורבן, און ווירטשאַפֿטלעך געהאַלטן דעם ייִשובֿ אין אַ געטאָ. אויך די באַוואָפֿנטע אונטערערדישע באַוועגונגען, ווי אצ"ל און לח"י, האָבן געפֿירט זייער קאַמף נאָר קעגן דער מאַנדאַטאַרן־מאַכט און פֿאַר עפֿענען די טויערן פֿון ארץ־ישׂראל פֿאַר דער שארית־הפליטה פֿון אונדזער חורבן. וואָלט ענגלאַנד, אונטער דער סאָציאַליסטישער רעגירונג נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָכ־געקומען דעם פֿאַרלאַנג פֿון דער ציוניסטישער אַגענץ צו געבן יעדעס יאָר הונדערט טויזנט עליה־סערטיפֿיקאַטן, וואָלט די ייִדישע מדינה נישט אויפֿגעקומען אין דער תּקופֿה, און אפֿשר אין גאַנצן נישט.

דאָס עקשנות פֿון ענגלאַנד, צו האַלטן געשלאָסן די טויערן פֿון ארץ־ישׂראל, האָט געמאַכט ברענענדיק די פּראָבלעם פֿון דער שארית־הפליטה, וואָס האָט נישט געהאַט ווו זיך זיך אַהין צו טאָן. די וואַנדלענדיקע שיפֿן מיט „אומלעגאַלע" עולים, די צוזאַמענשטויסן מיט די עולים, דאָס צוריק־שיקן זיי צו די אויסגאַנגפּאַרטן און די אינטערנירונגען אין לאַגערן, האָבן אַ טרייסל געטאָן מיטן געוויסן פֿון דער וועלט: אָט איז אַ פֿאָלק גע־מאָרדט געוואָרן, די דרייַ גרויסמאַכטן, וואָס האָבן געקעמפֿט קעגן דעם היטלערישן מאָנסטער, האָבן קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער נישט געטאָן אַפֿילו בלויז צו וואָרענען דייַטשלאַנד פֿאַר די דאָזיקע מאָרדן. און אַז נאָך דעם פֿאָלק איז געבליבן בלויז אַ צעבראָכן רעשטל פֿון היימלאָזע, אחד מעיר ושנים ממשפּחה, אויסגעוואָרצלטע, וואָס ווילן און קענען געפֿינען אַ היים צווישן זייערע ברידער אין ארץ־ישׂראל — ווערן זיי ווידער גע־רודפֿט און ווידער ווערן זיי פֿאַרשפּאַרט אין לאַגערן, ווי די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, געטאָס, בונקערס און פֿאַרשיקונגס־לאַגערן וואָלטן נאָך נישט געוועזן גענוג פֿאַר זיי. דאָס אויפֿגעוועקטע געוויסן פֿון דער וועלט האָט געפֿונען אַ גינסטיקן באָדן אין דער גלאָבאַלער פּאָליטישער קאָנסטעלאַציע. מיטן פֿאַרלירן אינדיע, דעם ברילאַנט אין דער קרוין פֿון דער בריטישער אימפּעריע, איז די אימפּעריע געווען פֿאַרמישפּט צו אונטערגאַנג. די צוויי גרויסמאַכטן, די פֿאַראייניקטע שטאַטן און רוסלאַנד, זענען געווען פֿאַר־אינטערעסירט צוצואייַלן אַז ענגלאַנד זאָל וואָס גיכער פֿאַרלאָזן דעם מיטל־לענדישן טויער פֿון אַזיע — ארץ־ישׂראל און מצרים — יעדער מיט זייַן אייגענעם ווונטש אָרונטערצונעמען דעם ראַיאָן אונטער זייַן פּאָליטישער השפּעה. אַפֿילו אין יאָר 1956, בעת דער סיני־אַקציע, זענען ווידער די צוויי גרויסמאַכטן געגאַנגען אַ שטיקל וועג צוזאַמען, כּדי צו פֿאַרמייַדן פֿון ענגלאַנד (און אויך פֿון פֿראַנקרייַך) צוריק זיך צו באַפֿעסטיקן אינעם ראַיאָן פֿון דעם סועץ־קאַנאַל.

דאָס אויפֿגעוועקטע וועלט־געוויסן וואָס שייך דער שארית־הפליטה פֿון

אונדזער חורבן איז געווען אַ געוואַלדיקער מאָראַלישער מאָטיוו פֿאַר די צוויי גרויסמאַכטן צו אונטערשטיצן די שטרעבונג פֿון ייִדן צו פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט אין זייער היסטאָריש היימלאַנד. דעם 29סטן נאָוועמבער 1947 האָבן די צוויי גרויסמאַכטן צוזאַמען מיט זייערע בלאָקן געגעבן זייער הסכּמה אויפֿצושטעלן אַ זעלבשטענדיקע ייִדישע מדינה אין אַ צע־טיילטער פּאַלעסטינע.

ד.

אַפֿילו די, וואָס האָבן זיך פֿאַרגעשטעלט דעם גלות אין די שוואַרצסטע פֿאַרבן, האָבן נישט געקענט פֿאָרויסזען אַזאַ דראַמאַטישע פֿאַרווירקלעכונג פֿון ציוניזם: די ייִדן, פֿאַר וועלכע די מדינה האָט געדאַרפֿט געשאַפֿן ווערן, זענען נישט געווען; היטלער־דײַטשלאַנד האָט זיי ביאָלאָגיש אומגעבראַכט. די ייִדן־פֿראַגע, וואָס אַ זעלבשטענדיקע מדינה האָט געדאַרפֿט פֿאַרענטפֿערן, האָט דײַטשלאַנד „געלייזט" דורך טויטלאַגערן און גאַזקאַמערן.

אַנטקעגן אָט דעם חורבן איז געשטאַנען דער עקאָנאָמישער און דעמאָ־גראַפֿישער מצבֿ פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק אין דער וועלט:

די פֿינף מיליאָן ייִדן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָבן דערגרייכט אַ סאָציאַלן און עקאָנאָמישן סטאַטוס, וואָס איז אומבאַקאַנט אין דער ייִדישער געשיכטע. זיי האָבן דעקלאַרירט, אַז אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין ייִדן־פֿראַגע. במילא האָט דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום געפֿונען פֿאַר זיך אַ לייזונג, בעת מדינת־ישׂראל איז אַ לייזונג פֿאַר אַנדערע ייִדן. הגם אין אַנדערע פֿרײַע לענדער איז יאָ פֿאַראַן אַ ייִדן־פֿראַגע, איז אָבער זייער עקאָנאָמישער ווילשטאַנד אויף די ערטער און דער ליבעראַליזם פֿון די פֿעלקער אַזאַ, אַז זיי זענען נישט קיין אײַליקן באַדאַרף צו פֿאַרלאָזן יענע לענדער און עולה זײַן קיין ישׂראל, ווו זיי וועלן מוזן נאָך אַ מאָל אַדורכגיין אַלע אימיגראַנטישע שוועריקייטן, פֿון אַבסאָרבציע — מאַטעריעל, קולטורעל און געזעלשאַפֿטלעך. און די צוויי, צי דריי מיליאָן סאָוועטישע ייִדן, אָדער ווי אַנדערע ווילן האָבן — פֿיר מיליאָן?

כּמעט זיבעציק יאָר זענען די ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד געווען אָפּ־געריסן פֿון וועלכן עס איז ייִדישן צענטער אויסער ראַטן־פֿאַרבאַנד. דער סטאַלינישער רעזשים האָט דורכגעפֿירט אַ בלוטיקע צוואַנג־אַסימילאַציע צוזאַמען מיט ליקווידירן פֿולשטענדיק די ייִדישע קולטור, איר שטייגער און ליטעראַטור. שפּראַכלעך, און אין אַ גרויסער מאָס נאַציאָנאַל, איז די צוואַנג־אַסימילאַציע פֿולשטענדיק געלונגען, מיט גאָר קליינע אונטערערדי־שע אויסנאַמען. די ישׂראל־רעגירונגען האָבן אין די אַלע יאָרן אינוועסטירט אַ סך ענערגיע — מיט דער הילף פֿון דער אַמעריקאַנער אַדמיניסטראַציע און דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום — צו ווירקן אויפֿן קרעמל צו באַפֿרייען

די ייִדן, דערלויבן זיי עולה זײַן קיין ישׂראל. אַ דאַנק די פּאָליטישע ענדע־רונגען האָט די סאָוועטישע מאַכט אָפּגעשפּאַרט דעם אײַזערנעם טויער אָבער די מערהייט ייִדן וואָס זענען אַרויסגעפּאָרן פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד האָבן אויסגעמיטן ישׂראל און אויסגעוויילט דעם „קלאַסישן" וועג, מיט וועלכן ייִדן האָבן עמיגרירט זייט די אַכציקער יאָרן פֿונעם פֿריערדיקן יאָרהונדערט — קיין אַמעריקע. ס'האָט דער ישׂראל־רעגירונג געקאָסט אַ סך מי און ענערגיע סײַ ביי דער אַמעריקאַנער אַדמיניסטראַציע און סײַ ביי די ייִדישע פֿירער אין אַמעריקע, אָפּצושטעלן די אימיגראַציע פֿון די סאָוועטישע ייִדן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און דערמיט צווינגען די ייִדן צו קומען קיין ישׂראל. בלית ברירה האָט זיך דער עמיגראַציע־שטראָם געוואָנדן קיין ישׂראל אָן ציוניסטישער מאָטיוואַציע, נאָר כּדי צו אַנטלויפֿן פֿון סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס איר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מצב איז אין אַ געדיכטן נעפּל.

איינע פֿון די וויכטיקסטע אויפֿגאַבעס האָט די מדינה באַלד דערפֿילט מיט איר עצם־עקסיסטענץ:

די היטלערישע מערדערײַען איבערן ייִדישן פֿאָלק האָבן מאָראַליש דערשלאָגן און אַרײַנגעוואָרפֿן אין נאַציאָנאַלן ייִאוש די שארית־הפּליטה. גרויסע טיילן אירע האָבן גלײַך נאָך דער מלחמה אָנגעהויבן אַנטלויפֿן אין דער פֿרעמדקייט. זיי האָבן געוואָלט פּטור ווערן פֿון דעם ייִדישן באַלאַסט און אָנהייבן לעבן פֿון ס'נײַ, אַז זייערע קומענדיקע קינדער זאָלן מער נישט וויסן פֿון זייער ייִדישן אָפּשטאַם.

דער אויפֿקום פֿון דער מדינה האָט די ייִדן אין דער וועלט באַפֿרײַט פֿון מאָראַלישער דערשלאָגנקייט און זיי געגעבן נאַציאָנאַלן שטאָלץ מיט אַ גאָר נײַער באַפֿאַרבונג — פֿון גלײַכע מיט גלײַכע. פֿון דער שארית־הפּליטה איז אַוועקגענומען געוואָרן דער נאַציאָנאַלער ייִאוש און אַ גרויסער טייל אירער האָט עולה געווען קיין ישׂראל און דאָ זיך באַפֿרײַט פֿון אַלע שעדלעכע קאָמפּלעקסן.

אָבער די שארית־הפּליטה פֿון אונדזער גרויסן חורבן איז געווען צו ווינציק אין צאָל, אַז זי זאָל פֿיזיש זײַן ביכולת צו געבן דער מדינה די גענוגנדיקע כּוחות, אין וועלכע די מדינה האָט זיך געניייטיקט, כּדי צו פֿאַרזיכערן איר עצם קיום. צו ראַטעווען דעם מצבֿ האָט מען געמוזט מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען אַהער צו ברענגען די ייִדישע יישובֿים פֿון די אַראַבישע לענדער. אויך פֿון די לענדער איז די עליה נישט געווען קיין ספּאָנטאַנע, זי האָט געמוזט אָרגאַניזירט ווערן. ס'איז נישטאָ קיין שום ספֿק, אַז אָן דעם צושטראָם פֿון די ייִדן פֿון די אַראַבישע לענדער, וואָלט די מדינה זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ געטאָ, באַלעגערט פֿון די אַראַבישע שכנים. דער מערהייט־שטח פֿון לאַנד וואָלט געבליבן פּוסט, און אָן אומבאַזעצטער שטח, ווען אַפֿילו אין די גרענעצן פֿון דער מדינה, איז הפקר־שטח און קיינעמס שטח, ווי מיר האָבן עס געזען אין אַ סך פֿאַלן במשך דער עקסיס־

טענץ פון דער מדינה.

היות די מדינה איז אויפגעקומען אין אַ תקופה פון אויפוואַכנדיקן נאַציאָנאַליזם אין דער אַראַבישער וועלט, און היות דער גרעסטער טייל פון דער מאַסן־עליה איז געווען אַ פויפעריזירטער, האָבן זיך געשאַפן ספעציפישע באַציִונגען צווישן דער מדינה און דעם ייִדישן פאָלק אין דער פרייַער וועלט: די מדינה גיט דעם ייִדישן פאָלק אין דער וועלט נאַציאָנאַלן פרעסטיזש, נאַציאָנאַלע זעלבסטזיכערקייט און דאָס געפיל פון זיכערקייט ממש, און דאָס פאָלק גיט דער מדינה די מיטלען צו פאַרזיכערן איר עקסיסטענץ.

ס׳האָט זיך געשאַפן דער אויסטערלישער קאָנפליקט, וואָס איז אין פולער סתירה צו דער ציוניסטישער אידעע, אַז די מדינה וועט פאַרענטפערן די ייִדן־פראַגע דורך באַפרייַען דאָס ייִדישע פאָלק פון גלות. נאָך דעם אויפקום פון דער מדינה האָבן ייִדן אין דער פרייַער וועלט — אייַנגעשלאָסן אָרגאַניזירטע ציוניסטן — אָפגעוואָרפן אָט דעם יסודותדיקן טייל פון דער ציוניסטישער אידעע. אַפילו ציוניסטישע מנהיגים פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן שאַרף אָפּגעוואָרפן דעם באַגריף גלות פאַר אַמעריקע און מסכים געווען העכסטנס אויף דער באַצייכענונג „דיאַספּאָרע״ — „תפוצה״, וואָס דריקט אויס די הנחה פון אחד־העם, אַז אַפילו נאָכן אויפקום פון אַ ייִדישער מדינה אין ארץ־ישׂראל, וועט דאָס ייִדישע פאָלק בלייַבן אַ וועלטפאָלק, אַ פאָלק אין צעשפּרייטונג.

דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום איז געגאַנגען נאָך ווייַטער און האָט אָנגענומען די בונדישע טעזע פון דאָיִקייט, מיט אַ צולאָג, אַז עס עקסיסטירט נישט אין אַמעריקע קיין ייִדן־פראַגע, אַז די ייִדן זענען פולשטענדיקע אַמעריקאַנער, ווי די אירלענדער, דייַטשן, איטאַליענער און אַנדערע פעלקערשאַפטן, אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די אַנדערע ייִדישע יישובים אין דער פרייַער וועלט זענען צו קליין און צו יונג, אַז זיי זאָלן קענען רעדן אַזוי אָפן און אַזוי קאַטעגאָריש ווי די אַמעריקאַנער ייִדן, אָבער למעשה האַנדלען זיי גענוי ווי יענע. אַלע פרווון צו באַשאַפן בייַ די ייִדן פון דער פרייַער וועלט אַ שולדגעפיל, הלמאַי זיי זענען נישט עולה קיין ישׂראל, האָט נישט געפונען קיין גינסטיקן באָדן אין זייער פסיכיק.

די לאָזונג פון קיבוץ גלויות, וואָס האָט געדאַרפט אויפקלינגען נאָכן אויפקום פון דער ייִדישער מדינה, ווי אַ רעזולטאַט פון דער רעאַליזירטער ציוניסטישע אידעע, האָט צו די ייִדן אין דער פרייַער וועלט נישט אַפעלירט.

אין דער מדינה האָבן זיך צונויפגעזאַמלט דער גרעסטער טייל פון דער שארית־הפליטה, און אויך אַזעלכע ייִדן, וואָס זייער עצם עולה זייַן קיין ישׂראל האָט מיט איין מאָל אויפגעהויבן זייער עקאָנאָמישן און סאָציאַלן מעמד.

ה.

זינט צוויי טויזנט פֿינף הונדערט יאָר בערך שפּיַיזט זיך גײַסטיק דאָס ייִדישע פֿאָלק אין צעשפּרייטונג פֿון אַ קולטור־צענטער. מער־ווייניקער אין ציקלען פֿון 500 יאָר ווערט חרובֿ איין צענטער און אַ צווייטער נעמט איבער די ראָלע. דער שׂר־האומה האָט געזאָרגט דערפֿאַר, אַז איידער איין גײַסטיקער צענטער גייט אונטער, זאָל זיך פֿריִער שאַפֿן אַ צווייטער גײַסטיקער צענטער. הגם די ייִדישע געשיכטע איז אַ געשיכטע פֿון אויפֿטרייסלונג און חורבן, איז אַזוי געשען, אַז די גאָלדענע קייט פֿון דער ייִדישער קולטור איז קיין מאָל נישט איבערגעריסן געוואָרן, נאָר אַ רינג איז אַרײַנגעוואַקסן אין אַ רינג מיט דער נאַטירלעכער המשכדיקייט, ווי עס וואַקסן אָן צווײַגן אויף אַ בוים. אַזוי האָט בבֿל איבערגענומען די גײַסטיקע ירושה פֿון ירושלים און זי נאָך רײַכער געמאַכט, ספֿרד האָט איבערגענומען די ירושה פֿון בבֿל און צו איר צוגעגעבן נײַע דימענסיעס, אַשכּנז האָט איבערגענומען די גײַסטיקע רײַכטימער פֿון ייִדישן ספֿרד און צו איר צוגעגעבן נײַע עלעמענטן, דער מיזרח־אייראָפּעיִשער צענטער האָט די מיטל־עלטערלעכע ירושה פֿון אַשכּנז פֿאַרצענפֿאַכיקט מיט נײַע עלעמענטן אין אַזאַ פֿאָרנעם, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק אין גלות האָט באַקומען אַלע נאַציאָנאַלע אַטריבוטן אַחוץ דעם טעריטאָריאַלן אַטריבוט. דאָס באַוווּסטזײַן פֿון נאַציע מיט אייגענע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק ווידער באַקומען אין דעם מיזרח־אייראָפּעיִשן גײַסטיקן צענטער. אין אָט דעם צענטער זענען ווידער געבוירן געוואָרן די נאַציאָנאַלע שטרעמונגען. עס האָט געפֿעלט בלויז דער טעריטאָריאַלער אַטריבוט, דאָס ייִדישע פֿאָלק זאָל אָן אינעווייניקסטע אויפֿטרייסלונגען ווידער ווערן „אַ פֿאָלק מיט פֿעלקער גלײַך".

די ציוניסטישע טעאָרעטיקער און פּלאַנירער פֿון דער קומענדיקער ייִדישער מדינה האָבן צוזאַמען מיט דער פֿאַרנייַנונג פֿון גלות (שלילת הגלות) אַפּגעוואָרפֿן אויך די גײַסטיקע אוצרות, וואָס דער מיזרח־אייראָפּעיִשער צענטער האָט געשאַפֿן — די שפּראַך, די ליטעראַטור, דעם שטייגער. ווי דער ציוניזם איז געווען פּראָגרעסיוו, וואָס שייך דער אידעע פֿון פּאָליטישער זעלבסטבאַשטימונג, אויף אַ האַלבן יאָרהונדערט, אַזוי איז ער אין פּרט פֿון קולטור־אָנשויונג צוריקגעגאַנגען אויף מער ווי הונדערט יאָר — צו די דײַטשע משׂכּילים פֿון דוד פֿרידלענדערס חדר. אַחוץ דעם ייִדישן גוף און מאַטעריעלער שטיצע האָבן די מנהיגים פֿון דעם נײַעם ארץ־ישׂראל אָפּגעוואָרפֿן אַלץ, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט גײַסטיקער ווערטיקייט פֿון מיזרח־אייראָפּע.

כּל־זמן ס'האָט געלעבט דער מיזרח־אייראָפּעיִשער דינאַמישער צענטער, האָט דאָס איבעררײַסן דעם המשכדיקן קולטור־שטייגער און דאָס ווילן שאַפֿן אַלץ פֿון דאָס נײַ, נישט געבראַכט צו נאַציאָנאַלע קאָמפּליקאַציעס.

ארץ־ישׂראל איז דעמאָלט געווען אַ רעגיאָנאַלער אידעיִשער געביט אויף דער צוקונפֿט. ס'איז געווען האַלב חלום און האַלב וואָר; ס'האָט אַרויס־געשטראַלט מיט פּאַטאָס און האָט באַצויבערט, ווי דער אויפֿגאַנג פֿון אַ שיינעם טאָג. די קולטור־השפּעה אויף דער ייִדישער וועלט האָט געהאַט דער מיזרח־אייראָפּעיִשער צענטער. די מערהייַט ייִדן אין צפֿון־ און דרום־אַמעריקע האָבן גערעדט ייִדיש, די שפּראַך פֿונעם צענטער. די ייִדישע ליטעראַטור איז געווען די ליטעראַטור פֿון דער גרויסער ייִדישער וועלט. די ייִדישע שולנעץ איז געווען שפּראַכיק און גייַסטיק איינהייטלעך. אַפֿילו ווען די רוסישע ייִדן זענען געווען הינטער אַן אײַזערנעם טויער און אַפֿילו ווען דאָס ייִדישע לעבן דאָרט איז געווען אין דעם סדום־בעטל פֿון דער ייִדישער סעקציע בײַ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז דאָך געווען אַ ליטעראַטור און אַ שולנעץ אין דער זעלבער פֿאָרעם, לכל־הפּחות, ווי אין דער פֿרײַער ייִדישער וועלט.

די ייִדישע וועלט — סײַ דער צענטער און סײַ די אימיגראַנטן־ייִשובֿים, זענען געווען ענלעך אויף אַ פֿעסטן בנין. דער בנין האַלט זיך טאַקע אויפֿן פֿונדאַמענט, אָבער אויך יעדע וואַנט און יעדער ציגל שטיצן זיך קעגנ־זײַטיק און האַלטן זיך צוזאַמען. אַחוץ אַלעם האָט דער גײַסטיקער צענטער געהאַט אויך אַן אויסערגעוויינטלעכע מאָראַלישע השפּעה אויף די נײַע ייִשובֿים אין דער וועלט. אַסימילירן זיך, איבערנעמען פֿרעמדע זיטן, האָט געהייסן איבעררײַסן מיט דער אַלטער היים, מיט קרובֿים, מיט אַ שטייגער, אָפּרײַסן זיך ווי אַן אבֿר פֿון אַ גאַנצן גוף. ס'איז געווען נישט לײַכט. דאָס האָט טאָרמאָזירט די שטרעבונג צו אַסימילאַציע.

דער מיזרח־אייראָפּעיִשער צענטער איז פֿאַרשניטן געוואָרן ביז די וואָרצלען. דער דײַטשער שטיוול האָט קיין שטיין אויף אַ שטיין נישט איבערגעלאָזט. דער גײַסטיקער פֿונדאַמענט איז פּלוצעם פֿאַרשוווּנדן פֿון אונטער דעם בנין. די ייִדישע ייִשובֿים אין דער וועלט זענען דערשיטערט און דעזאָריענטירט געוואָרן פֿון דעם נאַציאָנאַלן שאָק. די ווענט, וואָס דער פֿונדאַמענט האָט געהאַלטן, זענען זיך צעגאַנגען באַזונדער, אָפּגעריסן איינע פֿון דער אַנדערער, זיך פֿאַרלוירן, און אויסגעשטעלט געוואָרן צו אַלע בייזע שטורעמס און אָנגריפֿן.

די נײַ־אויפֿגעקומענע ייִדישע מדינה האָט די דערשיטערטע ייִדן אין דער וועלט אָפּגעראַטעוועט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, זיי געגעבן פֿרעסטיזש און נאַציאָנאַלן האָפֿט, זיי זאָלן קענען אויסגלײַכן זייערע אײַנגעבויגענע פּלייצעס פֿון אַבֿלות נאָך דעם פֿאָלקס־חורבן. אָבער גאָר נישט מער. דער שטייגער פֿון ישׂראל איז זיי געווען און געבליבן פֿרעמד, קיין בשותּפֿותדיקע שפּראַך מיט דער מדינה האָבן זיי נישט. אין דער קורצער תּקופֿה פֿון וועלן שאַפֿן אַלץ פֿון דאָס נײַ איז נישט באַוויזן געוואָרן עפּעס צו שאַפֿן, כּדי צו פֿאַרטרעטן די אוצרות וואָס זענען חרובֿ געוואָרן צוזאַמען מיט דעם מיזרח־

איירֵאָפּעיִשן צענטער. די ייִדישע יִשובֿים אין דער וועלט זענען אָפּגעדעקט געוואָרן פֿאַר אַ מעכטיקער כוואַליע, קודם־כּל פֿון שפּראַכיקער און דערנאָך, אַלגעמיינער אַסימילאַציע. ווײַל אויב דאָס המשכדיקע איז חרובֿ געוואָרן און דאָס וואָס דאַרף באַשאַפֿן ווערן אין מדינת־ישׂראל, רעדט נישט צום געמיט, איז שוין בעסער אָנצונעמען דאָס פֿרעמדע פֿון דער סבֿיבֿה, וואָס איז צום נאָענטסטן — און ס׳איז אויך פּראַקטיש... נישטאָ זיך מער וואָס צו שעמען. אויך אין דער מדינה האָט מען פֿאַרשטויסן דאָס המשכדיקע און פֿון דער מדינה איז מען פֿיזיש ווײַט — וועט נישט זײַן קיין אומגליק אָנצונעמען די קולטור און די מנהגים פֿון דער סבֿיבֿה און זיך אויסקויפֿן פֿון אַזעלכע זינד מיט שטיצן מאַטעריעל די מדינה.

צו דעם ביאָלאָגישן חורבן איז צוגעקומען נאָך איין חורבן, וואָס פֿאַר־גרעסערט זיך כּסדר פּראָגרעסיוו — דער חורבן פֿון דער קולטור, וואָס האָט צעמענטירט דאָס ייִדישע פֿאָלק.

ו.

די מנהיגים פֿון דער מדינה, וואָס האָבן יאָ דערזען די רעזולטאַטן פֿון דעם ביאָלאָגישן חורבן, האָבן נישט באַגריפֿן די ג ײַ ס ט י ק ע סכּנות. פּסיכאָלאָגיש קען מען עס פֿאַרשטיין. אַז מען האָט אַ ביטול־באַציִונג צו ווערטן, נעמט מען זיך נישט שטאַרק איבער אויב זיי ווערן פֿאַרלאָרן. צו מאָל קען מען אין אַזאַ פֿאַל אויך האָבן שאָדנפֿרייד. אויב, למשל, ייִדיש און דאָס שולוועזן אין ייִדיש איז געווען פֿאַרהאַסט, הלמאַי זאָל מען זיך זעצן וויינען אויפֿן אומקום פֿון דעם וואָס מען האָסט ? דאָס איז קעגן דער נאַטור פֿון מענטש — סײַ פֿון אַ יחיד און סײַ פֿון אַ קאָלעקטיוו. און אויב ייִדיש און דאָס ייִדישע שולוועזן איז געווען פֿאַרהאַסט און מֵחמת דעם חורבן פֿון דעם מיזרח־צענטער זענען אויך די צוויי ווערטן באַדראָאַט אין די ייִדישע יִשובֿים אין דער וועלט — צו וואָס זאָל מען דאָס פֿאַרהאַסטע וועלן ראַטעווען ערגעץ אַנדערש וווּ ? פֿאַרקערט, עס לייגט זיך מער אויפֿן שׂכל, אַז אין אַזאַ פֿאַל דאַרף מען פּטור ווערן פֿון דעם.

אַזוי איז אויך געשען. דאָס האָט געבראַכט אַ מוראדיקן שאָדן אונדזער מדינה, אַ שאָדן פֿון גורלדיקן כאַראַקטער, וואָס קען לסוף פֿירן צו אַ גײַסטיקער שפּאַלטונג אין אונדזער פֿאָלק.

ס׳האָט געהערשט אַ פֿאַלשע מיינונג, אַז אַן אייגענע מדינה וועט אויך זײַן אַ שוצמויער קעגן אַסימילאַציע. כּדי אָפּצווועגדן די פֿאַלשקייט פֿון דער מיינונג האָט מען נישט געדאַרפֿט וואַרטן ביז דאָס וועט באַוויזן ווערן, ווען די מדינה וועט זײַן אַ רעאַליטעט. אויף דעם זענען פֿאַראַן היסטאָרישע פּרעצעדענסן פֿון דער צײַט ווען ייִדן זענען געווען אומאָפּהענגיק אין ארץ־ישׂראל. די העלעניזאַציע האָט געריסן פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק לעבעדיקע

שטיקער. ווי אין יעדן לעבעדיקן נפֿש איז פֿאַראַן אַן אינסטינקט פֿון אַליין־אומברענג ביי באַשטימטע באַדינגונגען, אַזוי אויך לעבט אין אונדזער פֿאָלק אַ היפּשע טענדענץ צו אַסימילאַציע. די טענדענץ וואַרט נאָר אויף אַ שעת־הכּושר.

ווי די מדינה האָט נסימדיק איבערגענומען די פֿיזישע ראָלע פֿון אַ נאַציאָנאַלן צענטער, אַזוי האָט זי אויך געדאַרפֿט ווירקן גייַסטיק, כּדי נישט צו שאַפֿן אַ נאַציאָנאַלן קולטור־וואַקום אין די ייִדישע ייִשובֿים אין דער וועלט נאָכן פֿאַרלענדן דעם גייַסטיקן צענטער אין מיזרח־אייראָפּע. דאָס האָט געדאַרפֿט געשען אָפּגעזונדערט פֿון די אָנשטרענגונגען צו שאַפֿן אין ארץ־ישׂראל — מדינת־ישׂראל „עפּעס" פֿון דאָס נייַ און אָפּגעזונדערט פֿון דער אַבסאָלוטער פֿאַרניכטונג פֿון ווערטן, וועלכע זענען געשאַפֿן געוואָרן אין גלות.

לכל־הפּחות, האָט דאָ געדאַרפֿט ווירקן דער אינסטינקט, וואָס ווירקט בעת אַ שׂרפֿה אין אַ שכנותדיק הויז. ווען עס ברעכט אויס אַ שׂרפֿה אין אַ שכנותדיק הויז פֿאַרטראַכט זיך נישט אַ נאָרמאַלער מענטש, צי דאָס געבוי פֿונעם ברענענדיקן הויז געפֿעלט אים יאָ אָדער נישט, צי די מענטשן, וואָס באַוווינען דאָס הויז זענען גוטע, אָדער שלעכטע. די נאַטירלעכע רעאַקציע אין אַזאַ פֿאַל: פֿאַרלעשן דאָס פֿייַער, ווייַל דאָס ברענענדיקע הויז איז קודם־כּל אַ סכּנה פֿאַר דעם נאָענטסטן הויז. און אוודאי ווערט עס שוין אַ חשד, ווען נישט נאָר די שׂריפֿה ווערט נישט געלאָשן, נאָר דער נאָענטסטער שכן העלפֿט נאָך דאָס ברענעדיקע הויז זאָל וואָס גיכער פֿאַרברענט ווערן...

די שׂרפֿה האָט געפֿלאַקערט, זי האָט פֿאַרשלונגען די בעסטע טיילן פֿון דעם בנין. וואָס פֿאַר אַן אויספֿיר האָבן געמאַכט פֿון דער שׂרפֿה די ייִדישע ייִשובֿים אין דער וועלט, וועלכע האָבן במשך פֿון זייער עקסיסטענץ געצויגן די יניקה פֿון דעם מיזרח־אייראָפּעישן צענטער? צי האָבן זיי זיך געראַטעוועט אין דער מדינה, כּדי מיטצוגיין דעם וועג צו שאַפֿן אַלץ פֿון דאָס נייַ? ניין, אַחוץ קליינע טיילן, וואָס אַריטמעטיש קען מען זיי אַפֿילו נישט באַצייכענען פּראָצענטועל, זענען די ייִדישע ייִשובֿים געבליבן אויף די ערטער. נישט נאָר מאַטעריעלע מאָטיוון האָבן זיי באַוויגן נישט עולה צו זייַן קיין ישׂראל, נאָר זיי האָט אויך געשראָקן דאָס „אַלץ פֿון דאָס נייַ" — אַ נייַ לשון, אַ נייַער שטייגער, וואָס זיי קענען אים נישט, אַ נייַע מענטאַליטעט — אַלץ נייַ. זיי האָבן זיך דערשראָקן, ווי מען דערשרעקט זיך פֿאַר דער זון, וואָס פֿון דער ווייַטנס איז זי גענעזנדיק און דערהייבט דעם גייַסט און דאָס געמיט, בעת וואָס נענטער צו איר קען זי פֿאַרברענען.

אין די נייַע באַדינגונגען, ווען רעליגיע ביי ייִדן און נישט־ייִדן האָט אויפֿגעהערט שפּילן אַ דאָמינירנדיקע ראָלע און די ראָלע פֿון אינטעלעקט איז, פֿאַרקערט, געוואָרן דאָמינירנדיק, איז די אַסימילאַציע פֿון גרויסע מאַסן ייִדן אומפֿאַרמייַדלעך. דער אַסימילאַציע־פּראָצעס האָט שוין אָנגעהויבן אָנ־

שטעקן דעם ייִדישן מיטלשטאַנד אַפֿילו אין דעם גייַסטיקן צענטער אין מיזרח־אייראָפּע נאָך פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער האָט אַפֿילו באַקומען דעם חוזקדיקן נאָמען „שמענדריקיזם", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿון שפּראַכיקער אַסימילאַציע און נאָכמאַכן פֿרעמדע מינהגים. דער דאָזיקער פּראָצעס איז אָבער געצווימט געוואָרן דורך אַזאַ כּוח ווי די ייִדישע סבֿיבֿה. אויך דער איצט ראַשיקער אַסימילאַציע־פּראָצעס האָט געקענט געצווימט ווערן, ווען אַן אויטאָריטאַטיווער כּוח זאָל צו דעם צוהעלפֿן. פֿאַרקערט, דער אויטאָריטאַטיווער כּוח האָט געווירקט נאָך מער צו פֿאַרטיפֿן די אינ־דיפֿערענטקייט און די קעגנערשאַפֿט צו דער קולטור און אירע ווערטן פֿון דעם מיזרח־אייראָפּעיִשן צענטער. די ייִדישע קולטור מיט אַלע אירע ווערטן איז דאָך טויטלעך פֿאַרוווּנדט געוואָרן דורך צוויי מאָנסטער־כּוחות — דורך דעם היטלעריזם און דורך דעם רוסישן באָלשעוויזם. קיין שום לשון און קולטור אין דער וועלט וואָלטן אַזעלכע צוויי מערדערישע קלעפּ נישט אויסגעהאַלטן! ייִדיש האָט אויסגעהאַלטן, די שפּראַך האָט זיך אָבער גע־בייטיקט אין הילף, ווי אַ טויטלעך פֿאַרוווּנדעטער דאַרף האָבן הילף, כּדי זיך נישט אויסצובלוטיקן. אַנשטאָט צו באַקומען אַזאַ הילף, איז זי נישט נאָר איבערגעלאָזט געוואָרן, נאָר זי האָט נאָך באַקומען פֿרישע קלעפּ.

קלאָר אַז דאָס האָט געמוזט צעברעכן אַלע טאַרמאָזן קעגן דעם אַסי־מילאַציע־דראַנג פֿון ברייטע שיכטן אין דער ייִדישער וועלט.

כ'האָב העכער דערמאָנט, אַז ס'איז נישט אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט די איראַציאָנעלע כּוחות, וועלכע באַשאַפֿן זיך אין רעזולטאַט פֿון מעשׂים. פּראַקטישע מענטשן, וועלכע זענען זעלבסטזיכער און האָבן קיין מאָל נישט קיין ספֿקות אין זייערע טוּונגען, בלייַבן אָפֿט שטיין אין אַ לעכער־לעכער פּאָזיציע און הייבן נישט אָן צו פֿאַרשטיין פֿאַר וואָס זייער אָנ־געדרייטע מאַשין אַרבעט פֿאַרקערט, ווי געמיינט. איך וואָלט געקענט ברענגען צענדליקער בייַשפּילן ווי אַזוי גוט־דורכגעטראַכטע מעשׂים פֿון היסטאָרישן פֿאַרנעם און פֿון גורלדיקן באַדייַט, מעשׂים וואָס האָבן געזאָלט זייערע מייַסטערס ברענגען צו אַ באַשטימטן ציל, האָבן גאָר געבראַכט פֿאַרקערטע רעזולטאַטן, נישט בלויז פֿאַר די מייַסטערס, נאָר אויך פֿאַר זייערע פֿעלקער. דאָ איז דער פּלאַץ צו באַגרענעצט איך זאָל קענען פֿונאַנדערוויקלען די בייַשפּילן. פֿאַר וואָס דאָס געשעט? דאָס געשעט דערפֿאַר ווייַל דער מענטש־לעכער מוח איז נאָך נישט דערגאַנגען צו דער פּערפֿעקציע, אַז ווען ער פּלאַנירט און טוט אָפּ באַשטימטע מעשׂים אין אַ קלין פֿון אַ קרייַז, זאָל ער מיט דער זעלבער זיכערקייט קענען אויסחשבונען די ראַדיאַציע־אויס־ווירקונג פֿון אָט די מעשׂים אויף דעם גאַנצן קרייַז.

ז.

די מנהיגים פֿון דער ייִדישער מדינה האָבן אָנגעווענדט אַלע מעגלעכע

שטראָפֿרייד כּלפּי די ייִדן אין דער פֿרײַער וועלט, הלמאַי זיי זענען נישט עולה אין דער ייִדישער מדינה, וואָס איז באַנײַט געוואָרן נאָך טויזנט אַכט הונדערט יאָר גלות. צו ערשט איז אַוועק אַ סדרה פֿון דעם „סיר הבשׂר". די ייִדן אין דער וועלט זענען פֿאַרגליכן געוואָרן צו די ייִדן אין מידבר נאָך יציאת־מצרים, ווען זיי האָבן געבענקט נאָכן טאָפּ מיט פֿלייש אין מצרים. דאָס איז אַן אמתער בילבול אויף די ייִדן אין די פֿרײַע לענדער.

אַחוץ דעם „סיר הבשׂר" האָבן ייִדן נאָך „עפּעס", וואָס האַלט זיי אָפּ פֿון עליה. אַז דאָס שטראָפֿן מיטן „סיר הבשׂר" האָט נישט געהאָלפֿן, האָט מען די ייִדן אָפּגעזאָגט דאָס רעכט צו זײַן ציוניסטן, אויב זיי זענען נישט עולה קיין ישׂראל. ס'האָט געהייסן, אַז אויב מען רעאַליזירט נישט פּערזענ־לעך דעם ציוניסטישן ציל — שיבֿת ציון — נאָכן אויפֿקום פֿון דער מדינה, האָט מען קיין שום רעכט נישט ווײַטער אָנצורופֿן זיך ציוניסט. אויך דאָס צונעמען די מאָראַלישע רעכט צו זײַן ציוניסטן אין גלות האָט נישט באַוויזן קיין איין־איינציקן ציוניסט עולה צו זײַן קיין ישׂראל.

אַוודאי, שטראָפֿן איז אַ סך לײַכטער ווי אויסצוגעפֿינען די אמתע סיבות פֿאַר וואָס ייִדן פֿון די פֿרײַע לענדער האָבן נישט געוואָלט און ווילן ווײַטער נישט עולה זײַן. וואָלט מען אויסגעפֿונען די סיבות, וואָלט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די סיבות זענען ד אָ און נישט ד אָ ר ט.

מיר, ייִדן, רײַכע אין היסטאָרישע נסיונות, האָבן אויך בנוגע שיבֿת־ציון אַ שטיקל נסיון. דאָס איז די תּקופֿה פֿון עזרא און נחמיה. אויך עזרא האָט גערופֿן די ייִדן פֿון גלות זיך צוריקצוקערן קיין ירושלים און נישט געקאָרגט קיין שטראָפֿרייד כּלפּי די, וואָס ווילן נישט פֿאַרלאָזן דעם סיר הבשׂר. ער האָט זיך דעמאָלט אויך געוואָנדן צו די ייִדן אין תּימן (וואָס זייער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער סטאַטוס איז געווען, לאָמיר זאָגן, ווי הײַנט דער סטאַטוס פֿון די ייִדן אין די פֿרײַע לענדער) און געפֿאָדערט זיי זאָלן עולה זײַן. זיי האָבן נישט געוואָלט. זיי זענען געבליבן זיצן אין גלות. פֿאַר וואָס? ווײַל עזרא האָט דעמאָלט באַשאַפֿן פֿעסט־באַשטימטע ראַמען פֿון סאָציאַל־קולטורעלן לעבנס־שטייגער און נישט געוואָלט זיך רעכענען מיט די באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן געלעבט ייִדן אין גלות. ער האָבן געפֿאָדערט ייִדן זאָלן עולה זײַן אָן שום באַדינגונגען, זיי זאָלן אויפֿ־געבן זייער טראַדיציאָנעלן שטייגער און אָננעמען דעם שטייגער, וואָס ער האָט אײַנגעפֿירט. ייִדן זענען נישט געקומען. די רעזולטאַטן זענען געווען גאָר נישט פֿויגלדיקע.

אויך די מנהיגים פֿון מדינת ישׂראל האָבן געפֿאָדערט אַ באַדינגונג־לאָזע עליה.

הונדערטער יאָרן האָבן ייִדן אין מיזרח־אייראָפּעיִשן צענטער געלעבט אונטער אַ רעליגיעזן ריגאָר, ערשטנס ווײַל זיי אַליין זענען געווען רעליגיעז,

און צוויטנס, ווײַל אויך די נישט־ייִדישע סבֿיבֿה האָט געלעבט אונטערן ריגאָר פֿון דער קירך. אָבער אויפֿן שוועל פֿון אונדזער יאָרהונדערט זענען פֿאָרגעקומען געוואַלדיקע שינויים אין דער וועלט. רעליגיע האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן איר כּוח נישט בלויז דורך דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון סאָציאַליס־טישן אַטעיזם, נאָר אויך דורך דער שטאַרקערער צענטראַליזאַציע פֿון מלו־כות. די מלוכה האָט נישט געוואָלט מער טאָלערירן די קאָנקורענץ פֿון דער קירך. ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז איז רעליגיע אָפּגעטיילט געוואָרן פֿון מלוכה. די ייִדישע אימיגראַציע האָט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן באַלד בײַ איר אָנקומען געפֿונען אַ פֿרײַען ציווילשטאַנד. און אַזוי אויך אַנדערע ייִדישע אימיגראַציעס אין פֿאַרשיידענע לענדער. דער רעליגיעזער דיסציפּלין און לעגיסלאַטור האָבן זיך אונטערגעוואָרפֿן נאָר די, וועלכע האָבן זיי אויסגעוויילט פֿון זייער פֿרײַען ווילן. די ייִדן אין דער וועלט זענען דורכ־געגאַנגען אַ סעקולאַריזאַציע־פּראָצעס, איבערלאָזנדיק פֿאַר זיך בלויז אַ טייל פֿון די רעליגיעזע מנהגים, וועלכע זענען געוועזן אײַנגעפֿלייסט אין זייער ייִדישן שטייגער. נישט געקוקט אויף דעם דאָזיקן סעקולאַריזאַציע־פּראָצעס זענען דאָך די ייִדן געבליבן ייִדן, מיט זייער אייגענער פֿאָלקסטימלעכער קולטור, מיט זייער אייגן שולוועזן, מיט זייער אייגן לשון, מיט זייער גאָר באַזונדערן שטייגער.

גאָר אַנדערע באַדינגונגען האָבן זיך אײַנגעשטעלט אין מדינת ישׂראל.

אַחוץ דעם, וואָס אין ישׂראל איז ערבֿ דעם אויפֿקום פֿון דער מדינה פֿאַרלייקנט געוואָרן אַלץ וואָס דער גלות האָט געשאַפֿן — שלילת הגלות אין די עקסטרעמסטע פֿאָרמען — ווי חיים הזז האָט עס אויסגעדריקט אין זײַן דראַמע בקץ הימים — האָט די מדינה־אָרגאַניזאַציע ווי יעדע נײַע מאָדערנע מדינה זיך געשטאַלטיקט מיט איבערגעטריבענעם צענטראַליזם, וואָס וויל האָבן דעם בירגער אין גאַנצן אונטער איר קאָנטראָל. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די פֿאַראייניקונג פֿון דער מלוכה מיט רעליגיע און דער גאַנצער ציווילשטאַנד איז אונטערגעוואָרפֿן געוואָרן דער רעליגיעזער געזעצגעבונג און דער רבנישער דיסציפּלין. אַ באַלאַסט פֿון די געזעצן פֿון אַ מאָדערנער צענטראַליסטישער מלוכה פּלוס דעם באַלאַסט פֿון דער הלכה — אַזעלכע צוויי עולן האָט אַפֿילו עזרא הסופֿר נישט אָנגעלאָדן אויף די ייִדן אין ארץ־ישׂראל מיט אַ 2500 יאָר צוריק. עזרא האָט אײַנגעפֿירט בלויז די געזעץ־געבונג פֿון תּורת משה און אויך דאָס אַליין איז פֿאַר ייִדן געוועזן שווער אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן. אָבער צוויי לעגיסלאַטורן, אַ סעקולערע און אַ רעליגיעזע — דאָס איז אַ היפּש ביסל צו פֿיל פֿאַר אַן אַדורכגעליטן פֿאָלק, וואָס האָט געבענקט נאָך פֿרײַער לופֿט.

אונדז דאָ, אין ישׂראל, דאַכט זיך, אַז די ייִדן אין דער פֿרײַער וועלט זעען דאָס נישט און ווייסן נישט דערפֿון. האָבן מיר אַ טעות. זיי רעדן נישט דערפֿון אָפֿן, ווײַל זיי האָבן מורא פֿאַר אַ פּתחון פּה, טאָמער וועט

דערפֿון פֿאַלן אַפֿילו אַ שפּרענקעלע אויף דער מדינה, אָבער זיי הייבן מיט די אַקסלען...

אין פּערספּעקטיוו זעט עס אויס זייער שאַרף און אָפּשרעקנדיק. עס ווערט געשאַפֿן אין דער פּסיכיק פֿון אַ ייִד אין דער וועלט אַ זייער קאָמפּלי־צירטער קאָנפֿליקט: די מדינה איז פֿאַר אים זײַן נאַציאָנאַלער שטאָלץ, זײַן פּערזענלעכער כּבֿוד, די מדינה גיט אים אַפֿילו עפּעס מער פֿון דעם גלײַכהייט־געפֿיל כּלפּי אַלע פֿעלקערשאַפֿטן אין דער מדינה ווו ער לעבט, ער ציטערט און ווייטיקט אויב די מדינה איז אויסגעשטעלט אויף אַ סכּנה, ער יובֿלט מיט אירע נצחונות, אָבער ווען מען זאָגט אים: נו, אויב די מדינה איז דיר אַזוי לײַבלעך נאָענט, טאָ מאַך דעם פּערזענלעכן אויספֿיר; אין אַזאַ פֿאַל שרעקט אים אָפּ: די שפּראַך, דער שטייגער, די קולטור — אַלץ איז ווײַט פֿון דעם, וואָס איז אים גײַסטיק נאָענט. דער צענטראַליזם פֿון דער מדינה־אָרדענונג, דער ריגאָר פֿון דער רעליגיעזער געזעץ־געבונג, וואָס איז אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער מדינה־לעגיסלאַטור — פֿון דעם אַלעם איז ער שוין לאַנג אָפּגעוווינט און וויל זיך גישט צו דעם צוריקקערן.

ח.

זינט די מדינה איז אויפֿגעקומען זענען שוין געווען אומצייליקע סי־טואַציעס, וואָס האָבן געדאַרפֿט איבערצײַגן, אַז די ייִדן אין דער וועלט זענען דער איינציקער פֿיזישער, מאָראַלישער און מאַטעריעלער כּוח, וואָס שטיצט אונטער ישׂראל אין אַלע באַדינגונגען. מיט אַנדערע ווערטער: די ייִדן אין דער וועלט זענען דער לעבעדיקער און איינציקער רעזערוואַר פֿאַר ישׂראל איצט און אין דער צוקונפֿט. פּונקט אַזוי ווי די ייִדן אין דער וועלט נייטיקן זיך אין מדינת ישׂראל, אַזוי נייטיקט זיך ישׂראל אין די ייִדן פֿון דער וועלט. די מחיצות וואָס זענען קינסטלעך אויפֿגעשטעלט געוואָרן צווישן ישׂראל און די ייִדן אין דער וועלט מיט אַ זייער אויס־דריקלעכן ביטול צום „גלות־ייִדנטום" — די מחיצות זענען צעשטערט געוואָרן דורך די היסטאָרישע געשעענישן דאָ, בײַ אונדז. די סאָוועטיש־אַראַבישע פּרווון אַרײַנצוטרײַבן ישׂראל אין אַ מדינה־געטאָ, דורכפֿירן איבער זיי מאַסן־שחיטות, און דער ענטפֿער פֿון צה"ל, מיט זײַן נפֿלאותדיקן נצחון, האָבן באַשאַפֿן אַ נײַ ייִדיש פֿאָלק און אויפֿגעצוווּנגען צו אַ רעוויזיע פֿון די צווישנבאַציִונגען פֿון ישׂראל און דעם וועלט־ייִדנטום.

צי ווערט די רעוויזיע געמאַכט ווען דער איר היסטאָרישן אַרויסרוף? דאָס איז די ערשטע שאלה.

די ייִדישע מדינה האָט אויפֿגעריכט די שארית־הפּליטה פֿונעם נאַציאָ־נאַלן חורבן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, זי האָט צעמענטירט און דערהויבן די שוואַכסטע טיילן פֿון אונדזער פֿאָלק — אַ קאָלאָסאַלע דער־

גרייכונג! די ייִדישע מדינה האָט געגעבן נאַציאָנאַלע אידענטיטעט דעם ייִדישן פֿאָלק אין דער וועלט, וואָס אויך דאָס איז נישט אָפּצושאַצן. אָבער די ייִדישע מדינה האָט נישט פֿאַרענטפֿערט די ייִדן־פֿראַגע, ווי זי איז פֿאָרמולירט געוואָרן דורכן ציוניזם: איינזאַמלען דאָס ייִדישע פֿאָלק אין ישׂראל און ליקווידירן דעם גלות. די דערגרייכונגען פֿון ייִדן אין דער וועלט — סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און אויך קולטורעלע (לײדער נישט־ייִדישע מיט אַן עקסטרעמער טענדענץ צו אַסימילאַציע) — זענען אַזעלכע, אַז די מדינה איז נישט ביכולת פֿאַרגלײַכן זיך מיט זיי. ייִדן בלײַבן אַ וועלטפֿאָלק. אָבער כּדי דאָס וועלטפֿאָלק זאָל אין די איצטיקע באַדינגונגען נישט צעשוווּמען ווערן אין דער אַסימילאַציע, מוזן געפֿונען ווערן וועגן (מצד דער מדינה) אויפֿצוהאַלטן און אויך שטאַרקן די גײַסטיקע כּוֹחוֹת, מיט וועלכע די ייִדישע ייִשובֿים אין דער וועלט האָבן זיך געהאַלטן ביז איצט.

בכן, איז די צווייטע שאלה: צי איז די מדינה גרייט צו בײַטן איר ביז־איצטיקע אײַנשטעלונג צו די גײַסטיקע ווערטן, וועלכע זענען געשאַפֿן געוואָרן אין גלות, ווי ייִדיש, ייִדישע ליטעראַטור אאַז״וו, וואָס הגם זיי זענען גאָר שטאַרק אונטערמינירט געוואָרן, האָבן זיי נאָך אַלץ פּאָטענציעלע כּוחות צו באַווײַזן נאַציאָנאַלע וווּנדערס?

פֿון אָט די צוויי שאלות און פֿון דעם אופֿן ווי זיי וועלן פֿאַרענטפֿערט ווערן, איז אָפּהענגיק די צוקונפֿט פֿון די פֿאַרהעלטענישן צווישן דעם ייִדישן פֿאָלק אין דער וועלט און ישׂראל און צי ישׂראל וועט זײַן בכּוח אויפֿצוהאַלטן איר קוואַליקן (און איינציקן!) רעזערוואָר.



די וועלטלעכע קאָנצעפּציע פֿון „שלילת הגלות" האָט, אַן צו פּראָ־קלאַמירן דײַטלעך, געשטעלט די ייִדן אין ארץ־ישׂראל העכער פֿון די ייִדן אין דער צעשפּרייטונג. די קאָנצעפּציע פֿון העכערקײַט און מינער־ווערטיקײַט איז קולטיווירט געוואָרן אינעם בילדונג־סיסטעם אין פּאַלעסטינע צענדליקער יאָרן פֿאַר דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה. אַ היפּשער טייל פֿון דער דענקענדיקער און אידעאָלאָגיש אַקטיווער יוגנט האָט געמאַכט דעם אויספֿיר: שלילת הגלות מיינט נישט בלויז, אַז דער ייִד אין גלות איז אַ מינערווערטיקער, נאָר אויך די קולטור, וואָס דער גלות האָט געשאַפֿן, איז מינערווערטיק און ביידע דאַרף מען נעגירן. אויף דער באַזע פֿון אַזאַ קאָנסעקווענטן אויספֿיר איז אויפֿגעקומען די „עבֿרים־באַוועגונג", וואָס האָט געפּריידיקט אָפּצורײַסן זיך פֿונעם וועלט־ייִדנטום און שאַפֿן אין ארץ־ישׂראל אַ נײַ עבֿרים־פֿאָלק, וואָס זאָל אַסימילירן אַלע פֿעלקערשאַפֿטן אין דעם ראַיאָן — אַראַבער, דרוזן, טשערקעסן און בעדויִנער — זיי זאָלן שאַפֿן

אַ בשותּפותדיקער קולטור און אַלע זאָלן רעדן העברעיִש. די פּיאָנערן פון דעם „עבֿרים־פֿאָלק״ זענען געווען מיליטאַנטיש־אַקטיוו, אויפֿגעריסן פֿאַר־זאַמלונגען, אויף וועלכע מען האָט גערעדט יידיש־לשון, אונטערגעצונדן קיאָסקן, וואָס האָבן פֿאַרקויפֿט יידיש ביכער און צייַטונגען, און צוגעשטאַנען צו יידיש־רעדנדיקע אויף דער גאַס, זיי זאָלן רעדן העברעיִש. פּאַראַלעל איז אויפֿגעשטאַנען אַן אָרגאַניזאַציע „גדוד מגיני השׂפה״ — „באַטאַליאָן צו שיצן די שפּראַך״, אַקטיוו צו באַקעמפֿן יידיש־לשון.

אויף ווי ווייַט די עבֿרים און די יונגעלייַט פֿון דעם „גדוד מגיני השׂפה״ זענען געווען מיליטאַנטיש, וועט דינען דער ווייַטערדיקער קוריאָז, וואָס עס האָט מיר דערציילט דער פֿאַרשטאָרבענער טעאַטער־קריטיקער און שעפֿער פֿון דעם קונסט־מוזיי פֿון תּל־אָבֿיבֿ, חיים גמזו. חיים גמזו האָט געלערנט אין דער ערשטער העברעיִשער גימנאַזיע אין תּל־אָבֿיבֿ (גימנסיה הרצליה) און ווי אַ יונגטלעכער איז ער געווען אַ מיטגליד פֿונעם גדוד מגיני השׂפה״. צו דעם גדוד איז דערגאַנגען, אַז די צוויי העברעיִשע דיכטער חיים נחמן ביאַליק און זלמן שניאור רעדן צווישן זיך יידיש ווען זיי שפּאַצירן אין תּל־אָבֿיבֿ. האָט די אָנפֿירונג פֿון דעם גדוד באַשלאָסן מאַכן אַ סוף צו דעם וויסטן סקאַנדאַל וואָס דער נאַציאָנאַלער דיכטער ביאַליק און דער באַרימטער דיכטער שניאור רעדן עפֿנטלעך יידיש. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער דערמאָנטער חיים גמזו זאָל נאָכשפּיאָנירן די צוויי דיכטער בעת זייערע שפּאַצירן, און ווי ער וועט הערן אַז זיי רעדן יידיש, זאָל ער פֿאָדערן פֿון זיי, זיי זאָלן רעדן העברעיִש. איין מאָל, ווען די צוויי דיכטער האָבן שפּאַצירט אויף דער אַלענבי גאַס אין תּל־אָבֿיבֿ, האָט גמזו אונטער־געהערט ווי ביידע שמועסן אויף יידיש. ווי אַ יונגער בחור און פֿון גרויס דרך־ארץ פֿאַר די צוויי דיכטער, האָט גמזו אויסגעפֿעלט מוט צו וואָרענען, זיי זאָלן רעדן עבֿרית. אַז די צוויי דיכטער זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען, איז גמזו נאָכגעגאַנגען דווקא זלמן שניאור. אַפֿילו ווען שניאור האָט זיך פֿאַרהאַלטן בייַ אַן אויטאָבוס־סטאַנציע האָט דעם יונגן גדודניק אויסגעפֿעלט דרייסטקייט צו ווענדן זיך צום דיכטער מיט זייַן לאָזונג ער זאָל רעדן העברעיִש. ערשט ווען עס האָט זיך אָפּגעשטעלט אַן אויטאָבוס און זלמן שניאור איז אויפֿגעשטיגן, האָט גמזו אויסגערופֿן: „משורר עבֿרי, דבר עבֿרית!״ — „העברעיִשער דיכטער, רעד העברעיִש!״ האָט שניאור זיך אויסגעדרייט צו אים און אויסגעשריגן: „קאַקער, גיי אַוועק!״... און ער, גמזו, איז אַוועק אַ פֿאַרשעמטער פֿון די דרייַ יידישער ווערטער פֿונעם מויל פֿון אַ העברעיִשן דיכטער...

פֿון דעם עבֿרים־פֿאָלק האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, דער „גדוד מגיני השׂפה״ איז שוין לאַנג פֿאַרגעסן געוואָרן, אָבער דער טאָטאַלער שלילת־הגלות סייַ וואָס שייך דעם יידישן גוף אין דער צעשפּרייטקייט און סייַ צו דער יידישער קולטור, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין מיזרח־אייראָפּע,

האָט געלאָזט טיפֿע וואָרצלען, און די טאָטאַלע נעגירונג דריקט זיך היינט אויס אין די באַציִונגען צווישן ישׂראל און די ייִדן אין דער וועלט. ישׂראל זעט די ייִדן אין דער וועלט פֿון צוויי אַספּעקטן: ווי אַ קוואַל פֿאַר עליה (אײַנצוזאַמלען אַלע ייִדן פֿון דער וועלט אין ישׂראל — קיבוץ גלויות) און ווי אַ קוואַל צו זאַמלען געלט פֿאַר דער מדינה. דאָס געזעלשאַפֿטלעכע און קולטור־לעבן פֿון ייִדן אין דער וועלט איז פֿאַר ישׂראל נישט אינטע־רעסאַנט. אמת. ישׂראל שיקט שליחים צו ייִדן אין דער וועלט נישט בלויז צו זאַמלען געלט, נאָך אויך פֿאַר אידעאָלאָגישע און קולטור־צוועקן, אָבער נאָר פֿאַר די אינטערעסן פֿון ישׂראל. ווי צום בײַשפּיל: לערערס, צו לערנען אין ייִדישע שולן העברעיִש, קולטור־ און פּראָפּאַגאַנדע־ספּעציאַליסטן צו דערציִען ייִדישע קינדער אין גײַסט פֿון ציוניזם. קיין ראַטנפֿאַרבאַנד ווערן געשיקט צענדליקער שליחים און לערערס מיט אַלע נויטיקע פֿינאַנציעלע מיטלען, מיט מאַטעריאַל, ווי לערן־ביכער און לייען־שטאָף, מיטן אויס־שליסלעכן ציל די ייִדן זאָלן אימיגרירן (עולה זײַן) בלויז קיין ישׂראל. דאָס איז די סיבה פֿאַרוואָס די ייִדיש־טוערס אין ראַטנפֿאַרבאַנד קלאָגן זיך, אַז פֿון אָנהייב פֿון דעם גלאַסנאָסט האָבן זיך געשאַפֿן הונדערטער גרופּעס צו לערנען ייִדיש און אָפּבויען די ייִדישע קולטור, נישט האָבנדיק קיין פֿינאַנציעלע מיטלען פֿאַר זייער טעטיקייט, אין דער צײַט ווען פֿון ישׂראל זענען געשיקט געוואָרן צענדליקער שליחים צו שאַפֿן „אולפּנים" (קורסן צו לערנען העברעיִש) און די „אולפּנים" ליקווידירן די ייִדיש־גרופּעס.

ישׂראל איז נישט פֿאַראינטערעסירט, אַז אין ראַטנפֿאַרבאַנד זאָל זיך אָפּבויען אַ ייִדיש לעבן מיט דער ייִדישער קולטור, גענוי ווי ישׂראל איז נישט פֿאַראינטערעסירט עס זאָל זיך אָפּבויען אַ ייִדיש לעבן אין מאַראָקאָ, אַלזשיר, ווי זי איז נישט פֿאַראינטערעסירט צו שטאַרקן דאָס ייִדישע געזעל־שאַפֿטלעכע לעבן אין די אייראָפּעיִשע, צי דרום־אַמעריקאַנער לענדער. די זאָרג איז: צו שטאַרקן די עליה קיין ישׂראל און די געלט־זאַמלונגען.

אין דער צײַט פֿון דער מאַסן־עליה קיין ישׂראל אין די פֿופֿציקער יאָרן, ווען עס האָבן זיך פֿאַרווישט די גרענעצן צווישן מער וויכטיקע און ווייניקער וויכטיקע ייִדן, האָט די העברעיִשע פּרעסע אין ישׂראל גע־בראַכט אויך נײַעס און באַריכטן פֿון דעם ייִדישן לעבן אין דער וועלט. די באַריכטן זענען נישט געווען אײַ־אײַ־אײַ, אָבער דער העברעיִש־לייענער אין ישׂראל האָט געהערט וועגן אַ ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע, צי אורוגווײַ, אָדער אויסטראַליע. היינט איז די העברעיִשע פּרעסע ריין פֿון אַזעלכע באַריכטן.

אין ישׂראל דערשײַנען פֿינף העברעיִשע טאָגצײַטונגען (די צוויי אָוונט־צײַטונגען דערשײַנען באַגינען און זיי זענען פֿאַקטיש טאָג־צײַטונגען). מיט יאָרן צוריק פֿלעגן צײַטונגען האָבן קאָלומס פֿאַר דעם לעבן פֿון ייִדן אין דער וועלט. מיט דער צײַט זענען די קאָלומס פֿאַרשווונדן. בלויז

די צײַטונג „הארץ" פירט ווײַטער דעם קאָלום. וועגן דעם וואָס עס טוט זיך בײַ ייִדן אין דער וועלט קענט איר לייענען בלויז אין דער ייִדישער טאָג־צײַטונג „לעצטע נײַעס" און אין „דזשערוזאַלעם פּאָסט" אין ענגליש. דאָס מיינט נישט, אַז די העברעיִשע פּרעסע באַריכט נישט פולשטענדיק געשעענישן אין דער ייִדישער וועלט. זי ברענגט יאָ נײַעס און באַריכטן, אָבער נאָר ווען די נײַעס זענען נעגאַטיוו — וועגן אויסברוכן פון אַנטי־סעמיטיזם, וועגן אונטערצינדן אַ שיל, אָדער צעשטערן מצבֿות, אַ שטיקל פּאָגראָם; אָדער נײַעס פֿאַר די אינטערעסן פון ישׂראל, ווי געלט־זאַמלונגען פֿאַר ישׂראל, וועגן דעם פֿאַרקויף פון די באָנדס, וועגן די ייִדישע שתּדלנים פֿאַר ישׂראל אין וואַשינגטאָן, אָדער וועגן די ייִדישע פּרעזידענטן אין אַמע־ריקע, ווען זיי פירן דורך אַן אַקציע צו פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פון ישׂראל.

וועגן דעם געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן פון די קאָמיוניטיס — דאָס אינטערעסירט נישט דער העברעיִשער פּרעסע, במילא אינטערעסירט עס אויך נישט דעם ישׂראלדיקן לייענער, וואָס איז אַפילו איבערזעטיקט מיט דעם וואָס קומט פֿאָר בלויז אין ישׂראל: דער צושטאַנד פון אומזיכערקייט צוליב דעם פּאַלעסטינעזער טעראָר, מלחמה, אַרבעטלאָזיקייט, די גרויסע צאָל קאַטאַסטראָפעס אויף די וועגן, די לײַדן פון די אימיגראַנטן (עולים) פון רוסלאַנד, וואָס האָבן נישט קיין סטאַבילן דאַך איבער זייערע קעפּ און האָבן נישט קיין אַרבעט און אַזוי ווײַטער. פעלן נישט פּאַקטיש די ייִדן אין ישׂראל די נײַס וועגן ייִדן אין דער וועלט.

דעם אמת געזאָגט, איז דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטור־לעבן פון די ייִדישע קאָלעקטיוון אין דער וועלט אין אַ גאַר גרויסער מאָס דעמאָ־ביליזירט. ייִדן אין דער וועלט האָבן נישט מער קיין בשותּפותדיקע פּאָלק־שפּראַך און קיין בשותּפותדיקע קולטור: די ייִדן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן רעדן און לעבן זיך אויס אין ענגליש, לייענען די פּרעסע אין ענגליש, טעאַטער און קאָנצערטן זענען די זעלבע ווי פֿאַר ייִדן און נישט־ייִדן. דאָס ייִדישע קולטור־לעבן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָט נישט דעם מינדסטן אײַנפלוס אויף די ייִדן אין לאַטיין־אַמעריקע, און דאָס ייִדישע קולטור־לעבן, אויב אַזאַ איז נאָך פֿאַראַן אין לאַטיין־אַמעריקע, האָט נישט דעם מינדסטן קאָנטאַקט מיט דער קולטור־לעבן פון די ייִדן אין די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן. דאָס זעלבע מיט די ייִדישע קאָלעקטיוון אין מערבֿ־אייראָפּע. דאָס זעלבע מיט דעם וואָס עס טוט זיך אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. דער קולטור־אײַנפלוס פון ישׂראל אויף דער ייִדישער וועלט איז אַ נישטי־קער, אויסער דעם אײַנפלוס פון די שליחים צו פֿאַרשפּרייטן דאָס לערנען העברעיִש און זאַמלען געלט, און צוגרייטן יוגנטלעכע עולה צו זײַן קיין ישׂראל...

אוודאי פֿאַרן אַרויס ישׂראלדיקע זינגערס, טעאַטערס, רעפערענטן צו

פּרעזענטירן זיך פֿאַר ייִדן אין דער וועלט; ייִדן אין דער וועלט באַוווּנדערן זיי, שטיצן זיי, אָבער קיין טיפֿן קולטור־אײַנפֿלוס, אויסער סענטימענט פֿאַר ישׂראל, האָבן זיי נישט. דעמאָלט ווען די מערהײַט ייִדן אין דער וועלט האָט געהאַט אַ בשותּפֿותדיקע שפּראַך מיט אַ בשותּפֿותדיקע קולטור, איז דער קולטור־אויסטויש געווען אַ לעבעדיקער, אַ שעפֿערישער. ייִדיש טעאַטער אין אייראָפּע האָט געשפּילט די זעלבע פֿאָרשטעלונגען, וואָס די טעאַטערס אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אַרגענטינער ייִדיש טעאַטער האָט געשפּילט די זעלבע פֿאָרשטעלונגען וואָס ייִדיש טעאַטער אין פּוילן, אָדער פֿאַראייניקטע שטאַטן. ייִדישע ביכער זענען געלייענט געוואָרן דורך ייִדן אומעטום. די ייִדישע פּרעסע פֿון פּוילן, צי פֿון אַמעריקע האָט דערגרייכט צו אַלע ייִדישע ייִשובֿים אין דער וועלט.

אַזאַ שותּפֿות איז מער נישטאָ. די ייִדישע פּרעסע, דאָרט ווו זי עקסיס־טירט נאָך, צאַנקט. עס איז נישט ריכטיק, אַז עס זענען מער נישטאָ קיין לייענער פֿאַר אַ ייִדישער פּרעסע און אַפֿילו פֿאַר אַ ייִדיש בוך. אָבער צוליב דער זעלבסט־דעמאָביליזאַציע אָרט עס קיינעם נישט, אַז די ייִדישע פּרעסע גייט אונטער. אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע זענען ייִדן נישט געווען אַזוי רײַך ווי הײַנט. ביליאָנען דאָלאַרן ווערן געזאַמלט פֿאַר הונדערטער פֿאַרשיידענע קולטור־ און סאָציאַלע פּראָיעקטן, אָבער פֿאַר דער ייִדישער פּרעסע, וואָס ראַנגלט זיך מיט אויסערגעוויינטלעכע שווער־קײַטן, איז נישטאָ קיין איינציקער דאָלאַר.

ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער איצטיקער צײַט, וואָס די פֿאַרשיידענע ייִדישע קולטור־גרופּן מישן זיך נישט אויס. אַ האַלבער מיליאָן ישׂראלים האָבן פֿאַרלאָזט זייער מדינה. איר געפֿינט זיי אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אין אויסטראַליע — אומעטום ווו מען קען מאַכן אַ לײַכטן דאָלאַר, אָבער אומעטום האַלטן זיך די „יורדים" פֿון ישׂראל באַזונדער, אָפּגעטיילט פֿון די דאָרט־אײַנגעזעסענע, פֿריערדיקע דורות, האָבן נישט מיט די ייִדן קיין בשותּפֿותדיקע געמיט־שפּראַך.

אין די יאָרן באַלד נאָך דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה פֿלעגן נאָך קומען קיין ישׂראל איינצלנע ייִדישע, ענגליש־רעדנדיקע קינסטלער ווי דעני קעי, ביקעל און אפֿשר נאָך איינער — פֿאַר קורצע אַרויסטריטן. איין אָדער צוויי מאָל איז אויך געקומען דער שרײַבער הערמאַן וווק, פֿאַר אַן איינצלנעם אַרויסטריט. מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט. קיין אַזוי גערופֿענער קולטור־אויסטויש צווישן דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום און די ייִדן אין ישׂראל איז נישטאָ. דער „קולטור־אויסטויש" איז אַן אײנזײַטיקער. גאָר אַנדערש איז עס ביז די לעצטע פֿאַר יאָר געווען אין דעם ייִדיש־סעקטאָר. ייִדיש איז אין ישׂראל געווען פּאָליצייִש פֿאַרפֿאָלגט. פֿאַר שפּילן ייִדיש טעאַ־טער זענען די אַקטיאָרן באַשטראָפֿט געוואָרן, נישט געקוקט דערויף וואָס זיי זענען געווען נײַע עולים און נישט געהאַט פֿון וואָס צו לעבן. אַז

כּלפּי יידיש איז די לאַגע געוואָרן לײַכטער, זענען צו די יידישע טעאַטער־גייער אין ישׂראל געקומען מאָריס שוואַרץ און יוסף בולאָוו פון אַמעריקע, די משפחה בורשטיין, שווישפּילער פון אַרגענטינע, דזשיגאַן און שומאַכער. דאָס איז נישט געווען קיין סטערילער „קולטור־אויסטויש", נאָר אַ יידישער יום־טובֿ, אַן אָפּגעפּינען זיך פון משפחות. דאָס איז מער נישטאָ און מסתמא וועט עס אויך נישט זײַן, ווײַל אינעם גאַנצן יידישן פאָלק קומט פאָר אַן אויסטערלישע קולטור־צעשפּליטערונג. דאָס אַלטע איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך פרעמדע אַכזריותדיקע רעזשימען, און אין אַ גרויסן טייל האָבן יידן אַליין צוגעהאָלפן אומברענגען. ס'איז פאָרגעקומען אַ פּראָצעס פון אַ בהלה־דיק אַנטלויפעניש און אויסלײדיקונג.

וווּנדערן זיך באַזווּע מענטשן הלמאַי בײַ דער עקזיסטענץ פון אַ יידישער מדינה, וואָס האָט געזאָלט לייזן אַלע יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, בושעוועט אין יידישן פאָלק אַן אַסימילאַציע, וואָס אַזאַ איז נאָך נישט געווען.

ווײַל ס'איז נישטאָ קיין פאָלקס־קולטור, וואָס זאָל צונויפבינדן אַלע יידישע קאָלעקטיוון אין דער וועלט, האָבן נישט די יונגע דורות קיין מאָטיוואַציע צו קלאַמערן זיך בײַ דעם וואָס פאַרשווינדט. אויסער דעם שטייען איצט פאַר יידן אָפן אַלע מעגלעכקייטן צו מאַכן קאַריערעס אָן צו דאַרפן „טוישן דאָס רענדל", זיך שמדן. אַ יידישער יונגערמאַן קען איצט שטעלן אַ חופּה מיט אַ נישט־יידיש מיידל אין אַ קירך און באַקומען די ברכה פון אַ גלח. טעאָדאָר הערצל, אַ פּרוסטרירטער אַסימילאַטאָר, פאַרביטערט פאַרוואָס אינטעליגענטע, געלערנטע יידן קענען נישט זײַן קיין מיניסטאָרן אין קריסטלעכע מדינות, האָט געוואָלט אַ יידישע מדינה, כּדי יידן זאָלן אויך קענען זײַן מיניסטאָרן. הײַנט געפינט איר אין דער אַמעריקאַנער אַדמיניסטראַציע מער יידן ווי זיי מאַכן אויס פּראָצענטועל לויט דער צאָל יידן אין אַמעריקע. איר געפינט יידן אין אַלע אייראָפּעיִשע רעגירונגען. אָט די ענדערונגען פאַרטיפן נאָך מער די דעמאָביליזאַציע און דאָס אַנטלויפן אין פרעמדע קולטורן. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז איבערהויפּט נישט געשטאַנען די פראַגע: ווו געפינט זיך דער יידישער קולטור־צענטער? דער קולטור־צענטער איז געווען אין מיזרח־אייראָפּע מיט אַקטיוו־שעפערישע אָפּטיילן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין אַרגענטינע, אין דרום־אַפריקע, אין אויסטראַליע און ווו נישט? ווו עס איז געווען אַ מנין יידן אָפּשטאַמיקע פון מיזרח־אייראָפּע, דאָרט איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דעם יידישן צענטער. און הײַנט?

עס גייט אָן אַ דיסקוסיע צווישן ישׂראל־אינטעלעקטואַלן וועגן דעם, צי ישׂראל איז דער יידישער קולטור־צענטער, אָדער ער געפינט זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן? וואָס שייך ישׂראל האָט זי אַן אייגענע נאַציאָנאַלע שפּראַך — העברעיִש. אָבער איר קולטור איז נאָך אין פּראָצעס פון ווערן.

קולטורעל געפינט זיך ישׂראל אונטערן אימפּאַקט פֿון דער אַנגלאָזאַקסישער קולטור מיט לעוואַנטינער מענטאַליטעט. יעדער גרעסערער אימיגראַציע־שטראָם ברענגט אַריַין זייַנע קולטור־עלעמענטן. נאָך מער ווי אין די דרייַסיקער יאָרן, ווען דער צושטראָם פֿון דייַטשע ייִדן האָט געענדערט די קולטור־ריכטונג אינעם דעמאָלטיקן יישובֿ אין ארץ־ישׂראל, ברענגען איצט אַרייַן זייער טייל די מאַסן סאָוועטישע ייִדן. אויב קיין ישׂראל זאָל ווירקלעך קומען אַ מיליאָן אָדער אַפֿילו צוויי מיליאָן סאָוועטישע ייִדן, ווי עס ווערט פֿאַרגעזען, וועט זיך דער ישׂראלדיקער קולטור־פּייסאַזש גאָר וואַזשנע ענדערן. איז ישׂראל, אמת, דער נאַציאָנאַלער צענטער; צי ער איז דער קולטור־צענטער פֿונעם ייִדישן פֿאָלק? — וועגן דעם איז פֿאַראַן אַ סך צו דיסקוטירן. דערווייַל ראַנגלט זיך די ייִדישע מדינה מיט דעם אָנגרייַפֿערישן רעליגיעזן עסטאַבלישמענט, וואָס וויל די מדינה פֿאַרוואַנדלען אין אַ טעאָקראַטיע, נוסח מיטלאַלטער. און וואָס שייך אַמעריקע ווי דער ייִדישער קולטור־צענטער, ווערט מען געשטעלט פֿאַר אַט דער פּראָבלעם: שפּראַך איז נישט בלויז אַ קאָמוניקאַציע־מיטל. עספּעראַנטאָ האָט געדאַרפֿט דינען ווי אַ קאָמוניקאַציע־מיטל צווישן פֿעלקער. האָט זיך עספּעראַנטאָ נישט אָנגענומען דערפֿאַר, ווייַל שפּראַך מוז האָבן אין זיך אַלע מענטאַלע עלעמענטן פֿון דעם פֿאָלק, וואָס רעדט די שפּראַך, בעת עספּעראַנטאָ איז טרוקן, אָן זאַפֿטן. פֿאַרן צוויי ייִדן אין אַ באַנוואַגאָן און זיי שווייַגן. פּלוצעם טוט איינער פֿון זיי אַ קרעכץ. רופֿט זיך אָפּ דער צווייטער: „איר דערציילט מיר?" ייִדן האָבן די באַזע פֿאַר זייער שפּראַך — ייִדיש — גענומען פֿון מיטלהויכדייַטש. האָט עס געדויערט הונדערטער יאָרן ביז פֿון דער באַזע־שפּראַך פֿון די ייִדן זענען באַזייַטיקט געוואָרן אַלע קריסטלעכע סימבאָלן און געוואָרן ייִדיש־ייִדיש, וואָס איז פֿול מיט ייִדיש געמיט. דאָס איז געוואָרן מעגלעך בלויז אַ דאַנק דעם וואָס ייִדן האָבן מיט זייער נייַער שפּראַך זיך אָפּגעזונדערט. אין דער מאָדערנער פֿרייַער וועלט, וואָס מחמת די קאָמוניקאַציע־מיטלען האָט זיך די וועלט איַינגעשרומפּן און געוואָרן ווי איין גרויסע מדינה, איז נישט מעגלעך די אַמעריקאַנער ייִדן, וואָס ענגליש איז געוואָרן זייער קאָמוניקאַציע־שפּראַך, זאָלן זיך אָפּזונדערן אויף אַזוי ווייַט, אַז זייער ענגליש זאָל ווערן אַ נייַער ייִדיש. עס איז מער אָנצונעמען, אַז ייִדן וועלן זיך לסוף אַסימילירן אין דער אָפֿענער און טאָלעראַנטער סבֿיבֿה, אין וועלכער זיי לעבן. דעריבער קען מען הייַנט נישט זאָגן, אַז אַמעריקע איז דער גייַסטיקער צענטער פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. אַמעריקע איז יאָ אַ צענטער פֿון פּאָליטישן און פֿינאַנציעלן כּוח פֿאַר מדינת ישׂראל. אָן דעם צענטער קען די ייִדישע מדינה נישט אויסקומען אַפֿילו איין חודש. אַנטקעגן אָט דעם כּוח, איז ישׂראל אַ צענטער פֿאַר דער מאָראַלישער קרעפֿטיקונג אין דער ייִדישער וועלט; אַפֿילו פֿאַר די ייִדן וואָס אַסימילירן זיך און האַלטן ווייַטער אויף זייער מינערווערטיקייַט־קאָמפּלעקס. ביידע, ישׂראל

און די ייִדן אין דער וועלט, זענען עקזיסטענציאַנעל געבונדן איינער מיטן אַנדערן. אָבער די שלילת הגלות-קאָנצעפּציע איז במשך פֿון אַ קאַרגן יאָר-הונדערט אַזוי שטאַרק פֿאַרסירט געוואָרן אין ייִדישן פֿאָלק, אַז זי האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ מינערוועטיקייט-קאָמפּלעקס ביי ייִדן אויסער ארץ-ישׂראל.

ישׂראל איז אַוודאי פֿאַראינטערעסירט דער מינערוועטיקייט-קאָמפּלעקס זאָל ווייטער אָנהאַלטן, הגם די ווירקלעכקייט איז אַזאַ, אַז ייִדן אין דער וועלט וואַרעמען זיך ביי דער זון פֿון מדינת ישׂראל, און ישׂראל שעפּט אַ וועזנטלעכן טייל פֿון איר כּוח פֿון די ייִדן אין דער וועלט: ייִדישע פּרעזידענטן מוזן אָפּט קומען קיין ישׂראל, כּדי צוריקצוקערן זיך אַהיים מיט אויף ס'נייַ אָנגעלאָדענע פּרעסטיזש-באַטעריעס און ישׂראל-פֿירער מוזן אָפּט פֿאָרן צום אַמעריקאַנער ייִדישן צענטער, כּדי צו שטאַרקן זייער געפֿיל פֿון מאָראַלישן כּוח...

# י. ל. פּרץ — דער שעפּער פון אַ קולטור־תּקופה אין דער ייִדישער געשיכטע

א.

די קולטור־געשיכטע פון דעם ייִדישן פאָלק באַשטייט פון אַ זעקס־זיבן תּקופות, אָדער קולטור־פּלאַסטן: ווען ייִדן האָבן באַזעצט דאָס לאַנד כּנען און זיך אָרגאַניזירט ווי אַ פאָלק; ווען ס׳איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער תּנ״ך; ווען רבי יהודה הנשׂיא האָט צונויפגעזאַמלט די געשאַפענע משנות אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער און געשאַפן זײַן ווערק, וואָס ווערט באַצייכנט ווי די משנה־תּורה; ווען ס׳איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער תּלמוד; די גאָלדענע תּקופה אין שפּאַניע, חסידות ווי אַ פאָלקס־רעוואָלוציע און דער אויפקום פון דער מאָדערנער קולטור אין ייִדיש. דער שעפער פון אָט דער לעצטער תּקופה איז יצחק לייבוש פּרץ. ערשט מיט אָט דער לעצטער תּקופה, אָדער מיט דעם לעצטן קולטור־פּלאַסט האָט דאָס ייִדישע פאָלק באַקומען אַלע אַטריבוטן ווי יעדעס נאָרמאַל פאָלק — אויסער דעם טערי־טאָריאַלן אַטריבוט.

כּדי צו באַגרײַפן דאָס גרויסע קולטור־ווערק פון י. ל. פּרץ, דאַרפן מיר צוריקקערן צום אַכצנטן יאָרהונדערט. פריִער מיט אַ הונדערט יאָר, ווי פּרץ איז געבוירן געוואָרן, האָט אין דעם טויער פון בערלין, דורך וועלכן ייִדן האָבן געמעגט אַרײַנקומען, אָנגעקלאַפּט אַ ישיבה־בחור מיטן נאָמען משה בן מנחם מענדל אויס דעסוי, אַ זון פון אַ סופר סת״ם, וואָס זײַן טאַטנס נאָמען, מענדל, איז געוואָרן זײַן וועלט־באַרימטער פאַמיליע־נאָמען — מענדעלסאָן.

ס׳איז געווען די תּקופה פון דער פראַנצייזישער עמאַנציפּאַציע, ווען וואָלטער, דער פילאָסאָף, דיכטער, באַקעמפער פון דער קירך און אין דער זעלבער צײַט אַ גאָר וואָזשנער אַנטיסעמיט, האָט באַהערשט די געמיטער פון דער מערבֿ־אייראָפּעיִשער קולטור־וועלט און די פראַנצייזישע שפּראַך איז געוואָרן דער מושל בכּיפּה פון די פרײַגײַסטער. די קולטור פון די ייִדן סײַ אין דײַטשלאַנד, סײַ אין פּוילן און סײַ אין ליטע האָט געשטעקט אין

טיפן מיטל־עלטער. יעדער צייכן פון אַ געדאַנק אויסער דעם „שולחן ערוך" איז דערדריקט געוואָרן מיטן כוח פון חרם. אויף ווי ווייט ס'האָט דערגרייכט דער טעראָר פון קהל קעגן יעדן צייכן פון פרייהייט פון געדאַנק, קען דינען דער פאַל מיט שמואל בלייכבינדער, אויך אַ ישיבה־בחור, וואָס אַ גבאי־צדקה האָט אים געכאַפּט אויף דער גאַס מיט אַ דייטש בוך אונטערן אָרעם. בלייכבינדער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ באַנקיר אין בערלין, האָט דאָס דייטשע בוך געטראָגן טאַקע פאַר משה מענדעלסאָן. הגם דער אויפגעקלערטער פּרייסישער מלך איז געווען אַ פינצטערער אַנטיסעמיט, האָט קהל ביי אים געפּועלט צו פאַרטרייבן דעם אפּיקורס פון בערלין.

משה מענדעלסאָן, אָנגעשטעקט פון דער פראַנצייזישער עמאַנציפּאַציע, האָט אין בערלין געזוכט וויסן, וויסן און נאָך אַמאָל וויסן און לערנען שפּראַכן. זיין ציל איז געווען עמאַנציפּאַציע פון די ייִדן, אָדער ווי ייִדן רופן די ייִדישע עמאַנציפּאַציע „השׂכלה". פאַר אָט דעם ציל האָט מענדעלסאָן איבערגעזעצט די תּורה אין דייטש און ער איז דער מחבר פון די צוויי פונדאַמענטאַלע ווערק „פעדאָן" און „ירושלים" געשריבענע אין דייטש. אַז מען האָט געפרעגט מענדעלסאָנען פאַרוואָס ער האָט זיינע ביכער גע־שריבן אין דייטש און נישט אין לשון־קודש, ווי עס האָבן געפּריידיקט זיינע תּלמידים פון דער צייטשריפט „המאסף", האָט מענדעלסאָן געענטפערט: אויך דער רמב"ם און יהודה הלוי האָבן געשריבן נישט אין לשון־קודש, נאָר אין אַראַביש, דאָס קולטור־לשון פון זייער צייט.

שוין אין אָט דעם אַרגומענט איז געלעגן דער רמז פאַר דעם וואָס איז שפּעטער געשען: נאָך יאָרן פון אַרויסגעבן דעם „המאסף" אין לשון־קודש, איז די צייטשריפט ליקווידירט געוואָרן. דוד פרידלענדער, פון די ראשי המדברים פון דער בערלינער השׂכלה־גרופּע, איז אַרויסגעקומען מיט דער פאָדערונג די תּפילות אין די סינאַגאָגעס זאָלן זיין בלויז אין דער דייטשער שפּראַך. נאָך דעם האָט ער זיך געוואָנדן צו דער פּראָטעסטאַנטי־שער קירך מיט אַ פאָרשלאַג, אַז ייִדן וועלן אָננעמען די קריסטלעכע רעליגיע בתּנאי די נייע קריסטן זאָל זיין דערלויבט נישט צו אָנערקענען ישון ווי אַ גאָט. די קירך האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג מתּוך דער איבערצייגונג, אַז זיי וועלן קומען צו דער קירך אָן באַדינגונגען. אַ צווייטער תּלמיד פון מענדעלסאָנען, הערץ האָמבערג, איינער פון די וואָס האָבן געמאַכט דעם ביאור צו מענדעלסאָנס תּורה־איבערזעצונג, איז געוואָרן אַן אַגענט פון דעם עסטרייכישן קיסר יאָזעף דער צווייטער, וואָס האָט חרוב געמאַכט די עקאָנאָמיע פון די ייִדן אין גאַליציע און אין דער זעלבער צייט האָט האָמבערג געעצהט דעם קיסר, מיט כּוח אַרויפצוצווינגען די דייטשע קולטור אויף די ייִדן. דער סוף איז געווען, אַז די קינדער פון דער בערלינער השׂכלה, איינשליסלעך מיט משה מענדעלסאָנס קינדער, האָבן זיך אויס־געשמדט און קיין ייִדישער שׂריד ופּליט איז פון זיי נישט געבליבן...

איינע פֿון די הויפּט־פּרינציפּן פֿון די בערלינער משׂכּילים איז געווען די געוואַלדיקע פֿײַנדשאַפֿט צו די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן און זייער שפּראַך — ייִדיש. אין יאָר 1788, אין דער צײַט פֿון דער „יודענאָרדנונג", וואָס האָט פֿולשטענדיק רויִנירט די עקסיסטענץ פֿון העכער הונדערט טויזנט גאַליצישע ייִדן, האָט הערץ האָמבערג פֿאַרעפֿנטלעכט אין לעמבערג אַן אויפֿרוף, אין וועלכן ער האָט געלויבט דעם קיסר־אַנטיסעמיט פֿאַר זײַנע חסדים וואָס ער טוט צו ייִדן. דער אויפֿרוף איז געווען געווענדט צו די רבנים. פֿאַרוואָס צו די רבנים און נישט צו די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן? אין דעם אויפֿרוף זאָגט ער, אַז ער ווענדט זיך צו די פֿירער פֿון פֿאָלק און נישט צום „המון", ווײַל דער המון באַשטייט פֿון „פֿינצטערלינגע", וואָס טאַפּן אין דער פֿינצטער און „זיי זענען נישט ווערט מען זאָל פֿאַר זיי פּטרן די מינדסטע רגע און ס'האָט שוין פֿון לאַנג געזאָגט אַ געוויסער חכם: ווער עס וויל איבערצײַגן נאַראָנים און ווײַס מאַכן די הויט פֿון אַ נעגער — דער פּטרט זײַן צײַט אומזיסט". אין אַן עצה צום עסטרײַכישן קיסר זעט האָמבערג דאָס קולטור־גליק פֿון ייִדן דערין, מען זאָל לשון־קודש אויסלאָזן און ייִדיש זאָל ווערן פֿאַרבאָטן צו רעדן אין די שולן.

דער רעזולטאַט פֿון בערך אַ האַלבן יאָרהונדערט בערלינער אויפֿקלע־רונג און געווען די טרויעריק באַרימטע שמד־מגיפֿה צווישן ייִדן, נישט נאָר אין פּרײַסן, נאָר אויך אין פּוילן און אין רוסלאַנד, און די שרעקלעכע פֿײַנטשאַפֿט פֿון די געשמדטע און פֿון די אַסימילאַטאָרן צו די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן און זייער שפּראַך — ייִדיש.

אָט דער לאַנגער אַרײַנפֿיר וועט אונדז געבן דעם שליסל צו דעם ווערק, וואָס עס האָט אונדז געגעבן יצחק לייבוש פּרץ.

ב.

מען דאַרף געדענקען, אַז דערמיט וואָס דער שוין דעמאָלט באַרימטער העברעיִשער שרײַבער שלום־יעקבֿ אַבראַמאָוויטש (מענדעלע מוכר ספֿרים) האָט אָנגעהויבן שרײַבן ייִדיש, האָט ער זיך בײַ די משׂכּילים „אײַנגעקויפֿט מפֿטיר". מען האָט דעמאָלט געדאַרפֿט זײַן אַ גיבור, כּדי צו גיין קעגן דעם משׂכּילישן שטראָם, אַ שטראָם וואָס איז געווען פֿול מיט גרינגשעצונג פֿאַר דעם לשון פֿון די פֿאָלקסמאַסן.

אַבראַמאָוויטש דער קינסטלער, דער פּראָזע־מײַסטער, האָט אין דעם מליצישן משׂכּילישן לשון־קודש נישט געקענט זיך צוואָרעמען, ווי ער האָט זיך צוואַרעמט אינעם פֿאָלקס־לשון און ווי ער האָט דאָס לשון צוואַרעמט מיט אַלע זאַפֿטן וואָס עס פֿאַרמאָגט ייִדיש. איין קאַפּיטל פֿון „פֿישקע דער קרומער" צי פֿון „מסעות בנימין השלישי" איבערשטײַגט מיט טויזנט קעפּ אַלץ וואָס עס האָבן געשאַפֿן די בעלי „המאסף" אין לשון־

קודש און אין דײַטש.

י. ל. פּרץ וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער פּוילישער קרוינשטאָט זאַמאָשטש, אין יאָר 1852, האָט נישט געהערט וועגן שלום־יעקבֿ אַבראַמאָוויטש אָדער מענדעלע מוכר ספֿרים, אַפֿילו דעמאָלט ווען ער אַליין האָט שוין געשריבן לשון־קודשדיקע שירים. געבוירן בײַ מתנגדישע עלטערן, האָט ער באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציונג, געלערנט תּלמוד, אָבער שפּעטער געלערנט אויך שפּראַכן, געלייענט אַלץ וואָס עס איז אים געקומען אונטער דער האַנט. אָבער אויך אָן אַ סיסטעם. האָט ער אײַנגעזאַפּט אין זיך אַלץ וואָס ער האָט געלייענט. אויך אין זאַמאָשטש איז דעמאָלט ייִדיש געווען אַ וואָכעדיק לשון און אויב פּרצעס פֿעדער האָט זיך צוגערירט צו ייִדיש, איז עס געווען אין גראַמען וועגן צײַט־פּראָבלעמען.

ווי אַזוי איז פּרץ געקומען צו ייִדיש?

דערציילט זײַן יוגנט־חבֿר אשכּנזי: „פּרץ האָט שוין דעמאָלט, אין די 80קער יאָרן פֿונעם פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן. ער האָט באמת געליבט זײַן פֿאָלק, איבערהויפּט די אָרעמע און נידעריקע שיכטן פֿונעם פֿאָלק. ער האָט מיר שטענדיק געזאָגט: ‚מיט די אַלטע תּלמודיסטן און בורזשואַזיע איז גאָרנישט צו מאַכן, פֿון זיי איז נישטאָ וואָס צו האָפֿן, נאָר דער פּעבל, די אַרבעטער־מאַסע — דאָס איז אַ פֿעלד צו אַרבעטן, דאָס איז אָן אומגליקלעך פֿאָלק, אָבער אַ פֿעיִקס, דאָ געפֿינט זיך פֿיל אידעאַליזם, נאָר מען דאַרף זיי בילדן, מען האָט זיי פֿאַרנאַכלעסיקט, מען באַדאַרף צו זיי רעדן אין זייער לשון, אויפֿוועקן זייערע געדאַנקען. מאַטעריאַל איז דאָ גענוג, נאָר נישט באַאַרבעט. **דערפֿאַר שרײַב איך איצט אין מאַמע־לשון, איך וועל שאַפֿן אַ ייִדישע ליטעראַטור, רעדן און שרײַבן צום פֿאָלק אויף זייער שפּראַך״״** (אונטער־געשטראָכן דורך מיר — מ. צ.).

פֿאַרגלײַכט מען אַזעלכע ווערטער מיט דער פֿײַנדשאַפֿט צו די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן און זייער לשון פֿון דעם געוועזענעם תּלמיד פֿון משה מענדעלסאָן, הערץ האָמבערג, אַז „זיי (די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן) זענען נישט ווערט מען זאָל פֿאַר זיי פּטרן די מינדסטע רגע״, און זײַן עצה אויסצולאָזן לשון־קודש און פֿאַרבאָטן ייִדישע קינדער צו רעדן ייִדיש אין די שולן, האָט מען פֿאַר זיך דעם פּראָטאָטיפּ פֿון דעם בויער און שעפֿער פֿון דער ייִדיש־קולטור און ליטעראַטור אין זײַנע אָנהייבן.

די ווערטער פֿון פּרצן זענען נישט געווען קיין בלויזע דעקלאַראַציע. מיט אַ געוואַלדיקן ענטוזיאַזם האָט ער אָרגאַניזירט אָוונטקורסן פֿאַר אַרבעטער, וווּ מען לערנט שרײַבן, לייענען און אַריטמעטיק. יעדן שבת נאָך מיטאָג האַלט מען פֿאָרלייענונגען, אויף וועלכע עס ווערט דערציילט וועגן די אַלטע מקורות, וואָס זענען דאָך אַ טייל פֿון דער אוניווערסאַלער ייִדישער קולטור. פּרץ אַליין רעפֿערירט איבער ייִדישע געשיכטע. די פֿאָרלייענונגען

האָבן צוגעצויגן אַפֿילו חסידישע יונגעלייט. האָבן די אָרטאָדאָקסן געמסרט פֿאַר דער מאַכט דאָס אַפּיקורסות און די פֿאַרלייענונגען זענען פֿאַרבאָטן געוואָרן.

אין נחום סאָקאָלאָווס „האסיף" האָט פּרץ פֿאַרעפֿנטלעכט אַ פּאָעמע אונטערן נאָמען „מנגינות הזמן", אין וועלכער ער טרעט אַרויס ווי אַן ענטוזיאַסטישער פֿאַרטיידיקער פֿון יידיש-לשון, „די שפּראַך פֿון בערל און שמערל", דעם לשון פֿון די פֿאַרטריבענע, דעם לשון פֿון יידן, דעם לשון וואָס וועט זיין אַן אייביקער עדות אויף דעם פֿאַרגאָסענעם בלוט, אויף די אַלע רציחות און חורבנות און אויף די אַלע וואָגלענישן פֿון לאַנד צו לאַנד, דעם לשון וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט דאָס געוויין פֿון אונדזערע עלטערן, דעם וויגעשריי פֿון די דורות, דעם גיפֿט און די ביטערקייט פֿון דער היסטאָריע... די דימענטן און בריליאַנטן, וואָס זענען אין איר איינגעפֿאַסט. דאָס זענען דאָך די נישט-אויסגעטריקנטע, די פֿאַרגליווערט געוואָרענע יידישע טרערן..."

ביז י. ל. פּרץ האָבן מיר קיין מאָל נישט געהערט אַזעלכע ווערטער וועגן די ווערטן וואָס זענען איינגעטיגלט אין יידיש, דער שפּראַך פֿונעם יידישן פֿאָלקס-געמיט, פֿון זיינע פֿריידן און ליידן. אָט די ווערטער האָט פּרץ געזאָגט אין 1878, ווען ער האָט נאָך נישט געהערט וועגן דער וווּנדערלעכער דערשיינונג שלום-עליכם, הגם שלום-עליכם האָט שוין דעמאָלט זייט עטלעכע יאָר געהאַט פֿאַרעפֿנטלעכט דערציילונגען און פֿעליעטאָנען אין צעדערבוימס „פֿאָלקס-בלאַט". אויך וועגן מענדעלען האָט פּרץ דעמאָלט געוווּסט נישט פֿון זיין העברעיש אָדער יידיש שאַפֿן, נאָר פֿון אַן איבערזעצונג אין דער פּוילישער שפּראַך. דאָס האָט דער פּוילישער שרייבער קלעמענס יונאָשאַ איבערגעזעצט „די קליאַטשע", וואָס האָט אַרויסגערופֿן דעם צאָרן פֿון די יידישע אַסימילאַטאָרן אין וואַרשע.

אָט די קולטור-היסטאָרישע פֿאַקטן באַווייזן, אַז י. ל. פּרץ איז געקומען צו יידיש ספּאָנטאַן, ווי ער וואָלט געשיקט געוואָרן צו זיין דער נביא פֿון אַ שפּאָגל נייער דימענסיע אין דער יידישער קולטור-געשיכטע — אפֿשר די רייכסטע, ווייל די פֿאָלקישע, אין יידיש!

ג.

דאָך, אין יענער תּקופֿה פֿון זיין אַנטוויקלונג, ווען זיין האַרץ איז געווען מיט די אָרעמע יידישע פֿאָלקסמאַסן, וואָס אין זיינע רעפֿעראַטן האָט ער פֿאַר זיי רעפֿערירט וועגן געאָגראַפֿיע, וויסנשאַפֿט און יידישער געשיכטע און אַנדערע וועלטלעכע קעגנשטאַנדן, האָט פּרץ געהאַלטן, אַז די יידישע ליטעראַטור דאַרף נישט קיין בעלעטריסטיק, נאָר פּאָפּולערע וויסנשאַפֿט. שפּעטער ווען ער האָט זיך דורכגעשריבן מיט שלום-עליכמען,

האָט ער אין אַ בריוו צו אים דערקלערט זײַן שטעלונג: „איך קוק נישט אויף זשאַרגאָן ווי אויף אַ כּלי שני, ווי אויף אַ פֿאַרמיטלונג וואָס גייט אַריבער. איך וויל עס זאָל ווערן אַ שפּראַך, און דעריבער דאַרפֿן מיר פֿאַרברייטערן און פֿאַרמערן די שפּראַך יעדע רגע מיט אַלץ נײַע אויסדרוקן, אַז אַ מענטש, אַ שרײַבער זאָל נישט זאָגן: מיר איז ענג...״

אָט דער קרעדאָ פֿון פּרצן האָט נישט געשטימט דערמיט וואָס ער האָט געטאָן בײַ זײַן שרײַבטיש. אין דעם זעלבן בריוו, אין וועלכן ער האָט געשריבן זײַן אויבנדיק ציטירטע שטעלונג, האָט ער בײַגעלייגט פֿאַר שלום עליכמס „יודישער פֿאָלקס־ביבליאָטהעק״ זײַן ערשטע און דעביוטאַנטישע פּאָעמע „מאָניש״. שוין אין אָט דער ראָמאַנטיש־פֿאַנטאַסטישער פּאָעמע מאַניפֿעסטירט זיך דער גוואַלדיקער שעפֿערישער טעמפּעראַמענט פֿון דעם רעאַליזאַטאָר, ווי ער האָט צוגעזאָגט, צו שאַפֿן אַ ליטעראַטור אין ייִדיש. און ער האָט געשאַפֿן!

ווי אַלע גרויסע שעפֿער איז אויך פּרץ געווען פֿילזײַטיק אין זײַן שאַפֿן, ווי ער וואָלט וועלן דעריאָגן דאָס פֿאַרשפּעטיקטע.

וואָס איז פּרץ נישט געווען אין זײַן שאַפֿן? ער איז געווען אַלץ פֿון וואָס עס באַשטייט אַ ליטעראַטור פֿון אַ פֿאָלק אין דער מאָדערנער צײַט: ער איז געווען דיכטער, נאָוועליסט, עסעיִסט, דראַמאַטורג, קריטיקער, איבער־זעצער און רעדאַקטאָר. טאָמער וואָלט חלילה געשען, אַז די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור זײַט מענדעלע זאָל דורך אירע שׂונאים פֿאַרניכטעט ווערן און עס זאָלן בלײַבן בלויז די כּתבֿים פֿון י. ל. פּרץ, וועט מען אויף זייער סמך לײַכט אויסגעפֿינען די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק, פֿאַראינטערעסירונגען, שטייגער און זשאַנערן און ראַנגלענישן פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטע־ראַטור און פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט זיך גײַסטיק געשפּײַזט פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור.

נישט בלויז אין זײַן שאַפֿן איז פּרץ געווען פֿילזײַטיק. טייל קריטיקער וואַרפֿן אים פֿאָר, אַז ער איז נישט געווען קאָנסעקווענט אין זײַן שטעלונג צו די געזעלשאַפֿטלעכע פּראָצעסן, וואָס האָבן געגוירטעוועט אין ייִדישן לעבן, אָט איז ער געווען אַ סאָציאַליסט, נאָענט צום „בונד״, אָט האָט ער זיך דערנענטערט צו די „חובֿבֿי ציון״, אָט האָט ער זיך דעקלאַרירט ווי אַ פֿאָלקיסט און אין טעג פֿון קריזיס האָט ער גערופֿן צוריק אין שיל אַרײַן. אין זייער קריטישער צעהיצטקייט האָבן די קעגנער נישט גענומען אין באַטראַכט, אַז די אַלע פּראָצעסן זענען נישט פֿאָרגעקומען אין האָצעפּלאָץ, נאָר אין דער געדיכטעניש פֿונעם ייִדישן פֿאָלק אין מזרח־אייראָפּע. אין זײַנע „צײַט־געדיכטע״, געשריבן אין יאָר 1891, האָט איר כּמעט די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק פֿון ייִדישן זײַן, אויסער דאָס אַלץ, וואָס איז נאָכגעקומען ביז זײַן טויט אין 1915. האָט זיך פּרץ נישט באַגרענעצט צו דער אָדער אַן אַנדער אידעאָלאָגיע בײַ ייִדן. ער האָט מיטגעלעבט און מיטגעווייטאָגט

מיט דער גאַנצער ייִדישער פּראָבלעמאַטיק. די וועלטן, וואָס י. ל. פּרץ האָט געשאַפֿן, זענען אונדז געבליבן ווי מאָנומענטן נאָך דעם גרויסן חורבן אונדזערן אין דער תּקופֿה פֿון נאַציזם — דער חלום פֿון אייביקן שבת; די וועלט פֿון פֿאָלקסטימלעכע פֿאַרלויפֿענישן; די וועלט פֿון חסידות; זײַנע ווונדערבאַרע קינדער־לידער, וואָס ייִדישע קינדערלעך האָבן נישט דערלעבט זיי אויסצוזינגען; געדאַנקען און אידייען; דראַמאַטישע ווערק און אַנדערע, וואָס נעמען אַרום די גאַנצע ייִדישע וועלט. און דערצו האָט זיך פּרץ פֿאַר־מאָסטן צו איבערזעצן אין ייִדיש ספֿרים פֿון תּנ״ך — ער האָט באַוויזן צו איבערזעצן בלויז פֿינף מגילות, קוהלת און אַנדערע מאָטיוון. זײַן תּלמיד, יהואש, האָט דער ייִדישער ליטעראַטור — פּרצעס חלום! — געגעבן די שלימותדיקע איבערזעצונג פֿון תּנ״ך.

אין געוויסע ייִדישע קרײַזן איז פֿאַראַן אַ טענדענץ „צוצושנײַדן" אַ ייִדישע קולטור־געשיכטע: **דאָס** אַרויסשנײַדן און **דאָס** איבערלאָזן, אַנדערע אַרויסוואַרפֿן. אין אָט די טענדענצן איז פֿאַראַן אַ פּראָצעס פֿון אַרויסוואַרפֿן פֿון דער ייִדישער קולטור־געשיכטע דעם „ייִדיש־פּלאַסט", וואָס י. ל. פּרץ איז געווען זײַן הויפּטשעפֿער און די רעאַליזאַטאָרן זענען געווען די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן, וואָס האָבן ביז צום חורבן באַוויזן גײַסטיקע ווונדערס, וואָס האָבן נישט קיין גלײַכן אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע.

# דער צוריקגאַנג

דער באַנײַטער רעליגיעזער פֿונדאַמענטאַליזם אין אַלע דרײַ מאָנאָ־טעיִסטישע רעליגיעס: כאָמייניזם, די חוזרי־בתשובֿה־באַוועגונג סײַ בײַ די אַראַבער און סײַ בײַ ייִדן, בעיקר אין ישׂראל, און דער געשטאַרקטער צו־בונד צו דער קירך אין די פֿריִערדיקע קאָמוניסטישע מדינות, איז אַן אויגנ־שײַנלעכער צוריקצוג פֿון דעם דעמאָקראַטישן שטייגער.

זייט דער מאַגנאַ קאַרטאַ ליבערטאַטום פֿון יאָר 1215 אין ענגלאַנד, האָט עס גענומען אַ זיבן הונדערט יאָר ביז די מערבֿדיקע דעמאָקראַטיע האָט דעראָבערט די ליבעראַלע פּאָזיציעס ווי אין ענגלאַנד, פֿראַנקרייך, האָלאַנד א״א. אָט דער לאַנגער וועג איז פֿאַרגאָסן פֿון טײַכן בלוט אין רעוואָלוציעס, רעליגיעזע מלחמות און געזעלשאַפֿטלעכע ראַנגלעניִשן ביז די פֿראַנצייזישע עמאַנציפּאַציע און די רעוואָלוציע האָבן דער קירך אָנ־געוויזן איר פּלאַץ אין דער געזעלשאַפֿט. וואָרעם נישט געקוקט דערויף וואָס אַלע דרײַ מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס פֿאַרהייליקן די נבֿיאים פֿון תּנ״ך, וואָס פּריידיקן גלײַכהייט און ליבעראַליזם כּלפּי די אָרעמע און געדרוקטע, איז דער כאַראַקטער פֿונעם מאָנאָטעיִזם אַזאַ אַז ער קען נישט גיין צוזאַמען מיט דעמאָקראַטיע. דעריבער האָט די רעליגיע געמוזט אָפּגעטיילט ווערן פֿון דעם פּאָליטישן שטאַט, זי זאָל מיט אירע דאָגמעס און קאַנאָן נישט שטערן דער אַנטוויקלונג און עקסיסטענץ פֿון די דעמאָקראַטישע פֿרײַהייטן און געזעצן.

אויף איר לאַנגן און שווערן וועג זײַט דער דעמאָקראַטיע אין דעם אַלטערטימלעכן פּאַגאַנישן גריכנלאַנד, איז די קאַטוילישע קירך געווען די הויפּטשטערונג פֿאַר טאָלעראַנץ, ליבעראַליזם און פֿרײַהייט פֿון געדאַנק און אויסדרוק. זי האָט איר מלחמה קעגן דער פֿרײַהייט פֿון געדאַנק געפֿירט דורך פּײַניקונגס־קעלערן און שײַטער־הויפֿנס. און ווי עס קריסטלט זיך אַזוי ייִדלט זיך. כאָטש דאָס לעבן פֿון ייִדן האָט נאָך דעם חורבן פֿונעם צווייטן בית המקדש מער נישט געהאַט קיין מלוכישע ראַם, האָבן ייִדן נישט גע־ווּסט פֿון טאָלעראַנץ און פֿרײַהייט פֿאַר דעם יחיד. דער חרם און די קונץ האָבן געזאָרגט דערפֿאַר, אַז די הלכה, ווי זי ווערט געלערנט פֿון די רבנים,

און דער ריגאָר פֿון די ראשי קהל זאָלן האַלטן דאָס פֿאָלק ישׂראל אין דער צוים. אַזוי ווײַט האָט דער רעליגיעזער עסטאַבלישמענט בײַ ייִדן נישט צוגעלאָזט קיין פֿרײַען געדאַנק, אַז ער האָט מחרים געווען אַפֿילו דעם ,,מורה נבֿוכים״ (,,וועגווייזער פֿאַר שוואַנקענדיקע״) פֿון דעם מחבר פֿון דער משנה תּורה, דעם גרעסטן רעליגיעזן פֿילאָזאָף בײַ ייִדן, דעם ,,נשר הגדול״, ווי ער ווערט אָנגערופֿן — דער רמב״ם. שפּעטער האָבן די אַמסטערדאַמער רבנים אַרײַנגעלייגט אין חרם ברוך ספּינאָזאַ מחמת זײַנע פֿילאָזאָפֿישע אויספֿירן, נאַטורוויסנשאַפֿטלעכן וועלטבאַנעם און ביבל־קריטיק. אַפֿילו די באַוועגונג פֿונעם בעל־שם־טוב, וואָס האָט נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן צייכן פֿון רעליגיעזן אָפּקער, אויסער וואָס דער בעל־שם־טוב האָט געדאַוונט פֿון דעם אר״י הקדושס סידור התּפֿילות, איז דורך די רבנים אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין חרם און איז גערודפֿט געוואָרן דורך דעם ווילנער גאון.

נו, מען קען נישט זאָגן, אַז די מאָדערנע דעמאָקראַטיע איז די אידע־אַלסטע פֿאָרעם פֿון מלוכה־רעזשים צו באַוואָרענען די פֿרײַהייט פֿון וואָרט און געדאַנק. אויך אַ דעמאָקראַטישער רעזשים קען גאַנץ פֿײַן אָנווענדן ווילקיר־מיטלען צו באַגרענעצן די פֿרײַהייט דורך צענזור, אויסנאַם־געזעצן און פּאָליציי־מיטלען. מחמת אָט דער סיבה האָט די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פֿאַר דער מענטשלעכער פֿרײַהייט געדאַרפֿט פֿירן צו סאָציאַליזם, אויב נישט נאָך העכער — צו קאָמוניזם... ווייסן מיר וואָס עס איז אַרויסגעקומען פֿון אָט דעם היסטאָרישן פּרוּוו וואָס האָט ווידער געקאָסט דאָס לעבן פֿון מיליאָנען מענטשן, ווי מיליאָנען מענטשן האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן אויפֿן וועג צו דעמאָקראַטישע פֿרײַהייטן.

דער היסטאָרישער וועג פֿון די מערבֿדיקע פֿעלקער האָט געפֿירט פֿון רעליגיעזער פֿאַנאַטישער פֿינצטערניש צו דער פֿרײַהייטלעכער ליכטיקייט ביז ס׳איז דערגרייכט געוואָרן אַזאַ פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטיע ווי די וואָס הערשט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער.

דער פֿונדאַמענטאַליזם אין געוויסע קריסטלעכע מדינות איז זיכער אַ רעזולטאַט פֿון דעם צוזאַמענבראָך פֿון דעם טאָטאַליטאַרן רעזשים אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און אין די לענדער מיט קאָמוניסטישע רעזשימען. אין אָט דער וועלט האָט זיך געשאַפֿן אַן אידעיִשער וואַקום, וואָס איז אויסגעפֿילט גע־וואָרן פֿון דעם פּלוצעם באַפֿרײַטן רעליגיעזן כּוח. און ווי עס איז דער שטייגער אין אַזעלכע פֿאַלן, קומט דער אויספֿילנדיקער כּוח מיט פֿאַנאַטיזם און שׂינאה. אין דעם פֿאַל מיט פֿונדאַמענטאַליזם און... אַנטיסעמיטיזם. אויך דער איסלאַמישער פֿונדאַמענטאַליזם האָט אַ סיבה: דער קאָנפֿליקט צווישן די אַראַבישע מדינות און מדינת ישׂראל, און גאָר באַזונדער דאָס ברענענ־דיקע בפֿועל ממש פּראָבלעם פֿון די פּאַלעסטינעזער אונטער דער ישׂראל־אָקופּאַציע זײַט 1967. עס איז ביז איצט נישט געקומען צו קיין פּאָליטישער לייזונג אין אָט דעם היסטאָרישן קאָנפֿליקט, האָט זיך אין דעם געשאַפֿענעם

וואָקום אַרײַנגעריסן די אינטיפאַדאָ מיט דעם רעליגיעזן צוגאָב־כּוח פֿון איסלאַמישן פֿונדאַמענטאַליזם...

אויף דער פֿראַגע: װעלכע זענען די סיבות װאָס האָבן גורם געװען דעם רעליגיעזן פֿונדאַמענטאַליזם בײַ ייִדן און בעיקר אין ישׂראל, איז שװער צו ענטפֿערן. דעם ייִדישן פֿונדאַמענטאַליזם אין די תּפֿוצות קען מען פֿאַרשטײן. דאָס ייִדישע לעבן אין דער צעשפּרײטקײט באַזירט זיך פֿונ־דאַמענטאַל אויף דעם װאָס עס קומט פֿאָר אין מדינת ישׂראל. די ייִדישע ישובֿים אין דער װעלט האָבן כּמעט װי רעזיגנירט פֿון אַן אײגן ייִדיש קולטור־ און פּאָליטיש־לעבן. די הערצער פֿון די ייִדן אין דער װעלט קלאַפּן מיט דעם אימפּעט און ריטעם פֿונעם האַרץ פֿון מדינת ישׂראל, אויסער די ייִדן װאָס אַסימילירן זיך און גײען אַװעק פֿון ייִדישן פֿאָלק בכלל. און אַזױ װי אין ישׂראל איז דער ייִדישער רעליגיעזער פֿונדאַמענ־טאַליזם אַ צעקאַכטער און אַ מיליטאַנטישער, באַװירקט ער אויך אַקטיװע ייִדן אין דער װעלט צו גײן אין דעם זעלבן טריט װי דער פֿונדאַמענטאַליזם אין ישׂראל.

בנוגע דער דעמאָקראַטיע אין ישׂראל איז זײער כאַראַקטעריסטיש װאָס דאָ איז דער פּראָצעס געגאַנגען אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג װי עס איז געװען דער דעמאָקראַטיזאַציע־פּראָצעס אין מערבֿ־אײראָפּע. אין מערבֿ־אײראָפּע איז דער פּראָצעס געװען פֿון פֿינצטערניש און רעאַקציע צו ליבע־ראַליזם און דעמאָקראַטיע; פֿריִער אין דעם ייִדישן ישובֿ אין ארץ־ישׂראל (פּאַלעסטינע) און שפּעטער אין מדינת ישׂראל, אין דער זעלבער פּראָצעס אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג:

די טרעגער פֿונעם געדאַנק װעגן אַ ייִדישער מדינה זענען כּמעט אַלע געװען אַסימילירטע ייִדן און ליבעראַלן, װי לעאָן פּינסקער, טעאָדאָר הערצל, מאַקס נאָרדאַו א״א. װאָס שײך טעאָדאָר הערצל האָט ער געהאַסט רעליגיעזע ייִדן. זײן קעגנערשאַפֿט צו די רעליגיעזע האָט ער אויסגעדריקט אין זײַן בראָשור „יודענשטאַאַט״: „אין דער ייִדישער מדינה װעלן די רעליגיעזע זײַן אָפּגעזונדערט אין די שילן און װעלן נישט האָבן קײן דעה אין דעם מדינה־לעבן״... די ציוניסטישע פֿירער פֿון דער צװײטער און װײַטערדיקע עליות אין פּאַלעסטינע, װי בערל קאַצענעלסאָן, שמואל יבניאלי, יצחק שימשעלעװיטש (בן־צבי), דוד גרין (בן־גוריון), חיים אַרלאָזאָראָװ, יעקב חזן, משה שערטאָק (שרת), גאָלדע מעירזאָן (מאיר), שלמה זלמן רובאַשאָװ (שזר), יוסף שפּרינצאַק, א״א זענען געװען סאָציאַליסטן, זײ האָבן געבױט די הסתדרות װי אַ פֿונדאַמענט פֿון דער קומענדיקער סאָציאַליסטישער מדינה. די בלום פֿון דעם באַנײַטן ארץ־ישׂראל, די קיבוצים, צוזאַמען מיט דער הסתדרות האָבן צוגעגרײט דעם ייִשובֿ דערצו, אַז אויפֿצומאַרגנס נאָכן אויפֿשטײן פֿון דער ייִדישער מדינה װעלן איבער איר פֿלאַקערן צװײ פֿענער: די בלױ־װײַסע נאַציאָנאַלע פֿאָן און די רױטע פֿאָן — דער סימבאָל

פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. די ייִדישע מדינה אין ארץ־ישׂראל האָט געדאַרפֿט זײַן נישט בלויז די ערשטע דעמאָקראַטיע אויפֿן מיטעלן מזרח, נאָר די ערשטע און איינציקע סאָציאַליסטישע מדינה אין אָריענט...

אין יאָר 1949, בײַם צוזאַמענשטעלן די ערשטע רעגירונג פֿון מדינת ישׂראל, איז די סאָציאַליסטישע שיף פֿון ישׂראל אַרויף אויף אַ זאַמדבאַנק און געבליבן שטעקן אין די דיונעס פֿון דער פּאָליטיק, וואָס האָט באַשטימט דעם עצם כאַראַקטער און דעם וועג פֿון מדינת ישׂראל ביזן הײַנטיקן טאָג און אויך אויף ווײַטער...

צו דער ערשטער כנסת, וואָס האָט געזאָלט זײַן די קאָנסטיטויִרנדיקע כנסת און זי איז עס נישט געוואָרן, האָט די דעמאָלטיקע אָנפֿירנדיקע פּאַרטיי, די סאָציאַליסטישע מפּא״י, באַקומען 46 מאַנדאַטן (אויף דער אַלגעמיינער צאָל פֿון 120), מפּ״ם — 20 דעפּוטאַטן, דער פּאַראייניקטער פֿראָנט פֿון די רעליגיעזע — 16 דעפּוטאַטן. פֿון אָט דעם רעזולטאַט איז געווען לאָגיש, אַז אויב מפּא״י האָט 46 שטימען אין דער כנסת און מפּא״י איז אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און אויך מפּ״ם איז אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז אַ קאָאַליציע פֿון די צוויי פּאַרטייען וועט האָבן אין דער כנסת 66 שטימען, אַ מערהייט, מיט וועלכער די סאָציאַליסטישע מפּא״י וועט קענען רעאַליזירן איר אידעאָלאָגיע צו שאַפֿן אַ... סאָציאַליסטישער מדינה. מיט אַ פֿרײַהייטלעכער קאָנסטיטוציע, אין וועלכער עס וועלן גאַראַנטירט ווערן די אַלע גוטע זאַכן, וואָס זענען צו־געזאָגט געוואָרן אין דעם אומאָפּהענגיקייט־טשאַרטער פּראָקלאַמירט בעת דעם דערקלערן דעם אויפֿקום פֿון מדינת ישׂראל דעם 14טן מײַ 1948.

אין דערווירקלעכקייט איז געשען אַ פּאָליטישע ליקוי חמה, וואָס האָט באַשטימט דעם גורל פֿון מדינת ישׂראל ביז דעם הײַנטיקן טאָג און אויך אויף ווײַטער:

דוד בן־גוריון, וואָס האָט פּראָקלאַמירט די מדינה און געלייענט דעם אומאָפּהענגיקייט־טשאַרטער מיט אַלע גוטע צוזאָגן, האָט פֿײַנט געהאַט מפּ״ם, ווי אַ בייזן שילינג. עס איז אמת, אַז מפּ״ם איז דעמאָלט געווען שטאַרק לינק. יאָרן לאַנג פֿאַר דעם האָט מפּ״ם געהאַלטן פֿון אַ בינאַציאָ־נאַלער מדינה, פֿון ייִדן און אַראַבער. אָבער מפּ״ם, פֿאַקטיש שומר הצעיר, האָט אויפֿגעבויט פּרעכטיקע קיבוצים און קיין מער שטאַרקע ציוניסטן ווי מאיר יערי און יעקב חזן, די פֿירער פֿון מפּ״ם, האָט די מדינה נישט פֿאַרמאָגט, וואָרעם אין קעגנזאַץ צו דוד בן־גוריון, וואָס האָט גערעדט וועגן קיבוצים, זענען די צוויי וועטעראַנען פֿון שומער הצעיר, יערי און חזן, געווען קיבוצניקעס ממש. נישט בלויז געבויט קיבוצים, נאָר דאָרט געאַרבעט פֿיזיש און דאָרט געלעבט. אָבער טאָמער האָט דוד בן־גוריון עמעצן אָדער עפּעס פֿײַנט געהאַט, האָט ער פֿײַנט געהאַט מיט פֿײַער און פֿלאַם. אָנשטאָט

דעמאָלט צו גיין אין אַ קאָאַליציע מיט דער סאָציאַליסטישער מפ״ם, האָט ער אויסגעוויילט, אַז זײַנע קאָאַליציע־שותּפים וועלן זײַן די רעליגיעזע.

די פֿירער פֿון דער פּראַאייניקטער רעליגיעזער פּראַקציע זענען געווען צוויי תּלמידי חכמים: דער רב יהודה לייב פֿישמאַן (שפּעטער מימון), פֿון די מזרחי־פֿירער און גרינדער פֿון דער באַנק „מזרחי״, און דער רבֿ איטשע מאיר לעווין, איידעם פֿון דעם גערער רבין, אַ פֿאָרשטייער פֿון „אגודת ישׂראל״, אָבער מיט אַן אָפֿענעם קאָפּ פֿאַר וועלטלעכע זאַכן וואָס פּאַסן זיך אַרײַן אין פֿרומער ייִדישקייט. אָט די צוויי רעליגיעזע פֿירער האָבן געוווּסט די סיבה פֿאַרוואָס בן־גוריון וויל נישט קיין קאָאַליציע מיט דער דורך אים פֿאַרהאַסטער מפ״ם, און פֿאַר גיין צוזאַמען מיט מפא״י האָבן זיי געשטעלט באַדינגונגען, וואָס האָבן באַשטימט דעם אינערלעכן גורל פֿון מדינת ישׂראל. פּאָליטיק, האָבן זיי פֿאַרשטאַנען, איז פֿאַרגענגלעך, הײַנט אַזוי און מאָרגן פּונקט קאַפּויער, אָבער רעליגיעזע קאָנצעסיעס, ווי טיילן פֿון די גרונט־געזעצן פֿון דער מדינה, זענען נישט פֿאַרגענגלעך. האָבן די רעליגיעזע געפֿאָדערט פֿון דוד בן־גוריונען: ערשטנס, זאָל די ערשטע כּנסת נישט זײַן קיין קאָנסטיטוציאָנעלע, וואָרעם ייִדן דאַרפֿן נישט קיין קאָנסטיטוציע פֿון אַ כּנסת אין וועלכער עס זיצן אויך אַפּיקורסים; ייִדן האָבן אַן אייביקע קאָנסטיטוציע, דאָס איז די תּורה, וואָס גאָט האָט געגעבן צו משה אויפֿן באַרג סיני, און דאָס וועט אויך זײַן די קאָנסטיטוציע פֿון מדינת ישׂראל. צווייטנס, ווערט די מדינה פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער רעליגיע. דריטנס, ווערט געשאַפֿן אַ באַזונדער רעליגיעז־מלוכישער בילדונג־סיסטעם. פֿערטנס, ווערן ישיבֿה־בחורים, וואָס זייער באַשטימונג איז צו לערנען תּורה, באַפֿרײַט פֿון מיליטער־דינסט. פֿינפֿטנס, די רעליגיעזע באַקומען דאָס מיניסטעריום פֿאַר רעליגיע און דאָס מיניסטעריום פֿאַר אינערלעכע ענינים און נאָך אַנדערע. בן־גוריון האָט נאָכגעגעבן אַלץ, וואָס די רעליגיעזע האָבן געפֿאָדערט. פֿון יענער צײַט געהערט דאָס אינערן־מיניס־טעריום און דאָס רעליגיע־מיניסטעריום צו רעליגיעזע מיניסטאָרן מיט רעליגיעזע פֿאָרשטייער אין סאָציאַלע מיניסטעריומס מיט היפּשע בודזשעטן.

די רעליגיעזע פֿאָרשטייער אין דער ערשטער רעגירונגס־קאָאַליציע פֿון מדינת ישׂראל זענען געווען גערעכט: פּאָליטיק איז ווי אַ וועטער־פֿאָנעלע אויפֿן דאַך, אַמאָל דרייט זיך עס אַהער און באַלד דרייט זיך אַהין, וועדליק דעם ווי עס בלאָזט דער ווינט, אָבער רעליגיעזע קאָנצעסיעס, באַוואָרנטע אין גרונט־געזעצן, זענען נישט צו פֿאַרענדערן, זיי ווערן טראַדיציע. און ווײַל די מדינה איז געבונדן געוואָרן מיט דער ייִדישער רעליגיע, איז דער ראַבינאַט און רבנים בכלל מלוכה־באַאַמטע און אויך ריכטער אינעם ייִדישן ציוויל־שטאַנד. דאָס האָט דערפֿירט דערצו, אַז הײַנט צו טאָג ווערט דאָס אינערלעכע לעבן פֿון ייִדן אין דער מדינה באַשטימט דורך צוויי רבנים — דורך דעם ספֿרדישן הויפּט־רבֿ, עובדיה יוסף און דורך דעם ליטווישן

רב שך, אָנפֿירער פֿון דער פֿאַניעוויעזשער ישיבֿה אין בני־ברק. דערצו ליגט דאָס אינערן־מיניסטעריום אין די הענט פֿון אַ רעליגיעזן מיניסטער, וואָס די שטים פֿון דער רבֿ, זײַן פּאַטראָן, איז באַשטימענדיקער פֿון דעם געזעץ...

דאָס פֿאַרבינדן די נײַ־אויפֿגעקומענע מדינה מיט דער רעליגיע האָט באַלד פֿון אָנהייב באַשטימט דעם וועג פֿון דער דעמאָקראַטיע אין דער מדינה.

אין דער געשיכטע פֿון פֿעלקער איז נאָך נישט געווען אַ פֿאַל אַ רעליגיע זאָל זײַן דעמאָקראַטיש. אויך די ייִדישע רעליגיע איז באַזירט אויף קאָנאָניזירטע הלכה־פּרינציפּן. ווי די הלכה איז באַשטימט געוואָרן דורך די תּנאים אין יבֿנה אין ארץ־ישׂראל, אָדער אין פּומבדיתא אין בבֿל, אַזוי גילטן זיי אומפֿאַרענדערלעך אויך הײַנט, הגם די לעבנס־באַדינגונגען האָבן אין די אַכצן־נײַנצן הונדערט יאָר זיך געביטן נישט צו דערקענען.

אין די רעליגיעזע דיספּוטן צווישן די ייִדישע חכמים אין די אַלטע צײַטן איז געשטאַנען די פֿראַגע: צי איז דער שבת באַשטימט געוואָרן פֿאַרן מענטש, אָדער דער מענטש איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַרן שבת. דעם קאָנ־קרעטן ענטפֿער האָבן געגעבן בלויז די קריסטלעכע פֿאָטערס, אַז דער שבת איז באַשטימט פֿאַרן מענטש און נישט פֿאַרקערט, דעריבער דאַרף מען דעם שבת צופּאַסן צו די באַדינגונגען. ייִדישע חכמים האָבן די דיסקוסיע נישט דערפֿירט צו אַ קאָנקרעטן ענטפֿער, נאָר זיך אָפּגעשטעלט און געבליבן בײַ דער באַשטימונג וועגן שבת אין דער תּורה מהר סיני: זכור את יום השבת לקדשו — געדענק צו הייליקן דעם שבת־טאָג. ששת ימים תעבֿוד ועשית כל מלאכתך — זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן דײַן באַשעפֿ־טיקונג, ויום השבֿיעי לד׳ אלקיך לא תעשה כל מלאכה — און דער זיבעטער טאָג שבת (געהערט) צו גאָט דײַן גאָט — לא תעשה כל מלאכה אתה ובנך עבדך ואמתך וגרך אשר בשעריך — וועסטו נישט טאָן קיין שום מלאכה, און דײַן זון און דײַן טאָכטער, דײַן קנעכט און דײַן דינסטמויד און דײַן בהמה און דײַן פֿרעמדגאַסט, וואָס געפֿינט זיך אין דײַן הויז. דער פֿאַרבאָט צו טאָן עפּעס־וואָס אום שבת איז געוואָרן אַזאַ האַרבער, אַז צווישן די תּנאים איז אַפֿילו געשטאַנען אַזאַ פֿראַגע ווי: צי מעג מען אום שבת צעקנאַקן אַ לויז. וואָרעם די דעמאָלטיקע תּלמידי חכמים זענען געווען אַזוי ווײַט פֿון דער ביאָלאָגיע, אַז זיי האָבן נישט געוווּסט אַז אַ לויז איז אַ באַשעפֿעניש, וואָס אָטעמט, שפּײַזט זיך און מערט זיך אַזוי ווי אַלע באַשעפֿענישן.

אָפּהיטן דעם שבת לויט דער הלכה איז געווען מעגלעך אין דער פּרימיטיווערווירטשאַפֿט, ווען אַלץ איז געווען אָפּהענגיק פֿון דעם ווילן און פֿון די הענט פֿון דעם מענטש. ישׂראל ווי אַ מאָדערנע מדינה האָט אַן אינדוסטריע, אין וועלכער געוויסע צווײַגן מוזן אָנהאַלטן קאָנטינויִטעט

אויך אין די שבתים און אפילו אין יום כפור — עלעקטרישע סטאַציעס, וואַסער־לייטונג, פֿאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער נישט־ייִדישער וועלט, פּאָליציייִשע זיכערקייט, מיליטערישער ראַדאַר און אַנדערע צווייַגן, וואָס אַפילו זיי זענען אויטאָמאַטיזירט, מוזן זיי באַדינט ווערן דורך מענטשן. די ישׂראלדיקע ציווילע אוויאַציע מוז אום שבת רוען, אויף יעדן ברוך אין שבת מוז מען האָבן אַ רבנישע דערלויבעניש. די עפֿנטלעכע קאָמו־ניקאַציע אין ישׂראל איז פֿאַרבאָטן אין די שבתים. בלויז אין חיפה, וואָס איז אין די מאַנדאַט־צייַטן געווען אַן אַרבעטער־פֿעסטונג, איז טעטיק די עפֿנטלעכע שטאָטישע קאָמוניקאַציע און דער „סטאַטוס קוואָ" ווערט אייַנ־געהאַלטן ביזן הייַנטיקן טאָג. דערבייַ פֿעלן נישט קיין פּאַראַדאָקסן: די פּאָליציי אַרבעט אום שבת, אין די פּאָליציי־סטאַציעס איז שבת אַ וואָכע־דיקער טאָג, פּאָליציי־אויטאָס פּאַטרולירן די שטאָט, אָבער טאָמער זאָל אַ סוחר עפֿענען אום שבת זייַן געשעפֿט, וועט די זעלבע „אַפּיקורסישע" פּאָליציי פֿאַרשרייַבן אום שבת אַ פּראָטאָקאָל פֿאַר מחלל זייַן דעם שבת...

אַפילו ווען דעמאָקראַטיע איז אַן עלאַסטישער באַגריף, זענען די באַ־גרענעצונגען אין שייַכות מיט שבת אַנטי־דעמאָקראַטיש. און אַוודאי איז נישט דעמאָקראַטיש ווען אַ געוויינטלעכער ייִדישער יוגנטלעכער גיט אַוועק דרייַ יאָר פֿאַר מיליטער־דינסט און שפּעטער גיט ער אַוועק יעדעס יאָר פֿון אַ חודש ביז זעקס וואָכן אין רעזערוו־דינסט, זענען ישיבה־בחורים באַפֿרייַט פֿון אָט דער בירגערלעכער פֿליכט. אויב אָבער אַ זעלנער אין רעגולערן מיליטער־דינסט אָדער אין רעזערוו־דינסט זאָגט זיך אָפּ צו דינען אויף די אָקופּירטע געביטן, ווו עס הערשט די אינטיפֿאַדאַ, ווערט אַזאַ איינער באַשטראָפֿט מיט אַרעסט איין מאָל און נאָך אַמאָל ביז ער ברעכט זיך איין אין זייַן געוויסן־שטעלונג.

עס וועט זייַן נישט ריכטיק ווען עמעצער וועט זאָגן, אַז אין ישׂראל ווערט געשטערט די פֿרייַהייט פֿון וואָרט. אין ישׂראל הערשט פֿולשטענדיקע פֿרייַהייט פֿון וואָרט, די פּרעסע איז אַ פֿרייַע, אָבער אָפֿט קענט איר הערן פֿון דעם רעגירונגס־עסטאַבלישמענט, אַז אין אַלע צרות אין דער מדינה איז שולדיק די פּרעסע, וואָס שרייַבט דעם אמת... צי איז טאַקע דער אמת אַנטי־דעמאָקראַטיש?

די פֿאַרבינדונג פֿון דער מדינה מיט דער ייִדישער רעליגיע, די פֿריי־ווילעגיע פֿון ישיבה־בחורים נישט צו דינען אין דער אַרמיי, די צעטיילונג פֿון דעם מלוכישן בילדונג־סיסטעם אויף צוויי באַזונדערע סעקטאָרן, אַ וועלטלעכן און אַ רעליגיעזן, דער צוואַנג אַז ייִדן קענען חתונה האָבן אָדער גטן זיך בלויז דורך דעם ראַבינאַט, וואָס איז אַ מלוכישע אינסטאַנץ, זענען אין פֿולשטענדיקן קעגנזאַץ צו דער מערבֿ־דעמאָקראַטיע. מחמת די ייִדישע רעליגיע איז אַ נאַציאָנאַלע רעליגיע, זענען וועלטלעכע ייִדן אין ישׂראל אונטערגעוואָרפֿן דער רעליגיע. נאָך מער: לא די וואָס די מדינה

איז געבונדן געוואָרן מיט דער ייִדישער רעליגיע, האָט דעם רעליגיעזן מאָנאָפּאָל באַקומען די אָרטאָדאָקסיע; די קאָנסערוואַטיווע און נאָך מער די רעפאָרעם־ייִדן זענען בנוגע זייער רעליגיעזן סיסטעם אויף גרויסע צרות. מעגן זיי צאָלן שטײַערן, מעגן זיי דינען אין דער אַרמיי, אָבער קיין סטאַטוס בנוגע זייער אמונה האָבן זיי נישט, די מדינה אָנערקענט זיי נישט.

די רעליגיעזע פּאַרטייען האָבן אויסגעצייכנט אויסגענוצט זייערע פּריווי־לעגיעס און זיי אומאויפהערלעך אויסגעברייטערט. די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע באַוועגונג, וואָס נעמט אָנטייל אין אַלע רעגירונג־קאָאַליציעס, האָט איר בילדונגס־סעקטאָר אַנטוויקלט צו אַ פּאָליטישן כּוח. זי האָט דערצויגן דעם „גוש אמונים״, אַ יוגנטלעכע אַרמיי וואָס איז געוואָרן ענלעך צו די בורן אין דרום־אַפריקע: אין איין האַנט די הלכה אין אין דער צווייטער האַנט די ביקס, און אַ ביקס איז נישט קיין לולבֿ, זי האָט ליב צו שיסן. די ביקסן פֿון דעם „גוש אמונים״ מיט זייערע רבנישע פֿירער שיסן און פֿאַר־טיפֿן די פֿײַנדשאַפֿט צווישן ייִדן און אַראַבער. די אַקטיוויטעטן פֿון דעם „גוש אמונים״ אויף די באַזעצטע געביטן האָט געשטעלט פֿאַר אַ פּרווו דאָס געריכט פֿון מדינת ישׂראל. אין די אַנטי־דעמאָקראַטישע אַפּווייַכונגען מצד אַלע ביז איצטיקע רעגירונגען אין ישׂראל, האָט דאָס ישׂראלדיקע געריכט געלויכטן ווי אַ לײַכט־טורעם אויפֿן ברעג פֿון אַ צעשטורעמטן ים אין פֿינצטערע נעכט. אויך ריכטער זענען נישט מער ווי מענטשן, און מענטשן קענען מאַכן טעותים, אָבער ווי אַ כּלל איז דאָס געריכט געווען די אמת־דיקע אינסטאַנץ פֿון גערעכטיקייט, אויסגעמאָסטן אָביעקטיוו, אָן אונטערשייד צווישן שטאַנד און קלאַס, ייִד אָדער אַראַבער. זײַט דער „גוש אמונים״ האָט מיט דער אונטערשטיצונג פֿון דער רעגירונג אָנגעהויבן די קאָלאָני־זאַציע אויף די באַזעצטע געביטן, האָט זיך געשאַפֿן אַ ייִדישע אונטער־ערדישע טעראָריסטישע באַוועגונג וואָס האָט אַפֿילו זיך פֿאַרמאָסטן אויפֿ־צורײַסן דעם על אַקצאַ־מאָשיי אויפֿן הר הבית אין ירושלים. איז אויך די געריכט־גערעכטיקייט געוואָרן „צוגעברענט״. פֿאַר רעדן מיט יאַסער אַראַפֿאַט האָט דער שלום־זוכער אייבי נתן באַקומען אַ שטראָף פֿון אַנ־דערטהאַלבן יאָר. דער רב לעווינגער האָט פֿאַר דערמאָרדן אַן אַראַבישן סוחר באַקומען פֿיר חדשים טורמע און זײַנע חסידים האָבן אים געטראָגן אויף די אַקסלען בײַם אַרײַנגיין אָפּזיצן די „שטראָף״ און בײַם פֿאַרענדיקן דעם טורמע־פּענסיאָן. פֿאַר וואַרפֿן אַ צינדפֿלאַש באַקומט אַן אַראַבישער יוגנט־לעכער פֿינף־זעקס יאָר טורמע און דאָס הויז פֿון זײַן פֿאַמיליע ווערט אויפֿגעריסן. די ייִדישע טעראָריסטן, וואָס האָבן באַקומען טורמע־שטראָפֿן פֿאַר מאָרדן אַראַבער, זענען באַלד אַמנעסטירט געוואָרן און זייערס אַ סוכּה איז אַפֿילו נישט צעשטערט געוואָרן. מיט אָט דעם „גערעכטיקייט־סיסטעם״, וואָס ווערט וואָס אַמאָל מער אויסגעברייטערט, איז שווער צו רעדן וועגן דעמאָקראַטיע. בפֿרט אַז אין דעם איצטיקן באַפֿעלקערונג־צוזאַמענשטעל

אין ישׂראל הערן זיך וואָס אַמאָל מער שטימען פֿאַר אַ רעזשים פֿון שטאַרקער האַנט, אַ לאָזונג וואָס ווערט אונטערשטיצט פֿון די רעכטע פֿראַקציעס אין דער כּנסת.

הגם די אַלגעמיינע פּאָליטיק פֿון אַלע ביז איצטיקע רעזשימען אין ישׂראל האָט זיך ווייניק וואָס געענדערט, ווײַל סוף כּל סוף זענען אַלע פּאַרטייען אין ישׂראל, אויסער דער קאָמוניסטישער און די אַראַבישע פֿראַקציעס, ציוניסטישע, און זיי ווערן באַוויגן פֿון דער זעלבער אידעאָלאָגיע און סטראַטעגיע, האָט זיך אָבער אויסערגעווײנטלעך געשטאַרקט דער פֿאַנאַטיש־רעליגיעז־נאַציאָנאַליסטישער און שאָוויניסטישער כּוח, וואָס דריקט אויפֿן רעזשים, וואָס איז אַליין עקסטרעם־נאַציאָנאַליסטיש. צו אָט דעם מצבֿ בײַ ייִדן איז צוגעקומען אין דעם ראַיאָן די כאָמייניסטישע עפּידעמיע אין איראַן, וואָס ווי אַ קראַנקייט־עפּידעמיע קען זי נישט קיין גרענעצן. כאָמייניזם איז אַרײַנגעדרונגען אין די פּאַלעסטינעזער פּליטים־לאַגערן אויף די באַזעצטע געביטן און אויך אין די רײַען פֿון דער אַראַבישער מינדערהייט אין ישׂראל. ווי עס געשעט מיט אַלע נישט־באַהערשטע עפּידעמיעס, וואָס אונטערשיידן נישט צווישן ראַסן, הויט־פֿאַרבן און רעליגיעס, איז די כאָמייניסטישע פּעסט אַרײַנגעדרונגען אין היפּשע ייִדישן קרײַזן. וואָס שײַך קראַנקייט־עפּידעמיעס זענען אין די אַנטוויקלטע מדינות טעטיק לאַבאָראַטאָריעס וואָס זוכן מיטלען ווי אַזוי בײַצוקומען די אַטאַקירנדיקע ווירוסן און מיקראָבן. עפּידעמיאָלאָגן פֿון דעם פֿעלקער־פֿאַרבאַנד שטייען אויף דער וואַך אין וועלט־פֿאַרנעם צו דערשטיקן יעדן צייכן פֿון אַ קראַנקייט־עפּידעמיע אין וועלכן עס איז ווינקל אין דער וועלט. צום באַדויערן איז נישטאָ אַזאַ כּוח צו באַקעמפֿן אַזעלכע עפּידעמיעס ווי שאָוויניזם, רעליגיעזן פֿונדאַמענטאַליזם און פֿאַנאַטיזם.

דער סאַמע בולטסטער אויסדרוק פֿון דעם צוריקצוג פֿון דער דעמאָקראַטיע אין ישׂראל, פֿון דעם חלום צו בויען אַ סאָציאַליסטישע מדינה און ווערן כּכל הדעמאָקראַטישע גויים, איז די דראַמע פֿון דער אַרבעט־פּאַרטיי אין ישׂראל. מפּא״י איז געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און פֿון דאַנען אויס האָט זי פּלאַנירט סאָציאַליזם אין דער קומענדיקער ייִדישער מדינה. איז נאָכגעקומען די פֿאַראייביקטע קאָאַליציע מיט רעליגיעזע פּאַרטייען, וואָס נאַטירלעכערווײַז זענען זיי אַנטידעמאָקראַטיש. דער מאַסיווער צופֿלוס פֿון ייִדן פֿון די איסלאַמישע לענדער, וואָס בנוגע דעמאָקראַטיע זענען זיי צוריקגעשטאַנען אויף אַ הונדערט יאָר, האָט געשטאַרקט די רעכטע נאַציאָנאַליסטישע כּוחות אין ישׂראל. כּדי נישט צו פֿאַרלירן דעם איינפֿלוס בײַ די ייִדן, וואָס שטאַמען פֿון די איסלאַמישע לענדער, האָט מפּא״י געמוזט אויסבאַהאַלטן איר סאָציאַליסטישע ריפּ. נאָך דער פֿאַראייניקונג מיט אחדות העבודה און דער רפֿ״י־פֿראַקציע, וואָס דוד בן־גוריון האָט אָפּגעשפּאָלטן פֿון מפּא״י, האָט זיך די פּאַרטיי (עבודה) אַ רוק געטאָן

אויף רעכטס, וואָרעם מחמת די ייִדישע מאַסן פֿון די איסלאַמישע לענדער איז דער רעכטער ליכּוד געוואָרן אַ פּאָפּוליסטישע באַוועגונג — אַ סופּער־מאַרקעט פֿון „אַלעם גוטן". די אַרבעט־פּאַרטיי פּרוּווט זיך דערנענטערן צו אָט די מאַסן, אָבער די מאַסן ציִען צום סופּערמאַרקעט און צו די עקסטרעמע פֿאַנאַטישע כּוחות, וואָס ווערן וואָס אַמאָל שטאַרקער און שטאַרקער. דאָס איינציקע וואָס איז אין דער אַרבעט־פּאַרטיי געבליבן פֿון די חלומות, איז איר אָנגעהעריקייט צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. איצט ווערט דער אַנטידעמאָקראַטישער טרענד געשטאַרקט אויך פֿון דער מאַסן־אימיגראַציע פֿון די סאָוועטישע ייִדן. אין ישׂראל ווענדן זיי זיך אויף עקסטרעם־רעכטס און צו דער רעליגיע, אין איר חוזר־בתשובֿהדיקער פֿאָרעם.

אָט אַזוי האָט זיך געשאַפֿן דער היסטאָרישער פּאַראַדאָקס אַז אין דער צײַט ווען די מערבֿדיקע דעמאָקראַטיע איז אויפֿגעגאַנגען פֿון נאַכט און געוואָרן וואָס אַמאָל ליכטיקער ביז איר פֿראַנצייזישער, בריטישער, סקאַנדי־נאַווישער אויפֿלאַגע, איז דער פּראָצעס אין דער ייִדישער מדינה געווען אַ קאַפּויערדיקער: דער גרויסער חלום ווערט טונקעלער און טונקעלער. נישטאָ דער מינדסטער צווייפֿל, אַז די אַרבעטער־חלוצישע־סאָציאַליסטיש־טרוימע־רישע באַוועגונג, וואָס האָט געשאַפֿן אַ סך ייִדישע ווערטן אין ארץ־ישׂראל, האָט פֿאַרענדיקט איר היסטאָרישע ראָל. נאָך אַ בולטער סימן פֿאַר דעם געזאָגטן, דינט זיכער דער פֿאַקט וואָס צוויי יונגע אַקטיווע טוערס אין דער אַרבעט־פּאַרטיי, אויפֿגייענדיקע פּאָליטישע שטערנס אין דער כּנסת, זענען אַרויסגעקומען מיט אַ פֿאָרשלאָג די אַרבעט־פּאַרטיי זאָל זיך אויפֿלייזן און שאַפֿן אַ ברייטערע בירגערלעכע פּאַרטיי־באַזע. די רויטע פֿאָן זאָל אָפּ־געשאַפֿט ווערן און דער „אינטערנאַציאָנאַל" זאָל מער נישט געהערט ווערן צווישן די ווענט פֿון דער ייִדישער מדינה.

אויב מעסטן קבֿרים איז אַ סגולה פֿאַר אַ רפֿואה שלמה פֿאַר מסוכּן־קראַנקע, איז דער פֿאָרשלאָג פֿון די ביידע יונגע פֿירער אויך אַ סגולה פֿאַר אַ רפֿואה שלמה פֿון דער אַרבעט־פּאַרטיי אין ישׂראל. פֿאַר דער דעמאָ־קראַטיע אין ישׂראל איז אין די איצטיקע באַדינגונגען נישטאָ קיין רפֿואה, סײַדן ניסים און צו ניסים זענען מיר צוגעוווינט...

# זיבן טעג הינטער קראַטן

אין נאָוועמבער 1932 האָב איך אין „וואָכנשריפֿט פֿאַר ליטעראַטור", אין וואַרשע, אָפּגעדרוקט אַ גרויסן רעפּאָרטאַזש „זיבן טעג הינטער קראַטן". אינעם אַרעסט־צימער פֿון אַ פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט אין וואַרשע בין איך אָפּגעקומען אַ שטראָף „פֿאַר באַליידיקן אַ מלוכה־באַאַמטן". דער רעפּאָר־טאַזש איז אַ מין קווערשניט נישט בלויז פֿון דער פֿאַרברעכער־וועלט אין יענער צייַט אין וואַרשע, נאָר אויך פֿון דער פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכער אַטמאָספֿער אין דער תּקופֿה ערבֿ היטלערס קומען צו דער מאַכט.

פֿאַרוואָס בין איך באַשטראָפֿט געוואָרן אויף זיבן טעג אַרעסט? — אויך די סיבה איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער תּקופֿה. די מעשׂה שהיה כּך היה:

אין יענער צייַט אין דעם האַלב־פֿאַשיסטישן רעזשים אין פּוילן, ווען דער הערשער, מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי, האָט פֿאַראָרדנט צו פּייַניקן און דערנידעריקן זייַנע געוועזענע חבֿרים ווען ער, פּילסודסקי, און זיי, זייַנע חבֿרים, האָבן געהערט צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און צוזאַמען געקעמפֿט פֿאַר דער אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילן, האָט דער סיים אָנגענומען אַ געזעץ, אַז ווען עס ווערט באַליידיקט אַ מלוכה־באַאַמטער, איז דער באַאַמטער גופֿא סײַ דער אָנקלאָגער און סײַ דער עדות.

איז צו מיר אין הויז אַרויפֿגעקומען אַן אינקאַסענט פֿון שטייַער־אַמט אייַנמאָנען אַ שטייַער. וועגן זייַן וויזיט האָט ער געמאָלדן מיט אַ פֿייַנטלעכן טאָן. נישט זאָגנדיק אַפֿילו גוט־מאָרגן בייַם אַרייַנקומען. האָב איך דעם באַאַמטן אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז ווען מען קומט אַרייַן אין אַ פֿרעמד הויז, זאָגט מען פֿאַר אַלעמען „גוט־מאָרגן", אָדער „גוטן־אָוונט", אומ־אָפּהענגיק פֿון דעם מיט וואָס דער וויזיט איז פֿאַרבונדן. האָט מיר דער באַאַמטער געענטפֿערט מיט דעם זעלבן שׂינאהדיקן טאָן: „איך בין נישט געקומען צו דיר זאָגן „גוט־מאָרגן", נאָר איך בין געקומען אייַנמאָנען די שטייַערן, וואָס דו ביסט שולדיק".

האָב איך אים געזאָגט: „שולדיק נישט שולדיק, נאָר מיט אַזאַ איידעלן פּאַרשוין וויל איך נישט רעדן".

איז דער באַאַמטער געוואָרן נאָך מער חוצפּהדיק און געפרעגט דראָענ־דיק: „דו צאָלסט?!" איז מיין ענטפער געווען: „צו אַזאַ ווי דו ביסט, צאָל איך נישט אַפילו קיין פּרוטה".

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און דער פאַרשווין האָט געדראָט, אַז ער וועט מיך דערשיסן. האָט זיך ביי מיר ספּאָנטאַן אַרויסגעריסן: „שיס מיך אין תחת, כאַם איינער!"

איז דער באַאַמטער אַוועק און מיך אָנגעקלאָגט אין געריכט פאַר באַליידיקן אים, און ווערדליק דעם געזעץ איז ער געווען סיי דער אָנקלאָגער און סיי דער עדות. האָב איך דערציילט דעם ריכטער (דאָס געריכט איז אגב געווען אויף טלאָמאַצקע 13, ווו עס האָט זיך געפונען דער יידישער ליטעראַטן־פאַראיין) און זיך פאַרטיידיקט דערמיט, אַז איך האָב חלילה נישט געהאַט בדעה צו באַליידיקן דעם באַאַמטן פון דער מדינה, נאָר אויב ער האָט געדראָט, אַז ער וועט מיך דערשיסן, האָב איך פאַר זיך גענומען די פּריווילעגיע אויסצוקלייבן אין וועלכן פּלאַץ ער זאָל מיך שיסן, און איך האָב אויסגעקליבן דעם תחת. אַפילו אַ פאַרמשפּטער צום טויט האָט די פּריווילעגיע אויסצודריקן זיין לעצטן ווילן". איז דעם ריכטער נישט געפעלן וואָס איך האָב אין געריכט־זאַל עטלעכע מאָל איבערגעחזרט דאָס פאַר יענער צייט „אויסגעלאַסן" וואָרט „תחת", און זיין גזר־דין איז געווען, איך זאָל זיבן טעג זיצן הינטער קראַטן.

די געשיכטע האָט מיך גאָר שטאַרק פאַרדראָסן. אין יענער צייט האָט דער פּוילישער מאַרשאַל און דיקטאַטאָר יוזעף פּילסודסקי, באַנוצט פון דער סיים־טריבונע די עקלהאַפטסטע ווערטער קעגן זיינע אָפּאָזיציאָנערן. דאָס וואָרט „דופּאַ" — „תחת" איז געווען פון זיינע אײַדלסטע אויסדרוקן. האָב איך געהאַלטן, אַז אויב דער מאַרשאַל פּילסודסקי באַנוצט אַזאַ וואָרט ווי תחת פון דער סיים־טריבונע, האָב איך, אַ בירגער, דאָס פולע רעכט צו זאָגן „תחת" ביים פאַרשלאָגן אַ מדינה־באַאַמטן אין וועלכן פּלאַץ מיך צו שיסן, אויב ער דראָט מיך צו דערשיסן...

האָב איך אַריינגעטראָגן אַ ווענדונג צום אַפּעלאַציע־געריכט מיך צו באַפרייען פון דער שטראָף.



צום אַפּעלאַציע־פּראָצעס האָב איך זיך צוגעגרייט ווי איך וואָלט זיך געקליבן פאַרטיידיקן אַ דאָקטאָראַט־דיסערטאַציע. כ'האָב צוזאַמענגעקליבן אַלע מעגלעכע פּוילישע ווערטערביכער, ענציקלאָפּעדיעס, פּובליציסטישע אַרטיקלען און נאָוועליסטיק, ווו נאָר עס געפינט זיך דער באַגריף „דופּאַ" „תחת".

באַוואָפנט מיט אַ שטויס ביכער האָב איך זיך געשטעלט פאַרן אַפּעלאַציע־

געריכט. דאָס אַפּעלאַציע־געריכט האָט זיך געפֿונען אינעם ריזיקן זאַל פֿון פּאַצאַ פּאַלאַץ אויף פּלאַץ סענאַטאָרסקי. דער קאָמפּלעט ריכטער איז באַשטאַנען פֿון דריַי — אַלע אין שוואַרצע טאָגעס מיט טונקל־גרינע סאַמעטענע קעלנער, און בײַ זייער זײַט, בײַם ריכטער־טיש, דער פּראָקוראָר, אויך ער אין אַ שוואַרצער טאָגע נאָר מיט אַ סאַמעטענעם פּורפּור־קאָלנער. סײַ דער האַלב־טונקעלער קעניגלעכער זאַל מיט זײַן קאָלאָנאַדע פֿון בײַדע זײַטן, סײַ דער לאַנגער ריכטער־טיש מיט די טויט־ערנסטע ריכטערס, און סײַ דער פּראָקוראָר, וואָס האָט געקוקט אויף מיר ווי איך וואָלט געווען אַ גזלן, האָבן געקענט דערדריקן דעם מוטיקסטן העלד. איך בין נישט געווען קיין העלד, אָבער יונג בין איך געווען און גרייט צו יעדן קאַמף אָן צו טראַכטן וועגן די קאָנסעקווענצן. האָב איך אין יענער רגע געקוקט אויף די ריכטערס און אויף דעם פּראָקוראָר נישט ווי אויף פֿאַרטרעטער פֿון איר מאַיעסטעט דער פּוילישער מדינה, נאָר ווי אויף אַקטיאָרן, וואָס גרייטן זיך שפּילן אַ פּיעסע מיט אַ תּחת, און איך אַליין בין אויך אַן אַקטיאָר, וואָס גרייט זיך דאָ אָפּשפּילן די ראָל פֿונעם תּחת. איז ווי דער פֿאָרזיצער פֿונעם געריכט האָט מיט אַביסל אַ הייזעריקע מאַכט־שטימע געפֿרעגט וואָס איך האָב צו זאָגן, האָב איך אַוועקגעלייגט אַ מענה־לשון, וואָס איך האָב באַלד באַמערקט, אַז אַלע דרײַ ריכטערס זענען אויפֿגעקאָכט און צערייצט.

אָנגעהויבן האָב איך אַזוי: „אָט דאָ האַלט איך אין מײַנע הענט דעם פּוילישן ווערטערבוך פֿון „געבעטנער און וואָלף" („געבעטנער און וואָלף" איז געווען פֿון די גרעסטע און פּרעסטיזשאַרטיקע ביכער־פֿאַרלאַגן אין פּוילן), איז דאָ אָפֿן און קלאָר אָנגעגעבן דער טערמין „דופּאַ" און אַז דופּאַ איז דער אונטערשטער און הינטערשטער טייל פֿונעם מענטשלעכן גוף. און אָט דאָ, הויך געריכט, האָב איך זיך די „ענציקלאָפּעדיע פֿון „אָרצט" (אויך אַ פּוילישער פֿאַרלאַג פֿון הויכן פּרעסטיזש), און אויך דאָ איז אָפֿן און קלאָר אָנגעגעבן אַז „דופּאַ", איז אַ טייל פֿון מענטשלעכן קערפּער און נישט קיין וואָרט וואָס באַליידיקט". פֿון צווישן דעם שטויס ביכער האָב איך אַרויסגענומען אַן עקזעמפּלאַר פֿון אַן „אַטענעום"־אויסגאַבע פֿונעם יאַגעלאָנער אוניווערסיטעט און די בראַשור אויסגעשטרעקט אין דער ריכטונג צום ריכטער־טיש און געזאָגט: „אין אָט דער שענסטער סעריע פֿאַר דער קלאַסישער ליטעראַטור, וואָס „אַטענעום" גיט אַרויס אין דער פּוילישער איבערזעצונג, איז „דופּאַ" אַ לעגיטים וואָרט. עס געפֿינט זיך אויף דער און דער זייט...".

נאָך דעם ווי איך האָב אין זאַל פֿון דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און פֿאַר די הויכע ריכטער געבראַכט אויף מײַנע ליפּן אַ צען־פֿופֿצן מאָל דאָס וואָרט תּחת, און איך האָב געפֿילט, אַז דאָס געדולד פֿון די ריכטער האַלט בײַם פּלאַצן, האָב איך אַרויסגעשאָסן די לעצטע קויל: „הויך געריכט —

האָב איך געזאָגט דראַמאַטיש, ווי איך שפּיל טעאַטער — אַפילו אונדזער גרויסער מאַרשאַל פּילסודסקי, פון די גרעסטע שטאַטמענער, וואָס פוילן האָט ווען עס איז געהאַט, באַנוצט דאָס וואָרט „דופּאַ" ווי אַ לעגיטים וואָרט אין דער פּוילישער שפּראַך און דאָס פון דער הויכער סיים־טריבונע".

ווייַזט אויס, אַז מיטן אַרייַנגעמען יוזעף פּילסודסקי ווי אַ שותּף צו מייַן פאַרברעך האָב איך אַ טראָפּן איבערטריבן. דער פאָרזיצער פונעם געריכט האָט זיך אַ הייב געטאָן פון זייַן טראָן, ווי אַ שפּילקע וואָלט אים אַ שטאָך געטאָן אין הינטן, און באַגלייט מיט אַ קלאַפּ אין טיש אויסגערופן: „גענוג!"

ער האָט מיך שטיל געמאַכט. איך בין געווען אַ פאַרשפּילטער. דער פּראָקוראָר האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט קורץ: „איך בעט דאָס אַפּעלאַציע־געריכט צו באַשטעטיקן דעם אורטייל פון דער ערשטער אינס־טאַנץ". און אַזוי איז געשען.

אַפילו הייַנט, נאָך מער פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, האַלט איך, אַז די ריכטער זענען נישט געווען גערעכט שוין דערמיט אַליין וואָס זיי האָבן אַ וויכטיק און ניצלעך פּויליש וואָרט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס ווי אַ באַליידיקונג...



לאָמיר צוליב טעמים פון שטייגער און אפשר צוליב טויזנט אַנדערע טעמים, דערציילן פון יענעם מאָמענט אָן, ווען מ'האָט מיך ווי אַ באַגאַזש, צוגעשטעלט צום דיזשורירנדיקן פּאָליציי־אָפיציר און דער האָט מיך, ווידער ווי אַ פּעקל, איבערגענומען אין זייַן רשות. מען האָט אַפילו מייַן נאָמען נישט געפרעגט — דאָס פּאַפּיר האָט אַלץ דערציילט און אין בוך האָב איך פאַרנומען אַ קליינע פּאָזיציע: 1 שטיק 9.30 אינדערפרי.

נאָך דעם — אַ באַפעל:

— ליידיקט אויס די טאַשן; דעם קאָלנער מיט קראַוואַט — אַראָפּ!

כ'האָב זיך אַליין „דעגראַדירט". אין די טאַשן קיין פּיצעלע פּאַפּיר אַפילו נישט איבערגעלאָזט. דער וועכטער־פּאָליציאַנט טוט מיך אַ נעם, שלעפּט פון מיר אַראָפּ דעם הויזן־רימען און די זאָקן־בענדעלך. איך בלייַב, ווי פאַרהאַנגען אין דער לופטן. איך בעט כאָטש אַ קליין שטיקעלע בענדל צו פאַרזיכערן די הויזן:

— ס'איז דאָך נישט אויף אַ רגע — וויל איך ווירקן מיט לאָגיק — ס'טייַטש, ווי אַזוי וועל איך קאָנען כסדר צוהאַלטן די הויזן מיט די הענט?

דער פּאָליציי־אָפיציר ענטפערט מיט אָפיציעלער העפלעכקייט:

— מיליאָנען האָבן געהאַלטן די הויזן אין די הענט ביז אייַך; איר וועט זיך שוין אויך ווי עס איז אַן עצה געבן.

בדרך מתּנה קריג איך צוריק דאָס נאָזטיכל און מען פֿירט מיך אַרײַן אין קאַמער.

עס טוט אויף מיר אַ ווײ אַ ריח פֿון וואַנצן, מענטשן־שווייס און מענטשן־קויט. דערנאָך זע איך אַ צימער פֿון אַ מעטער צען די לענג און אַ פֿינף די ברייט. צו דער וואַנט, אַקעגנאיבער צוויי פֿענצטער, זענען צוגעפֿעסטיקט צוויי שטײַגן, ווי פֿאַר ווילדע חיות אין זאָאָלאָגישן גאָרטן. צווישן די שטײַגן און די פֿענצטער בלײַבט אַ קאָרידאָר אויף אַ מענטש די ברייט.

דאָס איז אַ געוויינלעכער אַרעסט פֿאַר שיכּורים, גאַסנפֿרויען און כלערליי פֿאַרברעכער, וואָס מען כאַפּט אין די גרענעצן פֿון געגעבענעם פּאָליציי־רעוויר. אָבער גראָד רעמאָנטירט מען איצט אַ גרויסע שטאָטישע תּפֿיסה, האָט מען פֿון דאָרטן די אַרעסטאַנטן צעשיקט אין די איבעריקע תּפֿיסות און פֿאַר די פֿריש־פּראָדוצירטע פֿאַרברעכער איז קיין אָרט נישטאָ. זיצט מען דאָ אָפּ אַפֿילו אַ חודש־שטראָף.

אַ צוואַנציק מאַן באַגעגענען מיך מיט שפּאָטישע אויסרופֿן. קאָנטיק, אַז זיי האָבן אין מיר דערפֿילט אַ „יאָלד" און אַ „פֿרײַער". דער ענטפֿער מײַנער — אַ מעטער־לאַנגער, אַ צונויפֿגעקייטלטער פֿון ווערטער, וואָס מען הערט אַזוי אָפֿט אין גאַס — האָט זיי געצוימט. שוין גאָר מיט אַן אַנדער טאָן און אויף „דו" (אין תּפֿיסה איז נישטאָ קיין ייחוס) בעט מען איך זאָל דערציילן וועגן זיך: פֿאַרוואָס, ווי אַזוי און וויפֿל.

כ׳האָב זיך געמאַכט פֿאַר אַ געפֿערלעכן פֿאַרברעכער און אין איין מינוט בין איך אַלע אַריבערגעוואַקסן מיט מײַן פֿאַרברעכערישן גלאַנץ און פּראַכט... איך בין זיך, הייסט עס, שוין באַגאַנגען אָנעם כּיבוד, מיט וועלכן מ׳איז מכבד יעדן אָנקומענדיקן אַרעסטאַנט — „פֿרײַער"...

אין דעם דאָזיקן שמוציקן און פֿאַרחושכטן קאַמער זיצן מענער און פֿרויען צוזאַמען. נישט מער: די פֿרויען זיצן אין איינער פֿון די צוויי שטײַגן; די צווייטע שטײַג איז פֿאַר געפֿערלעכע פֿאַרברעכער און שיכּורים־אַוואַנטוריסטן. אָבער די איזאָלאַציע פֿון דער פֿרויען־שטײַג איז נאָר אַ לפֿנימדיקע. אַז אין דער שטײַג זיצן גאַסנפֿרויען, זענען די קראַטן פֿון די שטײַגן קיין שטערונג נישט; דער אַלמעכטיקער געשלעכטלעכער אינסטינקט געפֿינט אַן אויסוועג, און מענטשן פּאָרן זיך דורך די קראַטן.

אויפֿן פֿאַרקראַטעוועטן פֿענצטער זיצט אַ פֿאַרשוין מיט אַ צעהאַקט און צעשניטן פּנים. ער איז אַ געוועזענער מאַטראָס. דאָס פּנים איז נישט נאָר פֿון מעסערס צעהאַקט, נאָר אויך פֿון ים־ווינטן. דער דאָזיקער מענטש זיצט צוואַנציק טעג אין חודש אין תּפֿיסה. זאָל גאָט אויסהיטן — נישט חלילה פֿאַר גראָבע פֿאַרברעכנס, בלויז פֿאַר אַוואַנטורעס. ניכטערהייט שלאָגט ער זיך קיינמאָל נישט.

— נאָר טאָמער דריי איך אַרײַן אַ גלעזעלע, ווערן די הענט אויס מײַנע,

און צי איך וויל, צי איך וויל נישט, שלאָגן זיי אויף אייגענער האַנט.

דאָ, אין דער קאַמער, איז ער רויִק, סימפּאַטיש, דער סימפּאַטישסטער פון אַלע. ער זיצט אויפֿן פענצטער און קוקט אויס, צי עס גייט נישט אַמאָל װעלכע פֿון זײַנע פֿאַרערערינס מיט אַ „וואַלוווקע״ פֿאַר אים. אַז מ׳האָט גערעדט וועגן דער ווײַבער־שטײַג, האָט ער נאָר מיט אַ געלעכטער אָפּגעזיפֿצט, אַז הײַנט איז די שטײַג פֿאַרנומען בלויז פֿון צניעות.

דאָ נישט לאַנג האָט מען אין אַ נאַכט געבראַכט דרײַ גאַסנפּרויען און יונגען זענען געווען קאַרגע דרײַסיק. נו, איז אויף קרעדיט געגאַנגען אַן עסק דורך די קראַטן, צו צען יונגען אין איין ריי...

די אַנציעוודיקע טעמע איז איבערגעריסן געוואָרן פֿון אַ שטאַרק געשריי אין דער דיזשור־קאַנצעלאַריע. עטלעכע מענטשן האָבן מיט אַמאָל געשריגן און אין געשריי איז אויך געווען אַ וויינענדיק קול. דאָס פּילבאַרע אויער פֿון איינעם האָט אויפֿגעכאַפּט רעגולערע ווייכע קלעפּ. מ׳האָט אַרײַנגעפּירט און פֿאַרמאַכט אין דער אײַזערנער שטײַג פֿאַר געפּערלעכע פֿאַרברעכער — ייִדן, ייִדישע יונגע־לייט. דער עלטסטער — אַן ערך 23 יאָר.

די צווייטע פּראָלעטאַרישע קראַנקייט נאָך טובערקולאָז — שטרײַקברעכעריי — האָט אויך נישט אויסגעמיטן דאָס שוסטערפאַך. בעתן שוסטער־שטרײַק זענען די דרײַ ייִדישע בחורים געקומען אַראָפּיאָגן פֿון דער אַרבעט עטלעכע שטרײַקברעכער. די לעצטע, צוזאַמען מיטן מײַסטער, האָבן זיך געכאַפּט שלאָגן די געקומענע שטרײַקנדיקע אַרבעטער. די אַרבעטער האָבן זיך פֿאַרטיידיקט מיט אַן עודף און אויפֿן פּאַראַגראַפֿישן לשון הייסט עס: עקאַנאָמישער טעראָר. בלויז אויפֿן קלאַנג פֿון דעם געפּערלעכן וואָרט שטעלט זיך אַלץ קאַפּויער און מען טרײַבט דרײַ אַרבעטער צו דער שטײַג.

דער וועכטער־פּאָליציאַנט קלאַפּט צו מיט רוגזה די אײַזערנע טיר פֿון דער שטײַג, און טוט אַ ווונק צו די „אָרנטלעכע פֿאַרברעכער״, די קרימינעלע:

— שטאַנד־געריכט; מאַציִעיעווסקי (דער נאָמען פֿון דעם הענקער) וועט האָבן אַרבעט...

אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער שטײַג, געוואָלט זען „מאַציִעווסקיס ברויט״. די בחורים זענען צעטומלט געוואָרן. אַזוי פֿיל אויגן קוקן אויף זיי מיט איין מאָל. איינער פֿאַרלירט זיך, לויפֿט צו צו די קראַטן און שרײַט אויס:

— עסן! עסן! עסן גיט מיר!

מעגלעך, אַז אים האָט אַפֿילו נישט געהונגערט און דאָס געשריי איז געווען בלויז אַן אויסדרוק פֿון פּחד. און ווען אים זאָל זיך אַפֿילו אויף אַן אמת הונגערן, וואָלט ער אויך קיין עסן נישט באַקומען, ווײַל אויב מען ברענגט נישט צו פֿון דער פֿרײַ, איז מען פֿאַרמשפּט אויף הונגער. עפּעס איז פֿאַראַן דאָ אַ ספּעציעלער פֿאָנד אויף עסן פֿאַר די אַרעסטירטע, דאָס

איז דאָס געלט פֿון די שטראָף־מאַנדאַטן, וואָס מען לייגט אַרויף אויף די גאָסן־הענדלער און בייגל־פֿאַרקויפֿער, אָבער דעם פֿאָנד רירט מען נישט... סיידן מע כאַפּט אַן אַלטע ייִדינע, וואָס פֿאַרקויפֿט די סחורה, און די אַרעסטאַנטן עסן געבעקס, עסן בייגל. אָבער אַזוינע ייִדענעס האָבן ווינציק געלט און אויסהאַלטן אַרעסטאַנטן, צוויי קאָנפֿיסקאַציעס און זיי זענען באַנקראָט. און בייגל־הענדלער, מיד פֿון פֿאַרפֿאָלגונגען, וואַרפֿן זיך אויף לייכטערע פּרנסות. צב״ש אויף גניבֿות, און האָבן נישט קיין געבעקס...

צוויי האָבן עס פֿאַרשטאַנען. דער דריטער האָט כּסדר געריסן די קראַטן:

— עסן!

ביז דער וועכטער־פּאָליציאַנט איז אַריינגעקומען און אויף אַן „אײדעלן" לשון אויפֿגעקלערט, אַז קודם־כּל האָט מען רעכט אויף עסן נאָך 24 שעה, און נאָך 24 שעה וועט מען זען. והשנית, אויב ער וועט נישט זיין „לאָיאַל", וועט ער אים תּיכּף „אַנקאַרמענען" מיטן גומקעלע. נו, און „אַז מען בריט זיך אויפֿן הייסן, בלאָזט מען אויפֿן קאַלטן". איז ער איינגעגאַנגען אויף אַ טויש, דער „טעראָריסט".

— לאָזט זשע מיך אין קלאָזעט אַריין.

— אַך, דאָס יאָ, מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן, אַפֿילו טויזנט מאָל אין אַ שעה קאָנסטו ביי מיר לויפֿן — ענטפֿערט אים דער וועכטער מיט אַן אויסגעקרימט מויל און שליסט אויף די שטייג.

שנעל האָבן זיי זיך אָפּגעקילט, די דריי אַרבעטער, און אויף ניכטערן אָנגעהויבן באַטראַכטן זייער גורל. דער מיטעלער, אַ בחור פֿון אַ יאָר צוואַנציק, האָט זיך אויפֿגערעגט. אויפֿן קול האָט ער אָפּגעוואָרפֿן שטאַנדגעריכט מיט דער זיכערקייט פֿון אַ געניטן יוריסט. ביין, זיי און שטאַנדגעריכט? ס׳איז אוממעגלעך! אָבער די זיכערקייט איז געוועזן אַ געבראָכענע. דאָס פּנים פֿון דאָזיקן מענטשן איז גרין, אין אַ מינוט שפּעטער איז עס שוין רויט, און די אויגן, ווי זיי וואָלטן אין אַ מינוט פֿון שרעק פֿאַרגליווערט געוואָרן. איך פֿאַרזיכער אים, אַז דער וועכטער האָט אים בלויז געוואָלט אָפּשרעקן און אַז אין דעם פֿאַל קאָן גאָר נישט געמאָלט זיין קיין שטאַנד־געריכט. דער ייִנגסטער, קוים אפֿשר אַכצן יאָר אַלט, טרייסט אים און רייסט זיך פֿון אָרט:

— זע־נאָר אַ מענטש. טויזנט מאָל שטאַרבט מען נישט. זאָלן זיי שיסן! אַ שאָד נאָר מ׳האָט אים נישט אָנגעלערנט, עס זאָל זיך אים מער נישט גלוסטן באַשעפּטיקן שטרייקברעכער.

דאָס פֿאַרהאַלטן זיך פֿון די דריי אַרבעטער האָט אויפֿגעבראַכט עטלעכע פֿון די קרימינעלע. זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן אויף סאָציאַליסטן און ייִדן. אַך, ייִדן זענען נאָך צום פֿאַרלייַדן, נאָר די סאָציאַליסטן! איך האָב געפּרוווט אָנציען אויף אַ שמועס וועגן סאָציאַליזם, האָט איינער באַלד איבערגעריסן:

— מיר ווייסן שוין.

איידער וואָס־ווען האָט מען די דריַי אַרבעטער געשמידט אין קייטן און ערגעץ־ווו זיי אָוועקגעפֿירט.

די קאַמער האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן פֿאַרפֿולן מיט פֿריש־געבראַכטע אַרעסטירטע. ביזן אָוונט זענען שוין געווען העכער דריַיסיק פּערזאָן. עס איז געווען אַ האַפּענונג, אַז אויב מען וועט נישט ברענגען קיין פֿרויען אויף בײַנאַכט, וועלן עטלעכע מענער קאָנען שלאָפֿן אין דער פֿרויען־שטיַיג. אָבער נאָך איידער ס׳איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, האָט מען אַריַינגעבראַכט אַ גנבֿטע, וואָס איז געקראָכן אויף אַ בוידעם נאָך פֿרעמדע וועש.

עס איז געווען אַ דעגענערירטער, מיאוסער טיפּ פֿון אַ גאַסנפֿרוי. אויס־געלאָסן, שמוציק און פֿאַרדאַרבן. זי האָט געהאַט אַ קרענקלעכע מאַניע צו וואַשן און רייבן דאָס פּנים. דער וועכטער־פּאָליציאַנט האָט מיט כּוח פֿון איר אַרויסגעריסן אַ האַנטעך, וואָס זי האָט געהאַט באַהאַלטן אין בוזעם, וויַיל דאָ אין אַרעסט טאָר מען קיין האַנטעכער נישט האָבן. זי, די גנבֿטע, נישט געקוקט, וואָס ביַי די קראַטן קלעפּן אַ דריַיסיק מענער, האָט זיך אויסגעטאָן נאַקעט, אַראָפּגעצויגן דאָס וועש און גענוצט פֿאַר אַ האַנטעך.

עס האָט זיך איבער דער קאַמער אַ שאָט געטאָן אַ שפּראַך פֿון ווערטער רויע און ראַפֿינירטע אין זייער ציניש׳ן צוזאַמענשטעל. קיין שום זאַך ברענגט נישט אַריַין אַזוי פֿיל פֿרייליכקייט אין קאַמער, ווי די ניבול־פּה־שפּראַך, בפֿרט אין דער קעגנוואַרט פֿון אַ פֿרוי, וואָס ענטפֿערט מיט דער זעלבער שפּראַך. איצט האָט שוין קיינער נישט געקלערט וועגן שלאָפֿן, הגם ס׳איז שוין געווען שפּעטער אָוונט. ביַי דער שטיַיג זענען נאָך אַלץ געשטאַנען די צעווילדעוועטע און אויפֿגערייצטע כאַליאַסטרע און מיט אויסגעשטרעקטע הענט אינעווייניק אַריַין געוואָלט אָנכאַפּן די פֿרוי... זי האָט זיך צוריקגעצויגן טיפֿער אין שטיַיג, און ליגנדיק אויף דער נאַרע, גראָב געענטפֿערט אויף די אָפּערטן...

ס׳איז געווען די ערשטע נאַכט מיַינע אין אַרעסט. קיין נאַרעס, אויסער אין די צוויי שטיַיגן, זענען נישטאָ. אין דער פּוסטער שטיַיג פֿאַר געפֿערלעכע פֿאַרברעכער און שיכּורים, איז שוין די איינציקע נאַרע פֿאַרנומען געווען פֿון איינעם אַ געניטן מיט פּראַקטיקע. דער דיל אינעם קאַמער איז אָנ־געשמירט מיט אַ מין אייל, ס׳זאָל זיך נישט שטויבן, און דער דאָזיקער שמוציקער דיל איז דאָס איינציקע בעט דאָ אין דער קאַמער. אַ מאַן דריַיסיק ציט זיך אויס אויף דער ערד, בלויז די רעקלעך אונטערגעלייגט צוקאָפּנס. מיט וואָס זיך צוצודעקן איז נישטאָ און אין דרויסן איז קיל. מען פֿאַרמאַכט די פֿענצטער און אין אַ צען מינוט אַרום איז שוין די לופֿט אָנגעוואַרעמט און געדיכט — מיט מעסערס צו שניַידן. מען עטעמט דער טיַיוול ווייסט מיט וואָס, אַלנפֿאַלס נישט מיט קיין לופֿט. דער דיל, דאַכט

זיך, איז דאָ אַ ספּעציעל האַרטער, דרייען זיך די מענטשן פֿון איין זײַט אויף דער צווייטער, ווי אַלע וואָלטן געליטן אויף בויכווייטיק.

עס ווערט אַ ביסל שווער אויפֿן האַרץ. וויפֿל נעכט וועל איך עס דאַרפֿן ליגן דאָ אויפֿן דיל, אַן אַ ביסל לופֿט, אינעם פֿאַרסמענדיקן געשטאַנק פֿון נישט־געוואַשענע לײַבער און צעקוועטשטע וואַנצן? כ׳האָב מיד און קאַשמאַרנע געדרימלט און ווי דורך אַ נעפּל האָב איך געזען, ווי נעבן דער פֿרויען־שטײַג שטייען צוויי מענער און פֿון דער צווייטער זײַט — די פֿרוי. צווישן זיך זענען זיי שוין דורכגעקומען, די קראַטן בײַגעקומען, און אינסטינקטן זעטיקן זיך אויף אַ חיהשן שטייגער...

זעקס אַ זייגער וועקט אויף דאָס געשריי פֿונעם וועכטער, וואָס קומט אויפֿרוימען די קאַמער. עס שפּרינגען אויף מענטשן אין מיטן שלאָף און רײַסן דעם שלאָף אַראָפּ פֿון די אויגן, ווען זיי שטייען אויף די פֿיס. מיד־שמאַלציק און גרין זענען די פּנימער פֿון די מענטשן. אַז מען צעפּראַלט די פֿענצטער איז ווי מען וואָלט פֿיש צוריק אַרײַנגעוואָרפֿן אין וואַסער. עס ווערט פֿריילעך אין דער קאַמער און מען ציט אויס די אָפּגעקוועטשטע ביינער.

אין דער פֿרויען־שטײַג האָט די גנבֿטע געוויזן הינטישע שטיק מיט איר נאַקעטקייט, און אין אויפֿגעלייגטקייט האָט זיך אָנגעהויבן דער „אַרבעט־טאָג" אין דער קאַמער. נאָכן אויסרופֿן יעדן בײַם נאָמען, צי ס׳איז ווער בײַנאַכט אויסגערונען געוואָרן, צעשיקט מען די אַרעסטאַנטן איבער דער שטאָט: צום אויספֿאָרשונגס־ריכטער, אין רעגיסטראַציע־ביוראָ פֿאַר פֿאַר־ברעכער, אין געריכט, אָדער מען באַפֿרײַט וועמען. ביז האַלבן טאָג בלײַבן מיר נישט מער ווי זיבן פּערזאָן. אַפֿילו די פֿרוי האָט מען ערגעץ ווו אַוועק געפֿירט. ווערט אין קאַמער אומעטיק. דער געוועזענער מאַטראָז זיצט, ווי זיין שטייגער איז, אויפֿן פֿענצטער, קוקט אַרויס דורך די קראַטן און דערציילט וועגן ים־רײַזעס, אַוואַנטורעס און פֿרויען.

אַ צעבראָכענער און נישט אויסגעשלאָפֿענער קריך איך אַרײַן אין דער שטײַג און צי זיך אויס אויף אַ נאַרע. איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין געשלאָפֿן, אָבער איך האָב געפֿילט, ווי עס ציט מיך ווער פֿון באַקוועמע טיפֿענישן און אויפֿגעוועקט האָט מיך אַ ריח פֿון קנאָבל און אַ האַרט וואָרט.

— ביזט אַ „וויטישאַ"? *

אַ נײַ און אומפֿאַרשטענדלעך וואָרט. ווייס איז טאַקע נישט, צי בין איך אַ „וויטישער", אָדער נישט, און כדי אין יעדן פֿאַל צו זײַן אין אָר־דענונג, ענטפֿער איך עפּעס אַזוי, וואָס האָט געקאָנט זײַן אי אַ באַיאָונג, אי אַ פֿאַרניינונג. דער עלטערער ייִד, וואָס שטייט איבער מיר אַ צע־

---

* „וויטיש" מיינט, נישט פֿון דער פֿאַרברעכערישער משפּחה; אַ תמימותדיקער.

שלאָגענער, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן, זאָגט:

— מ׳האָט מיך „געפּוצט" * ביי דער אַרבעט.

איין קלייניקייט: מ׳האָט אים אויסגעגעבן, אַז ערגעץ אין אַ קעלער ליגט אַ סחורה. אַראָפּגעדרייט דעם שלאָס און אַריין אין קעלער, האָט ער געפונען נישט מער ווי אַ צעבראָכענעם וועש־דרענגער. בלית ברירה האָט ער גענומען די מציאה, אָבער אין קעלער־קאָרידאָר האָט מען שוין אויף אים געוואַרט און מיט אַן אייזערנעם שטאַנג אים מקיים־פּסק געווען.

ער פאַרטיידיקט זיך, אַז אין דעם איז שולדיק די זיקנה. זיבעציק יאָר איז ער אַלט. העכער פופציק איז ער אַ גנבֿ. פינף יאָר איז ער געווען אין אַן אַרעסטאַנטן־ראָטע. דריי יאָר איז ער אָפּגעזעסן אין דער „שוויענטאָ־קזשיסקער" תּפיסה. פון די יאָרן און חדשים אָפּגעזעסענע אין געוויינלעכע תּפיסות רעדט ער שוין נישט, מחמת ער האַלט, אַז דאָס זענען פּענסיאָנאַטן, ווו גנבֿים קומען זיך אָפּרוען. איין זאַך נאָר: דאָס ווייַב זיינס — די דריטע איז זי ביי אים — זאָל ווערן אויסגעריסן. זי היט אים נישט אָפּ, באַגנבעט אים, און ביי יעדעס מאָל, ווען ער קומט צוריק אַרויס פון אַ תּפיסה, פעלט אים וועש. זעקס און צוואַנציק העמדער, „ווי די קאָרטן", האָט ער געהאַט, האָט זי אים, דאָס ווייַב, ביי צוויי מאָל זיצן אַראָפּגענבֿעט אַכט. איז ער איצט געפאַלן אויף אַ המצאה. אויף יעדן העמד האָט ער געלאָזט אויסנייען אַ מאָנאָגראַם, זיין מאָנאָגראַם! און אַ נומער. ער ציט אַרויס דאָס העמד און ווייַזט, אַז ס׳איז באַצייכנט מיטן נומער 12. ער טראָגט, הייסט עס, דאָס 12טע העמד. פון נומער 13 ביז 18 ליגן אין שטוב ריינע און פון נומער 1 ביז 12 ליגן אין שטוב — שמוציקע. איצט, איז ער זיכער, וועט שוין דאָס ווייַב נישט גנבֿענען, און ער איז ביז גאָר צופרידן וואָס ער גייט אין תּפיסה אַריין אויף אַן ערך האַלב יאָר. ער וועט זיך אויסרוען די אַלטע ביינער.

פון דעסטוועגן רופט ער מיך אַוועק אין אַ זייַט און וויל איך זאָל אים געבן אַן עצה, ווי אַזוי זיך „אָפּצופוצן" פון גאַנצן עסק. איך עצה אים, ער זאָל זאָגן: צוליב דער עלטער קאָן ער נישט אַרבעטן, קיינער שטיצט אים נישט, איז ער געגאַנגען אין אַ פרעמדן קעלער „זוכן" אַ ביסל קאָרטאָפל צו שטילן דער הונגער. דערביי זאָל ער פאַרזיכערן, אַז מיט קיין גנבֿות פאַרנעמט ער זיך שוין נישט לאַנג, מחמת אומפעיקייט.

דאָס צעהאַקטע און צעקנייטשטע לעדערן פּנים זיינס ציט זיך איין, ווי אַ האַרמאָניע, און ער צעלאַכט זיך:

— ס׳איז גוט, שוין אַ סך יאָרן האָב איך פון קיין שום אַדוואָקאַט נישט געקריגן אַזאַ גוטע עצה. געלט ווייסן זיי נאָר צו נעמען. גיב זיי צוויי דריי

---

* געכאַפּט בעת אויספירן אַ פאַרברעכן.

מאָל אַזויפּיל וויפּל די גנבֿה איז ווערט.

שפּעטער אַ ביסל רופט ער מיך ווידער אָוועק און זאָגט: איר ווייסט ווען איר זאָלט ווערן אַן אַדוואָקאַט מיט אייגענע עצות, האָט איר ברויט מיט אַ מעסער...

עס גייען אַדורך אַ צען מינוט און ער רופט מיך ווידער אָוועק אין אַ ווינקל. ער זאָגט מיר, אַז אויב איך קאָן שוין יאָ געבן אַזעלכע עצות, מוז איך אים אַרויסראַטעווען פון אַן אַנדער „ספּראַווקע". אַ קלייניקייט: מיט אַ חדשים צוויי־דריַי צוריק, אויף „שפּרונג" — אַ פּאָר פּלושנע דעקן, נאָר פון דעם איז ער פריַי אויף עטלעכע הונדערט גילדן קויציע.

אין קאַמער האָט מען אַנגעהויבן אַריַינפירן פרישע געסט: אַ בחורל, וואָס האָט פאַרקויפט בייגל, אַ בחורל מיט אַ הויקער. ער האָט זיך נישט געלאָזט צונעמען די סחורה און ער ווערט אָנגעקלאָגט פאַר שטעלן אַ ווידער־שטאַנד דער פּאָליציי. אַ צווייט בחורל, אַ בלייכער, אַן אויסגעדייוועטער — דריַי טעג האָט ער נישט געגעסן. אויפן פערטן טאָג פאַסטן, האָט ער אויף אַ ברעטל אָנגעצייכנט עטלעכע ציפערן און מיט אַ קעסטל געשטעלט זיך אין גאַס:

ווער שטעלט נאָך? פאַר פינף גראָשן געווינט מען צוואַנציק, פאַר צען גראָשן — פערציק!

ס'איז אַ מין נישט־קאָנצעסיאָנירטע לאָטעריע, ווו דאָס איַינשטעל־געלט גייט נישט העכער פון צען גראָשן. אַלנפאַלס זענען פאַראַן אַ האַלב טוץ פּאַראַגראַפן, וואָס ווילן איַיך איבערצייַגן, אַז די דאָזיקע לאָטעריע ביז צען גראָשן איז אַ גאָר גרויס פאַרברעך אין קעגנזאַץ צו די אָפיציעלע לאָטעריעס, וואָס בעמען צו איַיער געלט אויף אַ לעגאַלן אופן.

דער דאָזיקער „פאַרברעכער" האָט פון הונגער קיין כוח נישט געהאַט צו שטיין אויף די פיס. באַלד ווי מ'האָט אים אַריַינגעפירט, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן דיל און אָפּגעלעגן עטלעכע שעה. די קאָנפיסקירטע בייגל פון דעם הויקערדיקן בחורל האָבן דעם „פאַרברעכער" אָפּגעראַטעוועט פון הונגער־חלשות.

די טיר איז קיין פינף מינוט נישט געווען פאַרמאַכט. די קאַמער ווערט וואָס אַמאָל פולער. אָט פירט מען אַריַין אַ בגילופענעם, קוים ער האַלט זיך אויף די פיס. אַבער אים פאַרמאַכט מען נישט אין דער שטיַיג. ער איז בלויז געקומען אָפּזיצן אַ שטראָף פון צוויי טעג פאַר אַרויסרופן אַן אָוואַנ־טורעלע אין אַ נישט־ניכטערן צושטאַנד. די שטראָף איז צוויי טעג זיצן, אָדער צען גילדן. מחמת ער אַרבעט נישט מער ווי צוויי־דריַי טעג אין דער וואָך, האָט ער מער נישט געקאָנט צונויפקליַיבן, ווי 5 גילדן. ער האָט געבעטן דעם פּאָליציי־באַאַמטן דערוויַיל צונעמען 5 גילדן. די רעשט וועט ער צולייגן די צווייטע וואָך.

די מאָדערנע מלוכה גייט נישט אויף קאָמפּראָמיסן. דאָס איז די הויכע

מאַטעמאַטיק פֿון דער מאָדערנער מלוכה. עס גייט דאָך נישט אין געלט ווי אַזעלכס, געלט איז נאָר כולל אין זיך אַ געוויסן סכום ענערגיע. אַ פּשוטער פֿאָלקס־מענטש פֿאַרדינט 5 גילדן אַ טאָג (אויב מען גיט אים אַרבעט!) און אַז מען שטראָפֿט אים, איז אָדער מיט עפֿעקטיווע טעג, בעת וועלכע ער לאָדט אויס זײַן ענערגיע אין תּפֿיסה (אויף רעדן ניבול־פּה, לאָמיר זאָגן), אָדער מיט פֿינפֿער־גילדנס, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך שוין אויסגעלאָדענע ענערגיע, מיט וועלכע מען קאָן אָבער אויסהאַלטן דעם מלוכה־אַפּאַראַט.

דער פּאָליציי־באַאַמטער האָט זיך געשטעלט אויפֿן אָביעקטיוון שטאַנד־פּונקט פֿון מלוכישקייט: ער האָט אויסצוקלײַבן צווישן 10 גילדן וועלכע דער פֿאַרמשפּטער קאָן איצט דעקן בלויז אין דער העלפֿט, און צוויי טעג זיצן, וועלכע דער פֿאַרמשפּטער קאָן שוין דעקן אין דער פֿולער מאָס. ער האָט געזאָגט, אַז די מלוכה איז נישט קיין ראַטע־נעמערין און דער שולדיקער מוז אַרײַנגיין זיצן. האָט זיך דער פֿאַרמשפּטער אָפּגעבעטן אויף אַ האַלבע שעה, אַוועק אין שענק און פֿאַר די 5 גילדן זיך אָרנטלעך אָנגעשיכּורט. שיכּורהייט איז ער געקומען אָפּזיצן צוויי טעג.

ער האָט, פֿאַרשטייט זיך, געמאַכט אַ בעסער געשעפֿט. מחמת ער האָט זיך גוט אָנגעטרונקען, איז ער דעם ערשטן טאָג איבערגעשלאָפֿן און ער איז בלויז געזעסן איין ניכטערן טאָג...

איינער פֿון די פֿריש־אַרײַנגעקומענע, אַ פּעפּעסאָוויעץ (מיטגליד פֿון פּע.פּע.עס — פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) פֿון די פּערפּעריעס, אַ מענטש מיט אַ ווייך־באָוועגלעך פּנים און מיט אַ קערנדיקער פּאַרטיי־שפּראַך, דורכגעפֿלאָכטן מיט פֿעטע גאַסן־ווערטער, האָט אָנגעהויבן מאָלן אַ בילד פֿון דער קומענדיקער סאָציאַליסטישער מלוכה, ווו יעדער וועט זיך קאָנען פֿרײַ אונטערלענען ס׳האַרץ מיט אַ ביסל בראָנפֿן און אַפֿילו זיך „משׂמח" זײַן אויף דער גאַס. דער געוועזענער מאַטראָס האָט אויפֿן אָרט נאָכגעלאָזט פֿון זײַן שׂינאה צום סאָציאַליזם, אויב ער, דער סאָציאַליזם, שטעלט זיך נישט קעגן טרינקען בראָנפֿן. ווײַזט זיך אַרויס, אַז אַ סך פּעריפּעריע־מענטשן האַלטן, אַז דער סאָציאַליזם וויל בײַ זיי אַוועקרויבן די „פֿרײַהייט", וואָס עס גיט זיי די בירגערלעכע מלוכה. טאַקע דער לאָיאַ־לער בירגער, וואָס האָט אויסגעזויפֿט פֿאַר 5 גילדן בראָנפֿן און געלעגן אויף דער ערד, ווי אַ געשטאָרבענער, האָט איצט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און פֿרײַ געזאָגט:

— לאָזט זיך נישט, חבֿרה, די באָלשעוויקעס לאָזן נישט טרינקען קיין פֿינגערהוט בראָנפֿן.

דער פּעפּעסאָוויעץ האָט דערווידערט:

— לגבי דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד קאָן מען האָבן פֿאַרבאַהאַלטן בנוגע דער צוועקמעסיקייט פֿון דער „פּיאַטילעטקע" פֿאַרן סאָציאַליסטישן אויפֿבוי, אָבער „סאַמאָגאָנקע" האָבן זיי עד־בלי־די...

די בראָנפֿן־טעמע האָט אַ קיצל געטון דעם עולם אונטערן לעפֿעלע און יעדן האָט זיך פֿאַרוואָלט אַ שנעפּסל. די גנבֿטע, וועלכע מ'האָט שוין געהאַט צוריקגעבראַכט אין קאַמער אַריַין, האָט שטאַרק באַדויערט הלמאי זי און די גאַנצע געזעלשאַפֿט פֿון דער קאַמער זענען נישט אויף דער פֿריַי. זי האָנדלט אויך מיט בראָנפֿן. בייַנאַכט, אויפֿן טעאַטער־פּלאַץ, וואָלט זי פֿאַרדינט געלט און די געזעלשאַפֿט וואָלט הנאה געהאַט...

איינער זאָגט: „היינט וועט אין קאַמער זיַין בראָנפֿן".

און ווירקלעך. פֿאַרנאַכט קומט ווער אַרויף אויפֿן הויף. דער בעל־דבֿר אונדזערער ווינקט זיך איבער מיט אים און מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער ווייסן מיר שוין, אַ זאין דער קאַנצעלאַריע איז דאָ אַ „וואַלוווקע" פֿאַר איינעם; דאָס פֿלעשל שטייט אויף דער דריטער פֿאַך אין דער שאַנק, וווּ עס ליגט דאָס עסן און די זאַכן פֿון די אַרעסטירטע.

אויף מיר איז געפֿאַלן דער גורל אַריַינצושמוגלען די פֿלאַש אין קאַמער אַריַין. מיר איז אָבער בלויז געלונגען איבערצושטעלן די פֿלאַש אויף אַ באַקוועם אָרט, אַז ווי נאָר עס וועט ווער אַריַינגיין און האָבן אַ טיפּע קעשענע אין זיַין רעקל וועט ער עס לייַכט קאָנען מיטנעמען.

עס איז געווען גאַנץ פּיקאַנט איַינגעאָרדנט: פֿון דער פֿלאַש איז געווען אָפּגעוואַשן יעדער אויסערלעכער סימן, אַז אין איר געפֿינט זיך בראָנפֿן. אינעווייניק האָט מען אַריַינגעגאָסן שטאַרקן טיי־סענץ און דעם בראָנפֿן אָנגעוואַרעמט. הייסט עס: אַ פֿלאַש טיי.

נאָכן אויסזויפֿן דאָס פֿלעשל — נאָר צוויי פּערזאָן האָבן געטרונקען — האָט זיך אין דער קאַמער אָנגעהויבן אַן אמתע וואַקכאַנאַליע. די שיכּורים האָבן אויף אַ קונציקן אופֿן און פֿאַכמעניש, מיט דער הילף פֿון אַ באַזטיכל געעפֿנט די טיר פֿון דער פֿרויען־שטייַג און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער גנבֿטע. מען האָט זיי קוים פֿון דאָרט אַרויסגעשלעפּט. בעת דער וועכטער־פּאָליציאַנט איז אויף די וויסטע געשרייען און געזאַנגען אַריַינגעקומען, איז איין שיכּור געהאַנגען אויף דער שטייַג מיטן קאָפּ אַראָפּ, אַ מין אַקראָ־באַטישער אויפֿטו, און דער צווייטער איז געזעסן אויפֿן אויוון, מיט די פֿיס אונטער זיך, ווי בודאַ, דער אינדישער נבֿיא.

דער וועכטער־פּאָליציאַנט, געשטעלט פֿאַר אַ געשעענעם פֿאַקט, האָט מורא געקריגן ער זאָל זיַין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן דערלאָזן אַריַינשמוגלען שנאַפּס אין קאַמער, האָט ער בלויז געבעטן זיין אָביסל שטילער, נישט אַרויסרופֿן קיין סקאַנדאַלן. דערפֿאַר וועט ער אַריַינגעבן אין דער קאַמער אַלע פּאַפּיראָסן, וואָס די אַרעסטאַנטן האָבן אין דעפּאָזיט...

עס איז אַ גרויסער ספֿק, צי וועלכער עס איז בורזשוי, וואָס האָט אַ באַקוועם שלאָף־צימער, לייגט זיך שלאָפֿן מיט אַזאַ זאָרגלאָזיקייט און צע־שפּילטקייט, ווי די דאָזיקע ווילדע, אין גרונט אומשולדיקע, כאַליאַסטרע. פֿון די אַריַינגעבראַכטע פּאַפּיראָסן האָט זיך אין קאַמער צעלייגט אַ רויך,

און יעדער באַזונדער איז געווען איינגעהילט אין רויך ווי די רובענסישע פּעט־געזעסלדיקע מלאכימלעך אין ווייסן הימל־וואָלקן... אַ פֿראַגע איז נאָר, צי ס'איז זיך זיי געשלאָפֿן אַזוי באַקוועם ווי יענעם בורזשוי.

אָנגעלערנט פֿון נעכטן, אַז דער דיל איז צו פּעט און שמוציק, מען זאָל זיך קענען אויף אים אויסציען אין די קליידער, האָב איך ביי מיטאָג־צייט אַריינגעגנבעט עטלעכע צייטונגען, און ביינאַכט, שטאָט אַ מאַטראַץ און אַ ליילעך, אונטערגעשפּרייט צייטונגען. איך בין מסתּמא געשלאָפֿן זייער געשמאַק, וואָרעם איך האָב נישט געפֿילט, ווי ס'האָט מיר ווער פֿון אונטער די פּיס אַרויסגעצויגן די צייטונג, און ערשט ווען עמיצער האָט אָנגעהויבן ציִען די צייטונג פֿון אונטער מיין קאָפּ, האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט. ס'איז געווען דער וועכטער־פּאָליציאַנט, וואָס האָט אין מיטן דער נאַכט איבער־גענומען די וואַך. אַ גראָב באַשעפֿעניש, אַ מענטש, משטיינס געזאָגט, וואָס האָט פֿאַרגעניגן פֿון ווייזן, אַז ער האָט אויך מאַכט.

איך זאָג אים, דעם נפֿש, אַז דער דיל פֿאַרבט, אַז איך מיין בישט, פֿאַרשטייט זיך, מיט איין צייטונג ווייכער צו מאַכן דעם דיל. ס'איז נאָר אַ רחמנות אויף מיינע קליידער, וואָס שמירן זיך אויס אין אַזאַ העסלעכן שמוץ. ענטפֿערט ער מיר, דער מאַכטהאָבער, אַז מיט קיין פֿאַרברעכער רעדט ער נישט, והשנית, וואָלט ער איצט יעדן באַזונדער דאָ אין דער קאַמער מכבד געווען מיט אַן עמער קאַלט וואַסער. ער האָט אַ פֿרעכן קוק געטון אויף מיר און מיט רוגזה פֿאַרהאַקט די טיר.

דער פּעפּעסאָוויעץ האָט האַלב פֿאַרשלאָפֿן געזאָגט:

— די בורזשואַזע מלוכות הערשן נישט נאָר מיט רויען געוואַלד נאָר אַפֿילו מיט סאַדיזם.

דער געוועזענער מאַטראָס האָט אים געהייסן זיך נישט שפּילן מיט ווערטער און פּשוט קאָנסטאַטירט: „אַן אַ מייכער (מייכער — אַ מעסער צו שטעכן) איז שווער צו לעבן אויף דער וועלט“.

דער דריטער טאָג איז געווען אַ רעגנדיקער. ווינציק מענטשן האָבן זיך געביטן. מ'האָט בלויז געשמידט אין קייטן דאָס אויסגעהונגערטע בחורל, דעם „פֿאַרברעכער“, און אים אָפּגעפֿירט צום ריכטער. דעם 70־יאָריקן שלימזלדיקן גנבֿ האָט מען ערגעץ־ווו אָװעקגעפֿירט צוזאַמען מיטן בייגל־הענדלער און מיט דער גנבֿטע. שפּעטער האָט מען אַלע, אַ חוץ דער גנבֿטע, געבראַכט צוריק. צוגעקומען איז נאָר איינער, אַ קליין, פֿליכעוואַט מענטשל, וואָס איז שטאַרק ענלעך געווען צו אַן ענגלישן בולדאָג. געקומען איז ער אַהער אויף 21 טעג פֿאַר געבן אַ קאַפּע אין בויך אַ שוואַנגערדיקע פֿרוי. עס איז שווער, פֿאַרטיידיקט ער זיך, אויסצומיידן אַזעלכע זאַכן, מחמת ער איז שטאַרק נערוועז און וווינט אין אַ דירה, וווּ עס וווינען ביז אַ צוואַנ־ציק פֿאַמיליעס. ס'איז אַ דירה אין אַ פֿאַבריק־האַלע.

אַלע זענען געווען דערווידער. אַ פֿרוי — און דערצו אַ שוואַנגערע

— קאַפּעט מען נישט אין בויך. ער וואָלט מסתּמא געקריגן געשלאָגן, ווען ער זאָל נישט אויסזען אַזוי נעבעכדיק און פֿאַרצרהט.

פֿאַרנאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאַריד. מיט רעש און געפּילדער האָט מען אַרײַנגעפֿירט דרײַ יידישע קצבֿים — ברידער־שלעגער — קנעפּל שבקנעפּל מיטן „קנעפּל" (קנעפּל — אַ פּאָליציאַנט). זיי האָבן געשאָכטן אַ „שטיקל בהמה" אין געוועלב הינטערן טאַמבעגקל, און צופֿעליק האָט עס באַמערקט אַ פֿרעמד „קנעפּל", וואָס האָט שוין לאַנג געהאַט אויף זיי אַ כּעס... האָבן זיי דאָס „קנעפּל" מכבּד געווען מיט אַ טעמפּער זאַך איבערן קאָפּ, ווי, להבדיל, אַ בהמה, אָבער אָן עדות. גלײַך ווי זיי זענען אַרײַן אין דער קאַמער האָבן זיי זיך אָנגעהויבן מיט יעדן טשעפּען און געוואָלט פּראָוואָצירן אַ געשלעג. אַ זלידנע, פֿאַרביסענע חבֿרה, וואָס האָט זיך געגרויסט, אַז בײַ זיי האָט שוין אַפֿילו די „סאַמעראָדנע כּפּרה" געגומען אין דער יד אַרײַן. אַ פֿאַרשוין פֿון די פּעריפֿעריעס האָט זיי „אײַנגערוימט אַ סוד" מיט וועמען זיי האָבן צו טון, און די חבֿרה האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט.

נאָך דעם האָט מען מיט אַ גאַר גרויסן קאַצניאַמער געבראַכט און אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער שטײַג אַ וויכטיקן פֿירער פֿון די פֿראַקישע טרעגער * — אַ ייִד. ער איז געווען גוט אָנגעשיכּורט און געמאַכט אוואַנטורעס. ער האָט אַפֿילו אַ שטאַרך געטון אַ פּאָליציאַנט, וואָס מחמת ער, דער פֿראַק, איז אַליין אַ טרעגער מיט גויישע גבֿורות, האָט זיך דער פּאָליציאַנט „איבער־געקאַטשעט"... האָט מען אים געברענגט, דער פּאַרטיי־פֿירער, נאָך דעם ווי מ'האָט אים מקיים־פּסק געווען.

אָך, ווי באַליידיקט ער איז געווען!

ער האָט אַראָפּגעריסן פֿון זיך די מלבושים, דאָס העמד אַראָפּגעפֿליקט פֿון זיך און געשריגן: איצט שלאָגט! איצט שלאָגט! שלאָגט מיך, וואָס האָט אַזוי פֿיל אויפֿגעטון פֿאַר דער מלוכה.

דערבײַ האָט ער באַנוצט אַ שפּראַך, וואָס די גאַנצע פּעריפֿעריע־חבֿרה איז פֿאַרוווּנדערט געוואָרן פֿון די ברילאַנטלעך, מיט וועלכע זי איז געווען אויסגעזעצט...

פֿאַר צעריסענע מלבושים האָט מען אַ ביסעלע מורא. אויפֿן בלויזן לײַב איז נישט באַקוועם צו שלאָגן, אויב מ'האָט נישט די פֿולע זיכערקייט, אַז דער געשלאָגענער בלײַבט אויף עטלעכע טעג דאָ. בולטע „שיניאַקעס" קאָנען גורם זײַן אַן אומבאַקוועמע „אַבדוקציע" און ווײַל ער האָט דווקא געוואָלט ווײַזן, אַז ער וועט צעשטערן די שטײַג, האָט מען אים געשמידט אין קייטן. דאָס האָט אים נאָך מער אויפֿגערייצט... געשלאָסענערהייט האָט ער אַראָפּגעפֿליקט פֿון זיך די לעצטע קליידער און אין גאַנצן אַ נאַקעטער,

---

* פֿראַקעס — אַ רעאַקציאָנערע פֿראַקציע פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

גענומען רייסן די קראַטן, ווי אַ געפּאַנגענער וואַלד־מענטש.

אויסטערליש, איצט האָט אים קיינער נישט געשטערט. ער איז געווען פּרעכטיק געבויט. דער גאַנצער קערפּער — אַ ריז אויסגעהאַקט פון אַ מײַסטער אין מאַרמאָר.

דערווײַל האָט מען דאָרט, אין דער קאַנצעלאַריע, געשטורעמט דעם טעלעפאָן. עס זענען געקומען צולויפן „קאַרפּנקעפּ" און „קאַרפּנקעפּ" האָבן דורכן טעלעפאָן געדונערט. אַן אַרײַנגעקומענער פּאָליציאַנט האָט דערציילט, אַז די גאַנצע פּאַרטיי איז געשטעלט אויף די פיס. אין די הויכע פענצטער „רײַסט מען אײַן קבֿרים".

מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער איז ער שוין געווען פרײַ, און נאָך אין קאַמער זײַענדיק, געוואָרנט די, וועלכע האָבן אים מקיים־פּסק געווען, אַז גאָר אין קורצן וועלן זיי אַרײַנפאַלן צו אים אין די הענט אַרײַן...

אויף אַ נאָווינע האָט מען אַ צען מינוט שפּעטער אַרײַנגעפירט אַ דינסט־מיידל, וואָס די באַלעבאַטים האָבן חושד געווען, אַז זי האָט אַרויסגעגנבֿעט אַ פוטער. אַ מיידל, אַ יונגע און סובטעלע, אַן איבערגעשראָקענע מיטן חושד זײַן זי אין אַ גנבֿה, איז זי אַרייַנגעפאַלן ווי אַ פליג צווישן שפּינען. דאָס ערשטע מאָל, זעט אויס, האָט זי זיך געפונען אין אַזאַ קאַמער, צווישן אַזוינע צעווילדעוועטע מענער, וואָס ווי נאָר זי איז אַרײַן אין דער קאַמער, זענען זיי צוגעפאַלן צו דער שטײַג, און מיט די רייד און מיט זייערע לידעלעך אָנגעוואָרפן אויף איר אַן אימה. הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט אינעווייניק אַרײַן, און צום מערסטן פרעך און צושטייעריש זענען געווען די יידישע קצבֿים־יונגען. זיי האָבן דורכויס געוואָלט אויפרײַסן די טיר פון דער שטײַג. דאָס מיידל האָט זיך אינעווייניק באַהאַלטן, אַרײַנגעקוועטשט זיך אין אַ ווינקל, און מיט דער פויסט פאַרשטופּט זיך דאָס מויל. איך האָב אויס־גענוצט דאָס, וואָס דער פּעריפעריע־מענטש האָט זיך פריער געשטעלט קעגן די קצבֿים, און פאַרבײַגייענדיק געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, וואָס האָט מער־ווינציקער געזאָגט, אַז ס'איז אַ חרפּה, דרײַסיק חבֿרה־לײַט זאָלן זיך נעמען צו אַ מיידל, וואָס איין בלאָז פון אַן „אונדזעריקן" פירט זי אַרויף אויפן הימל. צום ווינציקסטן האָבן צו איר רעכט די, וועלכע זענען נאָר וואָס געקומען...

אַ ביסעלע בענזין אויף הייסע קוילן אַרויפגעגאָסן. דער פּעריפעריע־מענטש האָט אויפגעפלאַקערט. אַוודאי, די וועלכע מ'האָט איצט אַרײַנגע־פירט, האָבן נישט קיין רעכט צו פוצן די פּיענטעס צום מיידל. און ווידער — וואָס עפּעס דרײַסיק יונגאַטשעס אויף איין מיידל? (דאָ איז געפאַלן אַ קללה פון ראַפינירטער דראַסטישקייט און דער פלאַנטער בײַ דער שטײַג איז אויפגעריסן געוואָרן). איך האָב באַמערקט, ווי צוויי דראַבעס * האָבן

* דראַבעס — הפקר־יונגען.

זיך באַצייַטנס אָפּגערעדט, איבערגעוווּנקען זיך, און זיך געלייגט שלאָפֿן דאָרט, בייַ דער שטייַג.

איך ווייס נישט פֿאַרוואָס, מייַן אַמביציע איז איצט געווען — נישט אייַנצושלאָפֿן און נישט דערלאָזן צו גאָרנישט. דאָס מיידל האָט עס, ווייַזט אויס, באַמערקט. זי רופֿט מיך צו און פֿרעגט מיר, צי איז זי נישט גענוג זיכער אין דער שטייַג, וואָס איז דאָך סוף־כּל־סוף פֿון אייַזערנע שטאַנגען.

— איר זענט אינגאַנצן זיכער — ענטפֿער איך, אָבער זי פֿילט, אַז איך זאָג נישט דעם אמת.

זי האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער נאַרע, צוגעדעקט זיך מיטן מאַנטל און פֿון אונטערן מאַנטל האָבן אַרויסגעקוקט צוויי צעשראָקענע אויגן. אין דער טונקעלער שייַן פֿון דעם קליינעם עלעקטרישן לעמפּל, וואָס לייַכט אַ גאַנצע נאַכט, האָבן די צוויי חבֿרה־לייַט באַמערקט, אַז איך וואַך און סוף־כּל־סוף אויפֿגעגעבן זייער פּלאַן, ערשט דעמאָלט בין אויך איך אייַנגעשלאָפֿן.

נו, און פֿרייטיק איז אַ גוטער טאָג. נאָך פֿרייטיק — גייט שבת און זונטיק, ווען ייִדישע קרעמערס רוען. די דאָזיקע צוויי טעג נוצן אויס די קבצנישע קרעמער, וועלכע דאַרפֿן באַצאָלן אַ קנס, וואָס קאָן פֿאַרביטן ווערן אויף „קאָזע". פּופּצן צי צוואַנציק גילדן — צוויי טעג זיצן. אין אַ וואָכעדיק „זשויב־טאָג" פֿאַרדינט נישט אַזאַ קרעמער קיין צען גילדן און אויב ער האָט אַ שטראָף פֿון פּופּצן־צוואַנציק גילדן, אָדער צוויי טעג זיצן, קומט ער צו קבלת שבת אָפּזיצן און גייט אַהיים זונטיק אין אָוונט זיך אויסרוען צום מאָנטיקדיקן מאַרק. הייסט עס: „געהאַט אַן אָפּרייַס".

שיטן זיך פֿרייַטיק קרעמערלעך אין „קאָזע" אַרייַן, קרעמערלעך מיט ספֿרים אונטער די אָרעמס און סידורים אין די קעשענעס.

בעת איך האָב זיך געגרייט אין תּפֿיסה אַרייַן, האָב איך מיטגענומען עטלעכע ביכער. כ'האָב געטראַכט די צייַט אָנוועקצוגעבן אויף לייענען. דער וועכטער־פּאָליציאַנט, וואָס האָט מיך בייַ מייַן אָנקומען רעווידירט, האָט קודם־כּל צוגענומען בייַ מיר די ביכער.

— מיר האָבן פֿייַנט געלערנטע — האָט ער מיר געזאָגט — וועסט אין תּפֿיסה האָבן אַן אַנדער אַרבעט.

די איינציקע „אַרבעט" אין תּפֿיסה אין אַזאַ געזעלשאַפֿט איז רעדן ניבול־פּה. אָבער רעליגיעזע ספֿרים — ביטע זייער! די מלוכה האָט ליב מאָראַלישע מענטשן. פֿאַרשטייט זיך, די ווערק פֿון טשעסטערטאָן, בראַנדעס, אַנאַטאָל פֿראַנס און וואָלטער קאָנען נישט האָבן אַזאַ מאָראַלישע השפּעה אויף „פֿאַרברעכער" ווי אַ „שבט מוסר", אַ „דרך אמת", אָדער אַפֿילו אַ פּשוטער סידור מיט תּהילים...

קומען אַרייַן קרעמער מיט ספֿרים, און נאָך דעם ווי זיי גייען אַדורך דעם „פּירגאַטואָר" (פֿאַרוואָס, ווען און ווי אַזוי) פֿאַרקלייַבן זיי זיך אין

אַ ווינקעלע און מיט אַ הייליק וואָרט אויף די ליפּן הייבן זיי אָן... „פֿאַר־דינען געלט".

די פּעריפֿעריע־מענטשן הויבן אָן אָפּחוזקן:

בו ו־ו־ו, וויַיז ציצעלע, די גאָרנישט טאָן.

אַ קרעמערל נעמט אַרויס דאָס צעשראָקענע פּנים פֿון ספֿרל און טראָגט עס אונטער מיט אַ הכנעהדיקן שמייכל דעם שגץ. דער קאָפּט אָן דאָס ציטערדיקע בערדל, אַ צווייטער טוט אים אַ קיצל, אַ דריטער שרעקט אים איבער פֿון פֿאָרנט, און עס ווערט אַ בהלה. איינער כאַפּט צו דאָס ספֿרל און קוקט, דרייט עס אַהין און אַהער, וואַרפֿט עס צו אַ צווייטן ביז עס קומט צו מיר אין די הענט אַריַין — אַ „שבט מוסר" מיט עבֿרי־טייטש פֿאַר נשים „און פֿאַר דעם געמיינעם עולם אויך". איך גיב עס צוריק דעם ייִד און ער נעמט עס ביַי מיר אָפּ מיט אומצוטרוי: ווער ווייסט, וואָס פֿאַר אַ שגץ דאָס איז, טראַכט ער מסתמא.

איך זאָג אויף ייִדיש, ער זאָל נישט מורא האָבן און נישט מאַכן קיין פּחדנישע העוויות, שמייכלט ער, און די קרעמערלעך זענען צופֿרידן.

דער פּעפּעסאָוויעץ הויבט אָן רעדן וועגן רעליגיע ווי אויף אַ מיטינג. ער וויל אויפֿוויַיזן ווי אַזוי די רעליגיע איז ווי אָפּיום, און ער פֿאַרפּלאָנטערט זיך אין די אייגענע רייד. לאַכן פֿון אים די חבֿרה־לייַט. גאָט זאָל אויסהיטן, עס זאָל נישט זיין קיין גאָט... וואָס הייסט עפּעס, אַ וועלט אָן אַ גאָט?...

דער פּעפּעסאָוויעץ לאָזט זיך נישט:

— ס'איז געווען אַ צייַט — זאָגט ער — ווען מ'האָט זיך נישט פֿאַר־געשטעלט אַז אַ לאַנד קאָן זיַין אָן אַ מלך, און פֿון דעסטוועגן...

ניין, קיינער פֿון דער גאַנצער חבֿרה, איצט אַ מאַן פֿינף און צוואַנציק, האָט נישט געוואָלט מסכּים זיַין, אַז ס'איז קיין גאָט נישטאָ.

דער פּעפּעסאָוויעץ האָט נאָכגעגעבן.

— לאָמיר אַפֿילו אָננעמען, אַז ער איז דאָ, איז ער אונדז דאָך אומ־נוויטיק.

איך מיש זיך אַריַין און זאָג, אַז אַ גאָט, ווי ער ווערט אָנגענומען, איז אומבאַדינגט נישטאָ. יעדער איינער קאָן זיך שאַפֿן אַ גאָט, וואָס איז די פֿאַרקערפּערונג פֿון אָן אידעע אָבער דעם גאָט באַשאַפֿן מיר גופֿא צוליב עפּעס, און מיר רעגירן איבער אים. דער פּראָלעטאַריאַט גלויבט אין סאָציאַ־ליזם — איז עס זיַין גאָט, פֿאַר וועלכן ער איז זיך מקריבֿ; דער בחור האָט ליב דאָס מיידל — איז זי אַ גאָט פֿאַר אים און ער וועט „גיין אין פֿיַיער און אין וואַסער" פֿאַר איר, פֿאַר זיַין גאָט...

ווינציק פֿאַרשטייען עס, אָבער די מעשה מיט דעם מיידל לייגט זיך אויפֿן שׂכל... דער געוועזענער מאַטראָס טוט אַ מאַך מיט דער האַנט:

— נישט דאָס מיינט מען.

דער פּעפּעסאָוויעץ איז מסכּים מיט מיר. איך פֿרעג דעם געוועזענעם

מאַטראַס, וואָס ער מיינט, זאָגט ער: ער מיינט אַזאַ גאָט, וואָס געבוירט מענטשן.

— איר — זאָג איך אים — געבוירט מענטשן.

— איך באַנוץ פּרעזערוואַטיוון — ענטפערט ער מיר פון אויבן אַראָפּ.

— נו, און אַז עס געשעט אַ מכשול — שטיי איך נישט אָפּ.

ער צעלאַכט זיך, דער בחור, און גיט זיך אונטער:

— איך מיין די ערשטע מענטשן...

איך זאָג, אַז אויב אַלע ווילן, וועל איך זיי דערציילן די „מעשׂה", ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען די ערד, דאָס לעבן אויף איר און מיט דעם אויך דער מענטש.

קיין שום זאַך האָבן די אַרעסטאַנטן נישט אַזוי ליב, ווי מעשׂיות. פאַר אינטערעסאַנטע מעשׂיות זענען זיי גרייט אָװעקצוגעבן די פּאַפּיראָסן, און דאָס איז זייער אַ הויכער פּרייַז. אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד, מיר האָט אײנער אָפּגעטרעטן אַן אָרט אויפן פּענצטער, און עס איז שטיל געוואָרן, ווי קיינער וואָלט אין קאַמער נישט געווען.

מיט אַ וואָס מער צוגענגלעכער שפּראַך, ווי פאַר קינדער, האָב איך זיי דערציילט, אַז אין דעם וועלטרוים זענען פאַראַנען זונען. די זונען, באַשטייען פון שמעלציקע און גליִיקע עלעמענטן און אין וועלטרוים קומען כּסדר פאָר אויסטערלישע פּראָצעסן — זונען קילן זיך אָפּ, צעטיילן זיך און ווי אַזוי דורך מיליאָנען יאָרן פאַרמירט זיך אַ וועלט. כּדי עס זאָל זיַין אָנצִיענדיקער און פאַרשטענדלעכער, האָב איך זיך אַפילו דערלויבט אויף אימפּראָוויזאַציע אין די ערטער, וווּ אָדער איך האָב אַליין נישט געוווּסט, אָדער כ'האָב געדאַרפט האָבן דעם „מעשׂה־מאַטעריאַל" צו דער גאַנצקייט פון דער קאָמפּאָזיציע. אַ האַלבע שעה האָט געדויערט ביז איך האָב אויפגעהאַנגען די ערד אין דער לופטן, געלאָזט זי אין גאַנג און געשאַפן אויף איר באַדינגונגען, אויף וועלכע עס קען זיך אויפהאַלטן לעבן. דורך אַנאַלאָגיעס האָב איך זיי געוויזן די געמיינזאַמקייט פון צמחים מיט לעבעדיקע באַשעפענישן און זיך דערקליבן ביז די אַמעבעס. בעת איך האָב זיי דערציילט, אַז די איינקעמערלדיקע באַשעפענישן פלעגן זיך מערן דורך צעשפּאַלטן זיך אויף טיילן, האָט זיך חבֿרה אָנגעהויבן ווּיצלען. איינער האָט געזאָגט, אַז לויט מיר קומט אויס, אַז דעמאָלט האָבן נישט געהאַלפן קיין פּרעזערוואַטיוון און דער פּעפּעסאָוויעץ האָט געזאָגט, אַז די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן געהאַט פון וואַנען צו נעמען אַ מוסטער...

באַלד איז אָבער שטיל געוואָרן. דורך אַ שעה צײַט בין איך צוגעקומען ביז צו די קאָלעקטיווע אָרגאַניזאַציעס פון די איינקעמערלדיקע באַשעפענישן. בעת איך האָב דערציילט, ווי אַזוי די דאָזיקע קאָלעקטיוון זענען זיך אורשפּרינגלעך צונויפגעוואַקסן אין איין קאָמפּליצירטער אָרגאַניזאַציע און פונאַנדערגעלייגט איבערן גאַנצן גוף און אָרגאַניזם די פיזיאָלאָגישע פונק־

ציעס, און אַז פון דעם איז אַרויסגעקומען דער פילקעמערלדיקער בעל־חי, האָב איך אויף די פּנימער פון מײַנע צוהערער באַמערקט צופרידנקייט פון פאַרשטיין גרויסע, אָבער פּשוטע זאַכן. ווײַטער איז שוין געווען זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז פון אַ מאַלפּע האָט געקאַנט זיך אויספאָרמירן דער מענטש און זעלבסטפאַרשטענדלעך זענען שוין געווען אַלע קולטור־עפּאָכעס ביז אונדזער צײַט.

אַז איך האָב געענדיקט, איז אַן ערך פינף מינוט געווען שטיל, קיינער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. ערשט אַ פרוי פון די פּעריפעריעס, וואָס איז פאַר עפּעס אַ סקאַנדאַל געזעסן אין דער ווײַבער־שטײַג, האָט געזאָגט צו מיר:

— איך האָב אַלץ געהערט און פאַרשטאַנען. עס איז מיר אַזוי גוט געווען.

איינער אַן אַוואַנטוריסט, גייט צו צו מיר, קוקט מיר אָן נישט אָן קינאה און זאָגט:

— איר האָט געמוזט אַ סך שולן ענדיקן, וואָס?

אַ צווייטער באַמערקט, אַז מסתמא בין איך אַ פּראָפעסאָר און וויים אַלצדינג... איך האָב זיי געפּרוווט אויסטײַטשן, אַז כדי דאָס אַלץ צו וויסן דאַרף מען בלויז לייענען ביכער און קאָנען שרײַבן. אַך, ניין, כדי דאָס אַלץ זאָל זיך אײַנלייגן גוט אין קאָפּ און עס פאַרגעדענקען מוז מען זײַן אַ פּראָפעסאָר. מילא, בין איך געבליבן אַ פּראָפעסאָר און מ׳האָט אויפגעהערט צו רעדן צו מיר אויף „דו״.

די קרעמערלעך האָבן זיך דערפילט זיכערער. פאָרט נישט אַזעלכע געפערלעכע פאַרברעכער — די גנבים און אַוואַנטוריסטן. אַז מען געפינט אַ געהעריקע שפּראַך פאַר די דאָזיקע מענטשן, איז כאָטש נעם און שייל אַראָפּ פון זיי דעם פאַנצער פון טויטע פּאַראַגראַפן און וועסט דערזען מענטשן פילנדיקע, גוטע און פּרעדיספּאָנירטע אויף אַ בעסער לעבן.

דערפאַר אָבער האָבן די קרעמער אויף צו מאָרגנס געהאַט אויסצושטיין אַ סך מער צרות און דאָס גראָד פון אָן אָרנטלעכן מענטש — אַ ייִד, אַ „סאָציאַליסט״, די רעכטע האַנט פון אַ פּאַרטיי־פירער.

שבת פאַרנאַכט, צווישן מנחה און מעריב, האָט מען בכבוד גדול, מיט פאַראַד געבערענגט צושלעפּן אַ נידעריקן אָבער אין דער ברייט צעוואַקסענעם פאַרשוין און אים אַרײַנגעשטויסן אין דער שטײַג פאַר שיכורים. ער האָט זיך געריסן און געברילט אויף צוויי שפּראַכן, אַז אַלע פּרומאַקעס וועט ער אויסקוילען, בלי נדר, זאָל מען נאָר עפענען די טיר פון דער שטײַג און ער וועט אַ פאָר טאָן מיט די ידיים אויף די פאַרכעוואַטע, באַבערדלטע זשידעס, וואָס זיצן דאָ אין דער קאַמער. אויסטערליש: אַ ייִד, רעדט ייִדיש און וויל אויסקוילענען ייִדן! באַלד ווערט קלאָר.

ער געהערט צו די פירער פון אַ פּראַקישער „דזשעלניצע״. מען רופט

אים ס. צ. (ער האָט אָנגערופֿן זײַן נאָמען, אַ „באַרימטע״ פּערזענלעכקייט אין וואַרשע. פּאָפּולער צוליב זײַנע אָפּטע געשלעגן). פֿון פֿאַך איז ער אַ טרעגער, געברענגט אַהער האָט אים אַ צופֿאַל.

דער טאַטע איז אים געשטאָרבן און ער זאָגט נאָך אים קדיש. און בײַ אים איז דער קדיש נישט אַן אַבי וואָס. דאָרט, ווו ער ווייסט, אַז זײַן טאַטע האָט כאָטש איין איינציק מאָל געדאַוונט, דאָרט אַהין גייט ער זאָגן קדיש. און באשר ער האָט געוווסט, אַז זײַן טאַטע האָט אויך אַמאָל געדאַוונט אין דער סינאַגאָגע, האָט ער זיך שבת פֿאַרנאַכט אונטערגעלענט דאָס הארץ מיט אַ שנעפּסל און אַוועק זאָגן קדיש. די סינאַגאָגע איז נאָך געווען פֿאַרמאַכט, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן און דערווײַל געכאַפּט אַ שמועס מיט אַ „פּראָווינצער חיה״ וועגן סאָציאַליזם און אַזוי ווײַטער. דער שמועס האָט זיך צעגליט און דערגאַנגען ביז פּעטש. ער, דער קדיש־זאָגער, דער תנא־באַרטעק, האָט נישט געקאָנט צוהערן ווי די „פּראָווינצער חיה״ פּאַסט אויף דעם סאָציאַליזם און האָט אים מקיים־פּסק געווען. דער אַרומיקער עולם האָט זיך, זעט אויס, אָנגענומען פֿאַר דער פֿרײַהייט פֿון דיסקוסיעס און דעם „סאָציאַליסטישן״ פּירער אונדזערן געדעקט מיט ריווח, ביז ס׳איז געקומען פּאָליציי דערפֿילט שנאַפּס פֿון אים, דעם קדיש זאָגער, געברענגט אים אין „קאַזע״ אַריין...

דאָרט, אין דער קאַנצעלאַריע, האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק״. אין די „הויכע פֿענצטער״ האָט שוין די פּאַרטיי אײַנגעריסן קבֿרים, און די הויכע פֿענצטער האָבן געריסן דעם טעלעפֿאָן. דערווײַל האָט זיך אונדזער העלד אויסגעניכטערט צו ביסלעך, רויִקער געוואָרן און דערציילט די געשיכטע פֿון זײַן אַהערקום. אויף די צעשראָקענע קרעמער האָט ער נאָך אַלץ געפֿאָכעט מיט די פֿויסטן, ווי מיט רויע קלאָניצעס, און די קרעמערלעך האָבן זיך פֿאַרשטעקט אין די לעבער.

די ערשטע שוואַלבן פֿון שתדלנות זענען אָנגעקומען. מ׳האָט געעפֿנט די שטײַג און דעם בעל־דבֿר אַרײַנגעלאָזט אין דער אַלגעמיינער קאַמער. דאָס ערשטע האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איינעם אַ קרעמער — קוים מ׳האָט אים אָפּגעהאַלטן פֿון שלאָגן. עס האָט געדויערט אַ שטיקל צייט ביז מען האָט אים באַרויִקט און ער האָט פּלוצים אַ פֿרעג געטאָן דעם קרעמער:

— זאָג זשע, אויב אַזוי, פֿאַרוואָס שטייען צוויי „יי״ אין שמע ישראל יי אלהינו יי אחד?

דער קרעמער האָט זיך געכאַפּט און פֿון אָרט געזאָגט, אַז ער ווייסט נישט. דעמאָלט האָט דער קדיש־זאָגער מיט פֿולער סאַטיספֿאַקציע אַרויסגעברומט:

— טאָ זאָג, דו ביסט אַ גראָבער יונג...

דער פּעפּעסאָוויעץ האָט נישט געקאָנט זיך אײַנהאַלטן און אָנגעצויגן

דעם פּראָקישן טוער אויף פּאָליטיק. פּאַרוואָס איז פּאָרגעקומען די שפּאַלטונג פֿון פּ. פּ. ס. דאָס, וויל ער, זאָל אים זאָגן דער פֿירער פֿון דער פֿראַקציע. אונדזער העלד האָט זיך נישט לאַנג געלאָזט בעטן און געענטפֿערט:

— ווייל די צעקאָוויסטן האָבן נישט פֿאַרשטאַנען דעם סאָציאַליזם און זיך געהאַלטן ביי אַ פֿאַלשער טאַקטיק.

— און די אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערע פֿראַקציע האָט דעם סאָציאַליזם בעסער פֿאַרשטאַנען?

— נישט בעסער, אָבער גוט; מיר האָבן נישט געוואָלט פֿאַרראַטן דעם אַלטן זיידן.

— האָט איר אָבער פֿאַרראַטן דעם סאָציאַליזם און אַריינגעפֿאַלן אין בורזשואַזן פּרעוועט — רעגט זיך אויף דער פּעפּעסאָוויעץ — אייער סאָציאַ־ליזם דאָס איז טאַשמעקעס באַנדע אויפֿן קערצעלאַק און לאַקיעטקעס באַנדע צווישן די טרעגער.

— טאָ איז וואָס, אַז מ׳האָט די בורזשואַזיע אויפֿן קערצעלאַק אַ קוועטש געטאָן? — פֿאַרשטייט ער נישט — אגב, וועלן נאָך די קרעמער האָבן פֿאַר זייער געמיינער פּראָוואָקאַציע. מיר, סאָציאַליסטן, לאָזן נישט אָפּ אַזוי שנעל, נישקשה...

— איר דרשנט כסדר וועגן סאָציאַליזם — שלאָגט אים איבער דער פּעפּעסאָוויעץ — אָבער איך וויל וויסן, וואָס איז אַזעלכעס סאָציאַליזם ביי אייך?

דער פֿראַק האָט זיך אָפּגעווישט דעם שטערן און נישט טראַכטנדיק געענטפֿערט:

— סאָציאַליזם איז אַזוי ווי וואַרשע, למשל, איז פֿאַר וואַרשעווער. מיר אַלע, גויים און ייִדן, זע׳מיר ברידער. אויב עס גייט הינטער דער „ראָגאַטקע" אַ וואַרשעווער גוי און אים שלאָגט אַ פּראָווינצער ייִד און איך וועל דעם ייִד כאַפּן, איז אַ רוח אין זיין מאַמען אַריין. נאָר אויב מען שלאָגט אַ פּראָווינצער חיה אין וואַרשע, מעג ער זיין אַ ייִד, צי אַ גוי, דאַרפֿן מיר דעם אונדזעריקן קומען צו הילף. נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן ייִד און נישט־ייִד. ער האָט זיינע אויספֿירן נישט פֿאַרענדיקט. מען האָט אים אַ רוף געטאָן, אַז ער איז פֿריי און דער פּעפּעסאָוויעץ האָט אים נאָך באַוויזן נאָכצוּוואַרפֿן:

— איר זענט ערשטקלאַסיק קלאָסנבאָוווסטזיניק!

דער פּעפּעסאָוויעץ האָט זיך נישט געקאָנט באַרויִקן. ביזן אַנטשלאָפֿן ווערן האָט ער גערעדט וועגן די סיבות פֿון דער שפּאַלטונג אין זייער פּאַרטיי, און דאַכט זיך, אַז די לעצטע אַרגומענטן האָט ער געגעבן די מידע, שלאָפֿנ־דיקע אַרעסטאַנטן...

זונטיק אין דער פֿרי האָבן זיך אַלע אויסגעצוואָגן די קעפּ מיט קאַלט וואַסער, אויסגעפּוצט די קליידער, די שיך אויסגעפּוצט מיט די נאָז־טיכלעך

— באַפֿרײַט זיך יום־טובֿן דעם רוטאָג פֿון דער פֿרײַ. די דערפֿאַרענע האָבן פֿאָרויסגעזאָגט אַן אינטערעסאַנטן טאָג: מחמת זונטיק איז זיך דער עולם משמח מיט אַ שנעפּסל, און די צעגליטע טעמפּעראַמענטן פֿירן אין תּפֿיסה־אַרײַן אויף אויסניכטערן זיך.

די התחלה האָבן געמאַכט גראָד צוויי נישט־שיכּורע. איינער, וואָס האָט דערציילט, אַז ער ווערט ווענעריש קראַנק און ער וועט סײַ־ווי נישט קאָנען אַרבעטן — איז ער געקומען זיצן אַ פֿאַרלענגערטע שטראָף פֿון עטלעכע טעג, און דער צווייטער, דעם באַנדיט זשעלינסקיס אַ חבֿר, נאָך וועלכן מ'האָט פֿונאַנדערגעשיקט שטעקבריוו און איצט אים צופֿעליק פֿאַר־האַלטן.

אַז חבֿרה האָט זיך דערוווּסט וואָס פֿאַר אַ „קאַרפּנקאָפּ" זיי האָבן דאָ, האָב איך — דער „פּראָפֿעסאָר" — פֿאַרלוירן מײַן חשיבֿות. זיי האָבן אים אָנגעהויבן פֿרעגן וועגן זשעלינסקין און זײַנע כיטרע שטיקלעך מיט דער פּאָליציי; מיט יעדן וואָרט זיך געקוויקט, ווי מיט אַ גוט מאכל. יענער האָט גערן דערציילט וועגן זײַן חבֿר און אים גערימט, אַז ער איז געווען אַ גוטער, האַרציקער יונג מיט גרויסע דזשענטלמענישע אַמביציעס. ער האָט בלויז געהאַט אַ ריזיקאַלישע פּרנסה און אַ שלעכטן נאָמען בײַ דער פּאָליציי — נישט מער. ער, דער דערציילער, איז נישט געגאַנגען אין יענעמס דרכים ווײַל ער האָט בטבֿע פֿײַנט „נאַסע אַרבעט", אויב מען קאָן אויף „טרוקן" אויך מאַכן אַ לעבן. דער אָנהענגער פֿון „טרוקענער אַרבעט" האָט פֿון דעסטוועגן געוויזן, אַז דאָס גאַנצע לײַב זײַנס איז פֿול מיט פֿאַרהיילטע ווונדן פֿון מעסערשטעך. אָט דאָס מעסער האָבן אים מאַטראָסן אַרײַנגערוקט אין האַמבורגער האַפֿן; דעם שניט אויפֿן האַלדז האָט ער געקריגן אין מאַרסיי; אונטער דער באָרד, קוים צו דערקענען, אַ שניט פֿון אַ קליין שטילעטל — אַנטווערפּענער אַרבעט. די רעשט שניטן — אַ צענדליק — דאָס איז היימישע אַרבעט... מיט אַזאַ סטאַזש האָט ער נישט נאָר מיך מיט מײַן גאַנצן וויסן געשטעלט אין שאָטן, נאָר אַפֿילו דעם מאַטראָס מיט אַלע זײַנע אַוואַנטורעס פֿאַריאָגט אין אַ מויזלאָך...

צו מיטאָג האָט מען ערשט אָנגעהויבן פֿירן שיכּורים; צוויי יונגע בחורימלעך, סטודניעניצער תּלמידים מיט אַן אַדערויף אויף דער „הויכשול" — עטלעכע חדשים „פּאַוויאַק", אַ ביסל „מאָקאָטאָוו" און צוגאַסט אין נאָך עטלעכע תּפֿיסות. זיי זענען צופֿעליק אויף דער פֿרײַ — דערציילן זיי — האָבן זיי זיך געוואָלט פֿריילעך מאַכן און אַ תּל געמאַכט פֿון אַ ייִדיש קרעמל. דער עיקר האָט זיך אייבער אַלע מאָל געשטעלט אויף די קני, זיך געצלמט, אַ צוויי צענדליק מאָל געזאָגט די תּפֿילות „געלויבט ביסטו מאַריע" און „טאַטע אונדזערער". דער סוף איז געווען, אַז אויף אַ געמיינעם אופֿן האָבן זיי צוריקגעגעבן דעם שנאַפּס און די פֿרוכטן פֿון ייִדישן קרעמל, און אַנטשלאָפֿן געוואָרן, ווי שעפּסעלעך.

נאָך דעם איז איינער אַ שיכּור געקומען צו דער פּאָליציי מאָנען זײַן ווײַב. זי איז אַנטלאָפֿן מיט זײַנעם אַ חבר. אויף דעם איז פּאָליציי — פּאָליציי, אַז זי זאָל אים צוריקגעבן זײַן אייגן ווײַב, און באשר די תּרעומת צו דער פּאָליציי האָבן אָנגענומען נישט־אָנשטענדיקע פֿאָרמען, האָט מען אים אַרײַנגעפּאַקט אין דער שטײַג אויף אויסניכטערן זיך.

ווײַטער זענען שיכּורים געגאַנגען ביז פֿאַרנאַכט. יעדער רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרץ, גיט אַפּ דעם שנאַפּס, פֿאַרפּאַסקודיעט דעם אַזוי אויך שמוציקן און פֿעטן דיל און שלאָפֿט אײַן.

שיכּורים זענען מער נישט אָנגעקומען. האָט דער ווענעריש־קראַנקער, וואָס איז געקומען אָפּזיצן אַ פֿאַרלענגערטע שטראָף, אָנגעהויבן לײַדן ווייטיקן. ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין היץ און זיך צעשריגן. לסוף האָט ער אויסגעזאָגט וואָס אים איז, און אַלע האָבן קאָנסטאַטירט אַז איצט וועט גאָרנישט העלפֿן. זיי האָבן זיך געעדותט מיט זייערע אייגענע חולאתן און בײַ דער געלעגנהייט שווימט אַרויס, אַז 99 פּראָצענט פֿון די אָנוועזנדיקע זענען ווענעריש קראַנק. בלויז סיפֿיליטיקער זענען דאָ אין דער קאַמער דרײַ: איינער איז שוין אין דער סטאַדיע פֿון צעלייגונג, דער גאַנצער גוף איז אים צעפֿרעסן און ער איז שוין אַן אימפּאָטענט. דער צווייטער — איז אין דער צווייטער סטאַדיע פֿון דער קרענק, אָבער אים אַרט עס נישט, „עס שטערט אים נישט צו לעבן", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. דער דריטער — דאָס איז דער חבֿר דעם פֿון באַנדיט זשעלינסקי. ער באַרימט זיך אַז אַן אַנאַליז, וואָס ער האָט געמאַכט אין בערלין, האָט געוויזן דרײַ פּלוסן און מ'האָט אים „פֿאַרקוועקזילבערט". הײַנט האָט ער אַ פֿרוי און אַ קינד, און סײַ ער, סײַ די פֿרוי און סײַ דאָס קינד — אַלע זענען געזונט, ווי ער וואָלט קיין מאָל סיפֿיליס נישט געהאַט. די רעשט פֿון עולם איז קראַנק אויף „נאַרישע ווענערישע קראַנקהייטן". אַלע זענען זיי אויף דעם געביט „רעצידיוויסטן" און קענען דעם מעדיצינישן געביט נישט ערגער פֿון וועלכן עס איז ווענעראָלאָג. ערגער איז נאָר דאָס וואָס זעלטן ווער פֿון זיי היילט זיך ביי אַ דאָקטאָר, דאָקטוירים נעמען אַ סך געלט. שוין אָפּגערעדט פֿון גיין אויף וויזיטן, נאָר אַפֿילו ווען מען שליסט אָן אָפּמאַך מיטן דאָקטאָר אויף אויסהיילן אין גאַנצן, מוז עס קאָסטן פֿון צוויי הונדערט ביז דרײַ הונדערט גילדן. היילט מען זיך אַליין, אָדער ביי „זנאַכערס", און קיין געדולד אויף אויסהיילן זיך אינגאַנצן קלעקט נישט — איז מען אַ גאַנץ לעבן קראַנק.

אַ משונהדיקע וועלט האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט מיטן דאָזיקן שמועס, און נאָך משונהדיקער, ווײַל די מענטשן רעדן וועגן זייערע קראַנקייטן אַזוי פֿרײַ און זאָרגלאָז ווי זיי וואָלטן דערציילט רכילות וועגן פֿרעמדע. עס איז בײַ זיי אַזוי נאַטירלעך, אַז זיי אַרט גאָרנישט וואָס אין דער פֿרויען־שטײַג זיצן מיידלעך און הערן זיך צו צום שמועס.

נאָך דעם אַלעמען איז מיר שווער געוואָרן צו לייגן זיך שלאָפֿן אויפֿן דיל אין שכנות מיט די קראַנקע מענטשן. טאָקע די פֿאַרגאַנגענע נאַכט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָב איך געהאַט פֿאַר מיטשלעפֿערס: פֿון רעכטס, דער סיפֿיליטיקער אין דער סטאַדיע פֿון צעלייגונג, און פֿון לינקס — אַ מענטש מיט אַן אייביקן טריפּער (גענאָרעאַ). ווען אַלע האָבן זיך אויסגעצויגן אויפֿן דיל — האָב איך זיך געזעצט אויפֿן פֿענצטער. איך האָט געזאָגט אַ תּירוץ, אַז פֿון די פֿינף נעכט שלאָפֿן אויף די האַרטע ברעטער טוען מיר ווי די פּליציעס און די זײַטן, וועל איך איין נאַכט איבערשלאָפֿן זיצנדיקערהייט. אַז די שלאָפֿנדיקע האָבן צעוואָרעמט דעם דיל און די וואַנצן זענען אַרויס אויף שפּאַציר איבער מענטשלעכע גופֿים, באַמערק איך, ווי דער סיפֿיליטיקער אין סטאַדיע פֿון צעלייגונג רעדט צו אַ וואַנץ:

— פּרעס, פּרעס. וועסט זיך אָנפּרעסן מיטן לועס, וועט דיך די כאָלערע נעמען!

אָ, אָבער טרויעריק איז מיר געוואָרן אויפֿן געדאַנק, אַז דער זעלבער וואַנץ קען זיך איבערשפּאַצירן צו מיר אויפֿן פֿענצטער און מיט אײַן ביס אַוועקשטעלן מיך אין דער זעלבער מדרגה פֿון די מענטשן וואָס אויפֿן דיל.

אויף צומאָרגנס בין איך געווען צעבראָכן און שלעפֿעריק פֿון דער נישט־געשלאָפֿענער נאַכט. איך האָב געפֿילט אַן עקל צום גאַנצן פֿאַר־עיפּושטן אַרום און צו די מענטשן, וואָס האָבן די דאָזיקע נאַרע מיט שטייגן פֿאַר מענטשן אויסגעטראַכט. ווי ווינציק קולטור דאַרף האָבן אַ געזעלשאַפֿט, וואָס האַלט אויף אַזעלכע תּפֿיסות, ווו מענטשן זיצן גאַנצע וואָכן שמוציקע, פֿאַרלײַזיקטע, און אָן אַ ברעקל זייף זיך אַרומצווואַשן. אַפֿילו קיין פֿינף־מינוטיקער שפּאַציר איז נישטאָ. גאַנצע וואָכן פֿאַרמאַכט אין אַ שטײַג, אין די ערגסטע אַנטי־היגיענישע באַדינגונגען, ווו מען דערלויבט אַפֿילו נישט אויפֿן פּעטן, שמוציקן דיל קיין צײַטונג אויסצושפּרייטן שטאָט אַ לײַלעך. איך האָב דערפֿילט דאָס, וואָס עס דערפֿילט אייגנטלעך יעדער, וואָס זיצט קירצער אָדער לענגער אין תּפֿיסה: אַז די הײַזער פֿון דעם מין זענען אַ פּונקט פֿאַרקערטע שול, און זיי שאַפֿן די געפֿערלעכסטע שונאים פֿון דעם סיסטעם, וואָס האַלט זיי אויף.

מאָנטיק איז פֿאָרגעקומען אַ שטיק „איבערגרופּירונג פֿון די עלעמענטן". אַ טייל האָט מען באַפֿרײַט, אַ טייל צעשיקט אין אַנדערע תּפֿיסות, און פֿרישע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען: ווידער בייגל־הענדלער, ברויט־גנבֿים, און סתם „פֿאַרברעכער". דער וועגעריש קראַנקער האָט געגרעדט פֿון היץ און מען האָט אים אַרײַנגעלייגט אין דער שטײַג, כּדי ער זאָל רויִק ליגן אויף דער איינציקער נאַרע. צו אים איז צוגעקומען אַ צווייטער, מיט שטאַרקע ציין־ווייטיקן, און אויך אים האָט מען אינסטאַלירט אין דער שטײַג.

כּדי אַביסל פֿרייעלעכער צו מאַכן אין דער קאַמער, האָט מען אויף איין שטײַג אויפֿגעקלעפּט אַ צעטל מיט אַן אויפֿשריפֿט:

### שפּיטאָל־אָפּטיילונג
### און אויף דער צווייטער שטאָג, וואָס פֿאַר ווײַבער — גינעקאָלאָגישע אָפּטיילונג

שפּעטער האָט מען אײַנגעאָרדנט אַ כאָר, און נאָך שפּעטער האָבן יונגען גענומען זיך שלאָגן און אויסלאָדן אַביסל ענערגיע. צו מיטאָג איז שוין די קאַמער געווען איבערפֿולט. מען האָט אַרײַנגעבראַכט עטלעכע אַרעס־טירטע, ווײַל אין אַנדערע תּפֿיסות האָט מען פֿאַר זיי קיין אָרט נישט געקענט געפֿינען. צוריקגעקומען איז אויך דער חבֿר פֿון דעם באַנדיט זשעלינסקי, וואָס ווי נאָר ער איז אַרײַן אין דער קאַמער, האָט ער זיך תּיכּף אָנגעהויבן שלאָגן מיט איינעם אַ ייִד, וואָס האָט געזאָגט „ניין" אויף אַ זאַך, אויף וועלכער ער האָט געזאָגט „יאָ".

דער פּעפּעסאָוויעץ האָט זיך אָנגענומען פֿאַרן ייִד. אין אַ פֿרײַער געזעל־שאַפֿט, האָט ער יענעם געלערנט, קאָן יעדער האָבן זײַן באַזונדער מיינונג. יענער האָט אים גראָב געענטפֿערט ער זאָל זיך אויסשטופּן מיט זײַן פֿרײַער געזעלשאַפֿט, דערווײַל זיצט ער אין תּפֿיסה און איז רעכטלאָז, איז אַ בראָך צו יענעם וואָס וועט וואַגן צו זאָגן „ניין" אויף זײַן „יאָ".

דעם זעלבן טאָג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין דייטשלאַנד האָט מען ווי אַ פּרעזידענט איױסגעוויילט דעם גענעראַל פֿאָן הינדענבורג. די נײַעס האָט געבראַכט דער חבֿר פֿון דעם באַנדיט.

שפּעט אין אָוונט האָט מען אַרײַנגעבראַכט דרײַ אײַנברעכער. זיי האָבן געפּלאַנט צו באַאַרבעטן אַ קאָאָפּעראַטיוו־געשעפֿט. געבויערט האָבן זיי די עפֿענונג אין דיל אָן אַ פּלאַן, און אָנשטאָט צו טרעפֿן אין געשעפֿט אַרײַן, האָבן זיי אויסגעהאַקט אַ לאָך צו אַ שכנותדיק צימער אונטערן בעט פֿון דער קאָאָפּעראַטיוו־פֿאַרוואַלטערין, און גראָד דעמאָלט ווען זי האָט זיך געקליבן צו גיין שלאָפֿן.

די אײַנברעכער און דער חבֿר פֿון דעם באַנדיט זשעלינסקי, אַלטע באַקאַנטע, האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן דאָ, אין תּפֿיסה. די אײַנברעכער זענען געווען אויפֿגערעגט פֿונעם דורכפֿאַל און דער חבֿר האָט זיי באַרויִקט. כ'האָב געהערט ווי אין זייער שמועס זענען זיי שפּעטער איבערגעגאַנגען צו פּאָליטיק. דעם באַנדיטס חבֿר האָט אין איין מינוט געזאָגט:

— מ'האָט נעכטן אויסגעקליבן אין דײַטשלאַנד אַ פּרעזידענט. אונדזערע דײַטשע וועלן אַביסל פֿרײַער אָפּעטעמען פֿון דער נײַער אַמנעסטיע.

איינער פֿון די פֿאַרברעכער האָט געענטפֿערט:

— ברענען זאָלן זיי מיט זייערע טובֿות, די קורווישע מאַכטהאָבער.

אויף צומאָרגנס אין דער פֿרי האָט מען מיך צוזאַמען מיט זיי אַרויס־גערופֿן אין קאַנצעלאַריע. זיי האָט מען געשמידט אין קייטן און ערגעץ־ווו אָוועקגעפֿירט. איך האָב דערפֿילט די גליקזעליקייט פֿון אַרומגאַרטלען די הויזן מיטן הויזן־רימען... מיט אַ פֿערטל שעה שפּעטער האָט דער פֿרײַ־זירער אַראָפּגענומען פֿון מיר די לעצטע שפּורן פֿון דעם גערעכטיקייט־הויז.

# קאָנפֿאָרמיזם

די סצענע: אין דעם דעמאָלטיקן באַרימטן 'צריף' אין ירושלים, וואָס איז געווען די רעזידענץ אויך פֿון דעם דריטן נשיא פֿון מדינת ישׂראל, זלמן שז״ר. דער שמועס צווישן מיר און דעם נשיא, אַ שמועס אויג־אויף־אויג, איז געגאַנגען וועגן דעם באַליידיקנדיקן „סטאַטוס״ פֿון ייִדיש אין ישׂראל. פּריוואַט איז זלמן שז״ר געווען פֿאַרקאַכט אין ייִדיש. פֿון זײַנע ייִדישע לידער האָט ער געהאַלטן אַ וועלט, טאַקע דערפֿאַר ווײַל אין דעם לשון האָט ער זיך געפֿילט ווי אַ פֿיש אין וואַסער, הגם ער איז געווען אַ געוואַלדיקער קענער פֿון העבריִש. אויך אַ צווייטער זלמן, זלמן ארן (זשאַמע אהרונוביץ), מיניסטער פֿאַר קולטור און בילדונג, האָט געשריבן לידער אין ייִדיש. פֿאַר דער טעמע קאָנפֿאָרמיזם וועל איך קודם איבערגעבן אַ צווייטע סצענע:

דער פּרעמיער־מיניסטער לוי אשכול האָט אויף איינעם אַן אָוונט פֿאַרבעטן צו זיך אַהיים איציק מאַנגער, דעם שרײַבער פֿון די שורות און זײַן פֿרוי, און דעם מיניסטער פֿאַר קולטור און בילדונג, זלמן ארן. אַז די אַטמאָספֿער האָט זיך פֿאַרהיימישט, האָט זלמן ארן אָנגערופֿן מיך אין אַ זײַט און מיר געגעבן צו לייענען זײַנע לידער, ציכטיק־געשריבענע אויף פֿײַנעם פּאַפּיר, וואָס איז ווערט געווען צו האָבן אויף זיך דיכטערישע פּערזן. וועגן דעם וואָס פֿאַר אַ רושם עס האָבן אין יענעם מאָמענט געמאַכט אויף מיר די לידער קוואַליטאַטיוו, קען איך הײַנט נישט זאָגן, אָבער אַ שטאַרקן רושם האָבן די לידער אויף מיר געמאַכט צוליב זייער מחבר: זלמן ארן, געוועזענער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון דער מעכטיקער מפּא״י און איצט קולטור־ און בילדונג־מיניסטער, וואָס אויף ביידע אַמטן איז ער געווען צווישן די וואָס האָבן דעמאָלט באַשטימט דעם „סטאַטוס״ פֿון ייִדיש — אַ סטאַטוס וואָס גרענעצט זיך מיט קולטור־וואַנדאַליזם — שרײַבט ייִדישע לידער!

„די לידער מוזן זײַן געדרוקט!״ האָב איך געזאָגט (מסתמא) מיט ענטוזיאַזם, און געמאַכט אַ באַוועגונג די בלעטלעך פּאַפּיר אַרײַנצולייגן אין מײַן בוזעם־קעשענע. נאָך מײַן האַנט איז נאָכגעלאָפֿן די האַנט פֿון

זלמן ארן און ער האָט פֿון מיר אַרויסגעכאַפּט די לידער.

„ניין, ניין!" האָט ער אויסגערופֿן מיט אַ טאָן, ווי אַ שרעקלעכע זאַך וואָלט זיך געקליבן געשען.

די לידער פֿון זלמן ארן האָבן ביז היינט נישט געזען די ליכטיקע שיין. נישטאָ קיין ספֿק, אַז ער האָט צו זיינע יידישע לידער געהאַט אַן אינטימע באַציִונג. אָבער די פּלאָג פֿון קאָנפֿאָרמיזם, פֿון האַנדלען קעגן דער נשמה־איינשטעלונג האָט איבערגעוווּגן.

צוריק צו דער סצענע אינעם פּרעזידענטן־„צריף" אין ירושלים:

איך חזר איבער פֿאַר זלמן שז"ר דעם אינטעלעקטואַל, דעם מאַן פֿון שאַרפֿע געפֿילן און שעפֿערישן ענטוזיאַזם, מיינע טענות, אַז יידיש און די יידישע ליטעראַטור זענען דאָס גרעסטע קולטורווערק, וואָס די יידן אין מיזרח־איראָפּע האָבן געשאַפֿן, און האָט אויך גורם געווען, די יידישע רע־ליגיעזע עדה אין רוסלאַנד, אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, ליטע און בעסאַראַביע, זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ פֿאָלק צוגלייך מיט אַלע קולטור־פֿעלקער אין מערבֿ־איראָפּע. פֿאַרוואָס־זשע אַזאַ צעשטערערישע באַציִונג צו יידיש און איר ליטעראַטור אין דער יידישער מדינה?

שז"ר האָט אַרויפֿגעלייגט זיין האַנט אויף מיין האַנט און מיט אַ באַ־רויִקנדיקן טאָן געפֿרעגט?

„מר צאַנין, למה אתה לא קונפֿורמיסט?" (פֿאַרוואָס ביסטו נישט קיין קאָנפֿאָרמיסט?)

אַנשטאָט מאַריך צו זיין וועגן מיין באַציִונג צו קאָנפֿאָרמיסטן, האָב איך געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע:

„אדוני הנשיא, למה שכן אהיה קונפֿורמיסט?" פֿאַרוואָס זאָל איך יאָ זיין אַ קאָנפֿאָרמיסט?

טאָמער וואָלט איך ברייטער זיך אָפּגעשטעלט וועגן דעם ענין קאָנ־פֿאָרמיזם, וואָלט איך דעם נשיא שז"ר געדאַרפֿט דערמאָנען דעם פֿאַל פֿון נאָן־קאָנפֿאָרמיזם פֿון אים גופֿא, שלמה זלמן רובאַשאָוו, אין די צוואַנציקער יאָרן אין בערלין, ווען ער איז געפֿאָרן קיין אָפּענבאַך צו זען דעם קבֿר פֿון דעם פֿאַלשן משיח יעקב פֿראַנק, זיין רעאַקציע און דעם פּרייז, וואָס ער האָט באַצאָלט דערפֿאַר אַזש ביז דער צייט ווען ער איז געוואָרן קאַנדי־דאַט אויסגעוויילט צו ווערן ווי דער דריטער פּרעזידענט פֿון מדינת ישׂראל...

מעגלעך, אַז ס'איז אים געקומען אויפֿן רעיון די געשעעניש אין יענער צייט אין בערלין נאָך זיין וויזיט און זיין רעאַקציע אויף אָפּענבאַך, און דעריבער האָט ער — פֿאַר מיין טובֿה וועגן — געפֿרעגט פֿאַרוואָס איך בין נישט קיין קאָנפֿאָרמיסט...

קודם כּל ווערט אַ קאָנפֿאָרמיסט מאָראַליש קאָרופּט. ער פֿאַרלייקנט זיין וועזנטלעכקייט און קליידט זיך אָן פֿרעמדע מיינונגען, ער ווערט אַ צבֿועק. אָביעקטיוו קען איך נישט האָבן קיין טענות צו אַ רעאַקציאָנער, אַן אַנטי־

סעמיט. ער איז דאָס וואָס ער איז ווײַל ער האָט פֿון קינדווײַז אָן באַקומען אַזאַ דערציִונג, ער האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט רעאַקציאָנערע מיינונגען און אַנטיסעמיטישע פֿאַראורטיילן אין דער היים, אין דער שול. אָבער ווען אַ מענטש, וואָס האָט באַקומען אַ ליבעראַלע, צי סאָציאַליסטישע דערציִונג און געווען איבערצײַגט, אַז די דערציִונג איז אַ ריכטיקע, ווערט אַ רעאַקציאָ־נער און אַן אַנטיסעמיט אויב ער איז אַ קריסט, און אויב ער איז אַ ייִד, וואָס ווערט אַ רעאַקציאָנער מתוך קאָנפֿאָרמיזם, פֿאַר קאַריערע — אַזעלכע קאָנפֿאָרמיסטן זענען געפֿערלעך פֿאַר יעדער סבֿיבֿה. זיי זענען אַ סחורה עובֿר לסוחר. קאָנפֿאָרמיזם איז ווערליק מיר אַ מעסיקער עקוויוואַלענט פֿאַר שאַרלאַטאַניזם. מוסטערן פֿאַר אָט דעם שטייגער אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין ישׂראל האָבן מיר אין דער לעצטער צײַט איבערגענוג.

שווימען קעגן שטראָם איז אַוודאי געפֿערלעך, אָפֿט לעבנס־געפֿערלעך, ווײַל מיטן שטראָם טראָגן זיך שאַרפֿע פֿעלדזן, זומפּ, שמוץ און אויך נבֿלות. איז דער וואָס שווימט קעגן שטראָם, עלול געטראָפֿן צו ווערן פֿון די „איידעלע״ שטראָם־עלעמענטן. איז אויב מען דערשווימט קעגן שטראָם צום אייגענעם ציל, איז אָפֿילו ווען מען איז געטראָפֿן געוואָרן פֿון דעם שמוץ ביים רודערן קעגן שטראָם, בלייבט מען אַ גאַנצער און פֿרײַער מענטש, וואָס איז גאָרנישט שולדיק זײַן אייגענעם געוויסן.

די ברוטאַליטעט פֿון קאָנפֿאָרמיזם איז נישט לײַכט צו אָבסערווירן בײַ יחידים, ווײַל אַ קאָנפֿאָרמיסט מוז אויך זײַן אַן אַקטיאָר, שפּילן צוגעאייגנטע ראָלן, נישט רעדן קיין אייגענעם טעקסט, זײַן דער ערשטער צו פּאַטשן בראַוואָ דאָרט, ווו מען דאַרף פּאַטשן בראַוואָ אַז אַלע זאָלן זען און הערן. מיט איין וואָרט: אַ קאָנפֿאָרמיסט מוז ליגנערן, לעבן אַ פֿאַלש לעבן. דער־קעגן איז דער מאַסן־קאָנפֿאָרמיזם אַן אָפֿענער און ברוטאַלער. די רעדעס פֿון איליטש לענין און פֿון לעוו טראָצקי האָבן פֿאַרוואַנדלט די אויסגעהונ־גערטע רוסישע מאַסן אין קאָנפֿאָרמיסטן וואָס האָבן האָבן באַרעכטיקט אַלע פֿאַרברעכנס, אײַנשליסלעך מיט באַרעכטיקן דעם מאָרד פֿון דער צאַרישער פֿאַמיליע צוזאַמען מיט די קינדער. מיט זיבעציק יאָר שפּעטער האָבן די אויסגעהונגערטע מאַסן זיך פֿאַרוואַנדלט אין קאָנפֿאָרמיסטן וואָס האָבן ענ־טוזיאַסטיש באַרעכטיקט דאָס צעשטערן די דענקמעלער פֿון דעם אָפּגאָט איליטש לענין און פֿאַרוואַנדלען באַריס יעלצין אין זייער אָפּגאָט. פּונקט ווי זיי האָבן נישט געוווּסט צו וואָס עס וועט דערפֿירן זייער לאַנד איליטש לענין, יאָסיף סטאַלין, כרושטשאָוו און ברעזשניעוו, אַזוי הייבן זיי נישט אָן צו וויסן צו וואָס באָריס יעלצין און גאָרבאַטשאָוו וועלן דערפֿירן זייער לאַנד. אָפֿילו די אַרמיי סאָוועטאָלאָגן זענען געבליבן שטיין מיט אַרויסבלעקטע ציינגער אַנטקעגן די געשעענישן, וואָס זיי האָבן נישט פֿאַרויסגעזען און נישט געקענט פֿאַרויסזען...

שיינט מיר, אַז דער קאָנפֿאָרמיזם וואָס האָט געהערשט אין סאָוועט־

רוסלאַנד קען דינען ווי אַ מכשיר צו פֿאַרשן די סאָציאַלע און פּאָליטישע קאַטאַסטראָפֿע, וואָס האָט אין רוסלאַנד אַנגעהאַלטן במשך זיבעציק יאָר און מיטגעשלעפּט מיליאָנען קאָנפֿאָרמיסטן אין דער וועלט. וואָס שייך די פּענמענטשן אין סאָוועט־רוסלאַנד האָבן זיי זיך איינגעטיילט אין דריי גרופּעס: איין גרופּע, נאָן־קאָנפֿאָרמיסטן, האָבן געשריבן נאָר פֿאַרן שופֿלאָד. אַ צווייטע גרופּע, קאָנפֿאָרמיסטן, האָבן באַזונגען די דזשינגיש־כאַנישע אָפּגעטער אין קרעמל און דערפֿאַר באַקומען דאַטשעס, און אַ דריטע גרופּע, וואָס האָט געאמתט פֿאַרן שופֿלאָד און געליגנערט פֿאַר דער עפֿנט־לעכקייט. צו אָט דער גרופּע האָבן געהערט די מערהייט יידישע שרייבערס, וואָס פֿאַר זיי האָבן די הערשער אין קרעמל געהאָט מערדערישע כּוונות וואָס זענען געוואָרן בולט שוין אין די דרייסיקער יאָרן מיטן אומברענגען משה קולבאַק, ישראל ציגבערג, מאַקס עריק און אַנדערע. צום שבֿח פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין סאָוועט־רוסלאַנד דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ווייניק פֿון די יידישע שרייבער זענען געווען קאָנפֿאָרמיסטן, און די מער־הייט קאָנפֿאָרמיסטן זענען אויך געווען אָרטאָדאָקסישע קאָמוניסטן און שוואַכע שרייבערס. היינט קען שוין געמאַכט ווערן אַ סך־הכּל, אַז די וויים־גרעסטע צאָל יידישע שרייבערס אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, ביזן אומברענגען זיי, זענען געווען דיכטער און פּראָזאַיקער פֿאַר זייער פֿאָלק, זיי האָבן רייך געמאַכט די יידישע ליטעראַטור מיט ווערק פֿון הויכער קינסטלערישער קוואַליטעט. די וועלכע האָבן קאָנפֿאָרמיסטיש געדינט דעם רעזשים, זענען אידעאָלאָגיש געווען אויפֿריכטיקע קאָמוניסטן, במילא קען מען וועגן זיי בכלל נישט זאָגן, אַז זיי זענען געווען קאָנפֿאָרמיסטן, זיי זענען געווען גע־בוירענע געצן־דינער.



אין פּאַלעסטינע־ארץ־ישׂראל זענען יידישע שרייבערס געשטעלט גע־וואָרן פֿאַר אַ שווערע דילעמע. זייט ס'האָט זיך אָרגאַניזירט די ציוניסטישע פֿירערשאַפֿט אין לאַנד, איז יידיש, די יידישע ליטעראַטור, ווי בכלל די מזרח־אייראָפּעיִשע יידישע קולטור, געשטעלט געוואָרן מחוץ למחנה און דאָס — מיט מיליטאַנטישע מיטלען. די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע איז אין דער היגזיכט געגאַנגען אין די פֿוסטריט פֿון דער עקסטרעמער אַסימילאַציע פֿון די בערלינער משׂכּילים פֿון טיפּ דוד פֿרידלענדער, הערץ האָמבערג און זייערס גלייכן, וואָס האָבן אין זייערע רעפֿאָרמירטע סידורים בכלל אויסגעשטראָכן יעדע דערמאָנונג „ציון". דוד פֿרידלענדער איז אַפֿילו אַרויסגעקומען מיט דער אידעע אַז אַזוי ווי דער באַגריף „ייד" איז מיאוס אין די אויגן פֿון דעם קריסט, זאָלן יידן פֿאַרוואַרפֿן זייער „ייד" און זיך רופֿן „דעיסטן" — דייטשן פֿון משהס גלויבן. די אייניקלעך און אור־אייניקלעך פֿון אָט דער אַסימילאַציע, אויב זיי האָבן זיך נישט אויסגעשמדט, האָבן געהאַסט די

„אַסטיודען" בתכלית השׂינאה. אַזוי האָבן זיי אויך געהאַסט דאָס ייִדישע לשון, וואָס האָט זיי קלאָמפּערשט געשטערט צו זײַן אמתע דײַטשן. טעאָדאָר הערצל, וואָס האָט געזוכט אַ טעריטאָריע פֿאַר ייִדן, האָט פֿון די בערלינער־קלאַסיקער־ייִדן־האַסער איבערגענומען די שׂינאה צו דער ייִדישער רעליגיע און צו ייִדיש לשון ווי בכלל צום ייִד פֿון מזרח־אייראָפּע, וואָס ער האָט נישט געקענט. דעריבער האָט ער אין זײַן בראָשור „יודענשטאַאַט" (די קאָנסטיטוציע, אָדער אינפֿראַ־פּלאַן פֿאַר דער קומענדיקער ייִדישער מדינה) בפּירוש געזאָגט, אַז אין דער ייִדישער מדינה וועט מען די רעליגיעזע האַלטן פֿאַרמאַכט אין די סינאַגאָגעס, זיי זאָל נישט האָבן קיין דעה, און ייִדיש (זשאַרגאָן) וועט מען בכלל אין דער ייִדישער מדינה נישט אַרײַנלאָזן. די ציוניסטישע פֿירער אין מיזרח־אייראָפּע, מיט אַ מינערווערטיקייט קאָמפּלעקס כּלפּי די יאָהודים־אַסימילאַטאָרן, וואָס נאָך דעם וואָס סײַ די דײַטשע סײַ די עסטרײַכישע סײַ די רוסישע הערשער האָבן זיי נישט געגעבן די גע־פֿאָדערטע פּריווילעגיעס און זענען בלית ברירה געוואָרן ציוניסטן־טערי־טאָריאַליסטן — האָבן פֿון טעאָדאָר הערצלס אינפֿראַ־פּלאַן אַרײַנגענומען אין דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע די שׂנאה צו ייִדיש און צו דער מזרח־אייראָפּעיִשער קולטור בכלל, און זיי געמאַכט פֿאַר אַ זײַל פֿון דער ציוניס־טישער אידעאָלאָגיע.

די יונגע ייִדישע שרײַבערס, פּאָעטן און נאָוועליסטן — י. צ. שאַרגעל, יעקב שטאַל, יוסף פּאַפּיערניקאָוו, שמואל איזבאַן, אברהם ליס, אברהם ריוועס, י. ח. בילעצקי, יוסף הייבלום, אברהם לעוו, און אריה שמרי, זענען פֿון מזרח־אייראָפּע געקומען קיין ארץ־ישׂראל מיט פֿולע הערצער נאַציאָנאַלן פּאַטאָס. זייערע טאַטעס האָבן נישט געהאָפּט, אַז פֿראַנץ יאָזעף, אָדער דער צאַר וועט זיי געבן הויכע מלוכישע אַמטן, נאָר זיי האָבן זיך אויסגעקוקט די אויגן אויף משיחן, זיי זאָלן זוכה זײַן צו קומען קיין ירושלים. זיי, די שאַרגעלס, די איזבאַנס, די בילעצקיס, די זין פֿון די פֿרומע טאַטעס, האָבן נישט געוואַרט אויף משיחן. זיי אַליין האָבן געוואָלט זײַן די אויסלייזער פֿון ארץ־ישׂראל. זענען זיי עולה געווען קיין ישׂראל מיט פֿולע הערצער ליבשאַפֿט, אָבער פֿאַר דעם לשון פֿון זייער באַזינגען ארץ־ישׂראל האָבן זיי זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ וואַנט פֿון שׂינאה און אַקטיוון העסלעכן קאַמף קעגן זיי.

בלויז איינער צי צוויי פֿון די ייִדישע שרײַבערס, וואָס זענען געקומען קיין פּאַלעסטינע, זענען געוואָרן קאָנפֿאָרמיסטן, געשריבן ייִדישע לידער און נאָוועלן פֿאַרן שופֿלאָד און כּלפּי חוץ געשריבן העברעיִשע לידער, וואָס האָבן געהאַט אַ גראַם אָבער נישט געהאַט קיין טעם און נישט געהאַט קיין ניצוץ פֿון פּאָעזיע. אַן אויסנאַם איז געווען איינער, וואָס האָט לסוף נישט געקענט באַשטימען צו וועלכן לשון ער איז מער צוגעבונדן — צו ייִדיש, צי צו העברעיִש...

אין אַנבליק פֿונעם פֿיזישן און קולטור־חורבן וואָס עס האָבן געבראַכט אויף אונדז סײַ דער נאַציזם און סײַ דער באָשלעוויזם, און ווײַל ישׂראל איז געוואָרן דער מקום־מקלט פֿאַר דער שארית־הפליטה פֿון דעם חורוב־געוואָרענעם גרויסן ייִדישן פֿאָלק אין מיזרח־אייראָפּע — האָבן די מאַכט־האָבער פֿון ישׂראל געדאַרפֿט ענדערן די חרפּהדיקע באַציִונג סײַ צו ייִדיש, סײַ צו דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי בכלל צו דעם איבערבלײַב פֿון דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער קולטור, וואָס זי איז געווען דער מכשיר אויפֿ־צוריכטן דאָס נײַע ארץ־ישׂראל. אָזוי איז נישט געשען. דער העסלעכער מיליטאַנטישער קורס קעגן יודיש און קעגן דער ייִדישער מזרח־אייראָ־פּעיִשער קולטור האָט אָנגעהאַלטן. אַז מיט דער שארית הפליטה זענען קיין ישׂראל געקומען ייִדישע אַקטיאָרן, האָט מען זיי געשלעפּט אין געריכט און באַשטראָפֿט פֿאַר שפּילן ייִדיש טעאַטער. אַ דערלויבעניש אויף אַרויס־צוגעבן אַ ייִדישע צײַטונג האָט מען פּרינציפּיעל אָפּגעזאָגט צו געבן, פּונקט ווי מען וואָלט באַשלאָסן צו פֿאַרענדיקן דאָס וואָס די צוררי היהודים האָבן נישט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן...



איך, דער שרײַבער פֿון די שורות, האָב דערגרייכט ארץ־ישׂראל אין דער קריטישסטער צײַט פֿאַר דעם ייִדישן ייִשובֿ, דעם 11טן יוני 1941. דער נאַצישער פֿעלדמאַרשאַל ערווין ראָממעל איז דעמאָלט געשטאַנען מיט זײַן עקספּעדיציע־אַרמיי ביי מערסאַ מאַטרוך אויפֿן וועג קיין עגיפּטן און ארץ־ישׂראל. אין קאַיראָ איז געגרייט געוואָרן אַ טריומף־טויער אויפֿצונעמען דעם זיגערישן נאַצישן פֿעלדמאַרשאַל. דער ייִדישער ייִשובֿ האָט זיך געגרייט צו קאָנצענטרירן אויף די כרמל־בערג און שטעלן די נאַציס אַ ווידערשטאַנד, מיט דער איינציקער אויסזיכט אויף אַ נײַער מצדה...

קיין ארץ־ישׂראל בין איך אָנגעקומען אַ דערלאָפֿענער: ווי אַ זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי האָב איך אָנגעהויבן לויפֿן פֿון מײַן צעקלאַפּטער דורך די נאַציס דעוויזיע צו דער באָמבאַרדירטער און ברענענדיקער וואַרשע. פֿון דער נאַצי־אָקופּירטער וואַרשע האָב איך ממשיך געווען מײַן לויפֿן צו דער סאָוועטיש־אָקופּירטער ביאַליסטאָק, ווו איך האָב דערפֿילט, ווי אַ חיה דערפֿילט אַן אָנקומענדיקן שטורעם, אַז דאָ ענדיקן זיך אַלע האָפֿענונגען, און איך בין ווײַטער געלאָפֿן קיין ווילנע, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהערט צו ליטע. נאָך דעם ווי די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט ליטע, האָב איך אין ווילנע דערפֿילט דאָס זעלבע, וואָס פֿריִער אין ביאַליסטאָק, אַז דאָ ענדיקן זיך אַלע האָפֿענונגען. האָב איך דאָ געהאַקט קאָפּ אָן דער וואַנט, כּדי זיך אַרויסבאַקומען פֿון דער האָפֿענונגסלאָזיקייט און ווידער גענומען די פֿיס

אונטער די אָרעמס און געלאָפֿן, געלאָפֿן קיין וולאַדיוואָסטאָק, קיין יאַפּאַן, קיין שאַנכײַ, קיין באָמבײ כדי צו דערלויפֿן צו ארץ־ישׂראל. אָבער אין אינדיע בין איך געבליבן שטעקן אַ האַלב יאָר און בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט געלאָפֿן דורך עגיפּטן און — דערלאָפֿן אינעם לאַגער אין עתלית, ווו די „מוסדות" האָבן מיך „מקבל פּנים" געווען אויף אַלע שׂונאי ציון געזאָגט געוואָרן. דעם „קבלת פּנים" און די „קליטה" האָב איך פֿאַרשריבן אין מײַן בוך „גרענעצן ביז צום הימל" און איך וועל וועגן דעם דאָ נישט איבערחזרן.

אַז איך בין באַפֿרייט געוואָרן פֿון עתלית און פֿון אַנדערע צרות, האָב איך דערפֿילט די ביטערע ווירקלעכקייט אַז אַ ייִדישער שרײַבער ווערט דאָ געזען ווי אַ פֿרעמדער, שיִער נישט ווי אַ שׂונא ציון, וואָרעם מיט זײַן שרײַבן גייט ער דאָך קעגן דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, וואָס האַלט ייִדיש מיגערוויכטיקער ווי יעדע אַנדערע שפּראַך.

מיט מײַן טעמפּעראַמענט, קאָסמאָפּאָליטישן וועלטקוק און נאָן־קאָנ־פֿאָרמיזם, האָב איך נישט געקענט פֿאַרטראָגן דעם מאַהאַטמאַ גאַנדישן פּאַסיוון ווידערשטאַנד פֿון די „אײַנגעזעסענע" ייִדישע שרײַבערס כּלפּי דעם רשעותדיקן ווילקיר בשייכות צו דעם ריזיקן קולטור־ווערק, וואָס די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן האָבן געשאַפֿן: ייִדיש לשון און די ייִדישע וועלטלעכע קולטור. בין איך געקומען אין קאָנפֿליקט מיט די אפּוטרופּסים אויף די ייִדישע שרײַבערס אין ייִשובֿ, אַ ביטערער קאָנפֿליקט, וואָס האָט געדראָאַט מיט וועלטלעכן חרם...

באַלד נאָך דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה, ווען קיין ישׂראל האָבן געשטראָמט ייִדן פֿון די די.פּי.־לאַגערן אין דײַטשלאַנד און רעפּאַטרייִרטע פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד, האָב איך באַשלאָסן זיי אַנטקעגנקומען מיט אַ ייִדישער פּרעסע און מיט אַ ייִדיש בוך.

פֿאַר דער באַקוועמלעכקייט צו הערשן האָט די ישׂראל־רעגירונג זיך פֿאַראייגנט די בריטיש־קאָלאָניאַלע געזעצן, מיט וועלכע מען קען דעם מענטש האַלטן ווי אַ „סאָבדזשעקט", אַן „אונטערגעוואָרפֿענעם" און נישט ווי אַ פֿרײַען בירגער. האָט די רעגירונג זיך צוגעאייגנט דעם בריטישן קאָלאָניאַלן פּרעסע־געזעץ, לויט וועלכן אויף אַרויסצוגעבן אַ צייטונג דאַרף מען אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש פֿונעם סעקרעטאַר פֿון דעם הויך־קאָמיסאַר, וואָס זײַן פֿונקציע האָט איבערגענומען דאָס ישׂראלדיקע אינערן־מיניסטעריום. דער ערשטער אינערן־מיניסטער איז געווען יצחק גרינבוים, געוועזענער מנהיג פֿונעם פּוילישן ייִדנטום און קעמפֿער אין פּוילישן סיים פֿאַר די בירגערלעכע און מענטשלעכע רעכט פֿון ייִדן. אויף מײַן ווענדונג פֿאַר אַ דערלויבעניש, האָב איך באַקומען אַ תּשובֿה, אַז מײַן ווענדונג איז איבעריק, איך וועל אַזאַ דערלויבעניש נישט באַקומען. אין יענער צײַט זענען אין ישׂראל דערשינען צוויי דײַטשע טאָג־צײַטונגען, איין ענגלישע טאָג־צײַטונג („פּאַלעסטיין פּאָסט", שפּעטער „דזשערוזאַלעם פּאָסט") און

אויך אַ רומענישע צייַטונג. האָב איך אומלעגאַל אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַן „אילוסטרירטן וואָכנבלאַט" מיט דער פּאַרענטפּערונג, אַז אויף אַרויסגעבן דעם וואָכנבלאַט האָב איך געהאַט פּון פריִער אַ דערלויבעניש פון דער בריטישער מאַכט, נאָר „דאָס פּאַפּירל איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען אין די טעג פון דער מלחמה פאַר אומאָפּהענגיקייט".

דער אָפּזאָג צו דערלויבן מיר אַרויסגעבן אַ צייַטשריפט אין יידיש האָט מיך פערזענלעך געטראָפן ווי אַן אַקט פון אַנטיסעמיטן, און וואָס שייך אַקטן פון אַנטיסעמיטיזם — פון וועלכער זייַט דער אַנטיסעמיטיזם זאָל נישט קומען — בין איך כּלפּי זיי זייער אַלערגיש. מיט יאָרן שפּעטער, ווען „לעצטע נייַעס" איז שוין געווען אַ גוט־באַזירטע צייַטונג, האָט מיר יצחק גרינבוים, וואָס האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין „לעצטע נייעס", דערציילט די סיבה פון זייַן אַמאָליקן אָפּזאָג: דאָס האָט אים זייַן שעף, דער פרעמיער־מיניסטער דוד בן־גוריון, באַפוילן, אַז קיין מאָל זאָל אין ישׂראל נישט דערלויבט ווערן אַ צייַטונג אין יידיש...

אין מייַן עלטער מעג איך זיך דערלויבן צו זאָגן אַ שבֿח זיך אַליין:

איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין קאָנפאָרמיסט, איך האָב קיין מאָל נישט געהאַנדלט קעגן מייַן געוויסן און קיין מאָל נישט אײַנגעגאַנגען אויף פשרות בנוגע דעם אין וואָס איך גלויב. אַפילו ווי אַ זעלנער אין דער פוילישער אַרמיי, אין ערשטן באַטאַליאָן פון „סנייַפּערס" (געניטע שיסערס), האָב איך צוויי מאָל אָרגאַניזירט אַ בונט פון מייַן קאָמפּאַניע: איין מאָל מחמת אַנטיסעמיטישע אַקטן פון אָפיצירן אין דער קאָמפּאַניע און דאָס צווייטע מאָל ווייַל די אָנפירערשאַפט פון דעם אויסגעוויילטן באַטאַליאָן האָט צופיל געגנבֿעט און די זעלנער האָבן נישט באַקומען גענוג שפּייַז. ביידע מאָל האָב איך דעם בונט אויך אייַנגעשטילט נאָך אַ נצחון. כ'האָב וואָס אַן אמת דעם אַנטיסעמיטיזם נישט ליקווידירט, אָבער ער איז געוואָרן ווייניקער ווילד, דערפאַר האָבן די זעלנער באַקומען אַ בעסערע באַשפייַזונג...

פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך געהאַט עטלעכע צוזאַמענ־שטויסן מיט דער פוילישער מאַכט, וואָס איז געווען האַלב פאַשיסטיש און גאַנץ אַנטיסעמיטיש. וועגן איין צוזאַמענשטויס דרוק איך אַ רעפּאָרטאַזש אין דעם בוך א"נ „צוועלף טעג הינטער קראַטן" אין יענער צייַט. איך האָב נישט רעזיגנירט, נישט געוואָרן קיין קאָנפאָרמיסט. אויב אַזוי אין דעם פאַשיסטישן פוילן, אין אַ מדינה וווּ איך בין געווען אַ בירגער פון צווייטן ראַנג, וועל איך נישט ווערן קיין קאָנפאָרמיסט אין ישׂראל, וואָס זאָגט צו די יידן (אין דער מגילת העצמאות) פולע פרייַהייט און בירגער־לעכע רעכט. אויב איך האָב דעקלאַרירטע פולע פרייַהייט און פולע רעכט, האָב איך די פולע רעכט אַרויסצוגעבן אַ צייַטונג אין מייַן לשון און מיט פאַרערונג פאַר דער קולטור, וואָס האָט אונדז אין מיזרח־אייראָפּע געמאַכט פאַר אַ פאָלק מיט פעלקער גלייַך.

קורץ : כ׳האָב געהאַקט קאָפּ אָן דער וואַנט ביז איך האָב אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג איין מאָל אין דער וואָך. אין יענער תּקופֿה האָט אין לאַנד געהערשט „צנע״, ראַציאָנירונג. איז אויך פּאַפּיר פֿאַר די צײַטונגען געוואָרן צוגעטיילט. האָב איך טאַקע אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג „לעצטע נײַעס״ איין מאָל אַ וואָך, אָבער כּדי די דערלויבעניש צו פֿאַרוואַנדלען אין אַ פֿיקציע, די צײַטונג זאָל נישט קענען דערשײַנען, האָב איך נישט באַקומען צוגעטיילט אַפֿילו קיין איין בויגן פּאַפּיר. האָב איך געקויפֿט פּאַפּיר אויפֿן „שוואַרצן מאַרק״, און „לעצטע נײַעס״ איז דערשינען אויף פּאַפּיר פֿון אַלע מעגלעכע פֿאַרבן... האָב איך אָפֿיציעל געמאָלדן, אַז איך קויף פּאַפּיר אויפֿן שוואַרצן מאַרק און איך פֿאָדער מען זאָל מיך אַרעסטירן און שטעלן פֿאַר אַ משפּט. האָט מען אין פֿאַרזאָרגונג־מיניסטעריום פֿון דב יוסף אין ירושלים געחוזקט פֿון מיר: זיי פֿאַרשטייען פֿאַרוואָס איך וויל, מען זאָל מיך אַרעסטירן און שטעלן פֿאַר אַ געריכט. מײַן „טריק״ וועט נישט געלינגען. זיי וועלן מיך נישט אַרעסטירן און קיין משפּט וועל איך נישט האָבן. האָב איך אַזוי אַרום באַקומען עקסקלוסיווע רעכט צו קויפֿן פּאַפּיר אויפֿן „שוואַרצן מאַרק״ און איך האָב געקויפֿט פּאַפּיר אויך בײַ העברעיִשע טאָגצײַטונגען, וואָס האָבן באַקומען צוגעטיילט מער פּאַפּיר ווי זיי האָבן געדאַרפֿט, און איך האָב זיי פֿאַר דעם פּאַפּיר געצאָלט פֿינף און צען מאָל אַזוי פֿיל וויפֿל זיי האָבן אָפֿיציעל באַצאָלט דער רעגירונג...

אין דער זעלבער צײַט האָב איך נישט אויפֿגעהערט פֿאָדערן אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן „לעצטע נײַעס״ צוויי מאָל אַ וואָך, כּדי צוגעווינען די הערשנדיקע נאַראָנים, אַז מיטן דערשײַנען פֿון דער צײַטונג צוויי מאָל אַ וואָך וועט די מדינה נישט אונטערגיין. דעם 18טן יאַנואַר 1950 האָב איך אַזאַ דערלויבעניש באַקומען און גלײַך אָנגעהויבן זיך משתדל זײַן פֿאַר אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן די צײַטונג דרײַ מאָל אַ וואָך. די באַמיִונגען האָבן געדויערט אַ צען חדשים און — דעם 29טן אָקטאָבער 1951 האָב איך געהאַט אין די הענט אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן „לעצטע נײַעס״ דרײַ מאָל אין דער וואָך. מיט אַזאַ פּרעצעדענס האָב איך געבעטן אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן דרײַ מאָל אַ וואָך נאָך אַ צייטונג, אונטערן נאָמען „הײַנטיקע נײַעס״. די מאַכט האָט נישט געהאַט קיין תּירוץ נישט צו געבן מיר אַזאַ דערלויבעניש, אויב נאָכן אַרויסגעבן „לעצטע נײַעס״ דרײַ מאָל אַ וואָך איז נישט געשען קיין קאַטאַסטראָפֿע.

האָבנדיק צוויי מאָל צייטונגען, וואָס יעדע דערשײַנט דרײַ מאָל אַ וואָך, האָב איך אייגנטלעך געהאַט אַ טאָגצײַטונג מיט צוויי באַזונדערע נעמען. איז די „לעצטע נײַעס״ דערשינען מאָנטיק, מיטוואָך און פֿרײַטיק בעת „הײַנטיקע נײַעס״ איז דערשינען זונטיק, דינסטיק און דאָנערשטיק. ביידע צייטונגען האָב איך פֿאַרבונדן מיט אַ ראָמאַן אין טעגלעכע המשכים —

„פּראָפעסאָר שפירא״ האָט דער ראָמאַן געהייסן, און זײַן מחבר, מ. צאַנין, האָט זיך באַהאַלטן אונטער אַ פּסעוודאָנים.

איך האָב נישט אויפגעגעבן מײַנע באַמיִונגען דאָך צו האָבן אַ נאָרמאַלע טעגלעכע צײַטונג אין יידיש, ווי ס'זענען דערלויבט טעגלעכע צײַטונגען אין „גויישע״ שפּראַכן. דאָס קלאַפּן אין די טירן האָט געדויערט ביז דעם 12טן מערץ 1953, ווען איך האָב באַקומען אַן ענדגילטיקן אָפּזאָג. כ'האָב נישט געקענט משלים מיט דעם רשעותדיקן אַבסורד, אַז אין דער שפּראַך פון די נאַציס, וואָס האָבן אויסגעמאָרדעט אונדזער פאָלק, מעגן אין דער יידישער מדינה דערשײַנען צוויי טעגלעכע צײַטונגען, בעת די שפּראַך פון די אויסגעמאָרדעטע יידן איז מוקצה מחמת מיאוס. האָב איך אײַנגעהאַנדלט דעם טעקסט פון דעם בריטיש־קאָלאָניאַלן פּרעסע־געזעץ און געזוכט אַן אַרגומענט, איך זאָל קענען רופן דאָס אינערן־מיניסטעריום צום העכסטן געריכט, פאַרוואָס איך קען נישט באַקומען קיין דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ טאָג־צײַטונג. האָב איך אין דער פּרעסע־געזעץ אויסגעפונען, וואָס איך האָב געדאַרפט, נעמלעך, אַז ווער עס האָט אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג דרײַ מאָל אַ וואָך, האָט די רעכט די צײַטונג אַרויסצוגעבן יעדן טאָג, בתנאי ער זאָל פריִער מעלדן דעם סעקרעטאַר פונעם הויך־קאָמיסאַר, דאָס הייסט דעם אינערן־מיניסטעריום. בין איך אַוועק צו דעם דעמאָלט פּרעסטיזשפולן אַדוואָקאַט ד״ר ראָטענשטרײַך, וואָס איז שפּעטער געווען פאָרזיצער פונעם פּרעסע־ראַט, און אים געוויזן וואָס פאַר אַ נס איך האָב אויסגעפונען. כּדי דאָס לאָזן וויסן דעם סעקרעטאַר פונעם בריטישן הויך־קאָמיסאַר זאָל האָבן הינטער זיך פּעסטע פּלייצעס, האָב איך געבעטן ד״ר ראָטענשטרײַך, אַז ער זאָל אין מײַן נאָמען מודיע זײַן דעם אינערן־מיניס־טעריום, אַז פון מאָרגן און ווײַטער דערשײַנט „לעצטע נײַעס״ ווי אַ טאָג־צײַטונג, אויפן סמך פון דעם און דעם פּאַראַגראַף פונעם פּרעסע־געזעץ. האָט ד״ר ראָטענשטרײַך געטאָן וואָס ער האָט געדאַרפט און איך האָב געטאָן וואָס איך האָב געוואָלט, און אָנגעהויבן אַרויסגעבן „לעצטע נײַעס״ יעדן טאָג. דערמיט האָב איך אויפגערודערט הימל און ערד. דער באַאַמטער פונעם „מושל המחוז״ (אָפּטיילונג פונעם אינערן־מיניסטעריום אין תּל־אביב) האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז מיט מײַן אַקט פון דערשײַנען „לעצטע נײַעס״ יעדן טאָג, האָב איך געשטעלט אין געפאַר די צײַטונג זאָל בכלל דערשײַנען. ווי נאָר ס'איז דערגאַנגען צום דעמאָלטיקן יורידישן ראַט־געבער פון דער רעגירונג וואָס פאַר אַ קאָשע איך האָב פאַרקאָכט, האָט ער, דער יורידישער ראַטגעבער, באַפוילן דער תּל־אביבער פּאָליציי צו שליסן „לעצטע נײַעס״. דער באַאַמטער האָט מיר געעצהט גלײַך צוריקגיין צום דערשײַנען פון „לעצטע נײַעס״ דרײַ מאָל אַ וואָך. אײַ, דאָס הייליקע געזעץ ? ווער עס האָט כּוח האָט דאָס געזעץ... דער ראָמאַן „פּראָפעסאָר שפירא״ האָט ווײַטער פאַרייניקט צוויי צײַטונגען אין איין טאָגצײַטונג.

איך האָב די עוולה געפֿילט ווי אַ נישט־פֿאַרהיילטע וווּנד.

אין איינעם פֿון די חדשים פֿון יאָר 1958 איז צו מיר דערגאַנגען, אַז דער דעמאָלטיקער אינערן־מיניסטער בר־יהודה קלייבט זיך צו פֿאָרן קיין בוענאָס־איירעס פֿאַר אַ געלט־קאַמפּיין. האָב איך באַשלאָסן, כּדי אויסצוהיילן מײַן נישט־פֿאַרהיילטע וווּנד, זיך מתיר צו מאַכן אַ שאַנטאַזש־עבֿירה קעגן דער רשעות כּלפּי ייִדיש. איך האָב געבעטן דעם ירושלימער קאָרעספּאָנדענט פֿון „לעצטע נײַעס״, לייבל ביין, ער זאָל זען דעם אינערן־מיניסטער און אים זאָגן, אַז דערפֿאַר וואָס עס ווערט נישט דערלויבט „לעצטע נײַעס״ צו דערשײַנען ווי אַ טאָג־צײַטונג, וועט צאַנין, דורך די צוויי ייִדישע טאָג־צײַטונגען אין בוענאָס־איירעס, צוגרייטן דעם מיניסטער אַזאַ „קבלת פּנים״, אַז ער וועט זיך צוריקקערן קיין ישׂראל מיט ליידיקע הענט. קלאָר, אַז איך האָב אַזאַ כּוח נישט געהאַט, אָבער בר־יהודה, אַ קיבוצניק און אַ היפּש ביסל נאַיוו, האָט געגלויבט אין דער שאַנטאַזש־מעשׂה און געזאָגט דעם קאָרעספּאָנדענט, ער זאָל מיר איבערגעבן, איך זאָל נישט שעדיקן זײַן שליחות, און נאָך דעם ווי ער וועט צוריקקומען קיין ישׂראל, וועט ער מיר דערלויבן פֿאַרוואַנדלען „לעצטע נײַעס״ אין אַ טאָג־צײַטונג.

מיניסטער בר־יהודה האָט געהאַלטן וואָרט. נאָך זײַן צוריקקער אַהיים האָט ער מיר דערלויבט צו פֿאַרוואַנדלען „לעצטע נײַעס״ אין אַ טאָג־צײַטונג. זינט 1959 דערשיינט די צײַטונג יעדן טאָג. ס׳איז געוואָרן 43 יאָר זינט „לעצטע נײַעס״ האָט אָנגעהויבן דערשיינען איין מאָל אַ וואָך און 32 יאָר ווי זי דערשיינט ווי אַ טאָג־צײַטונג.

און די ערד דרייט זיך אַרום איר אַקס און די ייִדישע מדינה איז חלילה נישט אונטערגעגאַנגען מחמת אין הייליקן לאַנד דערשײַנט אַ טאָג־צײַטונג אין ייִדיש.



נאָך אַט דער נאָן־קאָנפֿאָרמיסטישער עפּאָפּעע, האָט דער נשׂיא המדינה, דער אינטעלעקטואַל זלמן שז״ר, אין אַ שמועס אויג־אויף־אויג אינעם פֿאַר־שאַטנטן „צריף״ אין ירושלים, אויפֿריכטיק געפֿרעגט:

„מר צאַנין, למה אתה לא קונפֿורמיסט ?״

כּדי פֿאַר אים נישט איבערחזרן די לאַנגע מעשׂה שהיה, האָב איך אים געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע:

„אדוני הנשׂיא, למה שכן אהיה קונפֿורמיסט ?״

# דער סעקולערער משיחישער נסיון

טעאָדאָר הערצל איז בעצם געווען אַ טעריטאָריאַליסט, וואָס האָט אין דער וועלט געזוכט אַ פּלאַץ פאַר אַ ייִדישער מדינה, וואָס זאָל לייזן דאָס „ייִדן־פּראָבלעם". דאָס האָט נתן בירנבוים, וואָס איז אַליין געווען אַ פּאַראַ־דאָקס אין זײַנע שאַרפע פערזענלעכע אומוואַנדלונגען, אַ נאָמען געגעבן הערצלס „יודענשטאַאַט־באַוועגונג" — ציוניזמוס.

אין זײַן בראשור „דער יודענשטאַאַט" שטעלט הערצל אַוועק די פראַגע: „פּאַלעסטינע אָדער אַרגענטינע?" און ענטפערט: דער 'פאַרבונד' (געמיינט די אָרגאַניזאַציע צו בויען די פּלאַנירטע ייִדישע מדינה) וועט נעמען וואָס מען וועט אים געבן און וואָס עס וועט אָנגענומען ווערן דורך דער געזעל־שאַפטלעכער מיינונג פון דעם ייִדן־פאָלק.

הערצלס אַרגומענטן פאַר פּאַלעסטינע, אָדער פאַר אַרגענטינע זענען אַזעלכע: „אַרגענטינע איז איינע פון די רײַכסטע לענדער אין דער וועלט, מיט אַ ריזיקער טעריטאָריע, מיט אַ שיטערער באַפעלקערונג און מיט אַ מעסיקן קלימאַט. אַרגענטינע קען זײַן שטאַרק פאַראינטערעסירט אַפּצוטרעטן פאַר אונדז אַ טייל פון איר טעריטאָריע, אָבער פון דער צווייטער זײַט איז פּאַלעסטינע אונדזער היסטאָריש פאָטערלאַנד. בלויז דער נאָמען אַליין קען ווערן פאַר אונדזער פאָלק אַ מעכטיקער אַרויסרוף צו פאַראייניקן הערצער".

מיט פּאַלעסטינע ווי אַ ייִדישע מדינה האָט הערצל אויך אַ געאָפּאָליטישן פּלאַן: „אויב — זאָגט ער — זײַן קעניגלעכע עקסעלענץ, דער טערקישער סולטאַן, זאָל אונדז געבן פּאַלעסטינע, וועלן מיר דערפאַר זיך פאַרפליכטן פולשטענדיק צו לייזן דעם פינאַנציעלן עול פון טערקײַ. פאַר אייראָפּע קענען מיר ווערן אַ טייל פון דער שוצוואַנט אַנטקעגן אַזיע, מיר קענען ווערן דער קולטורעלער פאָרפּאָסטן קעגן דעם באַרבאַריזם".

נו, זײַן קעניגלעכע עקסעלענץ, דער טערקישער סולטאַן, האָט נישט מסכים געווען אָפּצוגעבן די ייִדן פּאַלעסטינע אויף צו ווערן אַ שוצוואַנט קעגן באַרבאַריזם. ער האָט אַפילו נישט מסכים געווען צו לאָזן בויען אַ ייִדישע מדינה אין דער געגנט פון אל־עריש, אין סיני. דעריבער איז הערצל אַרויסגעקומען מיט זײַן אידעע צו בויען אַ ייִדישע מדינה אין אוגאַנדע.

אַ צווייטער טעריטאָריאַליסט, ישראל זאַנגוויל, האָט אונטערגעהאַלטן די אידעע אָבער די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון דעם יידישן פאָלק האָט דערויף נישט מסכּים געווען און הערצל האָט זיך צוריקגעקערט צו פּאַלעס־טינע.

וועגן אַ יידישער מדינה האָט הערצל געטראַכט מיט די טערמינען פון דער פּרוסטרירטער יידישער אַסימילירטער אינטעליגענץ אין אייראָפּע, מיט וואָלטערישער קעגנערשאַפט צו רעליגיע: „מיר וועלן בכלל נישט דערלאָזן דערצו, אַז טעאָקראַטישע סטימולן פון אונדזערע רעליגיעזע לייט זאָלן אויפהייבן דעם קאָפּ, — שרייבט ער — מיר וועלן וויסן ווי אַזוי צו האַלטן די רעליגיעזע אין זייערע בתי־כּנסת, גענוי ווי מיר וועלן האַלטן אונדזער פּראָפעסיאָנעלע אַרמיי אין די קאַזאַרמעס". בנוגע דער שפּראַך פון דער יידישער מדינה, זעט הערצל פאָרויס, אַז די אַממערסטן גערעדטע שפּראַך וועט ווערן די מדינה־שפּראַך, (וואָרעם מיר קענען נישט צווישן זיך רעדן העברעיש). ער זעט דעריבער פאָר אַ שפּראַך־פעדעראַליזם אויפן שטייגער פון דער שווייץ, אָבער יידיש („זשאַרגאָן") וועט באַקעמפט ווערן... „אויך 'דאָרט' — שרייבט ער — וועלן מיר בלייבן, וואָס מיר זענען איצט. וואָרעם קיין מאָל וועלן מיר מיט צער נישט אויפהערן ליב האָבן און בענקען צו די פאָטערלענדער פון וועלכע מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן"...

ווי אַלע אַנדערע ציוניסטישע טעאָרעטיקער האָט אויך הערצל נישט גענומען אין באַטראַכט, אַז אין פּאַלעסטינע לעבן פעלקערשאַפטלעכע גרופּעס, וואָס 90 פּראָצענט פון זיי רעדן אַראַביש און זייער מערהייט זענען מאָסלעמער אָדער פון פּאַראַמאָסלעמישע עדהס, ווי שיִיטן, סוניטן, דרוזן א"אַ. הערצל, ווי שפּעטער אַלע אַנדערע ציוניסטישע טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער, האָבן נישט געוווּסט, אַז גלייכצייטיק און פּאַראַלעל צו דער ציוניסטישער באַוועגונג איז אין סיריע און אין לבנון אויפגעקומען אַן אַראַבישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג. אויף אַזוי ווייט האָט דאָמינירט דער גוטער ווונטש פון די אידעאַליסטישע שטרעבונגען, אַז אין צען יאָר פון זיין לעבן אין פּאַלעסטינע, זייט ער האָט עולה געווען ביז ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד אין יאָר 1915, האָט דוד בן־גוריון נישט געהאָט די מינדסטע אַנונג וועגן דער אַראַבישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. ווען ער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז די „נייעס" געפאַלן אויף אים ווי אַ באָמבע. אָבער אַפילו דעמאָלט האָט ער נישט אויפגעהערט זען די פּאַלעסטינע־ווירקלעכקייט דורך דער פּריזמע פון זיינע ציוניסטישע ווונטשן.

אינעם בוך „ארץ ישׂראל אין פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט" פון דוד בן־גוריון און יצחק בן־צבי, אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק אין 1918, דורך דעם „פּועלי ציון פּאַלעסטינע קאָמיטעט", שרייבט דוד בן־גוריון, אונטערשטרייכנדיק זיינע ווערטער אין קורסיוו: „די יעצטיגע פעלאַכן פון מערב־ארץ־ישׂראל שטאַמען הויפּטזעכלעך פון יידישע און שומרונישע אומ־

גליקלעכע 'עמי הארץ', וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון זייער פֿאָלק, אָבער טרײַ געבליבן צו זייער באָדן, צוויי מאָל באַצאָלנדיק פֿאַר זייער טרײַהייט — מיט זייער גלויבן — מיט זייער רעליגיע".

איז שוין נישט קיין ווונדער, וואָס בער באָראָכאָוו, וואָס האָט קיין מאָל נישט באַזוכט פּאַלעסטינע (ער האָט טיילווײַז רעדאַגירט דאָס דערמאָנטע בוך), האָט געשריבן, אַז די אײַנוווינער פֿון ארץ־ישׂראל זענען בכלל נישט קיין אַראַבער. זיי זענען אַן ערבֿ־רבֿ אָפּגעריסן פֿון יעדן פֿאָלק. אָט דער ערבֿ־רבֿ וועט גערן אַקצעפּטירן די ייִדן וואָס צו זיי געהער דאָס לאַנד. מיט דער צײַט וועט זיך דער ערבֿ־רבֿ אַסימילירן צווישן די ייִדן... פֿאַר אַ קוריאָז איז ווערט צו באַמערקן, אַז מיט עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער האָט דער העברעיִשער דיכטער יונתן רטוש (פֿריִער אוריאל האַלפּערן, אַ געבוירענער אין וואַרשע), איניציִירט די עבֿרים־באַוועגונג (דער דיכטער אברהם שלאָנסקי האָט זיי באַצייכנט מיט דעם נאָמען „כנענים"), וואָס האָט געשטרעבט צו פֿאַרווירקלעכן באָראָכאָווס פּראָגנאָז... די עבֿרים־באַוועגונג האָט געשטרעבט צו פֿאַרוואַנדלען אַלע פֿעלקערשאַפֿטן אין ארץ־ישׂראל אין עבֿרים, זיי זאָלן אָננעמען די עבֿרישע קולטור און רעדן העברעיִש. רטוש איז געגאַנגען אַ סך ווײַטער: דער ציל פֿון די עבֿרים איז: זיך אָפּזונדערן פֿון די ייִדן אין דער וועלט און זיך אָפּטרייסלען פֿון דער גלות־קולטור...

אין אָנהייב פֿון דעם יאָרהונדערט האָבן איז פּאַלעסטינע געלעבט צוויי צענדליק נאַציאָנאַלע גרופּן פֿון אַלע דרײַ מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס און זייערע סעקטעס. אָט די גרופּעס זענען געווען אָפּשטאַמיקע פֿון די פֿעלקערשאַפֿטן, וואָס האָבן דאָ געלעבט פֿון קדמונים — ייִדן און שומרונים — און פֿון די שפּעטערדיקע אײַנוואַנדערער — ביזאַנטינער גריכן, אַרמענער, קרײַצציגלער, פֿאַרשיידענע קריסטלעכע גרופּעס, צווישן זיי מאָנאַכן, וואָס האָבן געבויט קלויסטערס און מאָנאַסטירן. די ציוניסטישע פֿירער אין לאַנד האָבן געהאַלטן אַז הגם די אַלע פּרעמד־פֿאָלקישע גרופּעס האָבן אין לאַנד זייערע פֿאַרהייליקטע פּלעצער און זיי היטן די פּלעצער מיט אייפֿער, זענען זיי פֿיזיש און גײַסטיק נישט פֿאַרוואָרצלט אין לאַנד, וואָס איז נישט זייער היים, און מען דאַרף זיך מיט זיי נישט רעכענען בײַם אויפֿריכטן דאָס ייִדישע פֿאָטערלאַנד.

די פֿירער פֿון דער חובֿבֿי־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד האָבן גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם דעמאָגראַפֿישן, עקאָנאָמישן און פֿעלקערשאַפֿטלעכן מצבֿ פֿון פּאַלעסטינע. זעקס יאָר פֿאַר דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אין יאָר 1891, איז קיין פּאַלעסטינע דעלעגירט געוואָרן אשר צבֿי גינזבורג (זײַן ליטעראַרישער פּסעוודאָנים איז שוין דעמאָלט געווען אחד־העם און דער פּסעוודאָנים איז געוואָרן זײַן פֿאַמיליע־נאָמען), ער זאָל אויסגעפֿינען וואָס פּאַלעסטינע שטעלט מיט זיך פֿאַר אויף אַלע געביטן. במשך עטלעכע וואָכן איז אחד־העם אַרומגעפֿאָרן אין דער ברייט און אין דער

לענג פֿונעם לאַנד און אין זײַן באַריכט פֿאַר די חובֿבֿי ציון אין פעטערבורג האָט ער צווישן אַנדערן געשריבן:

„אין חוץ לארץ זענען מיר געוווינט צו גלויבן, אַז ארץ ישׂראל איז איצט אין גאַנצן פוסט און וויסט, אַ נישט פֿאַרזייטער מדבר. אין דער ווירקלעכקייט איז די זאַך נישט אַזוי. אין דעם גאַנצן לאַנד איז שווער צו געפֿינען פֿאַרזיי־פֿעלדער, וואָס זאָלן נישט ווערן פֿאַרזייט. מיר זענען געוווינט צו גלויבן, אַז אַלע אַראַבער זענען מדבר־ווילדע, אַ פֿאָלק ענלעך צום אייזל. דאָס איז אַ גרויסער טעות. אויב עס וועט קומען אַ צײַט ווען דאָס לעבן פֿון אונדזערע פֿאָלקסברידער וועט זיך אַזוי אַנטוויקלען, אַז עס וועט ווייניקער אָדער אַ סך אַרויסשטופּן די וואָס לעבן אין דעם לאַנד, וועלן זיי נישט לײַכט אָפּטרעטן זייער פּלאַץ".

איידער אחד־העם האָט אין יאָר 1922 אויף תּמיד זיך באַזעצט אין תּל־אָבֿיבֿ, האָט ער צוויי מאָל באַזוכט פּאַלעסטינע — אין 1891 און אין 1893. פֿון די צוויי באַזוכן איז ער געקומען צום אויספֿיר, אַז ס'איז אַן אילוזיע אין דעם לאַנד צו בויען אַ ייִדישע מדינה מחמת די דעמאָגראַפֿישע באַדינ־גונגען; אין דעם לאַנד לעבט אַן אַנדער פֿאָלק — אַראַבער, וואָס זיי האָבן באַהערשט דאָס לאַנד אין 7טן יאָרהונדערט, ווי ייִדן האָבן באַהערשט דאָס לאַנד מיט 3000 יאָר צוריק. ווי די עבֿרים האָבן געפֿירט מלחמות נישט צו דערלאָזן אַז די פּלישתּים זאָלן זיי אַרויסשטופּן פֿון כּנען, אַזוי וועלן די נײַע אײַנוווינער, די אַראַבער, נישט דערלאָזן, אַז די ייִדן זאָלן זיי אַרויסשטופּן פֿון דעם אַמאָליקן ארץ־ישׂראל.

זעענדיק די רעאַלע באַדינגונגען, איז אחד־העם געקומען צום אויספֿיר, אַז דער פּאָליטישער ציוניזם שטיצט זיך אויף אַ דאָקטרין, און ער איז געוואָרן אַ קעגנער פֿון דער אידעע. ער האָט אָנטייל גענומען אין דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אָבער ער האָט באַקעמפֿט די באַוועגונג פֿאַר אַ ייִדישער מדינה אין ארץ־ישׂראל. ער האָט געהאַלטן, אַז אין ארץ־ישׂראל קען בשום אופֿן נישט געלייזט ווערן די ייִדן־פֿראַגע, אָבער ער איז באַ־שטאַנען דערויף, אַז אין ארץ־ישׂראל זאָל געשאַפֿן ווערן אַ ייִדישער קולטור־צענטער, וואָס זאָל לייזן דאָס פּראָבלעם פֿונעם ייִדנטום ווי אַ קולטור־איינהײַט.

ווי עס געשעט אָפֿט, אַז באַוועגונגען וואָס שטיצן זיך נישט דווקא אויף אַ ראַציאָנאַלער באַזע, ווי למשל רעליגיע, באַהערשן גאַנצע פֿעלקער, אַזוי איז אויך געשען מיט דער באַוועגונג צו שאַפֿן אין פּאַלעסטינע אַ ייִדישע מדינה. די בענקשאַפֿט נאָך גאולה איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער ציוניזם האָט פֿאַרכאַפּט די ייִדישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע נישט ווייניקער ווי די פֿריִערדיקע משיחישע באַוועגונגען, דאָס מאָל אַ סעקולערע משיחישע באַוועגונג. די שטים פֿון אחד־העם איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן מיט דעם ענטוזיאַזם פֿון דעם יונגן דור ציוניסטן, וואָס האָט אין ארץ־ישׂראל געזען

די איינציקע מעגלעכע לייזונג פֿאַר די ייִדן אין זייער אומגליקלעכן מצבֿ פֿון רעכטלאָזיקייט. סײַ דער טעריטאָריאַליזם פֿון טעאָדאָר הערצל, און ישׂראל זאַנגוויל און סײַ דער טעריטאָריאַליזם פֿון זייער פֿאַרלויפֿער לעאָן פּינסקער, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין קעמפֿערישן ציוניזם, וואָס האָט פֿון איין זײַט געפֿירט אַ העפֿטיקע מלחמה מיטן „בונד" און אַנדערע פּאָליטישע באַוועגונגען בײַ ייִדן, און פֿון דער צווייטער געפֿירט מלחמה פֿאַר יעדן שפּאַן ערד און פֿאַר יעדער פּאָזיציע אין ארץ־ישׂראל.

די געבליבענע רעשטלעך פֿון דער צווייטער עליה און די שפּעטערדיקע שטראָמען פֿון יונגע ייִדישע ענטוזיאַסטן פֿון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער האָבן אויפֿגעטאָן וווּנדער אין פּאַלעסטינע. כּמעט מיט ליידיקע הענט, און מקריבֿ זײַענדיק זיך אַליין בפּועל ממש, האָבן זיי רעאַליזירט נישט בלויז נאַציאָנאַלע צילן, נאָר זיי האָבן דאָ אויך געגרונטפֿעסטיקט סאָציאַליזם, ווי קיין שום אַנדער סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין דער וועלט האָט עס נישט באַוויזן. די קיבוצים־באַוועגונג און די אָרגאַניזאַציע פֿון דער אַרבעטער־הסתּדרות איז געווען דאָס שענסטע וואָס די ייִדישע באַפֿרײַערישע יוגנט פֿון מזרח־אייראָפּע האָט געשאַפֿן אין ארץ־ישׂראל און מער אויפֿגעבלאָזן דעם ציוניסטישן ענטוזיאַזם בײַ דעם יונגן ייִדישן דור. בפֿרט האָט דער ציוניזם באַקומען אַ פֿאַרויס־שטויס מיט דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע.

אין דעם קאָנטעקסט פֿון די אויבנדיקע און ווײַטערדיקע שורות איז וויכטיק צו ברענגען דעם פֿולן טעקסט פֿון דער דעקלאַראַציע, וואָס, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט מער צווישן די שורות ווי אין די שורות. אָט איז דער טעקסט:

„אויסערן־מיניסטעריום דעם 2טן נאָוועמבער, 1917.

טײַערער לאָרד ראָטשילד,

איך האָב דאָס פֿאַרגעניגן דיר איבערצושיקן, אין נאָמען פֿון זײַן מאַיעסטעטס רעגירונג, די ווײַטערדיקע דעקלאַראַציע פֿון סימפּאַטיע מיט די ייִדישע ציוניסטישע אַספּיראַציעס, וואָס זענען פֿאַרגעבראַכט געוואָרן פֿאַר, און באַשטעטיקט דורך דעם קאַבינעט.

זײַן מאַיעסטעטס רעגירונג זעט מיט גוטוויליקייט דאָס אויפֿשטעלן אין פּאַלעסטינע אַ נאַציאָנאַלע היים פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק, און זיי וועלן מאַכן די בעסטע באַמיִונגען צו העלפֿן דערגרייכן אָט דעם ציל. זײַענדיק קלאָר פֿאַרשטאַנען, אַז גאָרנישט וועט געטאָן ווערן אַזעלכעס וואָס זאָל פּוגע זײַן די ציווילע און רעליגיעזע רעכט פֿון די עקזיסטירנדיקע נישט־ייִדישע קהילות אין פּאַלעסטינע, אָדער די רעכט און דעם פּאָליטישן סטאַטוס פֿון וועלכן עס געניסן ייִדן אין וועלכן עס איז אַנדער לאַנד.

איך וועל דיר דאַנקבאַר זײַן פֿאַר פֿאָרברענגען די דעקלאַראַציע צום ווּיסן פֿון דער ציוניסטישער פֿעדעראַציע.

דײַן

(—) אַרטור דזשיימס באַלפֿור"

ווי די באַלפֿור־דעקלאַראַציע האָט סטימולירט די ציוניסטישע אַקטי־וויטעטן אין פּאַלעסטינע, אַזוי האָט זי אַקטיוויזירט דעם אַראַבישן נאַציאָ־נאַליזם. אויב פֿריִער איז מצד די אַראַבער געווען אַ מער־ווייניקער פּאַסיווער ווידערשטאַנד צו די ציוניסטישע מעשׂים אין לאַנד, האָט איצט דער ווידער־שטאַנד אָנגענומען אַ בהדרגהדיק שטײַגנדיקן כאַראַקטער, וואָס זײַנע הויכ־פּונקטן זענען געווען די בלוטיקע אויסברוכן אין 1921 (תרפ"א) און אין 1929 (תרפ"ט) און אין די יאָרן 1936 (תרצ"ו) און 1939 (תרצ"ט). דער יישובֿ האָט מער נישט געוווּסט פֿון קיין רו ביז די באַלפֿור־דעקלאַראַציע איז אָפּגעביטן געוואָרן אויף דעם „ווײַסן בוך", וואָס האָט דראַסטיש באַגרענעצט די ייִדישע אײַנוואַנדערונג אָבער נישט געשטערט די אײַנ־וואַנדערונג פֿון אַראַבער פֿון יענער זײַט גרענעץ. די דעקלאַרירטע נאַציאָ־נאַלע היים פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק פֿון 1917 האָט זיך אויסגעלאָזט מיט דעם „ווײַסן בוך" אין 1938. פֿאַר דעם קאָנפֿליקט צווישן די ייִדן און די אַראַבער איז מער נישט געווען קיין לייזונג. די בריטישע אַדמיניסטראַציע איז פֿון איצט אָן געוואָרן אַ מין „פּאַרמיטלער" צו „רעגולירן" דאָס צו־זאַמענלעבן פֿון ייִדן און אַראַבער אין דעם הייליקן לאַנד וועדליק דעם אַלטן רעצעפּט פֿון „דיווידע עט אימפּעראַ" — צעטייל און הערש.

אין לאַנד איז אויפֿגעקומען אַ ייִדישע טעראָריסטישע באַוועגונג, אצ"ל (אירגון צבֿאי לאומי), מיט דעם פּאַראָל „רק כּך", און אַ ייִדישע מדינה פֿון ביידע זײַטן ירדן. מחמת אינערלעכע חילוקי דעות האָט זיך די באַוועגונג געשפּאָלטן און ס'איז געבוירן געוואָרן אַ צווייטע טעראָריסטישע אָרגאַ־ניזאַציע — לח"י (לוחמי חרות ישׂראל) און ביידע האָבן דערקלערט מלחמה קעגן ענגלאַנד און זיך געשטעלט אין אַ קאָנפֿליקט מיט דעם אומלעגאַלן ייִדישן מיליטערישן כּוח „הגנה", וואָס איז קאָנטראָלירט געוואָרן דורך דער ייִדישער אַגענטור. דער קריזיס אין די באַציִונגען צווישן דעם אָרגאַניזירטן יישובֿ זענען דערגאַנגען צו אַזאַ ברענפּונקט, אַז נישט געקוקט אויף דעם גיהנום פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה און דעם חורבן וואָס די נאַציס האָבן געבראַכט אויף די ייִדן אין אייראָפּע, האָט די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון לח"י געהאַלטן פֿאַר ריכטיק צו שיקן עמיסאַרן קיין ביירוט און קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל צו די אָרטיקע נאַציִשע פֿאָרשטייערס וועגן אַ מעגלעכער קאָאָפּע־ראַציע מיט די נאַציס אין קאַמף קעגן ענגלאַנד, וואָס האָט שוין דעמאָלט גאָר שטאַרק געליטן פֿון דעם נאַצישן „בליץ" — אַ קאָאָפּעראַציע וואָס דער ירושלימער מופֿטי האָט שוין געהאַט דערגרייכט פֿאַר דעם זעלבן ציל...

צום גליק האָבן די נאַציס אָפּגעוואָרפֿן די אָפּערטע פֿון לח"י און דערמיט איז פֿאַרמיטן געוואָרן די מאַקאַברישע מעגלעכקייט, אַז אין דער צייט ווען די נאַציס האָבן איז מזרח־אייראָפּע געשאָכטן אונדזער פֿאָלק, האָט אַ ייִדישע באַוועגונג, וואָס קעמפֿט פֿאַר אַ ייִדישע מדינה אין ארץ־ישׂראל, קאָלאַבאָ־רירט מיט די נאַציס קעגן ענגלאַנד, וואָס איז געשטאַנען אין אַ מלחמה אויף טויט און אויף לעבן מיט די זעלבע נאַציס...

דאָס וואָס די נאַציס האָבן אומגעבראַכט דאָס ייִדישע פֿאָלק אין אייראָפּע איז געווען אַ טויטקלאַפּ פֿאַר אַלע ייִדישע אידעאָלאָגיעס און חלומות, אַרײַנגערעכנט דעם ציוניסטישן חלום, ווי ער איז געחלומט געוואָרן פֿון דעם ענטוזיאַסטישן דור מזרח־אייראָפּעיִשע פּיאָנערן. די קומענדיקע ייִדישע מדינה, נאָך איידער זי איז אויפֿגעקומען, האָט פֿאַרלוירן איר פֿיזישן און גײַסטיקן הינטערלאַנד, אַ פֿאַרלוסט וואָס ווערט בולט פֿון יאָר צו יאָר. נישט געקוקט אויף אַלע צושרײַבונגען פֿון קרעדיט אויף דעם אָדער אַן אַנדערן פּאָליטישן פֿאַקטאָר, איז נישטאָ דער מינדסטער ספֿק, אַז אין לייק סאַקסעס האָבן די פֿעלקער אין 1947 געשטימט פֿאַר אַ ייִדישער מדינה נישט בלויז ווי אַ מין רעקאָמפּענסאַציע פֿאַר אויסמאָרדן די ייִדן אין אייראָפּע, נאָר אויך כדי פּטור צו ווערן פֿון דעם פּליטים־ און שארית־הפּליטה־פּראָבלעם. אויב מדינות האָבן נישט אַרײַנגעלאָזט צו זיך די וואַנד־לענדיקע ייִדן, וואָס האָבן געזוכט אַן אַנטרינונג פֿון די נאַצישע רדיפֿות, האָבן די זעלבע מדינות, נאָך דער מלחמה, מורא געהאַט פֿאַר דער נעגאַ־טיווער געזעלשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער השפּעה פֿון דער שארית־הפּליטה וואָס האָט יאָרן געלעבט אין באַדינגונגען פֿון היימלאָזיקייט און הפֿקר. האָבן זיי אין ארץ־ישׂראל, וואָס איז במשך צענדליקער יאָרן צוגעגרייט געוואָרן דורך ייִדן ווי אַ נאַציאָנאַלע היים, געזען דעם ריכטיקן פּלאַץ צו פֿאַרהיימישן די פֿאַרביטערטע און דורכגעליטענע היימלאָזע ייִדן.

איצט, נאָך מער פֿון פֿיר צענדליק יאָר זינט די מדינה איז אַנטשטאַנען, און נאָך זעקס מלחמות, קען אַוודאי אויסזען אויסטערליש דער וויכּוח צווישן די ציוניסטישע מנהיגים אין ארץ־ישׂראל און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, צווישן דעם 29טן נאָוועמבער 1947 און דעם אָנהייב חודש מײַ 1948, צי זאָל פּראָקלאַמירט ווערן די אַנטשטייונג פֿון דער מדינה, אָדער צוּוואַרטן אויף אַ מער פּאַסיקער צײַט?

וואָס מיינט „וויכּוח" אין אַזאַ קאַרדינאַלער פֿראַגע נאָך אַ האַלבן יאָר־הונדערט ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס האָט פֿאַרשלונגען אוצרות נאַציאָ־נאַלע ענערגיע, קרבנות און מיטלען?

ווי דאָס צוריקקערן קיין ארץ־ישׂראל, נאָך מער פֿון 2000 יאָר פֿאַרלירן ייִדיש מלוכישקייט, איז אַן אייגנאַרטיקער פֿאַל אין דער מענטשלעכער גע־שיכטע, אַזוי איז אייגנאַרטיק די דילעמע: מאַכן דעם אויספֿיר פֿאַר דעם ענדציל פֿונעם ציוניזם, אָדער זיך אָפּהאַלטן און אפֿשר פֿאַרשפּעטיקן אויף

תּמיד די מעגלעכקייט צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה? די קעגנער זענען דאָך נישט געווען קעגן אַ ייִדישער מדינה: זיי זענען געווען באַווירקט פֿון די מעגלעכע סכּנות. דער ייִדישער ישובֿ האָט דעמאָלט געציילט 650 טויזנט נפֿשות אין אַן אַראַבישן ים פֿון 700 טויזנט אַראַבער אין לאַנד און אַ 200 מיליאָן אַראַבער אינעם מיטעלן מזרח — 21 מדינות פֿײַנדלעך צום ציוניזם און צום ייִדישן ישובֿ בכלל.

די ווונד מחמת פֿאַרלירן דאָס שעפֿערישע אייראָפּעיִשע ייִדנטום האָט נאָך געבלוטיקט און דאָס שולדגעפֿיל אַז אין די יאָרן פֿון אויסראָטן די ייִדן אין אייראָפּע איז גאָרנישט געטאָן געוואָרן צו ראַטעווען ייִדן פֿון דער נאַצישער מאָרדמאַשין — האָט געשטאַרקט דאָס געפֿיל פֿאַר די מעגלעכע סכּנות. פּראָקלאַמירן די מדינה איז עלול צו זײַן אַן אַרויסרוף פֿאַר די צוויי הונדערט מיליאָן אַראַבער צו העלפֿן זייערע פּאַלעסטינעזער ברידער אַרײַנטרײַבן די ייִדן אין ים אַרײַן...

כּדי בילדלעך צו באַנעמען די דעמאָלטיקע סכּנה, איז ווערט צו פֿאַר־צייכענען פֿון מײַן פּערזענלעכן נסיון:

איך בין געקומען אין לאַנד אַרײַן דעם 11טן יוני 1941. דער נאַצישער פֿעלדמאַרשאַל, ערווין ראָמעל, איז מיט זײַן עקספּעדיציע־אַרמיי אין צפֿון־אַפֿריקע דערגאַנגען ביז על אַלאַמיין, נאָענט צו דער מצרישער גרענעץ. עס האָט אויסגעזען אַז ווידליק דער בליץ־סטראַטעגיע פֿון די נאַציס איז עס אַ פֿראַגע פֿון אַ קורצער צײַט און די נאַציס וועלן אַרײַנדרינגען קיין פּאַלעסטינע. אַ קורצע צײַט פֿאַר מײַן אָנקומען אין לאַנד אַרײַן האָבן זיך אַהער אויך געראַטעוועט פֿון דער סאָוועטישער ליטע עטלעכע ייִדישע שרײַבערס און געזעלשאַפֿטלעכע טוערס. אַלע אַנטלאָפֿענע פֿון דער נאַצישער סכּנה אין פּוילן און שפּעטער פֿון דער סכּנה פֿאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר. האָט געדראָט מיר זאָלן האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פֿון פֿײַער און אַרײַן אין וואַסער. אין יענער צײַט האָט נאָך אין תּל־אָבֿיבֿ „אַמטירט" אַ פּוילישער קאָנסול. דאָס איז געווען ד"ר ראָזמאַרין. אַזוי ווי מיר, די געקומענע, זענען געווען פּוילישע בירגערס, זענען מיר אַוועק אין אַ דעלעגאַציע צו אונדזער „אַפּוטרופּוס" דעם פּוילישן קאָנסול, ער זאָל אונדז זאָגן וואָס פֿאַר אַ פּערס־פּעקטיוון מיר האָבן צו דערוואַרטן. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פֿון ד"ר יוסף קרוק, פֿירער פֿון די אומאָפּהענגיקע אין פּוילן, דוד פֿלינקער, געוועזענער רעדאַקטאָר פֿון דער רעליגיעזער טאָגצײַטונג אין וואַרשע, און דער שרײַבער פֿון די שורות. אויסגעהערט אונדזער שאלה, האָט ד"ר ראָז־מאַרין, אַליין אַ ייִד, געזאָגט: טײַערע פֿרײַנד, פֿון דער נאַצי־אָקופּירטער וואַרשע האָט איר געקענט לויפֿן צו דעם טייל פּוילן, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן פֿון דער רויטער אַרמיי. פֿון דאָרטן האָט איר געקענט לויפֿן קיין ליטע, און אַז ליטע איז אָקופּירט געוואָרן פֿון דער רויטער אַרמיי האָט איר נאָך אַלץ געהאַט אַן אויסוועג, וואָרעם אָט זיצט איר צוזאַמען מיט מיר

אין תל־אביב. דאָ איז אונדזער אַלעמעס לעצטע סטאַציע, דאָ, אין פּאַלעס־טינע, ענדיקן זיך אַלע האָפֿענונגען. פֿון מערבֿ איז דער ים, פֿון דרום איז דער מדבר, פֿון מיזרח און צפֿון — אַן אַראַבישער ים. אין פֿאַל פֿון סכּנה איז נישטאָ וווּהין זיך צו ראַטעווען. די בריטן האָבן רעזערווירט צוויי עראָפּלאַנען אויף צו עוואַקויִרן די ייִדישע מנהיגים פֿון דער אַגענץ און פֿון ועד לאומי. די ,,הגנה" האָט צוגעגרייט אַ פּלאַן, אַז אין פֿאַל די נאַציס זאָלן אָקופּירן פּאַלעסטינע זאָל די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג זיך קאָנצענטרירן אויף די כּרמל־בערג און פֿון דאָרט שטעלן די נאַציס אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד. עס איז קלאָר, אַז עס דראָט עס זאָל זיך איבערחזרן די מעשׂה מסדה...

צום גליק פֿונעם ייִדישן ייִשובֿ איז דעם בריטישן פֿעלדמאַרשאַל בער־נאַרד לאָו מאַנטגאָמערי געלונגען צו צעברעכן דעם רוקנביין פֿון ראָמעלס חיילות און דער ייִשובֿ איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פֿון דעם זעלבן גורל, וואָס איז אויסגעפֿאַלן אויף די ייִדן אין אייראָפּע. עפּעס וואָס פֿון ענלעכע מחשבֿות און געפֿאַר האָט באַוויזן יענע ציוניסטישע פֿירער אין פּאַלעסטינע און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן צו ספֿקן, צי עס זאָל פּראָקלאַמירט ווערן די ייִדישע מדינה און אַרויסרופֿן דעם איבערפֿאַל פֿון די אַראַבישע אַרמייען. דוד בן־גוריון, דער דאָמינירנדיקער פֿירער פֿונעם ישובֿ, האָט זיך פֿאַרעקשנט און מיט זײַן עקשנות באַווירקט אַנדערע — יאָ דערקלערן די מדינה. די פֿײַערלעכקייט אינעם שטאָטישן מוזיי אין תּל־אָבֿיבֿ, דעם 14טן מײַ, איז פֿאָרגעקומען אונטער די אָפּקלאַנגען און שיסערײַ פֿון דער אַראַבישער יפֿו אויף תּל־אָבֿיבֿ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, וואָס דויערט שוין לענגער פֿון פֿערציק יאָר, מיט זעקס אויסברוכן, וואָס האָבן פֿאַרשלונגען 25 טויזנט קרבנות און אַ הונדערט טויזנט פֿאַרוווּנדעטע.

אין יאָר 1949, נאָך דעם נצחון פֿון דער יונגער מדינה, האָט אויף דער אַראַביש־ייִדישער קאָנפֿערענץ אין ראָדאָס געקענט דערגרייכט ווערן אַ רע־לאַטיווער שלום מיט די אַראַבער, אָבער די דעמאָלטיקע אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דער מדינה, בראש מיט דעם דאָמינירנדיקן און עקשנותדיקן דוד בן־גוריון, האָט נישט געהאַלטן פֿון אַן עוועטועלן שלום אין די לאַנדגרענעצן, וואָס איז שווער צו פֿאַרטיידיקן, מיט דער אַלטשטאָט פֿון ירושלים, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פֿון דעם יאָרדאַנישן מלך אַבדאַללאַ, בעת אין לייק סאַקסעס איז אָפּגעשטימט געוואָרן, אַז ירושלים וועט זײַן אַן אינטערנאַציאָנאַלע שטאָט. ווען ער איז געוווען פּרעמיער־מיניסטער האָט דוד בן־גוריון פֿון דער כּנסת־טריבונע עטלעכע מאָל געלאָזט וויסן, אַז דער ייִדישער פּאַרלאַמענט ווייסט וואָס ער, בן־גוריון, טראַכט וועגן די גרענעצן...

ווי דוד בן־גוריון האָט אין אָנהייב פֿון זײַן פּאָליטישער קאַריערע נישט געזען די ווירקלעכקייט אין פּאַלעסטינע (מיט דער דאָקטרין, אַז די אַראַ־

בישע פעלאַכן זענען ייִדן און שומרונים, וואָס זענען מיט צוואַנג אַריבער־געפירט געוואָרן צום איסלאַם), און לעבנדיק צען יאָר אין פּאַלעסטינע האָט ער נישט געוואוסט, אַז ס'איז אויפגעקומען אַן אַראַבישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג, אַזוי האָט ער אין דער צײַט פון פּראָקלאַמירן די מדינה נישט געזען די פּאָליטישע פּראָצעסן אין דער אַראַבישער וועלט:

נאָכן צעפאַלן זיך פון די ענגלישע און פראַנצייזישע אימפּעריאַליזמען זענען אין די שכנותדיקע מדינות — אין מצרים, סיריע און לבנון — פאָרגעקומען רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען. אין דער גרעסטער און קולטורעלסטער אַראַבישער מדינה, מצרים, האָבן „די יונגע מצרים" אַראָפּגעוואָרפן זייער מלך, דעם לעביונג, און באַפרײַטע פון די בריטן האָבן זיי אויך באַפרײַט דעם סועץ־קאַנאַל — אַ טייל פון זייער לאַנד. בעת איינער פון „די יונגע מצרים", אַבדול נאַצער, איז אין דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגשאַפט פון דער ישראל־אַרמיי און ער איז געזעסן אינעם לאַגער פאַלודזשאַ, האָבן אונדזערע אָפיצירן געפירט מיט אים געשפּרעכן און אין געוויסע פּונקטן — קודם כל אין די פּונקטן פאַרבונדענע מיט די ענדערונגען אין דעם ראַיאָן — האָבן זיך ביידע צדדים פרײַנדשאַפטלעך צוזאַמענגערעדט. אָן די אַלטע דאָקטרינען, נאָר מיט ברייטע פּאָליטישע האָריזאָנטן אויף דער צוקונפט, איז אין יענער תקופה געווען אַ מעגלעכקייט ישראל זאָל זיך אָנשליסן אין די רעוואָלוציאָנערע פּראָצעסן. איז דאָך אויך דאָס אויפשטיין פון אַ ייִדישער מדינה געווען אַ רעוואָלוציאָנערער אַקט! פאַר יעדן פרײַז זיך אָנשליסן אין די רעוואָלוציאָנערע פּראָצעסן און ווערן אַן אינטעגראַלער גליד פון דעם ראַיאָן, און נישט בלײַבן — ווי די אַראַבישע וועלט זעט אונדז — אַ פרעמדקערפּער אין דעם ראַיאָן. אָבער — דאָקטרין, און וואָס דאָס הארץ גלוסט... די פירער פון דער יונגער מדינה אונטער דער דאָמינירנדיקער השפעה פון דוד בן־גוריון האָבן געזען די אַראַבער נאָר ווי שונאים, וואָס ביז דער ציוניזם וועט נישט האָבן דערגרייכט אַלע זײַנע צילן, איז נישטאָ וואָס צו רעדן מיט זיי וועגן אַ שלום און עס איז אויך נישטאָ מיט וועמען צו רעדן. געפירט פון זײַנע דאָקטרינען האָט דוד בן־גוריון זיך פאַרמאָסטן צו העלפן צוריקדרייען די היסטאָרישע רעדער: ער האָט זיך פאַרבונדן מיט די פירער פון די נעכטיקע אימפּעריאַליזמען, מיט פראַנקרײַך און ענגלאַנד, כּדי זיי צו העלפן, זיי זאָלן צוריק פאַרכאַפּן פון מצרים דעם סועץ־קאַנאַל. נאָר־וואָס האָט ישראל גופא זיך באַפרײַט פון דעם בריטישן אימפּעריאַליזם און אָט מאַכט די יונגע מדינה באַמיִונגען צו העלפן די בריטן און פראַנצויזן אָפּרײַסן פון מצרים זייער קאַנאַל. עס איז לײַכט זיך פאַרצושטעלן ווי אַזוי דוד בן־גוריון וואָלט רעאַגירט ווען „די יונגע מצרים" וואָלטן קאָנספּירירט מיט די פאַרטריבענע בריטן צוריק צו דעראָבערן תל־אביב.

מיט אַ סך בלוט איז די קאָנספּיראַציע געלונגען, עס איז געקומען צו

דער פֿאַרבינדונג פֿון דעם דרײַעק — ישׂראל־פֿראַנקרײַך־בריטאַניע מיט דעם „הערא‌ישן" נאָמען „מלחמת קדש" — די „סיני אַקציע". די יונגע מדינה האָט באַצאָלט פֿאַר דער אַוואַנטורע מיט טײַערע קרבנות. אין יאָר 1957 איז ישׂראל אולטימאַטיוו געצווונגען געוואָרן זיך צוריק צוציִען פֿונעם סיני. די אומזיסטע קרבנות האָט מען נישט געקענט לעבעדיק מאַכן.

יחידים נעמען מיט זייערע זכרונות אין קבֿר אַרײַן; פֿעלקער האָבן אַ גוטן זכּרון. סײַ די ייִדן און סײַ די אַראַבער אין ישׂראל געדענקען די עוולות פֿון צד שכנגד. ווי די ייִדן געדענקען דעם פּאָגראָם אין חבֿרון, די „מאורעות" און ענלעכע געשעענישן, אַזוי געדענקען די אַראַבער דיר־יאַסין, כּפֿר קאַסעם און דעם גירוש אין דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה, בײַ די פּאַלעסטינעזער איז דער זכּרון דער טרײַב־כּוח צו דערגרייכן אַן אייגענע מדינה.

פֿון די זכרונות פֿון די אַלטע־אײַנגעזעסענע ייִדן אין פּאַלעסטינע באַקומט זיך, אַז אין דער תּקופֿה פֿון די בילויים האָט זיך אַפֿילו געשאַפֿן אַ פֿרײַנדשאַפֿט צווישן די אַראַבער און ייִדן. שפּעטער, מיט די ציוניסטישע אַקטיוויטעטן, כּדי צו פֿאַרזיכערן דעם קיום פֿון די פּיאָנערישע אײַנוואַנדערערס (קאַמף פֿאַר ייִדישער אַרבעט און ייִדישער פּראָדוקציע, אָפּקויפֿן באָדן בײַ עפֿענדיס און דערמיט אַראָפּטרײַבן פֿון דער ערד די אָרעמע פֿעלאַכן) האָט זיך די פֿרײַנדשאַפֿט און טאָלעראַנץ אָפּגעביטן אויף שׂינאה. דערצו האָט אויך צוגעהאָלפֿן דער יונגער מיליטאַנטישער אַראַבישער נאַציאָנאַליזם.

צוויי יונגע מיליטאַנטישע נאַציאָנאַליזמען אויף דעם זעלבן שטיקל באָדן...

דער פֿיזישער, עקאָנאָמישער און מאָראַלישער כּוח פֿון דער מדינה האָט געדאַרפֿט זײַן די קאָנצענטראַציע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק דאָ אין לאַנד (קבוץ גלויות). אַוודאי האָט די מדינה באַקומען אַ טויט־קלאַפּ נאָך איידער זי איז געגרינדעט געוואָרן; מיטן אויסשעכטן די ייִדן פֿון אייראָפּע. אָבער די פֿאַרבליבענע מיליאָנען ייִדן אין דער וועלט וואָלטן כּאָטשבי אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרטרעטן דעם פֿאַרלוסט פֿון דעם גרונט־כּוח. האָבן נישט געהאָלפֿן די רופֿן, די שטראָפֿרייד און די שליחים, צו ברענגען די ייִדן קיין ישׂראל. אַפֿילו די מאַסן־עליה פֿון די אַראַבישע לענדער איז דאָך נישט געקומען ספּאָנטאַן, ווײַט, ווײַט נישט ספּאָנטאַן, נאָר מיט געוואַלדיקע קאָנספּיראַטיווע און סכּנהדיקע אָנשטרענגונגען. דערצו דער אומאיבערדרײַסלעכער מלחמה־צושטאַנד, מלחמה־אויסברוכן און אומרו אויף די גרענעצן האָבן נישט געקענט סטימולירן אַ מאַסן־עליה פֿון די לענדער, וווּ ייִדן האָבן באַקומען גרויסע מעגלעכקייטן צו פּראָגרעסירן אויף אַלע געביטן. און מען טאָר נישט פֿאַרזען דעם אמת, אַז אין ישׂראל האָט מען ליב די עליה, אָבער אַ נײַער עולה קומט אין לאַנד אַרײַן, איז ווי ער וואָלט

געקומען צורויבן ביי עמעצן זיין פּאָזיציע. במשך די מער פֿון פֿערציק יאָר עליה האָבן די מדינה־אינסטאַנצן זיך נאָך נישט אויסגעלערנט ווי אַזוי אויפֿצונעמען און אַבסאָרבירן עולים, אָן צו פֿאַרביטערן זייער לעבן און אָפֿט דערפֿירט צו פֿאַרצווייפֿלונג און אַפֿילו צו פֿאַלן פֿון זעלבסטמאָרד.

דער נייער רעזשים אין ישׂראל, זייט דער איבערקערעניש אין יאָר 1977 — דער רעזשים פֿון די געוועזענע „פּורשים" — די צוויי טעראָריס־טישע אָרגאַניזאַציעס „אצ"ל" און „לח"י", האָבן דעם שווערן מצבֿ פֿון דער מדינה נאָך מער פֿאַרטיפֿט. די מדינה איז געוועגדט געוואָרן אויף רעכטס, צו פּאָליטישן עקסטרעמיזם און רעליגיעזן פֿונדאַמענטאַליזם און צום שטײ־גער פֿון איניציִרטע מלחמות — די אָנגרייף־מלחמה אין לבֿנון, וואָס אויסער די מאַסן קרבנות האָט די עפֿנטלעכע מיינונג אין דער וועלט דערזען אין אונדז אַגרעסאָרן און פֿאַרכאַפּער.

אַוודאי פֿאַכעט פֿאַר דער נאָז דער הערשנדיקער רעזשים אין ישׂראל דעם שלום־אָפּמאַך מיט דער גרעסטער אַראַבישער מדינה, מיט מצרים. אָבער דער אמת איז, אַז די וועלכע הערשן איצט אין ישׂראל זענען געווען קעגן קעמפּ דייוויד און קעגן דעם שלום מיט מצרים, און ביז היינט האַלטן זיי דעם אָפּמאַך פֿאַר אַ טעות. ערגעץ־ווו ווערט פֿאַרזען, אַז מנחם בעגין האָט אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך אין קעמפּ דייוויד מיט דער כּוונה צו נייטראַליזירן די גרעסטע אַראַבישע מדינה, כּדי צו האָבן פֿרייע הענט אויף צפֿון. די „פֿרייע הענט" אויף צפֿון זענען צונישט געוואָרן אין דער אַוואַנטוריסטישער מלחמה אין לבֿנון. עס איז שווער און פּיינלעך צו פֿאַרגעסן דעם וויזיט פֿון מנחם בעגין אין דער בופֿאַר־פֿעסטונג, ווו ער האָט זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן פֿון דער פֿיינער פֿרישער לופֿט וואָס הערשט אויף דעם פּלאַץ, און זיין באַגלייטער, דער מלחמה־איניציאַטאָר, אריאל שרון, האָט „פֿאַרגעסן" צו זאָגן, אַז אין דער „פֿיינער לופֿט" זענען אומ־געקומען אומזיסט און אומנישט יונגע לעבנס. אויך פֿון מנחם בעגינס צוזאָגן, אַז אין דעם ראַיאָן וועט פֿערציק יאָר הערשן רו, איז געוואָרן דאָס זעלבע וואָס פֿון דער גאַנצער אַוואַנטוריסטישער מלחמה.

באַלד נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט דער דעמאָלטיקער פּרעמ־יער־מיניסטער, לוי אשכּול, דערקלערט, אַז פֿאַר אַ שלום איז ער גרייט צוריקצוגעבן אַלע באַזעצטע שטחים, אָבער פֿון ביידע זייטן, סיי פֿון דער ישׂראלדיקער און סיי פֿון דער אַראַבישער זייט, איז נישט געווען אַזאַ גרייטקייט. פֿון דער ישׂראלדיקער זייט, ווייל די נאַציאָנאַליסטן ווילן דורכויס רעאַליזירן די הבֿטחה, וואָס גאָט האָט צוגעזאָגט זיין פֿאָלק — אַ מדינה ביז דעם טייך פּרת אין מעסאָפּאָטאַמיע, און די פּאַלעסטינעזער, ווייל זיי האָבן בשום אופֿן נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם געשאַפֿענעם מצבֿ אין רעזולטאַט פֿון דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה, מיט דעם פּראָבלעם פֿון פּליטים, פֿון איבערגעלאָזטן פֿאַרמעגן און באָדן־קאָנפֿיסקאַציעס.

זייט די מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, ביזן היינטיקן טאָג, האָט זיך דאָס לאַנד אַנטוויקלט צו אַ מאָדערנער אינדוסטריעלער מדינה מיט אַ טעכ־נאָלאָגישן פּאָטענציאַל אויף אַלע פּראָדוקציע־געביטן. אָבער דער עקאָנאָ־מישער מצבֿ אין לאַנד איז אין אַ כּסדרדיקן קריזיס מחמת דער מיליטערישער און זיכערהייט־בודזשעט פֿון דער מדינה איז פּראָפּאָרציאָנעל דער גרעסטער אין דער וועלט און ער מוז ווערן וואָס אַמאָל גרעסער, ווייל אויך די אַראַ־בישע מדינות באַוואָפֿענען זיך מיט וואָס אַמאָל מאָדערנערן געווער, כּדי אין דער נאָענטסטער מלחמה מיט ישׂראל זי צו באַזיגן.

עס זענען נישטאָ קיין אויסזיכטן די צייט פֿון מיליטער־דינסט, דריי יאָר, זאָל ווערן קירצער און אַז די לאַסט פֿון רעזערוודינסט זאָל ווערן לייכטער. צווישן אַנדערע מאָטיוון איז אויך די דינסט אין מיליטער אַ מאָטיוו פֿאַר ירידה, יונגע כּוחות זאָלן פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. די מאַסיווע ירידה נעמט צו ביי יידישע יונגע מענטשן אין די תּפֿוצות די מאָטיוואַציע עולה צו זיין און צו פֿאַרבינדן זייער גורל מיט דער מדינה.

אויך די פּאַלעסטינעזער זיצן נישט מיט פֿאַרלייגטע הענט. זיי האָבן נישט קיין פּראָבלעם פֿון דעמאָגראַפֿיע. ווי אַ נאַציע זענען זיי יונג. זייט דער אינטיפֿאַדאַ, אין דעצעמבער 1987, מאַכן דורך אַראַבישע יוגנטלעכע, אויך מיידלעך און יונגע פֿרויען, אַ רעוואָלוציע. אין די באַדינגונגען פֿון זיין אונטער אָקופּאַציע און לעבן אין פּליטים־לאַגערן, איז זייער עקאָנאָמיע אָפּגעשטאַנען, אָבער וואָס שייך בילדונג, איז דער דראַנג ביי זיי נישט קיין קלענערער ווי ביי יידן. אין די גרענעצן פֿון ישׂראל און אין אויסלאַנד האָבן איצט די פּאַלעסטינעזער מער פֿון 100 טויזנט סטודענטן און אַן אַקאַ־דעמישע אינטעליגענץ, וואָס בלויז אין ישׂראל זענען אירע מעגלעכקייטן באַגרענעצט. שטיצנדיק זיך אויף דעם יונגן פּאַלעסטינעזער דור אין ישׂראל און אויסער ישׂראל, האָט יאַסער אַראַפֿאַטס אָרגאַניזאַציע געקענט פּראָקלאַ־מירן אַ פּאַלעסטינעזער מדינה אָן טעריטאָריע, וואָס איז אין פּראָצעס פֿון ווערן, מיט דער שטיצע פֿון אייראָפּעישע מדינות, און ביסלעכווייז אויך פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

ווי מען זאָל נישט אָנרופֿן דעם אויפֿשטאַנד פֿון דעם יונגן פּאַלעסטינע־זער דור — אינטיפֿאַדאַ, שטערונג פֿון דער אָרדענונג, טעראָר אָדער הפֿקרות, איז עס אַ מלחמה! פֿון איין זייט שטיינער און צינד־פֿלעשער און פֿון דער צווייטער זייט אַן אַרמיי פֿון אַ וועלטרום — די שטאַרקסטע פֿון אַלע 21 אַראַבישע אַרמייען צוזאַמען. שיינט מיר אַז ס'איז נישטאָ אין דער וועלט־געשיכטע אַ פּרעצעדענס, אַז קינדער זאָלן מיט שטיינער קעמפֿן פֿאַר נאַציאָנאַלער פֿרייהייט. דאָס וואָס די טעלעוויזיע פֿון דער ברייטער וועלט ברענגט אַוונט נאָך אָוונט די אויסטערלישע בילדער, איז עס נישט מחמת אַנטיסעמיטיזם, נאָר מחמת דער אויסטערלישקייט פֿון די אומגלייכע כּוחות. אין דער אַקטועלער פּאָליטישער סיטואַציע אין דער וועלט איז אוממעגלעך

די ישׂראל־אַרמיי זאָל זיך דערלויבן אָננעמען אַזעלכע מיטלען וואָס זאָלן אַ סוף מאַכן צום פּאַלעסטינעזער אויפשטאַנד.

דער אַראַביש־ישׂראלדיקער קאָנפליקט און דאָס פּאַלעסטינעזער פּראָבּ־לעם האָט זיך אַזוי קאָמפּליצירט, די שׂינאה און די קעגנזײַטיקע פאַראַכטונג זענען אַזוי פֿאַרטיפט געוואָרן, אַז עס איז כּמעט אוממעגלעך אַ פֿאַרמעלער שלום זאָל זיי מבטל מאַכן.

עס זענען זיכער נישט אומגערעכט די פֿאַנאַטישע יידישע קרײַזן וואָס האָבן גורם געווען דעם מצבֿ און זיי זאָגן, אַז אַ שלום מיט די אַראַבער איז נישט ווערט קיין צעבראָכענע פּרוטה. די אַראַבער שטרעבן אַרײַנצו־וואַרפֿן אונדז אין ים אַרײַן און זיי ווילן עס טאָן, אויב נאָר זיי ווילן האָבן אַ מעגלעכקייט עס צו טאָן. אויב דער פּרעמיער־מיניסטער און זײַן גאַנצע באַוועגונג געפֿינען זיך אינעם כאָר פֿון די אַנטי־שלומניקעס. ער הערט נישט אויף איבערצוחזרן בײַ יעדער געלעגנהייט, אַז יאַסער אַראַפֿאַט, וואָס האָט בײַ 100 מדינות דערגרייכט דעם פּרעסטיזש פֿון אַ מלוכה־מאַן, איז אַ געמיינער ליגנער, אַ מערדער און מען טאָר אים נישט נעמען ערנסט. דאָס טראַגי־קאָמישע איז אין דעם וואָס עס דערנענטערט זיך די צײַט ווען ישׂראל וועט מוזן זיך זעצן צום טיש, אויב נישט מיט יאַסאַר אַראַפֿאַט גופֿא, איז מיט זײַנע נאָענטסטע פֿאַרטרעטער.

מען טאָר נישט פֿאַרגעסן, אַז בלוט־נקמה איז בײַ די אַראַבער מער ווי אַמביציע. עס איז פֿאַראַן אַ גרונט־פֿאַרשיידענער אונטערשייד פֿון דעם יידישן עטישן סיסטעם און דעם איסלאַמישן. דאָס איבערצייגונג־געווער פֿון דעם נבֿיא משה זענען געווען די צען געבאָטן פֿון די לוחות. אויף אַלע זייערע וועגן און וואַגלענישן האָבן יידן געטראַגן מיט זיך די תּורה. דערקעגן האָט דער נבֿיא מאַכאַמעד איבערצײַגט אין זײַן גערעכטיקייט מיט דער שווערד. מיט דער שווערד האָט דער איסלאַם דערגרייכט צו אַ ביליאָן גלויביקע; מיט דער תּורה זענען יידן געווען און זענען געבליבן אַ קליינע מינדערהייט צווישן די ביליאָנען מענטשן אויף דער וועלט.

שלום — יעדער שלום — איז דרינגענדיק פֿאַר דעם קיום נישט בלויז פֿון מדינת ישׂראל, נאָר פֿאַרן קיום פֿון דעם יידישן פֿאָלק אין דער גרויסער וועלט. וואָס לענגער עס דויערט דער ישׂראל־אַראַביש־פּאַלעסטינעזער קאָנ־פֿליקט, אַלץ מער דערנענטערן מיר זיך צו אַ קאַטאַסטראָפֿע וואָס איר פֿאַרנעם איז אוממעגלעך זיך פֿאַרצושטעלן. אַפֿילו די פּאַלעסטינעזער און די אַראַבישע שכנים זאָלן אונטערשרײַבן אַ שלום־אָפּמאַך מיט ביידע הענט, וועט ישׂראל סטאַביל מוזן האַלטן אַן אַרמיי וואָס זאָל זײַן שטאַרקער פֿון אַלאַ אַראַבישע אַרמייען צוזאַמען. עס מוז נעמען הונדערט יאָר און אפֿשר מער, די אַראַבער זאָלן פֿאַרוואַרפֿן זייער עטישן סיסטעם פֿון בלוט־נקמה און איבערצײַגן מיט דער שווערד, און אָננעמען דעם עטישן סיסטעם פֿון דער מערבֿדיקער וועלט.

מיט אַ 100 יאָר צוריק האָט אחד־העם אין זײַן באַריכט פֿאַר די חובֿבֿי־ציון אין פּעטערבורג געשריבן: „אויב עס וועט קומען אַ צײַט און אונדזערע פֿאָלקסברידער אין ארץ־ישׂראל וועלן זיך אויף אַזוי ווײַט אַנט־וויקלען ביז זיי וועלן ווייניקער אָדער מער אַרויסשטופּן די אײַנגעזעסענע, וועלן די אײַנגעזעסענע נישט לײַכט אָפּטרעטן זייער פּלאַץ״.

זײַן באַריכט איז געווען אַ נביאישער.

אויב אין אַ פֿאַרהעלטעניש קורצער צײַט וועט נישט דערגרייכט ווערן אַזאַ לייזונג אין דעם ישׂראל־פּאַלעסטינעזער פּראָבלעם, אַז די בײדע בלוטן זאָלן אָנהייבן זיך אָפּקילן, איז פֿאַראַן אַ געפֿאַר אַז די קאָלאָסאַלע אָנ־שטרענגונגען, דערגרייכונגען און חלומות זאָלן האָבן געווען נאָך איין פֿאַלש־משיחישע אַוואַנטורע, דאָס מאָל אין אַ סעקולערער אויפֿלאַגע.

# חבלי־משיח מיט דינאַמיט

משיחישע באַוועגונגען זענען נישט קיין זעלטנקייט אין דער ייִדישער געשיכטע. צוליב דעם וואָס די משיחישע אידעע איז אַן אַבסטראַקטע, אַ פֿילאָסאָפֿישע, און די משיחים, וואָס פֿאַרקערפּערן די אידעע, קומען מיט רעאַלע צילן פֿאַר פֿיזישער און גײַסטיקער דערלייזונג, איז קלאָר, אַז יעדער אַזאַ משיח מוז לסוף זיך אַרויסווײַזן ווי אַ משיח שקר. דער אמתער משיח, משיח בן דוד, דאַרף ערבֿ זײַן קומען שאַפֿן אויף דער וועלט אַזעלכע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַדינגונגען, וועלכע זאָלן אים נישט זײַן קיין שטער פֿאַר דער דערלייזונג פֿון ייִדן. אָבער ייִדן זענען אַ קליינע מינדערהייט צווישן די פֿעלקער און רעליגיעס אין דער וועלט, און זיי, די נישט־ייִדן, ווילן זיך נישט צופּאַסן צו די משיח־לעכצונגען פֿון דעם עם הנבֿחר. בפֿרט אַז אַנדערטהאַלבן ביליאָן קריסטן גלויבן דערין, אַז משיח (אויף גריכיש כריסטאָס, דערלייזער) איז שוין געקומען.

פֿאַר רעליגיעזע ייִדן גילטן נישט די לאָגיק און אויך נישט די רעאַלע פּאָליטישע באַדינגונגען ווען עס האַנדלט זיך אין דער משיח־אידעע: דוד אלרואי, דוד ראובני, שבתי צבי, צי יעקב פֿראַנק זענען וואָס אַן אמת געווען פֿאַלשע משיחים, אָבער זיי זענען דאָך געווען פֿאַלשע ווײַל זיי זענען נישט געווען די אמתע. דעריבער דאַרף קומען דער אמתער, דער ריכטיקער משיח. אַלע ביז איצטיקע משיחים, אָנהייבנדיק פֿון משה פֿון קרעטאַ, וואָס האָט געזאָלט די ייִדן פֿון דעם אינדזל אַריבערפֿירן קיין ארץ־ישראל און די מערהייט פֿון זיי זענען דערטרונקען געוואָרן אין ים, ביז שבתי צבֿי, האָבן פֿאַרבונדן זייער שליחות מיט ארץ־ישראל.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט נישט געטראַכט מיט די קאַטעגאָריעס פֿון דעם רעליגיעזן משיחיזם. די שעפֿער פֿון דער ציוניסטישער אידעאָ־לאָגיע זענען געווען סעקולערע ייִדן אין אייראָפּע, וואָס האָבן געזוכט צו לייזן די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די ייִדן אין אייראָפּע דורך שאַפֿן אַן אייגענע מדינה. אויב טעאָדאָר הערצל האָט געזען שוועריקייטן צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה אין פּאַלעסטינע, איז פֿאַר אים אויך אוגאַנדע גוט געווען. הערצלס קעגנער זענען באַשטאַנען אויף פּאַלעסטינע, ווײַל

ארץ־ישׂראל איז פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער געשיכטע און דאָס לאַנד אַפּעלירט צום ייִדישן געמיט, אַפֿילו צום געמיט פֿון סעקולערע און אַסימילירטע ייִדן. ווי די טעאָרעטיקערס אַזוי אויך די פּראַקטיקערס פֿון דער ציוניסטישער אידעע, זענען געווען וועלטלעכע מענטשן. אין זײַן „יודענשטאַט" שרײַבט הערצל קליפּ און קלאָר: „ס'וועלן נישט דערלאָזט ווערן (אין דער ייִדישער מדינה — מ.צ.) טעאָקראַטישע אימפּולסן פֿון אונדזערע רעליגיעזע, זיי זאָלן אויפֿהייבן דעם קאָפּ. מיר וועלן וויסן ווי צו האַלטן זיי אין זייערע בתי כנסת". כּמעט אַלע ציוניסטישע מנהיגים זענען געווען וועלטלעכע. אָנהייבנדיק פֿון מאַקס נאָרדוי און לעאָן פּינסקער, דורך בער באָראָכאָוו, בערל קאַצענעלסאָן, יוסף שפּרינצאַק, לוי אשכול, גאָלדע מאיר און אַנדערע זענען געווען סעקולערע מענטשן. ערשט פֿינף יאָר נאָך דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, איז אין ווילנע אויפֿגעקומען די „מזרחי"־באַוועגונג, וואָס איר ציל איז געווען, אַז דער ציוניזם זאָל אין דער קומענדיקער ייִדישער מדינה אויפֿהאַלטן די רעליגיעזע קולטור, כּדי צו האַלטן פֿאַראייניקט דאָס ייִדישע פֿאָלק סײַ אין ארץ־ישׂראל און סײַ אין די גלות־לענדער. וועגן דעם, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג איז פֿאַרבונדן מיט משיחיזם, אָדער אַז זי איז אַ דערלייזערישע אידעע אין זין פֿון משיחיזם, איז אין דעם „מזרחי"־פּראָגראַם נישטאָ דער מינדסטער רמז.

מדינה איז אַ פּראַקטישער, פּאָליטישער ענין און משיחיזם איז אַ רעליגיעז־גײַסטיקער ענין. די צוויי באַגריפֿן זענען געווען אָפּגעטיילט אַזוי לאַנג ביז דער רבֿ אברהם יצחק קוק, הויפּט־רבֿ פֿון ארץ־ישׂראל, דענקער, דיכטער, בעל־מקובל און דערציִער, האָט אויסגעפֿונען, אַז ציוניזם איז די אתחלתא דגאולה. אויב ציוניזם איז די אתחלתא דגאולה, האָט זיך הרבֿ קוק פֿאַרנומען אַרויפֿצופֿירן אויפֿן ריכטיקן וועג די אפּיקורסים, די חלוצים, וואָס האָבן געטריקנט די זומפּן און געבויט די וועגן פֿון דער קומענדיקער ייִדישער מדינה. אַזוי ווײַט האָט הרבֿ קוק פֿאַרבונדן מדינה מיט משיחן, מיט דער גאולה אין רעליגיעזן זין, אַז ער האָט מתיר געמאַכט צו אַרבעטן אום שבת בײַם אויפֿשטעלן נײַע ייִדישע יישובֿים דאָרט ווו די בריטישע מאַנדאַטן־מאַכט האָט פֿאַרבאָטן ייִדן צו קאָלאָניזירן זיך. וואָרעם אין יענער צײַט האָט אין פּאַלעסטינע געגאָלטן דאָס טערקישע געזעץ, אַז אויב מען שטעלט־אויף אַ בנין אָדער וויניקסטנס אַ דאַך אויף אַ פֿאַרבאָטענעם פּלאַץ, טאָר מען דעם דאַך אָדער דעם בנין נישט צעשטערן. האָט דער רבֿ קוק מתיר געמאַכט אויפֿצוקלאַפּן אַ דאַך אום שבת, ווען די ענגלענדער האָבן זיך נישט געריכט, אַז ייִדן וועלן אַרבעטן אין זייער הייליקן טאָג. הרבֿ קוק איז אַזוי אַרום געוואָרן דער גײַסטיקער מנהיג נישט בלויז פֿון די רעליגיעזע ייִדן, נאָר אויך פֿון די ציוניסטישע אַפּיקורסים.

אויפֿן דרך פֿון דעם רבֿ אברהם יצחק קוק איז זײַן זון, הרבֿ צבי יהודה קוק, אַוועק אַ סך ווײַטער. אויב עס איז די רייד וועגן אתחלתא

דגאולה, קען שוין נישט זײַן די רייד וועגן בלויז אַ ייִדישער מדינה. אַ ייִדישע מדינה איז אַ יורידיש־וועלטלעכער באַגריף, ס׳איז אַן עסק מיט באַציִונגען מיט גויים, מיט אַמבאַסאַדאָרן, מיט האַנדלס־באַציִונגען, וואָס זע־נען עלול גורם צו זײַן חילול שבת וכדומה. אַ ייִדישע מדינה מיינט: פּירערס־אפּיקורסים ווי אַ שטייגער וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, בערל קאַצענעלסאָן, דוד בן־גוריון און זיי ענלעכע. דעריבער דאַרף מען די אתחלתא דגאולה אָפּטשעפּען פֿון דער מדינה און זי פֿאַרבינדן מיט ארץ־ישׂראל. ארץ־ישׂראל האָט אירע געזעצן אין דער תורה, בעת מדינת ישׂראל האָט סעקולערע געזעצן ,וואָס זענען ענלעך צו די געזעצן פֿון גויים.

הרבֿ צבֿי יהודה קוק, וואָס איז געשטאַנען בראש פֿון אַ גרויסער ישיבֿה אין ירושלים, האָט געמאַכט דעם לאָגישן אויספֿיר, אַז אויב זײַן פֿאָטער ז״ל האָט פֿעסטגעשטעלט די אתחלתא דגאולה, איז „אתחלתא״ (אָנהייב) נישט קיין סטאַטישער מצבֿ. דער אָנהייב האָט אַ המשך, משיחס צײַטן דער־נעענטערן זיך. דערום האָט הרבֿ צבֿי יהודה קוק „פֿעסטגעשטעלט״ אַז אַלע עלעמענטן, וועלכע דערנעענטערן משיחס קומען, זענען הייליקע — הייליקע זענען די מעשׂים פֿון די קאָלאָניסטן אויף די באַזעצטע געביטן, וואָרעם זייערע מעשׂים זענען פֿאַר ארץ־ישׂראל; הייליק איז זייער געווער, הייליק איז אַלץ וואָס זיי טוען, וואָרעם זיי טוען לשם שמים, לשם משיח צדקנו.

אין דער ישיבֿה פֿון הרבֿ צבֿי יהודה קוק האָט זיך אויסגעבריט דער אַוואַנגאַרד פֿון דעם „גוש אמונים״. אָן שום באַוואָרענישן, ווי עס איז דער שטייגער פֿון רבנים און זייערע תלמידים, האָט דער „גוש אמונים״ איבערגענומען די תורה פֿון זייער רבי אויך מיט דער אויסנעמלעכער מאָראַל וואָס שטעלט זיך אײַן אין דער צײַט פֿון ביאת המשיח.

די מאָראַל וואָס דער רבֿ צבֿי יהודה זעט זי אין דער צײַט פֿון ביאת המשיח, איז נישט ענלעך צו דער מאָראַל פֿון דער תורה. אין דער תורה שטייט טאַקע „לא תרצח״. אויב אָבער אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט ביאת המשיח איז הייליק און די מעשׂים זענען הייליק — שטייט די הייליקייט איבער אַלץ, איבער דער אָנגענומענער מאָראַל און עטיק. און אַזוי ווי דער נישט־ייִד און זײַנע קינדער, און זײַן הויז, און זײַן פֿעלד זענען נישט הייליק, זענען זיי הפֿקר. אויך דאָס בלוט פֿון אַ נישט־ייִד איז אין דער צײַט פֿון ביאת המשיח הפֿקר.

ווער עס האָט זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט יונגע־לייט פֿון דעם „גוש אמונים״, מוז צוגעבן, אַז אין תוך זענען זיי אָרנטלעכע און גוטע מענטשן. וועגן פֿרומקייט איז שוין אָפּגערעדט. איר וועט צווישן זיי נישט געפֿינען אַזעלכע וואָס פֿאַרגיפֿטן זיך מיט דראָגס, אָדער פֿאַראייגענען זיך פֿרעמד־אייגנטום. אָבער די קנאים צווישן זיי זענען איבערצײַגט, אַז זיי הערן די טריט פֿון משיחן און דעריבער זענען זיי — ווערדליק דעם פּסק פֿון הרבֿ צבֿי יהודה קוק — הייליק און זייערע מעשׂים זענען הייליקע און אַלץ וואָס

זיי טוען איז וועדליק דער מאָראַל און עטיק אין דער צײַט פֿון ביאת המשיח...

די פֿאַנאַטיקער פֿונעם „גוש אמונים" לעבן און טראַכטן מיט גאָר אַנדערע באַגריפֿן פֿון די, וועלכע מיר נעמען אָן פֿאַר צווישן־מענטשלעכע. זיי האַלטן נישט, אַז אין „גוש אמונים" האָט זיך געשאַפֿן אַן אונטערערדישע טעראָריסטישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך פֿאַראייגנט די פּרעראָגאַטיוון פֿון דער סוווערענער ישׂראל־רעגירונג און אירע געזעצן. אויב בלוט־פֿאַרגיסונג פֿון נישט־ייִדן איז אין דער צײַט פֿון ביאת המשיח נישט קיין פֿאַרברעך, אויב דער „לא תרצח" איז אין דער צײַט אויסער דער ייִדישער מאָראַל, עקסיסטירט אויך נישט דער גאַנצער ענין פֿון מדינת ישׂראל, רעגירונג, כּנסת, מדינה־געריכטן און זיכערהייט־כּוחות פֿון דער מדינה. אויך דער אַרגומענט פֿון אַ פּאַלעסטינעזער פֿראַגע עקסיסטירט נישט. איין זאַך עקסיסטירט און זי שטייט איבער אַלץ און אַלעמען — די גאולה און ארץ־ישׂראל, וואָסביירע זענען איינס. אין דעם איינס — אין דער גאולה און ארץ־ישׂראל — איז פֿאַראַן אַ פּלאַץ בלויז פֿאַר איין פֿאָלק, פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק, צוזאַמען ארץ־ישׂראל און עם־ישׂראל. דער עקסטרעמער טייל פֿונעם „גוש אמונים" ווערט נישט מיד צו רעדן דערפֿון, אַז צווישן די ייִדן און אַראַבער הערשט אַן אייביקע שׂינאה, וואָס איז אוממעגלעך אָפּצושאַפֿן. פֿון דאַנען איז גע־דרונגען דער פֿאַרביסענער געראַנגל פֿון דעם „גוש" נישט צו פֿאַרלאָזן דעם סיני אין די ראַמען פֿון דעם שלום־אָפּמאַך מיט עגיפּטן. וואָרעם דער עצם שלום מיט אַן אַראַבישער מדינה גראָבט אונטער די אמונה פֿון דעם „גוש", אַז ס'איז אוממעגלעך אַ שלום מיט די אַראַבער. אינעם געראַנגל נישט צו עוואַקויִרן די שטאָט ימית און די קאָלאָניעס אין צפֿון פֿון סיני, האָבן די פֿאַנאַטיקער אָראַפּגעגאָסן כעמיקאַלן אויף די קעפּ פֿון ייִדישע זעלנערס און געשלאָגן ייִדישע פּאָליציאַנטן, וואָרעם זיי פֿאַרטרעטן די מדינה און די אַפּיקורסישע געזעצן פֿון דער מדינה, וואָס אַנטקעגן ארץ־ישׂראל און עם ישׂראל זענען זיי בטל.

טייל וועלן פֿרעגן: אויב די זיכערהייט־אינסטאַנצן פֿון ישׂראל האָבן אַרויסגעגעבן פֿון זיך אַ טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס מאָרדעט אומ־שולדיקע מענטשן (נישט־ייִדן), צעשטערט זייער פֿאַרמעגן און מיינט די אַראַבער צו פֿאַרטרײַבן פֿון ישׂראל — פֿאַרוואָס זענען די פֿאַרדעכטיקטע אין אָפּטאָן אַזעלכע פֿאַרברעכנס נישט אַרעסטירט געוואָרן מיט יאָרן צוריק? דער ענטפֿער דערויף איז אַ קאָמפּליצירטער: ערשטנס, איז אין ישׂראל כּמעט נישטאָ קיין אַנדער עלעמענט ווי דער „גוש אמונים" און זייערע אָנ־הענגער צו באַפֿעלקערן די באַזעצטע געביטן. און אין פּראָגראַם פֿון דעם רעזשים איז צו קאָלאָניזירן די באַזעצטע געביטן מיט ייִדן, כּדי אַזוי אָרום צוגרייטן די געביטן זיי אײַנצושליסן אין מדינת ישׂראל. אָן דעם „גוש אמונים" וואָלט נישט אויפֿגעבויט און באַפֿעלקערט געוואָרן קרית ארבע

און עס וואָלט נישט אויפֿגעריכט געוואָרן דער ייִדישער ישובֿ אין חבֿרון און אויף די באַזעצטע געביטן בכלל.

קיינער אין ישראל וואָלט נישט געווען אומגליקלעך ווען אין איינעם אַ טאָג זאָל זיך אויפֿהייבן אַ האַלבער מיליאָן אַראַבער אויף די באַזעצטע געביטן און פֿאַרלאָזן ישראל. דער „גוש אמונים" איז אַ סטימול, אַז מיט דער צײַט וועט די אַראַבער נמאס ווערן דער טאָגטעגלעכער טעראָר פֿון אָט די „גושניקעס" און זיי וועלן טאַקע פֿאַרלאָזן זייערע הײַזער און זיי וועלן אַריבער דעם ירדן... דער „גוש אמונים", אָדער זײַן טעראָריסטישער אָרעם האָט זיך ניט באַגנוגנט מיט קליינעם טעראָר, מיט הרגענען אַן אַראַבער און זיך אָפּרוען, הרגענען אַ צווייטן אַראַבער און זיך ווידער אָפּרוען, נאָר ער האָט זיך פֿאַרנומען אויף גרויסן טעראָר — אונטערמינירן זעקס אויטאָ־בוסן און גורם זײַן דעם טויט פֿון הונדערטער און הונדערטער אַראַבער. אפֿשר וועט פֿון דעם אַנטשטיין אַ בהלה צווישן די אַראַבער און זיי וועלן אָנהייבן לויפֿן, ווי אין מײַ־יוני 1948.

דאָס איבערגיין אויף גרויסן טעראָר האָט דער רעגירונג דערפֿירט צו דער מחשבֿה, אַז די לאַגע ווערט געפֿערלעך נישט פֿאַר די אַראַבער, נאָר פֿאַר איר גופֿא — פֿאַר דער געזעצלעכער רעגירונג. די טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע זאַמלט ריזיקע קוואַנטומס געווער און אַמוניציע, אָפּט שטעלט זי די רעגירונגס־כּוחות אויף די באַזעצטע געביטן פֿאַר געשעענע פֿאַקטן, וואָס שטערן דער רעגירונג אין איר פּאָליטיק. די טעראָריסטן רײַסן אונטער דעם פּרעסטיזש פֿון דער לעגאַלער רעגירונג דערמיט וואָס זיי פֿירן זיך אויף ווי זיי וואָלטן געווען די לעגאַלע מאַכט. אויסער אַלעמען זיצן אין מזרח־ירושלים קאָנסולן פֿון פֿרעמדע מדינות. די קאָנסולן זענען נישט אונטערגעוואָרפֿן זייערע אַמבאַסאַדאָרן אין תּל־אָבֿיבֿ, נאָר זיי באַריכטן און באַקומען אינסטרוקציעס דירעקט פֿון זייערע אויסערן־מיניסטעריומס. די קאָנסולן זענען גוט אינפֿאָרמירט וועגן אַלץ וואָס עס קומט פֿאָר אויף די באַזעצטע געביטן און זייערע באַריכטן באַקומען זיך אַרײַן אין דער אויס־לענדישער פּרעסע. דאָס גיט נישט צו דער ישׂראל־מדינה פּרעסטיזש. אויסער דעם שמײַען אַרום אויף די באַזעצטע געביטן אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, וואָס באַריכטן וועגן יעדן טעראָרפֿאַל סײַ מצד די פּאַלעסטינעזער און סײַ מצד די ייִדן. האָט די רעגירונג געמוזט טיילווײַז מאַכן אַ סוף צו דעם ייִדישן טעראָר איידער ס'וואָלט געוואָרן צו שפּעט.

דער „גוש אמונים" ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס באַקומט פֿינאַנציעלע און מאָראַלישע שטיצע פֿון דער רעגירונג, האָט זיך נישט געקענט אין גאַנצן סאָלידאַריזירן מיט דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע און אירע מעשׂים, הגם אירע ראשי מדברים זענען אַרעסטירט געוואָרן ווי אָנגעהעריקע, אָדער ווי מאָראַלישע שטיצער פֿון דעם טעראָר, אָן צו לאָזן וויסן דער זיכערהייט־מאַכט וועגן פֿאַרברעכנס וואָס די אָרגאַניזאַציע גרייט זיך אָפּטאָן. האָט

דער „גוש אמונים" ווי אַ גאַנצער, זיך אָפּגעטרייסלט פֿון די טעראָר־אַקטן. אָבער ווי אַזוי ? דער „גוש" האָט געטאַדלט די טעראָריסטן נישט דערפֿאַר וואָס זיי האָבן פֿאַרגאָסן מענטשלעך בלוט אויך פֿון אומשולדיקע, געשאָסן אין קינדער, געמאַכט אַ וויסטן פּאָגראָם אין דער איסלאַמישער אַקאַדעמיע אין חבֿרון און געשענדט אַ דאָרטיקן מעטשעט. די טאַדלונג פּראָטעסטירט בלויז קעגן דעם וואָס די טעראָריסטן האָבן גענומען אין זייערע הענט דאָס געזעץ און עובֿר געווען אויף די געזעצן פֿון דער מדינה. דער פּראָטעסט איז קעגן איגנאָרירן דעם פּרינציפּ פֿון מלוכישקייט און פֿאָדערט אויף צו היטן דעם פּרעסטיזש פֿון דער רעגירונג און פֿון די אָפֿיציעלע זיכערהייט־אינסטאַנצן. און צום סוף זאָגט דער פּראָטעסט, אַז די מצווה צו באַזעצן דאָס לאַנד דערלויבט נישט צו טרעפֿן אין אַראַבער. אָבער, ווי געזאָגט, אין דעם פּראָטעסט ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט געטאַדלט די מאָרד־מעשׂים און די בלוט־פֿאַרגיסונגען פֿון די טעראָריסטן און צו וואָס פֿאַר אַ קאַטאַסטראָפֿע זיי וואָלטן דערפֿירט די ייִדישער מדינה, ווען זיי זאָל געלונגען אויפֿרײַסן די דערמאָנטע זעקס אויטאָבוסן מיט זייערע פּאַסאַזשירן, מיט געליטענע פֿון דער סבֿיבֿה, אין וועלכער די דינאַמיט־לאָדונגען וואָלטן אויפֿגעריסן.

טאָמער וואָלט די לייטונג פֿונעם „גוש אמונים" יאָ געטאַדלט די בלוט־פֿאַרגיסונגען, וואָלטן זיי צעקלאַפּט די גאַנצע קאָנצעפּציע וועגן אתחלתא דגאולה. דעמאָלט וואָלט בטל געוואָרן די צווייטע קאָנצעפּציע, אַז אין אַזאַ דונערן־און־בליצן־צײַט איז אַלץ הייליק: דער דינאַמיט, די באָמבע, דער באָמבע־וואַרפֿער און שיסער, במילא איז הייליק דער מערדער. במילא דאַרף מען נישט טאַדלען בלוט־פֿאַרגיסונג, וואָרעם דער „לא תרצח" איז פֿאַר „נאָרמאַלע" צײַטן און נישט פֿאַר די פֿאָרכטיקע טעג ווען עס הערן זיך די טריט פֿון משיח צדקנו.

אין אַלע צײַטן זענען די חבֿלי משיח באַגלייט געוואָרן מיט תּפֿילות; אין אונדזער צײַט ווערן זיי באַגלייט מיט דינאַמיט...

# דער וועג צו טעאָקראַטיע אין מדינת ישראל

די רעליגיעזע פּאַרטייען אין ישׂראל מיט דער אינטענסיווער פינאַנ־ציעלער און פּאָליטישער אונטערשטיצונג פון דער ישׂראלדיקער רעגירונג, פון דעם אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזן עסטאַבלישמענט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד, געפינען זיך איצט אין אַן אינטענסיוון אָנגריף צו פאַרוואַנד־לען ישׂראל אין אַ טעאָקראַטישער מדינה, באַזירט אויף דער הלכה. דאָס וואָס עס געשעט איצט אין ישׂראל, מיט אַזעלכע דערשיינונגען פון אָפענעם ראַסיזם און פרומען יידישן טעראָר פון דער אימפּאָרטירטער „כך"־באַוועגונג און די אויטאָכטאָנע יידישע טעראָריסטן־גרופּעס, ווערט דורך די דעמאָ־קראַטישע כוחות באַצייכנט ווי „פּאַשיזם" אָדער „כאָמייניזם". פאַנאַטיש־רעליגיעזע און שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַליסטישע קרייזן אין ישׂראל האָבן זיך נעבעך אָנגעשטעקט פון די אַלטע מיקראָבן, וואָס זענען געבליבן ערגעץ־ווו פּאַרשטעקט פון בעניטאָ מוסאָליני צווישןביידע וועלט־מלחמות, אָדער זיי האָבן זיך — לא עלינו — אָנגעשטעקט פון די נייע מיקראָבן פון דעם גוי, דעם שׂונא ישׂראל, דעם פאַראַנאָישן מאַסלעמישן אַיאַטוללאַ כאָמייני אין איראַן.

ביידע אָנשטעקענישן זענען נישט ריכטיק. די וועלכע באַנוצן די צוויי באַגריפן, פּאַשיזם און כאָמייניזם, האָבן פאַרגעסן, אָדער באַלד נישט גע־לערנט די יידישע געשיכטע און ס'איז זיי לייַכטער צו נעמען מוסטערן פון נעענטערע און פרעמדע קוואַלן, אָדער אפשר דאַרף מען נישט קראַצן אַלטע וווּנדן צו נייַע מכּות? צו וואָס זוכן פּרעצעדענסן אין דער תּקופה פון די צדוקים און פּרושים אין די צייַטן פון אלכּסנדר ינאַי און זייַנע זין, וואָס האָבן צום סוף דערפירט צום אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה? צו וואָס זוכן פּרעצעדענסן אין דער מלחמה צווישן די רבנים און די משׂכּילים צום סוף פון 18טן און 19טן יאָרהונדערט? ס'איז באַקוועמער „אָפּצולייגן דעם בייגל" אויף מוסאָליני עליו השנאָבל און אויף דער איראַ־נישער פאַראַנאָיע.

די וועלכע זעען אין דער יידישער געשיכטע אומאיבערריַיסלעכע קאָנ־

טינווּיטעט און זענען נישט גרייט פֿון דער געשיכטע אַרויסצושניַידן די קולטור־געשיכטע אין אייראָפּעיִשן גלות און זי וואַרפֿן פֿאַר די הינט — זיי זעען אין דעם, וואָס קומט פֿאַר אין ישׂראל, אַ היסטאָרישע עסקאַלאַציע פֿון פּראָצעסן, וואָס חזרן זיך איבער ווי סעזאָן־קראַנקייַטן. אָבער די ברייטע טעמע דאַרף מען איבערלאָזן פֿאַר יענע וועלכע גרייטן זיך שרייַבן דאָק־טאָראַטן. מיר וועלן זיך באַגרענעצן בלויז צו דער קולטור־קאַמף־עסקאַ־לאַציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט קאָנסעקווענט דערפֿירט צו דעם וואָס עס געשעט אין דער ייִדישער מדינה.



אַ גוטער מעדיצינער, איידער ער הייבט אָן צו באַטראַכטן דעם פּאַציענט צו דערגיין מיט וואָס „עס שמעקט" די אַקוטע קראַנקייט, וועט פֿריִער אויספֿרעגן דעם פּאַציענט פֿון וואָס פֿאַר אַ קראַנקייט ער האָט געליטן אין דער קינהייט און צי אין דער פֿאַמיליע זענען פֿאַראַן ירושה־קראַנקייטן. די ענטפֿערס פֿונעם פּאַציענט זענען אָפֿט אַ האַלבער דיאַגנאָז וועגן דער אַקוטער קראַנקייט. די געשיכטע פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג, איר קינדער־קראַנקייט, גיט אונדז אַ האַלבן דיאַגנאָז וועגן דער אַקוטער קראַנ־קייט, וואָס עס גייט איצט אַדורך די ייִדישע מדינה.

אַלזאָ, ביז צו דער אַנטשטייוּנג פֿון דער חיבת־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד, אין די 80ער יאָרן פֿונעם 19טן יאָרהונדערט, איז ארץ־ישׂראל פֿאַר ייִדן געווען געבונדן מיט רעליגיעזער נאָסטאַלגיע און ביאת המשיח. ייִדן זענען געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, כּדי צו וואַרטן אויף משיחן. עלטערע ייִדן, וואָס האָבן געהאַט גענוג מיטלען אויסצולעבן זייער לעבן, זענען געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, כּדי דאָרט צו שטאַרבן און זוכה זייַן צו תּחית־המתים גלייַך ווי משיח וועט קומען. דער פּאָליטישער ציוניזם — אין זייַן בראשיתדיקער פֿאָרעם פֿון דער חיבת־ציון־באַוועגונג און שפּעטער די הער־צליאַנישע אידעע פֿאַר אַ ייִדישער מדינה — איז באַגרינדעט געוואָרן דורך וועלטלעכע און אַסימילאַטאָרישע ייִדן, אָן וועלכער עס איז פֿאַרבינדונג מיט רעליגיעזן משיחיזם. פֿאַרוואָס גראָד ארץ־ישׂראל? ווייַל די ייִדישע מאַסן זענען אין זייער געמיט געווען צוגעבונדן צום הייליקן לאַנד, ווו ס'איז געשטאַנען דער בית המקדש, ווו עס געפֿינט זיך דער מאַמע רחלס קבֿר און אויך דער קבֿר פֿון רבי מאיר בעל־הנס.

לעאָן פּינסקער, דער מחבר פֿון דער בראָשור „אויטאָעמאַנציפּאַציע", (דערשינען ווי „אַ רוף צו זייַנע ראַסן־ברידער פֿון אַ רוסישן ייִד", נישט אָנגעבנדיק דעם נאָמען פֿון דעם מחבר) איז געווען אַן אַסימילירטער אינ־טעליגענט. אין זייַנע פּובליציסטישע אַרטיקלען אין דער רוסיש־ייִדישער פּרעסע האָט ער געפֿאָדערט פֿון דער רוסישער מאַכט, זי זאָל געבן די ייִדן

בירגערלעכע רעכט און פֿון די ייִדן אין רוסלאַנד האָט ער געפֿאָדערט זיי זאָלן דורך בילדונג פֿאַרשיטן דעם אָפּגרונט צווישן זיי און די רוסן, זיי זאָלן ווערן רוסן פֿונעם מאָזאַישן גלויבן, ווי עס איז געווען ווערדליק דער בערלינער השׂכּלה. ערשט אין אָנהייב פֿון די 80ער יאָרן, ווען אין דרום־רוסלאַנד זענען אויסגעבראָכן פּאָגראָמען, האָט פּינסקער זיך אַנטוישט אין דער אַסימילאַציע און אין יאָר 1882 איז דערשינען זײַן „רוף צו די ראַסן־ברידער", צו אויטאָעמאַנציפּאַציע. ער אַליין איז געוואָרן דער אָנפֿירער פֿון דער חיבת־ציון־באַוועגונג, וואָס איר ציל איז געווען „צו שטיצן ייִדישע ערד־אַרבעט און ייִדישע מלאכה אין סיריע און אין ארץ־ישׂראל".

ענלעך איז געווען מיט דעם פּאָליטישן ציוניזם פֿון טעאָדאָר הערצל. הערצל, אַסימילירט דורך און דורך, האָט ווי אַ געבילדעטער זשורנאַליסט אָפּט געטראַכט וועגן דער ייִדן־פּראַגע, וואָרום די ייִדישע אַסימילאַטאָרן אין דער עסטרײַך־אונגאַרישער אימפּעריע און אויך אין דײַטשלאַנד האָבן געהאַט אַ פּראָבלעם. הערצל האָט זײַן אייגענעם זון נישט מל געווען, וואָרעם נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך אַליין, האָט ער אויך נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זײַן זון, צי זאָל ער אים דערציִען ווי אַ ייִד, אָדער צוּוואַרטן ביז ער וועט אַלט ווערן 18 יאָר און דעמאָלט וועט ער אַליין באַשטימען צי ער וויל זײַן אַ ייִד, אָדער אָננעמען די קריסטלעכע רעליגיע. אין זײַן טעאַטער־שטיק „דאָס נײַע געטאָ" (דערשינען צוויי יאָר איידער ער האָט אָנגעשריבן זײַן בראָשור „דער יודענשטאַאַט") האָט הערצל געטראַכט, אַז דער אויסוועג פֿאַר אַ ייִדן איז צו באַקומען פֿולע בירגערלעכע רעכט דורך שמדן זיך. אָבער די דרײַפֿוס־אַפֿערע קעגן אַ פֿולשטענדיק אַסימילירטן מיליטערישן קאַפּיטאַן אין פֿראַנקרײַך, האָט הערצלען איבערצײַגט, אַז אַסימילאַציע אין דער קולטור פֿון די אָרטיקע פֿעלקער פֿירט נישט צום געשטרעבטן ציל. הערצלס אויספֿיר איז געווען, אַז ייִדן מוזן האָבן אַן אייגענע מדינה און ערשט אין דער אייגענער מדינה וועלן זיי אַליין באַשליסן זייער גורל. אין זײַנע טאָגביכער האָט הערצל אַפֿילו באַמערקט, אַז אין זייער אייגענער מדינה וועלן די ייִדן, אויב זיי וועלן באַשליסן זיך צו שמדן, וועלן זיי עס טאָן קאָלעקטיוו, ווי עס האָבן געטאָן אַלע אייראָ־פּעיִשע פֿעלקער.

ענלעך ווי לעאָן פּינסקער האָט אויך הערצל נישט געקענט טראַכטן וועגן אַן אַנדער טעריטאָריע ווי נאָר וועגן ארץ־ישׂראל, וואָס איז געווען דאָס וויגעלע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. אָבער ווי נאָר הערצל האָט געזען די שוועריקייטן אין שייכות צו ארץ־ישׂראל, האָט ער איבערגעטראַכט זײַן פּאָ־ליטישן פּלאַן צו אוגאַנדע, און מיט זײַן אוגאַנדע־פּלאַן האָט ער אויך באַגײַסטערט זײַן פֿרײַנד מאַקס נאָרדוי. טעאָדאָר הערצלס גרונטציל איז נישט געווען צו באַנײַען דאָס היסטאָרישע ייִדישע מלכות אין ארץ־ישׂראל און צוריק אויפֿבויען דעם בית המקדש, נאָר זײַן גרונטציל איז געווען

צו לייזן די ייִדן־פּראָגע דורך שאַפֿן אַ מדינה פֿאַר ייִדן לויט דעם מערבֿ־אייראָפּעיִשן מוסטער, אָן וועלכער עס איז שייכות צו רעליגיע, ווי ער באַוואָרנט זיך אויסדריקלעך אין זײַן בראָשור „דער יודענשטאַאַט".

הערצלס פּלאַן פֿאַר אַ ייִדישער מדינה האָט אַרויסגערופֿן אַ שאַרפֿע קעגנערשאַפֿט בײַ די אָרטאָדאָקסישע רבנים אין עסטרײַך און אין דײַטשלאַנד. דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט געזאָלט פֿאָרקומען אין מינכען. אָבער די מינכענער קהילה און דער פֿאַרבאַנד פֿון די אָרטאָדאָקסישע רבנים אין דײַטשלאַנד האָבן געזאָרגט דערפֿאַר, די דײַטשע מאַכט זאָל פֿאַרבאָטן אָפּצוהאַלטן דעם קאָנגרעס אין מינכען. בלית ברירה איז דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס פֿאָרגעקומען אין דער שווייצארישער שטאָט באַזעל. די אָרטאָדאָקסישע רבנים האָבן הערצלס אידעע באַטראַכט ווי כּפֿירה, אַן אַקט פֿון אַנטקעגנשטעלן זיך דעם ווילן פֿון גאָט, ווײַל די באַנײַונג פֿון מלכות ישׂראל וועט קומען דעמאָלט, ווען משיח בן־דוד וועט קומען און ייִדן וועלן אויסגעלייזט ווערן פֿון גלות. דעריבער זענען אַלע דעלעגאַטן אויפֿן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס געווען אַסימילירטע אָדער וועלטלעכע ייִדן. אַזוי ווי הערצל האָט געהאַסט ייִדיש (זשאַרגאָן) און די וועלטלעכע און אַסימילאַטאָרישע דעלעגאַטן פֿון רוסלאַנד האָבן נישט געקענט קיין דײַטש, האָבן די דעלעגאַטן פֿון רוסלאַנד געמוזט רעדן אַ ייִדישדײַטשן קוידערוועלש, וואָס האָט מיט דער צײַט באַקומען דעם נאָמען „קאָנגרעס־דאַאַטש".

הערצלס פּאָליטישער ציוניזם האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינטלעכן רושם אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט אין מיזרח־אייראָפּע און מיט דער צײַט האָבן רבנים פֿון רוסלאַנד אָנגעהייבן נאָכטראַכטן, צי זאָלן זיי נישט צוטרעטן צו אָט דער אידעע, וועלכע איז דאָך סוף־כּל־סוף אַן אידעע, וואָס דאַרף העלפֿן ייִדן אין זייער שווערן גורל. האָבן אויף די נאָכקומענדיקע קאָנגרעסן זיך באַוויזן רבנים, בעיקר פֿון ליטע. די רבנים זענען געקומען מיט דער פֿאָדערונג, אַז דער גײַסט פֿונעם פּאָליטישן ציוניזם זאָל זײַן אַ רעליגיעזער, באַזירט אויף דער תּורה און הלכה, וועלכע זענען דער צעמענטירונג־כּוח פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק. די סעקולערע מערהײַט פֿון די קאָנגרעסן האָט אָפּגעוואָרפֿן די פֿאָדערונג פֿון די רבנים. אויפֿן 5טן ציוניסטישן קאָנגרעס האָבן זיך די רעליגיעזע דעלעגאַטן קאָנסאָלידירט, גערופֿן אַ ספּעציעלע קאָנפֿערענץ אין מינסק און דאָרט (אין יאָר 1902) געגרינדעט די מזרחי־באַוועגונג. צום 6טן ציוניסטישן קאָנגרעס איז געקומען אַ שטאַרקע און קעמפֿערישע מזרחי־דעלעגאַציע, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט רעליגיעזע פֿאָדערונגען אין שייכות צו דער פּראַקטישער אַרבעט אין דער ציוניסטישע וועלט־באַוועגונג. אויך דאָס מאָל האָט די סעקולערע מערהייט אָפּגעוואָרפֿן די פֿאָדערונגען פֿון די רבנים. האָבן די מזרחי־פֿירער — רבנים פֿון רוסלאַנד און דײַטשלאַנד — צוזאַמענגערופֿן (אין יאָר 1904) אַ זעלב־

שטענדיקע קאָנפערענץ, וואָס האָט באַשלאָסן אַז פּאַראַלעל מיטן אָנגעהערן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג שאַפט מזרחי אייגענע פאָנדן צו פירן ציוניסטישע אַרבעט אין גייַסט פון דער תורה. פּאַראַלעל צו דעם שקל, וואָס ציוניסטן דאַרפן אויסקויפן, איז געשאַפן געוואָרן אַ מס (שטייַער) פאַר מזרחי־מיטגלידער.

אויפן 10טן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין יאָר 1911, איז דערשינען אַ נאָך שטאַרקערע מזרחי־דעלעגאַציע, וואָס האָט אולטימאַטיוו געפאָדערט אייַנצו־שליסן אין דער ציוניסטישער אַרבעט די פּרינציפּן און באַשטימונגען פון דער תורה און הלכה. אויך דאָס מאָל האָט די סעקולערע מערהייַט אָפּ־געוואָרפן דעם אולטימאַטום. דאָס האָט געבראַכט אַ שפּאַלטונג אין דער מזרחי־באַוועגונג. איין טייל איז געבליבן אין דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע און די צווייטע טייל האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער אַנטי־ציוניסטישער אגודת־ישׂראל, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין 1912 אין קאַטאָוויץ, אָנגעפירט פון רבנים פון דייַטשלאַנד און רוסלאַנד. דער טייל פון מזרחי, וואָס איז געבליבן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט געשאַפן אַ באַזונדער וועלט־צענטראַלע מיט אַ באַזונדער וועלט־קאָנפערענץ. דער מאָטיוו פון מזרחי איז געווען, אַז אין דער צייַט ווען דער וועלטלעכער ציוניזם זעט אין דער קומענדיקער מדינה אַ פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לייזונג פאַרן יידישן פאָלק, איז דער ציל פון מזרחי צו באַזירן די פּאָליטישע און עקאָ־נאָמישע לייזונג אויף די פּרינציפּן פון דער תורה און הלכה. ווי אַ רעזולטאַט פון אָט די באַשלוסן האָט מזרחי געשאַפן אַן אייגענע רעליגיעזע קאָלאָני־זאַציע, אַן אייגענע רעליגיעזע אַרבעטער־באַוועגונג (הפועל המזרחי), אַן אייגענעם פינאַנץ־אַפּאַראַט, אַן אייגן רעליגיעז שולוועזן, אַן אייגענע פּרעסע און אַ פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט.



אין דער צייַט ווען בנוגע דער הלכה איז נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן דער ציוניסטישער מזרחי, דער נישט־ציוניסטישער אגודת־ישׂראל און די נטורי קרתא אין מאה שערים אין ירושלים, אויסער דער עקסיסטענץ פון מקילים און מחמירים (אַזעלכע רבנים וואָס מאַכן לייַכטער און אַזעלכע וואָס באַשווערן), איז די יידישע סעקולאַריזאַציע אַ מערצאָליקע. די וועלט־לעכקייַט, למשל, פון טעאָדאָר הערצל און מאַקס נאָרדוי איז געווען גאָר אַן אַנדערע ווי די וועלטלעכקייַט, לאָמיר זאָגן, פון משה לייב ליליענבלום. הערצל האָט געצילט צו האַלטן די רעליגיעזע יידן אין די בתי מדרשים, זיי זאָלן נישט אַרייַנמישן רעליגיע אין דעם טאָגטעגלעכן סאָציאַלן און פּאָליטישן לעבן (ער רעדט וועגן דעם אין זייַן „דער יודענשטאַאַט”), בעת ליליענבלום האָט געמיינט צו רעפאָרמירן די יידישע רעליגיע און זי פאַר־

בינדן מיטן לעבן. גאָר אַנדערש איז געווען די סעקולאַריזאַציע פֿון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד, פּוילן, ליטע. די ייִדישע סעקולאַריזאַציע איז געווען אַ צו יונגע, זי האָט נישט געהאַט קיין צייַט ווען זיך אויסצוקריסטאַליזירן און מער־ווייניקער זיך פֿאַראייניקן. די רע־ליגיעזע ציוניסטן, געגנוי אַזוי ווי אגודת ישראל, האָבן גאָרנישט נעגירט פֿון דעם וואָס איז אין גלות געשאַפֿן געוואָרן אויפֿן רעליגיעזן געביט. אַנדערש די וועלטלעכע ציוניסטן. וועלכער טייל ציוניסטן עס האָט נעגירט דעם גאַנצן גלות מיט אַלץ וואָס דער גלות האָט געשאַפֿן, און אַ טייל האָט נעגירט בלויז געוויסע דערשייַנונגען אין גלות, אָדער די קולטור וואָס ייִדן האָבן געשאַפֿן אין גלות. דער העברעיִשער שרייַבער חיים הזז, למשל, האָט אין זייַן טעאַטער־שטיק „בקץ הימים" אַזוי שטאַרק פֿאַרניינט דעם גלות, אַז ער האָט פֿאַרשאָלטן דעם לעצטן ייִד, וואָס וועט בלייַבן אין גלות און דעם גלות פֿאַרברענט. מזרחי, אגודת ישראל און די נטורי קרתא זענען געאייניקט אין דער קאָנטינויִטעט פֿון די רעליגיעזע דינים, מנהגים און שטייגער, אומאָפּהענגיק אין וועלכן פּלאַץ אין דער וועלט זיי זענען געשאַפֿן געוואָרן, אין פּומבדיתא, אין קאָרדאָבאַ, אין קראָקע צי אין לובלין. די וועלטלעכע ציוניסטן זענען גרייט אַרויסצושנייַדן שטיקער גלות־געשיכ־טע, פֿאַרלייקענען דעם אָדער יענעם קולטור־פּעריאָד. דאָס האָט די רעליג־יעזע ציוניסטן פֿאַרלייַכטערט זייערע נצחונות און זיי געבראַכט נעענטער צו זייער ציל אין מדינת ישראל, בעת די וועלטלעכע ציוניסטן האָבן אויפֿן געביט פֿון סעקולערער קולטור באַנקראָטירט.

אָט וועלן מיר באַלד זען ווי אַזוי דער אַטעיִסטישער דוד בן־גוריון האָט דערמעגלעכט די רעליגיעזע פּאַרטייען אין ישראל אָפּצוהאַלטן דעם גרעסטן נצחון באַלד נאָך דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה:

דער פֿאָלקסראָט וואָס האָט דעם 14טן מייַ 1948 פּראָקלאַמירט די גרינדונג פֿון דער מדינה, האָט טעאָרעטיש געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַר אַ דעמאָקראַטישער מדינה. אין דעם טשאַרטער (מגילת העצמאות), וואָס איז געלייענט געוואָרן בייַם פּראָקלאַמירן די מדינה, ווערט געזאָגט, אַז „די מדינה וועט זיך באַזירן אויף יסודות פֿון פֿרייַהייַט, גערעכטיקייַט, און שלום אין ליכט פֿון דער וויזיע פֿון די נביאים פֿון ישראל; וועט אייַנשטעלן פֿולע און גלייַכע געזעלשאַפֿטלעכע און מלוכהשע רעכט פֿאַר אַלע אירע בירגער, אָן אונטערשייד פֿון רעליגיע, ראַסע און מין; וועט פֿאַרזיכערן פֿרייַהייַט פֿון גלויבן, געוויסן, דערציִונג און קולטור; וועט אָפּהיטן די הייליקע פּלעצער פֿון אַלע רעליגיעס און וועט זייַן טרייַ די פּרינציפּן פֿון דער מגילה פֿון די פֿאַראייניקטע נאַציעס".

די צייַטווייַליקע רעגירונג האָט נאָכן פּראָקלאַמירן די מדינה באַשלאָסן, אַז די ערשטע דעמאָקראַטיש־אויסגעוויילטע כּנסת, וועט זייַן די קאָנס־טיטויִרנדיקע כּנסת. דאָס מיינט, אַז די כּנסת וועט אויסאַרבעטן און אָנ־

נעמען אַ קאָנסטיטוציע, וואָס וועט זיך באַזירן אויף דער שיינער „מגילת העצמאות".

ס'איז קיין מאָל צו דעם נישט געקומען.

די וואַלן צו דער קאָנסטיטויִרנדיקער כנסת זענען פֿאָרגעקומען דעם 25טן יאַנואַר 1949. די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן צוזאַמען באַקומען אַ מערהייט שטימען (מפא"י 46 מאַנדאַטן אין דער כנסת און מפ"ם — 19 מאַנדאַטן) — 65 מאַנדאַטן אויף 120. אַלע רעליגיעזע פּאַרטייען האָבן באַקומען בלויז 16 מאַנדאַטן. דוד בן־גוריון, וואָס האָט געדאַרפֿט צונויפֿשטעלן די רעגירונג, האָט געהאַט אַ היסטאָרישע געלעגנהייט צו שאַפֿן אַן אַרבעטער־רעגירונג און מיט די אַנדערע ליבעראַלע כוחות אין דער כנסת פֿאַרזיכערן די דעמאָקראַטיע אין ישׂראל ווי אַ וועלטלעכע דעמאָקראַטיע אויף די יסודות פֿון דער „מגילת העצמאות". אָבער דוד בן־גוריון, וואָס האָט ליב געהאַט פֿײַנט צו האָבן, האָט געהאַסט מפ"ם, געהאַסט מפ"ם אויף דערפֿאַר וואָס צווישן זײַנע פֿירערס איז געווען משה קליינבוים־סנה, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אַן אָריענטאַציע אויף סאָוויעט־רוסלאַנד. אַנשטאָט צו שאַפֿן אַן אַרבעטער־קאָאַליציע, האָט דוד בן־גוריון געשאַפֿן אַ קאָאַליציע מיט די רעליגיעזע פּאַרטייען, וואָס האָבן פֿריִער געשאַפֿן אַ בלאָק, נישט קוקנדיק דערויף וואָס אגודת ישׂראל איז אַנטי־ציוניסטיש. פֿאַר גיין אין אַ קאָאַליציע מיט דוד בן־גוריון האָבן די רעליגיעזע געפֿאָדערט אַ פּרײַז פֿון גורלדיקן כאַראַקטער, וואָס איז אין קעגנזאַץ צו דעמאָקראַטיע: זיי האָבן געפֿאָדערט נישט צו באַשטעטיקן רעכטלעך די „מגילת העצמאות"; דערקלערן די ערשטע כנסת ווי אַ געוויינטלעכע כנסת און נישט קיין קאָנסטיטויִרנדיקע, און נישט אָננעמען קיין קאָנסטיטוציע, ווײַל דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט אַ קאָנסטיטוציע, דאָס איז די תּורה, און זי וועט אויך זײַן די קאָנסטיטוציע פֿון מדינת־ישׂראל, און דעריבער מוז מען פֿאַרבינדן די מדינה מיט דער ייִדישער רעליגיע.

דוד בן־גוריון האָט מסכּים געווען אויף די באַדינגונגען און אויך נאָכגעגעבן זייער פֿאָדערונג, אַז די מיניסטעריום פֿאַר רעליגיע, אינערן־ענינים און פֿאַר סאָציאַלע פֿראַגעס זאָלן איבערגעגעבן ווערן צו מיניסטאָרן פֿון די רעליגיעזע פּאַרטייען (מזרחי און אגודת ישׂראל). פֿון דעמאָלט ביזן הײַנטיקן טאָג געפֿינען זיך דאָס אינערן־מיניסטעריום און דאָס רעליגיע־מיניסטעריום אין די הענט פֿון די רעליגיעזע פּאַרטייען און זיי האָבן קאָנסעקווענט און מיט עקשנות געשאַפֿן די סאָציאַל־פּאָליטישע באַדינגונגען פֿאַר דעם מצבֿ, וואָס הערשט הײַנט אין מדינת ישׂראל. קיין צוריקוועגס איז נישטאָ!

ביז דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה זענען אין ארץ־ישׂראל געווען פֿיר באַזונדערע בילדונג־סיסטעמען: פֿון די אַרבעטער (הסתּדרות), פֿון דעם בירגערלעכן קלאַס, מזרחי־שולן און ישיבֿות. דאָס אײַנפֿירן איינהייטלעכע מלו־

כה־שולן האָט געדאַרפֿט אָפּשאַפֿן דעם סעקטאָרן־סיסטעם. אָבער אָפּגעשאַפֿט איז געוואָרן בלויז דער שולסיסטעם פֿון די אַרבעטער. די רעליגיעזע האָבן געפֿאָדערט און באַקומען זייערע אייגענע שולן ווי זיי זענען געווען, נאָר אין די ראַמען פֿון מלוכה־שולן און אויסגעהאַלטן פֿון דעם מדינה־בודזשעט. אויסער רעליגיעזע שולן און ישיבֿות, אויסגעהאַלטן פֿון דער מדינה, זענען ישיבֿה־בחורים באַפֿרייַט פֿון מיליטער־דינסט.

די רעליגיעזע שולן האָבן נישט געהאַט וואָס צו ענדערן. די וועגן־טועלע לערן־פּראָגראַמען זענען אויסגעבעסערט געוואָרן אין דער ריכטונג פֿון פֿאַרטיפֿן די רעליגיעזע דערציִונג. דערקעגן די אַלגעמיינע מלוכה־שול האָט נישט געהאַט מיט וואָס אויסצופֿילן איר פּראָגראַם. עס האָט זיך גע־האַנדלט אין געבן די תּלמידים „ייִדישקייט־באַוווסטזייַן". וואָס־זשע הייסט ייִדישקייט־באַוווסטזייַן, אויב די מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדישע קולטור איז אויסגעשלאָסן און נעגירט געוואָרן? בלייַבט ייִדישקייט־באַוווסטזייַן רע־ליגיעזע קעגנשטאַנדן. זענען אין די מלוכה־שולן איינגעפֿירט געוואָרן רע־ליגיעזע קעגנשטאַנדן. לערנען תּנ"ך מיט צוגעדעקטע קעפּ. אָבער רעליגיעזע קעגנשטאַנדן פֿאַר קינדער פֿון וועלטלעכע היימען איז אַנטי־פּעדאַגאָגיש, שאַפֿט בייַ די תּלמידים קאָנפֿליקטן. אָט די קאָנפֿליקטן האָבן געשאַפֿן סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס דאָ איז נישט דער פּלאַץ זיי ברייטער אַרומ־צורעדן. דערקעגן זענען די רעליגיעזע שולן געפֿירט געוואָרן מיט אַ קאָנסעקווענטקייט און ציל־באַוווסטקייט וואָס איז צו באַוווּנדערן. פֿון די אידעאַלן פֿון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, פֿון א. ד. גאָרדאָן, בערל קאַצענעלסאָן, בער באָראָכאָוו, מאיר יערי און חזן איז כּמעט גאָרנישט געבליבן. דערקעגן זענען די צילן פֿון דער מזרחי־באַוועגונג, אָנגעצייכנט אין 1902, 1904 און 1911 און אין 48־1949 גאָר־גאָר נאָענט צו דער דער־גרייכונג. די רעליגיעזע מלוכה־שולן און ישיבֿות האָבן דערצויגן אַן אַרמיי יוגנטלעכע, „בני עקיבֿא", רעליגיעז־צילבאַוווסטע יונגע מענטשן מיט אַ שטאַרקן מאָראַלישן רוקנביין, מיט אַ נישט ווייניקער שטאַרקער נאַציאָנאַ־לער מאָטיוואַציע. אין דער זעלבער צייַט האָבן די ישיבֿות פֿון מזרחי אַרויסגעגעבן דעם „גוש אמונים", מיט אַ ווילדן משיח־קאָמפּלעקס, וואָס איז גרייט צו קידנעפּן משיחן אין די גאַטקעס, אים בינדן און מיט כּוח אים ברענגען קיין ארץ־ישׂראל. פֿון אָט דער באַוועגונג איז אויך אַרויסגעקומען אַ חבֿרה ווילדע רבנים, טעמפּע פֿאַנאַטיקער, וואָס פּונקט ווי צו גייַסטיק־קראַנקע דערגייט נישט קיין לאָגיק, אַזוי איז נישטאָ קיין כּוח אין דער וועלט וואָס זאָל זיי איבערצייַגן, אַז זיי, די ווילדע פּאַטריאָטן, גרייטן צו אַ קאַטאַסטראָפֿע פֿאַר דער ייִדישער מדינה...

צוהילף אָט דער מחנה רעליגיעזע, וואָס איר ציל איז צו פֿאַרוואַנדלען ישׂראל אין אַ טעאָקראַטישער מדינה, קומט די רעאַקציע, וואָס זי קען מען אויף אַן אמת אָנרופֿן פֿאַשיסטיש. דאָס זענען די נאָכקומערס פֿון דעם

אַטעיִסט װלאַדימיר זשאַבאָטינסקי. װאָס צו זײער מיליטערישקײט האָבן זײ אָנגעטאָן יאַרמולקעס. אױב די מחנה רעליגיעזע װיל אַ גרױס ארץ ישׂראל, װײַל בײַם באַרג סיני האָט גאָט צוגעזאָגט די ייִדן אַ לאַנד פֿון דעם טײַך אין מצרים ביז דעם טײַך פּרת אין הײַנטיקן איראַק, װיל די פֿאַשיסטישע מחנה אַ גרױס ארץ־ישׂראל אַפֿילו ביז צום קאַספּישן ים און ביז די קאַװקאַזער בערג, װײַל דאָרט האָט געלאַנדעט נחס תּיבה, װען די װאַסערן פֿונעם מבול האָבן נאָכגעלאָזט... די צװײ מחנות, די רעליגיעזע און שאָװיניסטיש־נאַציאָנאַליסטישע, האָבן געשאַפֿן די אַטמאָספֿער פֿאַר דער באַנדע פֿון דער „כּך"־באַװעגונג און פֿאַר די ייִדישע אױטאָכטאָנע טע־ראָריסטן.

אָט דער דרײַעק — די רעליגיעזע מחנה, די פֿאַשיסטישע מחנה און די „כּך"־באַװעגונג מיט די ייִדישע טעראָריסטן, שאַפֿן צוזאַמען אַ געפֿער־לעכן מיליטאַנטישן כּוח, װאָס װעט טאָן אַלץ װאָס מעגלעך און אוממעגלעך בישט צו דערלאָזן צו אַ װעלכן עס איז שלום צװישן ישׂראל און אירע אַראַבישע שכנים. װײַל דער ציל איז: שאַפֿן אַ גרױסע מדינה װאָס זאָל זײַן רײן פֿון נישט־ייִדן, און די נישט־ייִדן־רײנע מדינה באַזירן אױף דער הלכה און אױף אַזאַ מיליטערישן כּוח, אַז די אַראַבישע שכנים זאָלן אױף די קני קומען צו זײ און בעטן שלום אָן באַדינגונגען...

# די נאַציע וואָס איז נישט געוואָרן

מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז אין ישׂראל געשטאָרבן אַ זייער פֿעיִקער העברעיִשער פּראָזאַיִקער און פּובליציסט, בנימין תּמוז. זײַן טויט האָט אויפֿגעוועקט די רעשטלעך, וואָס זענען געבליבן פֿון די כּהנים פֿון דער עבֿרישער נאַציע — אַ נאַציע וואָס האָט געזאָלט אויפֿקומען אויפֿן פּלאַץ פֿון דער פּלאַנירטער ציוניסטישער נאַציע. דער טויט פֿון בנימין תּמוז איז צונויפֿגעפֿאַלן מיטן אַרויסקומען פֿון אַ ביאָגראַפֿיע פֿון דעם כּהן־גדול פֿון דער עבֿרישער נאַציע, דעם פֿאַרשטאָרבענעם העברעיִשן דיכטער יונתן רטוש (געבוירן אין וואַרשע, זײַן פֿאַמיליע־נאָמען איז געווען האַלפּערן, אין א״י געביטן אויף אוריאל, שפּעטער אויף רטוש).

ביידע, דער טויט פֿון בנימין תּמוז, וואָס האָט זיך ביזן סוף פֿון זײַן לעבן געהאַלטן בײַ דער אמונה פֿון די עבֿרים, וואָס האָבן באַקומען דעם צונאָמען „כּנענים״, און דאָס אַרויסקומען פֿון דער ביאָגראַפֿיע פֿון דעם כּהן־גדול און שעפֿער פֿון דער עבֿרים־באַוועגונג, יונתן רטוש, האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער העברעיִשער פּרעסע. דער שטאַרקער אָפּקלאַנג איז געווען דער רעקוויעם אויף אַ באַוועגונג, וואָס נישט ווייניקער ווי זי האָט געלעכצט צו שאַפֿן אין ארץ־ישׂראל און אין גאַנצן ראַיאָן אַ נײַע נאַציע, איז זי געווען דורכגעדרונגען מיט שׂינאה און ביטול צו ייִדן.

ס׳איז אַ ספֿק, צי עס וועט זיך אַ מאָל אָפּגעפֿינען אַ פֿאָרשער, וואָס וועט וועלן דערגיין צו די קרענקלעך־פּסיכאָלאָגישע סיבות, וואָס האָבן דערפֿירט אַ גרופּע יונגע אינטעליגענטן אין די אָנהייב פֿערציקער יאָרן צו קומען אויף דער אידעע צו שאַפֿן אין מיטעלן מיזרח אַן עבֿרישע נאַציע און אָפּרײַסן זיך פֿונעם וועלט־ייִדנטום. ס׳איז נישטאָ דער מינדסטער ספֿק, אַז די אידעע צו שאַפֿן אַ באַזונדער עבֿרישע נאַציע דרינגט אַרויס פֿון דער פֿאַלשער ציוניסטישער טעאָריע אין קאַמף קעגן דער ייִדישער קולטור, ווי זי האָט זיך פֿאָרמירט אין מיזרח־אייראָפּע.

שלילת־הגלות איז נישט דער אויפֿטו פֿונעם וועלטלעכן ציוניזם. אויך רעליגיעזע ייִדן האָבן נעגירט דעם גלות, מיטן אונטערשייד וואָס רעליגיעזע האָבן געהאַלטן, אַז ייִדן מוזן נעבעך זײַן אין גלות ביז משיח וועט קומען,

אָבער לעבנדיק אין גלות איז דאָס ייִדישע פֿאָלק אַן אויסגעווײלט פֿאָלק, עס שטייט העכער פֿון די גויים צווישן וועלכע עס לעבט. דערקעגן דער שלילת־הגלות פֿונעם ציוניזם איז פֿאַרבונדן מיט אויסטראַכטן בילבולים, אַז ייִדן אין גלות זענען אַ געפֿאַלענער עלעמענט, זיי טוען גאָרנישט נאָר זיי טאַנצן מה־יפֿית פֿאַר די פּריצים, לעבן אויפֿן ראַנד פֿון דער ווירטשאַפֿט פֿון די לענדער, אין וועלכע זיי לעבן. מיט איין וואָרט — „שטעקעלעך־ייִדן״. מיט אָט דער „פֿילאָסאָפֿיע״ זענען אין פּאַלעסטינע דערצויגן געוואָרן דורות יוגנטלעכע. דער אינקובאַטאָר פֿון דער „פֿילאָסאָפֿיע״ איז געווען די הרצליה־גימנאַזיע. אין די אויגן פֿון דער יוגנט, דערצויגענע אין אָט דער „פֿילאָסאָפֿיע״, איז אַ גלות־ייִד געווען אַ ביז גאָר נעגאַטיוו, געפֿאַלן באַשעפֿעניש. אויף אַזוי ווײַט אַז ביזן היַינטיקן טאָג, ווען עמעצער וויל שילדערן אַ נעגאַטיוון טיפּ ישׂראלי, וועט איר הערן אַז אָט דער מענטש „האָט אַ גלות־פּסיכאָלאָגיע״, „טראַכט קרום״ און איז בכלל אַ יוצא־דופֿן. אָט די פּערפֿידע מיינונג וועגן דעם גלות־ייִד האָט דאָך אויך גורם געווען, אַז נאָך אונדזער גרויסן חורבן אין אייראָפּע איז אין פּאַלעסטינע־מדינת־ישׂראל פֿאַרשפּרייט געוואָרן דער שקר, אַז „ייִדן זענען געגאַנגען צו דער שחיטה ווי שעפּסן״.

מחמת דעם אַבסאָלוט נעגאַטיוון אימאַזש פֿונעם גלות־ייִד האָבן ישׂראל־דיקע יוגנטלעכע געוויַיכט פֿון ייִדן. ווען זיי זענען אַרויסגעפֿאָרן אין דער וועלט׳ האָבן זיי ליבערשט אויסגעקליבן אַ נישט־ייִדישע געזעלשאַפֿט. עפּעס דערפֿון איז געבליבן ביזן היַינטיקן טאָג, אַז ווען ישׂראל־יוגנטלעכע פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווערן זיי נישט צו פֿיל היימיש מיט די דאָרטיקע ייִדן; די אַזוי גערופֿענע „יורדים״ לעבן זיך אויס געזעלשאַפֿטלעך צווישן זיך...

אין די אָנהייב פֿערציקער יאָרן איז אַ גרופּע יוגנטלעכע, דערצויגענע אין דער הרצליה־גימנאַזיע, געקומען צום אויספֿיר, אַז מיט די גלות־ייִדן וועט מען נישט קענען בויען די קומענדיקע ייִדישע מדינה. די ייִדן אין גלות זענען אַ נעגאַטיווער עלעמענט און אויך דער ציוניזם איז אַ נעגאַטיווע באַוועגונג, ווײַל ער איז דאָך אַ פּראָדוקט פֿונעם געפֿאַלענעם ייִדישן גלות־שתּדלן. אַפֿילו די באַוועגונג פֿון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי איז אין די אויגן פֿון אַזעלכע יוגנטלעכע געווען אַ פֿאַרפֿירערישע, ווײַל זשאַבאָטינסקי האָט דאָך געוואָלט אַ מדינה פֿאַר די גלות־ייִדן מיט די געבויגענע פּלייצעס און מיט זייער גלות־פּסיכאָלאָגיע. אויף ווי ווײַט עס האָט דערגרייכט די שׂינאה צו די ייִדן אין גלות, ווי זי איז אינדאָקטרינירט געוואָרן דורך די ציוניסטישע פֿירערס אין פּאַלעסטינע, האָט באַוויזן די דראַמע וואָס עס האָט אָנגעשריבן דער העברעיִשער שרײַבער חיים הזז (האַזאַז) און וואָס איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין הבימה־טעאַטער אין תּל־אָבֿיבֿ אַ יאָר־צוויי נאָכן חורבן אין אייראָפּע. די דראַמע „בקץ הימים״ איז אָנגעפּראָפּט מיט שקרים וועגן די ייִדן אין גלות. צום סוף פֿון דער דראַמע ווערט אונטערגעצונדן

דער גלות און דער הויפּטהעלד, יוספֿאַ, פֿאַרשעלט דעם גלות און דעם לעצטן ייִד, וואָס וועט בלײַבן אין גלות. נאָך עטלעכע אויפֿפֿירונגען איז די דראַמע אַראָפּגענומען געוואָרן פֿון רעפּערטואַר און זי איז מער נישט אויפֿגעפֿירט געוואָרן; אַ דראַמע וואָס ווען איר מחבר וואָלט געווען אַ נישט־ייִד, וואָלט מען אים פֿאַרשריגן ווי אַ מנוולדיקן אַנטיסעמיט־פּאַגראָמיסט.

אויב חיים הזז האָט פֿאַרברענט דעם גלות און אַפֿילו פֿאַרשאָלטן דעם לעצטן ייִד, וואָס וועט בלײַבן אין גלות, האָט די אָרגאַניזאַציע פֿון די עבֿרים בכלל זיך אָפּגעקערט פֿון די גלות־ייִדן און זיך פֿאַרמאָסטן צו שאַפֿן אַ שפּאָגל נײַע נאַציע. די שעפֿער פֿון דער נײַער נאַציע, וואָס האָט געדאַרפֿט זיך רופֿן „האומה העבֿרית", זענען געווען יונתן רטוש און די גרופּע האָט זיך אָנגעשלאָסן אין זײַן איניציאַטיוו. יונתן רטוש, דער כּהן־גדול פֿון דער פּלאַנירטער נאַציע, האָט אַנטוויקלט אַן אויסטערלישע טעאָריע: איידער עס איז אויפֿגעקומען דאָס ייִדנטום, איז דער גאַנצער ראַיאָן געווען אַן עבֿרישער. אַלע פֿעלקער אין דעם ראַיאָן האָבן גערעדט עבֿרית (העבֿרעיִש); אַלע האָבן געדינט צו די זעלבע געטער און געגלייבט אין די זעלבע מיטאָסן. די ייִדישע רעליגיע האָט דעמאָלט נישט עקסיסטירט, ווײַל דער גלויבן פֿון אַלע עבֿרים איז געווען אין אַ גאַנצער ריי עבֿרישע געטער. די ייִדישע רעליגיע איז געשאַפֿן געוואָרן אין גלות בבֿל, פֿון וואַנען זי איז אימפּאָרטירט געוואָרן אין לאַנד פֿון די עבֿרים, אינעם היסטאָרישן ארץ־ישׂראל. דאָ איז די געשאַפֿענע ייִדישע רעליגיע אַרויפֿגעצוווּנגען געוואָרן אויף די עם־הארצים. דעריבער דאַרף די נײַע נאַציע זיך אָפּקערן פֿון אַלץ וואָס איז אָנגעוואַקסן אין ייִדנטום במשך די טויזנטער יאָרן, זיך אָפּקערן פֿון דער ייִדישער רעליגיע, און אַוודאי און אַוודאי פֿון דער ייִדישער מיזרח־אייראָפּעיִשער קולטור מיטן „פֿאַרהאַסטן זשאַרגאָן וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין גלות". די עבֿרים דאַרפֿן זיך אָפּקערן אויך פֿונעם ציוניזם, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין גלות פֿאַר די ייִדן אין גלות, וואָס וועלן סײַ ווי נישט קומען קיין ארץ־ישׂראל.

די עבֿרישע נאַציע וועט זיך באַזירן אויף צוויי אַטריבוטן: פֿאָטערלאַנד און שפּראַך — דאָס פֿאָטערלאַנד איז דאָס לאַנד פֿון די עבֿרים, און די שפּראַך איז עבֿרית — העברעיִש. פֿון וואָס פֿאַר עלעמענטן וועט צוזאַמענגעשטעלט ווערן די עבֿרישע נאַציע? איר יאָדער וועלן זײַן די עבֿרים אין ארץ־ישׂראל, דאָס מיינט די איניציאַטאָרן פֿון דער נײַער נאַציע פֿון יונתן רטוש און זײַנע חבֿרים, ייִדן אין ארץ־ישׂראל וואָס וועלן אַקצעפּטירן די אידעע פֿון דער עבֿרישער נאַציע און אַלע שבֿטים וואָס וווינען אויפֿן שטח פֿונעם אַמאָליקן לאַנד פֿון די עבֿרים. דאָס הייסט: די אַראַבער שיִיטן, סוניטן, דרוזן, בעדויִנער, טשערקעסן, קריסטן, וואָס זיי אַלע זענען פֿאַרפֿירט געוואָרן פֿונעם ייִדנטום אין גלות און פֿון דער געשאַפֿענער ייִדישער

רעליגיע — דער גלויבן אין איין גאָט, אָנשטאָט אין די עבֿרישע געטער און געטשקעס. יעדער שבת אָדער פּרט וואָס וועט אָקצעפּטירן די עבֿרישע נאַציע, וועט מוזן אָננעמען די צוויי דערמאָנטע אַטריבוטן: רעדן און דער־ציִען די קינדער אין לשון עבֿרית און באַטראַכטן די עבֿרישע טעריטאָריע ווי זייַן פֿאָטערלאַנד. קיין אַנדערע אַטריבוטן וועלן נישט געפֿאָדערט ווערן פֿון די אָנגעהעריקע צו דער נאַציע עבֿרים.

אין דער מיט פֿון די פֿערציקער יאָרן האָבן די עבֿרים אָפּילו אַרויס־געגעבן אַן אייגענע צייַטשריפֿט, אל״ף. איר סימבאָל איז געווען דער אַלט־פֿעניקישער אל״ף. ווי אַ מוסטער פֿון אַן אָנגעהעריקן צו דער עבֿרישער נאַציע האָבן די שאַפֿער פֿון דער נייַער נאַציע געבראַכט אַ רוס, וואָס האָט צוזאַמען מיט זייַן פֿאַמיליע געלעבט אין רמת־גן און ער האָט מיט זייַנע קינדער גערעדט נאָר עבֿרית...

די נייַע נאַציע האָט געדאַרפֿט פֿולשטענדיק זיך אָפּרייַסן פֿונעם וועלט־ייִדנטום און זייַן רעליגיע, געשיכטע, קולטור און שטייגער.

נאַטירלעך האָט יונתן רטוש־האַלפּערן נישט געפֿרעגט די טשערקעסן, די דרוזן אָדער די אַראַבער די אַנדערע איסלאַמישע שאַטירונגען, צי זיי זענען גרייט זיך אָנשליסן אין דער נייַער נאַציע, אָנערקענען יונתן רטוש ווי זייער נבֿיא און אָנהייבן מתפּלל זייַן זייַנע לידער אָנשטאָט דעם קאָראַן. די מעשׂה דערמאָנט דעם אַנעקדאָט ווי צוויי ייִדן רעדן צווישן זיך ווי אַזוי קאַרעסלעך (אַ מין פֿיש) האָבן ליב געפּרעגלט צו ווערן אויף פּוטער, צי אויף בוימל. זאָגט איין ייִד: „קאַרעסלעך האָבן ליב צו ווערן געפּרעגלט נאָר אויף פּוטער״. רייַסט אים איבער דער צווייטער: „נו, און וואָס זאָגן די קאַרעסלעך אַליין ?״.

ווי געזאָגט, האָבן די אויפֿטוערס פֿון דער נייַער נאַציע נישט געפֿרעגט די „קאַרעסלעך״ — די טשערקעסן, די דרוזן, די מאַראָניטן און אַנדערע — צי זיי וועלן אָװעקוואַרפֿן זייער לשון און אָנהייבן רעדן עבֿרית און אָנ־געהערן צו דער עבֿרישער נאַציע. דערווייַל איז אויפֿגעקומען די ייִדישע מדינה און פֿון די די־פּי־לאַגערן האָבן אָנגעהויבן קומען די שארית־הפּליטה־ייִדן פֿון אונדזער גרויסן חורבן. דאָס זענען געווען די ייִדן, וואָס די עבֿרים האָבן פֿייַנט געהאַט בתּכלית־השׂינאה צוזאַמען מיט זייער לשון ייִדיש און זייער שטייגער. אויך פֿון די אַראַבישע מדינות האָט אָנגעהויבן שטראָמען די מאַסן־עליה. דער אויפֿקום פֿון דער מדינה האָט גורם געווען, אַז די אַראַבער, וואָס האָבן געזאָלט זייַן פּאָטענציעלע עבֿרים, אָנהייבן רעדן עבֿרית אָנשטאָט אַראַביש, זענען גאָר אַנטלאָפֿן אָדער מע האָט זיי געהאָלפֿן אַנ־טלויפֿן. די קאַרטן פֿון די עבֿרים זענען צעטאַסעט געוואָרן. זיי איז נישט געבליבן מיט וועמען צו גיין צום טיש. די מערהייט אָנהענגערס פֿון דער עבֿרישער נאַציע זענען געוואָרן אויס עבֿרים, הגם די שׂינאה צו ייִדיש און צו דער מיזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער קולטור איז זיי געבליבן ווי

א זכר־לחורבן פֿון זייער אידעאל. בלויז די כהנים־גדולים פֿון דער עבֿרישער נאַציע זענען געבליבן בײַ דער ציג און זי נישט געוואָלט אָפּלאָזן. אויף אַזוי ווײַט האָבן די כהנים־גדולים זיך געקלאַמערט אין דער אידעע, אַז נאָך דעם ווי אַ טייל איז אַוועק אין דער אייביקייט און די מערהייט אָנהענגערס זענען זיך צעלאָפֿן, איז ווי עס איז אָנגעגאַנגען די מלחמה אין לבֿנון, אין 1982, און די דאָרטיקע קריסטלעכע מיליץ איז געוואָרן אַ גלײַכער שותּף צו דער בלוטבאָד ביז זייער קרוין־שחיטה אין די פּליטים־לאַגערן סאַבראַ און שאַטילאַ אין דרום פֿון ביירוט, איז איינער פֿון די לעצטע עבֿרים געפֿאָרן קיין ביירוט אַ טאָפּ טאָן אין מאַראָניש־קריסטלעכן וואַגן, צי עס איז פֿאַראַן וואָס צו שמועסן וועגן אַן עבֿרישער נאַציע... די דזשומײַעל־פֿאַלאַנגע האָט ווי אַ שותּפֿטע צו דער מלחמה גענומען בײַ ישׂראל געווער, אויסשטאַטונג און געלט, אָבער וואָס שייך אָנהייבן רעדן העברעיִש און פֿירן מלחמה פֿאַר אַן עבֿרישער נאַציע זענען זיי בעלנים אויף בעסערע ביזנעס.

מיטן טויט פֿון די איינציק געבליבענע כהנים פֿון דער עבֿרישער נאַציע זענען צעשוווּמען די גלוסטענישן, אַז אין ארץ־ישׂראל זאָלן אַלע פֿעלקער און שבֿטים פֿאַרוואַרפֿן זייערע רעליגיעס און צוריקגיין צו געצנדינסט, פֿאַרגעסן זייער שטייגער און צוריקגיין צום שטייגער פֿון פֿאַר דרײַ־פֿיר טויזנט יאָר, און דער עיקר אָנהייבן רעדן עבֿרית, כּדי מיט בשותּפֿותדיקע כּוחות זיך אָפּטרייסלען פֿון די ייִדן אין גלות מיט זייער גלות־געשיכטע צו טאַנצן מה־יפֿית פֿאַר אַלע פּריצים און לעבן מיט אײַנגעבויגענע פּליי־צעס...

כ'האָב געהאַט אַ גוטן חבֿר וואָס פֿלעגט זאָגן, אַז אידעען זענען ווי בלומען: ווען זיי זענען פֿריש, דערפֿרייען זיי מיט זייער פֿאַרביקייט און זאַפֿטיקע ריחות, אָבער מיט דער צײַט וועלקן זיי און געוויסע סאָרטן בלומען לאָזן אַפֿילו איבער אַ שלעכטן ריח...

# אַנטיסעמיטיזם

די מאָדערנע באַקטעריאָלאָגיע און פֿאַרמאַקאָלאָגיע האָבן געמאַכט אַ סוף, אָדער האָבן אַרונטערגענומען אונטער דער מעדיצינישער קאָנטראָל אַלע עפּידעמישע קראַנקייטן. טאָמער באַווײַזן זיך ערגעץ־ווו סימנים פֿון אַן עפּידעמישן אויסברוך, אַזוי ווערן זיי סײַ לאָקאַל און סײַ אינטערנאַציאָנאַל דערדריקט. פֿאַראַן בלויז איין עפּידעמישע פּלאָג, קעגן וועלכער עס איז ביז הײַנט נישט אָפּגעפֿינען געוואָרן קיין סערום און זי שטעקט אָן ברייטע מאַסן — דאָס איז די פּלאָג פֿון אַנטיסעמיטיזם. אַלע אידעאָלאָגישע רעצעפּטן קעגן אָט דער עפּידעמישער קראַנקייט, ווי דער רעצעפּט פֿון ציוניזם, אָדער פֿון סאָציאַליזם און ליבעראַליזם, האָבן געהאָלפֿן ווי אַקוואַ דיסטילאַטאַ קעגן אַ קאַנסער. גענוי ווי אין אונדזער צײַט האָבן מיר מורא פֿאַר ראַקעטן מיט קעפּ אָנגעפּילטע מיט טויט־ברענגענדיקע באַקטעריעס, אַזוי איז אויך אַנטי־סעמיטיזם געוואָרן אַ געווער, וואָס ווערט אויסגענוצט דורך כּוחות, וואָס דאַרפֿן אַזאַ געווער פֿאַר זייערע פּאָליטישע צילן.

דער לענין־סטאַלין־ברעזשניעוו־רעזשים אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז געווען אַן אַטעיִסטישער. „רעליגיע איז אָפּיום פֿאַר די מאַסן" — האָט פֿעסט־געשטעלט קאַרל מאַרקס. אָבער ווען דער אַנטירעליגיעזער סטאַלינישער רעזשים האָט זיך געגנויטיקט אין די עפּידעמישע מיקראָבן פֿון אַנטיסעמיטיזם, האָט ער זיי פֿאַרשפּרייט און אויסגענוצט ראַדיקאַלער און מיט גרעסערער אכזריות, ווי דאָס האָט געטאָן דער צאַרישער רעזשים פֿאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

זיבעציק יאָר זענען די יונגע דורות אין דער נאָכאָקטאָבערישער אימ־פּעריע רוסלאַנד דערצויגן געוואָרן אין אַטעיִסטישע שולן, מיט דער איינ־דאָקטרינאַציע פֿון באָלשעוויזם. די מערהייט דערצויגענע אין אַזעלכע שולן האָבן געדאַרפֿט ווערן אימוניזירט לגבי דער אַנטיסעמיטישער קראַנקייט. אָבער ווי נאָר מיכאַיל גאָרבאַטשאָוו האָט מיט זײַן „גלאַסנאָסט"־לאָזונג דערלויבט צו רעדן פֿרײַ, זענען אויך די באַקטעריעס פֿון אַנטיסעמיטיזם באַפֿרײַט געוואָרן. דער אָרטאָדאָקסישער קלער און די גלויביקע זענען אויפֿגעריכט געוואָרן. אין יאָר 1940 האָב איך פֿאַרן סאַרקאָפֿאַג פֿון וולאַדי־

מיר לעגין אינעם מאַוזאָליי אויפֿן רויטן פּלאַץ אין מאָסקווע, געזען ווי אַן אַלטע פֿרוי צלמט זיך איבער, ווי לעגין וואָלט געווען אַ קריסטלעכער הייליקער. האָב איך דעמאָלט געטראַכט, אַז פֿון דער סצענע דאַרף מען נישט מאַכן קיין אויספֿיר. אַן עלטערע פֿרוי, אַ רעליגיעזע, האָט נישט קיין אַנדער פֿאַרעם אויסצודריקן איר כּבוד פֿאַר אַ געשטאָרבענעם מנהיג ווי איבערצלמען זיך. אין די טעג פֿונעם פּוטש פֿון געגאַדי יאַנאַיעוו און זײַנע מיטהעלפֿערס קעגן מיכאַיל גאָרבאַטשאָוו, איז געווען צו שטוינען וויפֿל יונגע מענטשן, און וועגן עלטערע איז שוין אָפּגערעדט, ס׳האָבן זיך איבערגעצלמט נעבן די קערפּערס פֿון די דרײַ יוגנטלעכע, וואָס זענען געפֿאַלן ווי קרבנות פֿון דער רעוואָלוציע. דאָס האָט באַוויזן, אַז אין די זיבעציק יאָר פֿון אַן אַטעיִסטישן רעזשים זענען די קריסטלעך־רעליגיעזע געפֿילן נישט אויסגעוואָרצלט געוואָרן. נישט מער, זיי האָבן זיך נישט מאַניפֿעסטירט כּלפּי חוץ. ווי נאָר אָבער די לאָזונג „גלאַסנאָסט” האָט געעפֿנט די מעגלעכקייט פֿאַר פֿרײַען געפֿילן־אויסדרוק, זענען אויך די פֿאַרשטעקטע רעליגיעזע געפֿילן באַפֿרײַט געוואָרן צוזאַמען מיט דעם אַלטע־מען וואָס די פּראַוואָסלאַוויע האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט. אויף איינער אַ מאַניפֿעסטאַציע אין מאָסקווע איז אַפֿילו געטראָגן געוואָרן דער פּאָרטרעט פֿון דעם צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, וואָס איז געווען געקניפּט און גע־בונדן מיט דער פּראַוואָסלאַוונער קירך. איז „נאַטירלעך” וואָס אויך דער אַנטיסעמיטיזם מתוך רעליגיעזע פֿאָראורטיילן און דער גרויסרוסישער נאַצ־יאָנאַליזם האָבן אויפֿגעהויבן די קעפּ.



אין אַלטערטום איז נישט געווען אַזאַ באַגריף ווי אַנטיסעמיטיזם (רעליגיעזער פֿאָראורטייל מיט זאָאָלאָגישער שינאה). ייִדן זענען דעמאָלט געווען דאָס איינציקע פֿאָלק מיט דעם מאָנאָטעיִסטישן גלויבן. די אַרומיקע פֿעלקער זענען געווען געצנדינערישע און זיי האָבן נישט געזוכט ווי אַזוי צו באַקערן די ייִדן צו געצן־דינערײַ. פֿאַרקערט, דאָס האָבן דווקא ייִדן געוואָלט אַרײַנברענגען פּאַגאַנען אין ייִדישן גלויבן, ווי, למשל, דער מלך ינאי פֿלעגט מיט צוואַנג באַקערן צום יידנטום פּאַגאַנישע פֿעלקערשאַפֿטן, וואָס ער האָט באַצוווּנגען אין זײַנע מלחמה־אַוואַנטורעס. אין יענע אַלטע צײַטן האָט געהערשט אַ „נאָרמאַלע” שינאה צווישן שבֿטים, פֿעלקער און צווישן קלאַסן. דאָס איז דער ביאָלאָגישער אַנטאַגאָניזם, וואָס געהער צו די אינסטינקטן פֿון אַלע לעבעדיקע באַשעפֿענישן. אין מלחמות צווישן פֿעלקער גייט עס נישט בלויז אין אָקופּירן שטחים און אײַנזאַמלען רויב. אַקומולירטע שינאה איז פֿאַר זיך אַליין אַ גענוגנדיקער מאָטיוו צו גיין שעכטן און פֿאַרניכטן. מען דאַרף נאָר צוטראַכטן אַ „דערהויבענע” סיבה.

אַזאַ איז דער שטייגער געווען און איז ביזן היינטיקן טאָג, ווען קריסטלעכע פֿעלקער שעכטן זיך קעגנזייטיק, אַראַבישע (מאָסלעמישע) פֿעלקער האַסן זיך און שעכטן זיך ווען נאָר אַ געלעגנהייט, שוין אָפּגערעדט ווען עס מאַכט זיך אַ געלעגנהייט צו שעכטן „פּופּרים", קריסטן אָדער ייִדן.

די העלענער און רוימער זענען נישט געווען קיין אַנטיסעמיטן. ייִדן האָבן זיך גאַנץ לײַטיש אַסימילירט אין דער העלעניסטישער קולטור און שפּראַך אַפֿילו ווען זיי האָבן געלעבט אין זייער אייגן לאַנד און נישט אין גלות. די רוימער, בעת זיי האָבן געהערשט אין ארץ־ישׂראל, האָבן געוואָלט בלויז צוויי זאַכן: האַלטן די מאַכט און שינדן די הויט פֿאַר וואָס גרעסערע שטייערן. רעליגיעז האָבן זיי די ייִדן געגעבן די פֿולע פֿרײַהײַט. „איר ווילט לעבן ווערדליק די געזעצן פֿון אײַערע אבות? — דאָס איז אײַער זאַך", הגם די רוימישע מלכים האָבן זיך אַליין געהאַלטן פֿאַר געטער און מיט דעם זעלבן צוואַנג פֿון אָקופּאַציע האָבן זיי אויך געקענט אויף די ייִדן אויפֿצווינגען זייער געצנדינערישקייט. אויך אַנדערע דעראַ־בערער פֿון מיזרח און פֿון מערבֿ זענען נישט געווען קיין אַנטיסעמיטן. ארץ־ישׂראל האָט געהאַט דעם גורל, שטאַרק ענלעך צום גורל פֿון פּוילן אין די לעצטע יאָרהונדערטער. די טעריטאָריע פֿון פּוילן ליגט צווישן די צוויי שטאַרקע — רוסלאַנד און דײַטשלאַנד, איז אין אַלע קאָנפֿליקטן צווישן די צוויי גרויסע, דער קרבן — פּוילן. ארץ־ישׂראל — ווי הײַנט — ליגט צווישן דער דעמאָלטיקער גרויסמאַכט מצרים און די גרויסמאַכטן פֿון בבֿל און פּערסיע. אַז בבֿל האָט געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן מצרים, איז דער ערשטער קרבן געווען ארץ־ישׂראל. און אַז מצרים האָט געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן בבֿל, איז ווידער די זעלבע מעשׂה...

שטאַרקע שלאָגן זיך און די שוואַכע באַקומען קלעפּ.

פּאַראַדאָקסאַל זענען ייִדן געווען דער גורם פֿאַרן אויפֿקומען פֿונעם קריסטנטום, במילא אויך פֿון דעם אַנטיסעמיטיזם. אָט דעם היסטאָרישן פֿאַקט קען מען נישט אָפּלייקענען. סײַ ישו און סײַ זײַנע אָנהענגער, די פֿישערס בײַם ים כּנרת און די אָרעמע־לײַט אין כּפֿר נחום, זענען געווען ייִדן. ישוס רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קעגן דעם וואָס איז דעמאָלט פֿאָר־געקומען אין ירושלים — איז געווען אַ ריין לאָקאַלע באַוועגונג סײַ קעגן דער פּלוטאָקראַטיע פֿון די צדוקים און סײַ קעגן דעם דרוק פֿון די פּרושים. אָט די ייִדישע אויפֿשטענדלערס פֿאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט זענען נישט געווען פֿון אַזאַ אינטעלעקטועלער הייך זיי זאָלן קענען פֿאָרויסזען וואָס פֿאַר אַ היסטאָרישע קאַשע זיי פֿאַרקאָכן קעגן דעם גאַנצן ייִדישן פֿאָלק פֿאַר אַלע דורות.

די שׂינאה וואָס האָט ווי אַ רעקאָשעט געפֿירט צום אויפֿקום פֿונעם קריסטנטום און צום שפּעטערדיקן אַנטיסעמיטיזם, איז געקומען מחמת דעם טיפֿן סאָציאַלן קאָנפֿליקט אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט בעת דעם רעזשים

פון די לעצטע העלעניזירטע חשמונאים. אין יענער תקופה איז אויפגע־שטאַנען די כּת, אַדער סעקטע איסיים, וואָס האָט געהאַט צוויי ריכטונגען: אַ פּראָטעסטאַנטישע און אַ רעוואָלוציאָנערע. דער פּראָטעסטאַנטישער שיכט האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט, איז אַוועק אין נגבֿ און דאָרט פאַרלייגט נזירים־קאָלאָניעס. מתוך פּראָטעסט האָבן זיי אַפילו נישט אויפגעשטעלט קיין פאַמיליעס, כדי נישט צו געבוירן קינדער פאַר דער קאָרופּטער און צביעותדיקער געזעלשאַפט. די צווייטע ריכטונג פון די איסיים איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע, וואָס האָט אַקטיוו געקעמפט קעגן דער קאָרופּציע און קעגן דער סאָציאַלער דיסקרימינאַציע. פון אָט דער באַוועגונג איז אַרויסגעקומען ישו, וואָס אַרום אים האָבן זיך גרופּירט די אָרעמע־לײַט און די באַעוולטע. אָט די רעוואָלוציאָנערן האָבן געקעמפט פאַר גערעכטיקייט און קעגן די סאָציאַלע עוולות אין דער יידישער געזעלשאַפט. זיי האָבן נישט געקענט פאַרויסזען און מסתמא אויך נישט געטראַכט, אַז זייער באַוועגונג איז עלול צו פאַרקאָכן אַ היס־טאָרישע קאַשע, איבער וועלכער יידן וועלן נישט האָבן די מינדסטע קאָנטראָל.

דער מייסטער וואָס האָט פאַרקאָכט די קאַשע און אַן אינערלעך־יידישע סאָציאַלע באַוועגונג פאַרוואַנדלט אין אַ רעליגיע און זי עקספּאָרטירט צו דער גרויסער געצנדינערישער וועלט, איז געווען, ווי ער איז געוואָרן באַצייכנט: „אַ ייד ווען ער איז געווען צווישן יידן און אַ גריך ווען ער איז געווען צווישן גריכן". דאָס איז געווען דער אָפּשטאַמיקער פון דער שטאָט טאַרסוס, וואָס בעתן מל זײַן אים האָט ער באַקומען צוויי נעמען: „סאָולוס" (שאול, ווײַל ער איז געבוירן אַ ייד) און פּאָולוס ווײַל אַזאַ איז געווען דער שטייגער בײַ העלעניזירטע יידן, אַזוי ווי עס איז הײַנט אין דער מאָדע אין דער יידישער וועלט: בײַם ברית — אַ יידישער נאָמען, אָבער אין דער זעלבער צײַט אַ „נאַבאַוועקע" — אַ „לײַטישער" נאָמען, דזשיימס, פיליפּ, בערנאַרד, וכדומה...

ווער איז ער געווען, דער שעפער פון דער נײַער רעליגיע און איז געוואָרן דער ערשטער פויפּסט מיט זײַן גריכישן נאָמען — פּאָולוס?

שאול איז אין ירושלים געווען אַ תלמיד פון רבי גמליאל. קיין גרויסער תלמיד־חכם אין יידישקייט איז ער נישט געווען. ער האָט דערפאַר געהאַט גריכיש וויסן. וואָרשיינלעך איז ער געווען אַן עפּילעפּטיקער, אַלנפאַלס אַ פיזיש קרענקלעכער, אָבער זײַן ווילן איז געווען אַן אײַזערנער, און צו זײַן פאַנאַטישקייט איז נישט געווען קיין גלײַכער. אַ וויכטיקער עלעמענט אין זײַן בילדונג איז געווען זײַן אמונה אין די אַפּאָקאַליפּטיקער. די אַפּאָ־קאַליפּטיקער האָבן געגלויבט אין אַ סוף פון דער וועלט און אַז בײַם סוף פון דער וועלט וועט פאָרקומען אַ משפט פון גאָט און בעת דעם משפט וועט בײַ גאָטס רעכטער האַנט זיצן משיח, וואָס לעבט נאָך פון

פֿאַר וועלטבאַשאַף. ער אַליין, שאול, האָט געגלויבט, אַז ער איז אַ שטיקל משיח, ער שטייט אין פֿאַרבינדונג מיטן הימל. בעת אַזעלכע פֿאַרבינדונגען מיטן הימל פֿלעגט ער אַרײַנפֿאַלן אין עקסטאַז און „הערן קולות” פֿון הימל — אַ דערשײַנונג וואָס איז כאַראַקטעריסטיש אויך פֿאַר אַלע נאָכ־קומענדיקע משיחים. אין ירושלים האָט שאול געפֿירט אַ פֿאַרביסענעם קאַמף קעגן ישו און זײַנע אָנהענגער. אָבער אַזוי ווי ישו האָט געפֿונען אַ היפּשע צאָל אָנהענגער אין דמשק, איז שאול אַהינגעפֿאָרן, כּדי צו באַקעמפֿן די ישו־באַוועגונג. אָבער אויפֿן וועג קיין דמשק האָט ער געהאַט אַ וויזיע, וואָס האָט איבערגעדרייט קאַפּויער אַלץ אין וואָס ער האָט פֿריִער געגלויבט. פֿון ישוס אַ שׂונא איז ער געוואָרן זײַן ערשטער אַפּאָסטאָל. ער האָט די בשׂורה געבראַכט צו די סירישע געצן־דינער, וואָס זענען געווען גענייגט צום ייִדישן גלויבן, און ער איז געוואָרן אַ מיסיאָנער צו באַקערן די געצן־דינער צום גלויבן אין... ישו.

פֿאַר געצן־דינער איז געווען איבער די כּוחות צו נעמען אויף זיך דעם שווערן עול פֿון זעקס הונדערט און דרײַצן מצוות, מיט לאָזן זיך באַשנײַדן און אָפּהיטן שבת כּדבעי. האָט שאול — כּדי לײַכטער צו מאַכן פֿאַר די געצן־דינער אָנצונעמען דעם גלויבן אין ישו — אָפּגעשאַפֿט די מצוות. וואָרעם וועדליק אים זענען די מצוות געגעבן געוואָרן בלויז צו דער צײַט ווען עס וועט זיך אַנטפּלעקן דער משיח פֿון פֿאַר וועלט־באַשאַף. און אָט איז ער דאָ. דער משיח פֿון פֿאַר וועלטבאַשאַף האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד אין געשטאַלט פֿון אַ מענטש, ישו, אַזוי ווי די אַפּאָקאַליפּטיקער האָבן געגלויבט עס וועט זײַן. אויף דער ערד איז משיח, ישו, פֿאַרפֿאָלגט און געקרײַציקט געוואָרן און ער איז ווידער אַרויף אין הימל, דאָרט וועט ער זיך זעצן בײַ דער רעכטער האַנט פֿון גאָט צום געטלעכן משפּט ביז צום סוף פֿון דער וועלט, ווען עס וועט רעאַליזירט ווערן מלכות שמים...

פֿון דאַנען־אויס האָט שאול איבערגעטראָגן זײַן ישו־פּראָפּאַגאַנדע קיין אייראָפּע. ווי פֿריִער אין ירושלים זענען ישוס אָנהענגער געווען אָרעמע־לײַט, קראַנקע און סאָציאַל־באַעוולטע, אַזוי זענען אויך די ערשטע אָנ־הענגער פֿון שאולס גלויבן געווען פֿון די סאָציאַל־נידעריקסטע שטאָטישע עלעמענטן אין אייראָפּע. מיט לײַכט ייִדישקייט, אָן מצוות, האָט שאול זיי געבראַכט די זיכערקייט פֿון תּחית המתים און זוכה צו זײַן צו מלכות שמים. פֿאַר די געצן־דינער איז געווען לײַכטער אָנצונעמען אַ גלויבן אין אַ משיח, וואָס נידערט אַראָפּ אויף דער ערד, איידער אָננעמען בלויז דעם גלויבן אין אַ גאָט, וואָס נישט מען זעט אים און נישט מען הערט אים. אין זײַן פּראָפּאַגאַנדע איז שאול־פּאַולוס געוואָרן דער פֿאַרביסנסטער שׂונא פֿונעם תּורה־ייִדנטום. אין זײַן פּאָלעמיק און פּראָפּאַגאַנדע זענען זײַנע אַרגומענטן געווען, אַז די ייִדן שטיצן זיך בלויז אויף מקיים זײַן מצוות און אויף זעלבסט־באַרעכטיקונג אין דער צײַט ווען דער גלויבן אין ישו באַשטייט

אויף חסד, אויף ליבע צום מענטש.

אין דער ערשטער תּקופה פֿון דער נײַער רעליגיע, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דער העלעניסטישער און רוימישער וועלט, האָבן אירע כּהנים געפֿירט פֿאַר איר אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע, נישט בלויז צווישן די געצן־דינער, נאָר אויך צווישן די תּורה־ייִדן, זיי זאָלן אָננעמען ישו ווי דעם משיח, וואָס די נבֿיאים אין תּנ״ך האָבן פֿאָרגעזען. און אַז די מערהייט תּורה־ייִדן האָבן פֿאַראורטיילט די נײַע רעליגיע און זי דערקלערט ווי אַ פֿאַרפֿעלשונג פֿון דת תורת משה, האָט די נײַע קריסטלעכע קירך צו־געטראָכט אַ דאָגמע, אַז די ייִדן האָבן פֿאַרלוירן זייער אומאָפּהענגיקייט ווי אַ שטראָף פֿאַר נישט אָנערקענען ישו ווי משיח. דאָס וואָס די דאַטעס שטימען נישט, שפּילט נישט קיין ראָל ווען עס האַנדלט זיך אין אַ דאָגמע...

איידער די קריסטלעכע ווערסיע פֿונעם ייִדישן מאָנאָטעיִזם האָט זיך פֿאַרפֿעסטיקט איבעם וועלטזאַטל, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ צווייטע ווערסיע פֿונעם ייִדישן מאָנאָטעיִזם — דער איסלאַם. ביז מאַכאַמעד האָט געפֿאָדערט פֿון די ייִדן, זיי זאָלן אים אָנערקענען ווי אַ נבֿיא, האָבן די אַראַבער געלעבט מיט ייִדן ווי מיט אַנדערע פֿעלקערשאַפֿטן — אַ מאָל גוט און אַמאָל שלעכט. מאַכאַמעד גופֿא, דער באַגרינדער פֿון איסלאַם, איז דווקא געווען אין גוטע באַציִונגען מיט ייִדן אויף דעם אַראַבישן האַלבאינדזל. ער האָט בײַ ייִדן געלערנט די פּרינציפּן פֿון דעם ייִדישן מאָנאָטעיִזם. אָבער אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַ נבֿיא און געפֿאָדערט פֿון די ייִדן זיי זאָלן אים אָנערקענען ווי אַ נבֿיא צוגלײַך מיט די נבֿיאים פֿונעם „ספֿר״, און ייִדן האָבן געענטפֿערט אַזוי ווי זיי האָבן געענטפֿערט דער קריסטלעכער קירך בנוגע ישו, זענען די ייִדן געשטעמפּלט געוואָרן ווי „כּופֿרים״.

אָט די צוויי ווערסיעס פֿונעם ייִדישן מאָנאָטעיִזם — די קריסטלעכע און איסלאַמישע, זענען דער הינטערגרונט פֿאַרן ביטערן אַנטאַגאָניזם, וואָס ווערט גערופֿן אַנטיסעמיטיזם. די קריסטן האָבן אונדז פֿײַנט ווײַל מיר האָבן נישט אָנערקענט ישו, דעם ייִד, ווי משיח, און דער איסלאַם האָט אונדז פֿײַנט ווײַל מיר האָבן נישט אָנערקענט מאַכאַמעדן ווי אַ נבֿיא.

אַרום דעם יאָר 1000 פֿון דער אייראָפּעיִשער צײַט־רעכענונג איז אין אייראָפּע פֿאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דעם עקאָנאָמישן סיסטעם. די נאַטור־ווירטשאַפֿט איז איבערגעגאַנגען צו געלט־ווירטשאַפֿט. אין דעם געענדערטן עקאָנאָמישן סיסטעם האָבן ייִדן פֿאַרנומען אַ ביז גאָר וויכטיקע פּאָזיציע: ייִדן, באַוועגלעכע, מיט ענגע באַציִונגען מיט זייערע ברידער כּמעט אין אַלע אייראָפּעיִשע לענדער און אין מיטעלן מיזרח, זענען געוואָרן באַנקירן, געלטהענדלער. זיי האָבן אויסגעליִען געלט צו די אייראָפּעיִשע מושלים, און ווי עס איז געווען דער שטייגער, אויף הויכע ציִנזן. די קירך איז געווען אַ שאַרפֿע קעגנערין צו די לייען געלט אויף ציִנזן בכלל און אויף הויכע ציִנזן בפֿרט, הגם אויך בישאָפֿן האָבן געמוזט אָנקומען צו די ייִדישע

געלטהענדלער. אויב ביז יענער תּקופֿה איז דער אַנטיסעמיטיזם אַרויס־געדרונגען פֿון קאַטעכיזם, פֿון דער קריסטלעכער דאָגמאַטיק, האָט דער צוגעקומענער עקאָנאָמישער פֿאַקטאָר (דער ייִדישער האַנדל מיט געלט) געגעבן דעם אַנטיסעמיטיזם אַ שטויס צו פֿיזישער ברוטאַליטעט. קריסט־לעכע מושלים זענען געווען טאָלעראַנט כּלפּי ייִדן אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן געדאַרפֿט האָבן געלט־הלוואות פֿון ייִדן. אָבער ווי נאָר די חובֿות צו די ייִדישע געלטלײַערס צוזאַמען מיט די צינזן, זענען געוואָרן אַ לאַסט, האָבן די מושלים געהאַט איין מיטל: זיי האָבן די ייִדן פֿאַרטריבן פֿון זייערע לענדער און די חובֿות צו ייִדן זענען אָפּגעמעקט געוואָרן... אַזעלכע אַקטן האָבן באַפֿרידיקט די קריסטלעכע מאַסן אין זייערע פֿאָראורטיילן כּלפּי ייִדן און פֿאַרטיפֿט דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיך אויך עקאָנאָמיש באַרעכטיקט.

בעת דער רעקאָנקוויסטאַ, ווען די קריסטלעכע מושלים פֿון אייראָפּע האָבן פֿאַרטריבן די אַראַבער פֿונעם פּירענעיִשן האַלבאינדזל (שפּאַניע און פּאָרטוגאַל), האָבן ייִדן געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָל בײַ די קריסטלעכע הערשער, ווי הויף־פֿינאַנסיסטן, מעדיקערס, ראַטגעבערס און אַנדערע הויכע אַמטן. צוזאַמען דערמיט האָבן די פֿאַנאַטיש־קאַטוילישע רעגירערס זיך גע־קוואַפּעט אויף די נשמות פֿון די ייִדן, זיי באַקערן צום קריסטנטום. אָבער אַפֿילו ווען ייִדן אויף הויכע אַמטן האָבן זיך באַקערט צום קריסטנטום, איז די קינאה און שׂינאה צו די באַקערטע נישט קלענער געוואָרן. די ייִדן זענען געוואָרן אויס ייִדן, בעת דער אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן פֿאַרביסע־נער, מיליטאַנטישער. דער מיליטאַנטישער אַנטיסעמיטיזם האָט לסוף דער־פֿירט צו דער אינקוויזיציע און צום פֿאַרטרײַבן די ייִדן פֿון שפּאַניע (1492) און באַלד אויך פֿון פּאָרטוגאַל. בכן איז דער אַנטיסעמיטיזם באַזירט אויף צוויי זײַלן: אויף אײַנגעוואָרצלטן רעליגיעזן פֿאָראורטייל און אויף דעם עקאָנאָמישן פֿאַקטאָר. וואָס שײַך דעם אַנטיסעמיטיזם מתּוך רעליגיעזן אײַ־פֿער, וואָלט איך אים אָנגערופֿן „פּלאַגיאַטאָר־קאָמפּלעקס״.

ווען אַ פּלאַגיאַטאָר פֿאַראייגנט זיך אַ פֿרעמדע אידעע, אָדער אַ ווערק, וואָלט ער וועלן דער אייגנטלעכער שעפֿער פֿון דער אידעע, אָדער ווערק, זאָל שטאַרבן און דער אָריגינאַל פֿון דער אידעע זאָל פֿאַרברענט ווערן, כּדי דער פּלאַגיאַט זאָל אָנגענומען ווערן ווי דער אָריגינאַל. די קריסטלעכע רעליגיע, ווי דער איסלאַם, זענען פּלאַגיאַטן פֿון דעם מאָנאָטעיִזם, ווי ייִדן האָבן אים געשטאַלטיקט און קאַנאָניזירט. אַט דעם פֿאַקט קענען נישט אָפּמעקן, נישט דער ביזאַנטינישער פֿיגוראַטיווער גלאַנץ פֿון דער קירך און נישט די שווערד פֿונעם איסלאַם. כּמעט בײַ אַלע געלעגנהייטן שפּרינגט אַרויס דער אמת, אַז דער הינטערגרונט פֿון אַנטיסעמיטיזם איז דער רעליגיעזער אַנטאַגאָניזם.

דער געלערנטער פֿראַנצייזישער קאַרדינאַל אַגאָבאַרד (778—840) האָט

די ייִדן אין זייַן פּאָסעסיע געגעבן פריִיהייט. ייִדן האָבן אַפילו געמעגט האָבן קריסטלעכע משרתים, וואָס די קירך האָט שטרענג פאַרבאָטן. אין זייַנע שריפטן איז ער פול מיט לויב פאַר די ייִדן אין ליאָן. פאַר אָט דער טאָלעראַנץ האָט ער געפאָדערט די ייִדן זאָלן „בייַטן דאָס רענדל" און אָננעמען דעם „ריכטיקן גלויבן". האָבן די ייִדן אים געהערט ווי דעם קאָטער. האָט בײַם קאַרדינאַל געפלאַצט די פרייַנדשאַפט צו ייִדן און ער איז אַרויס מיט לשון: „נישט געקוקט דערויף — שרייַבט ער — וואָס קריסטן זענען גוט צו ייִדן און גיבן זיי רעכט, דאָך געלינגט עס נישט צוציִען זיי צו דער ריינער און גייַסטיקער אמונה". און דער קאַרדינאַל קלאָגט זיך אַז ייִדן האָבן אַ השפעה אויף דעם פשוטן קריסטלעכן פאָלק, וואָס האַלט, אַז ייִדן דרשענען בעסער ווי די קריסטלעכע גייַסטלעכע און אַז די ייִדן זענען די אויסדערוויילטע פון גאָט. ער האָט שוין, שרייַבט ער ווייַטער, דריי מאָל געוואָרנט, אַז די גלויביקע קריסטן זאָלן זיך דער־ווייַטערן פון די ייִדן, וואָרעם עס זענען פאַראַן אַזעלכע קריסטן, וואָס היטן אָפּ דעם שבת אָנשטאָט צו רוען זונטיק... נו, אַז אַלע באַמיִונגען פון דעם „ייִדנפריינדלעכן" קאַרדינאַל האָבן נישט געהאָלפן אַריבערפירן די ייִדן צו דער קירך, איז ער געוואָרן אַ וויסטער אַנטיסעמיט.

ענלעך איז געווען די מעשה מיט דעם רעפאָרמאַטאָר מאַרטין לוטער (1483—1546): ער איז געווען אַ נזיר פון דעם אויגוסטינער אָרדן און פראָפעסאָר אין די אוניווערסיטעטן פון ערפורט און וויטענבערג. שפעטער האָט ער אויסגעטאָן די קליידער פון אַ נזיר און געוואָרן רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר. ער האָט זיך דערקלערט ווי אַ פרייַנד פון ייִדן. אַזוי ווייַט איז ער געווען פאַרקאָכט אין ייִדן, אַז ער האָט איבערגעזעצט דעם תנ"ך אויף דייַטש. אין זייַנע דרשות האָט ער נישט אויפגעהערט צו רעדן גוטס וועגן ייִדן און האָט אַפּעלירט צו זיי, זיי זאָלן אַרונטערקומען אונטער די פליגל פון דער קירך, וואָרעם אויך ישו פון נצרת איז געווען אַ ייִד, און זייַנע חסידים, די פישערס בייַם ים כנרת, זענען געווען ייִדן, און דער ערשטער פויפסט, פאַולוס, איז געווען אַ ייִד. איז וואָס דאַרף מען נאָך מער, בפרט אַז ער אַליין איז אַ פרייַנד פון ייִדן? צום סוף, אַז די ייִדן זענען נישט נאָכגעקומען דעם ווילן פון לוטערן זייער „פרייַנד", איז ער געוואָרן זייער מיליטאַנטישער קעגנער, אַ קלאַסישער אַנטיסעמיט און אין די יאָרן 1513—1516 האָט ער אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע מיט כוח אַריבערצופירן די ייִדן צום קריסטלעכן גלויבן.

אויף ווי ווייַט דער אַנטיסעמיטיזם מתוך קריסטלעכן אייפער רופט זיך איבער דורך הונדערטער יאָרן, קענען דינען אַפילו בלויז צוויי פאַלן פון אַ סך:

כדי אָנצושרעקן די עקשנותדיקע ייִדן, זיי זאָלן איילן צום טויפבעקן, האָבן קריסטלעכע גייַסטלעכע צוגעטראַכט אויסטערלישע בלבולים, צווישן

זיי אויך דעם בלוט־בלבול, אַז ייִדן נוצן קריסטלעך בלוט אין מצות אויף פסח. נאָך ביזן היינטיקן טאָג פראַוועט דער קלויסטער מאַרינאַ דע מאַסאַ אין סאַראַגאָסאַ (שפּאַניע) דעם אָנדענק פון דאַמעניטשינאַ דע וואַל, וואָס „אין עלטער פון פינף יאָר האָבן אים ייִדן פאַרכאַפּט און דערמאָרדעט, כדי צו נוצן דאָס בלוט פון דעם קינד צו זייערע מצות אויף פסח". אַזוי דערציילט די כראָניק פונעם קלויסטער. דער בלבול איז צוגעטראַכט געוואָרן אין חודש אויגוסט 1250. זיבן הונדערט און זיבן יאָר שפּעטער, אין 1957, האָט דער דערמאָנטער קלויסטער אַרויסגעלאָזט אַ שריפט, אין וועלכער עס ווערט איבערגעחזרט, אַז די ייִדן אין סאַראַגאָסאַ האָבן גענוצט קריסטלעך בלוט צו זייערע מצות. די שריפט דערציילט אַפילו גענוי ווי אַזוי די ייִדן האָבן פאַרנאַרט דאָס קריסטלעכע קינד אין זייער סינאַגאָגע און ווי אַזוי זיי האָבן מיט נעגל צוגעשלאָגן דאָס קינד צו דער וואַנט און מיט אַן אײַזן דורכגעשטאָכן זײַן האַרץ.

יאָסיף דזשוגאַשווילי, דער שפּעטערדיקער סטאַלין, האָט אין זײַן קינדהייט באַקומען אַ פרום־קריסטלעכע דערציִונג. זײַנע עלטערן האָבן באַשטימט, ער זאָל לערנען אין אַ סעמינאַר פאַר גײַסטלעכע. אַ געוויסע צײַט האָט ער געלערנט אין דעם סעמינאַר און אײַנגעזאַפּט אין זיך די רעליגיעזע אינדאָקטרינאַציע, וואָס גייט תמיד צוזאַמען מיט פאָראורטיילן כלפּי אַנדערע רעליגיעס, אין דעם פאַל כלפּי ייִדן. שפּעטער איז סטאַלין געוואָרן אַ „בעזבאַזשניק", אַ רעוואָלוציאָנער, ווי אַ באָלשעוויק פאָרמעל אָנגענומען די אַקסיאָמע, אַז „רעליגיע איז אָפּיום פאַר די מאַסן", אָבער אַז עס איז געקומען צו ייִדן, האָט די אײַנגעוואָרצלטע גירסא דינקותא גענומען די אויבערהאַנט און אויפן שטייגער פון קריסטלעכע פאַנאַטיקער האָט ער צוגעטראַכט דעם בלבול, אַז ייִדישע דאָקטוירים האָבן פּלאַנירט אומצוברענגען סאָוועטישע פירערס. זײַן גירסא דינקותא־אַנטיסעמיטיזם איז מיט אַ סך יאָרן פריִער געקומען צום אויסדרוק אין זײַן בוך וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אַז ייִדן זענען בכלל נישט קיין פאָלק נאָר אַ רעליגיעזע עדה. מחמת דעם רעליגיעזן קולט פאַר דעם „פאָטער פון די פעלקער", האָבן אויך פאַרנאַרטע ייִדישע קאָמוניסטן נישט געזען קיין אַנטיסעמיטיזם אין סטאַלינס „פעסטשטעלונג", אַז ייִדן זענען נישט קיין פאָלק, הגם ער האָט שפּעטער געהייסן אומברענגען די ייִדישע שרײַבערס און פאַרניכטן די ייִדישער קולטור בכלל, ווי די גײַסטיקע באַזע פון דעם ייִדישן פאָלק, מאַכן אַ סוף צו די ייִדן, פאַרשיקן זיי אין שאול תחתיה — אַז וואָס עס איז נישט געלונגען כלפּי ייִדן דער הייליקער קירך, זאָל עס געלינגען דעם הייליקן קאָמוניזם...

יעדער פּאָליטישער רעזשים, יעדע רעליגיע, יעדעס פאָלק און יעדער קלאַס, יעדע אידעאָלאָגיע און אַפילו יעדער מענטשלעכער יחיד שאַפט זיך אַן אָפּלייטער, אַ שעיר־לעזאזל, צוצושרײַבן אים די סיבה פון דורכפאַלן

און אומגליקן. ביז דער תּקופֿה פֿון דעם איצטיקן פּויפּסט איז דער ייִדישער קאָלעקטיוו באַשולדיקט געוואָרן אין קרייציקן ישו. ברעכט אויס אַ הונגער אין קריסטלעכע אייראָפּעיִשע לענדער מחמת טריקעניש אָדער אַנדערע סיבות, איז נישטאָ עפּעס בעסערס ווי באַשולדיקן די ייִדן. אַז אין דער מיט פֿונעם פֿערצנטן יאָרהונדערט איז אין אייראָפּע אויסגעבראָכן די עפּידעמיע פֿון שוואַרצע פּאָקן, וואָס האָט פֿאַרשניטן 25 מיליאָן מענטשלעכע לעבנס — ווער איז געווען שולדיק? די ייִדן זענען שולדיק געווען, זיי האָבן פֿאַרסמט די קריסטלעכע ברונעמס. והראיה — ווייניק ייִדן שטאַרבן פֿון דער פּעסט. אַז די פּוילישע פּריצים האָבן צוגערויבט די ערד פֿון די אוקראַיִנישע פּויערים און די פּויערים זענען פֿאַרהונגערט געוואָרן — ווער איז געווען שולדיק? די זשידעס זענען שולדיק געווען, און די אוקראַיִנער האָבן פּאָגראָמירט די ייִדן. דײַטשלאַנד האָט פֿאַרשפּילט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער ווערסײַער טראַקטאַט האָט רשעותדיק באַעוולט דײַטשלאַנד און באַגרענעצט די סוווערעניטעט פֿונעם דײַטשן פֿאָלק. ווער איז געווען שולדיק? פֿראַנקרײַך? ענגלאַנד? — די ייִדן זענען שולדיק געווען און צו זיי, צו די שוואַכע, האָבן די דײַטשן אויסגעלאָדן דעם צאָרן און אומגעבראַכט אונדזער פֿאָלק.

צײַטן און תּקופֿות בײַטן זיך אָפּ, די וועלט פּראָגרעסירט, די וויסנשאַפֿט דעקט אָפּ אַ סך ווילדקייטן, אײַנרעדענישן און צביעות, אָבער די פֿאָר־אורטיילן, באַזירט אויף דעם מעכטיקן רעליגיעז־אַבסטראַקטן כּוח במשך אַ טויזנט פֿינף הונדערט יאָר, דעם אַנטיסעמיטיזם, קען מען נישט ליקווידירן. אַלע רעצעפּטן ווי אַזוי אָפּצושאַפֿן דעם אַנטיסעמיטיזם זענען נישט מער ווי אַ פּלאַסטער אויף אַ מכּה. כּל זמן די קריסטלעכע רעליגיע — אין אַלע אירע קירכעס — וועט זײַן דער דאָמינירנדיקער כּוח אינעם גײַסטיקן לעבן פֿון פֿעלקער, וועלן הערשן רעליגיעזע פֿאָראורטיילן כּלפּי ייִדן, און זייער אויסדרוק איז אַנטיסעמיטיזם. בלויז אַזעלכע קריסטן, בײַ וועלכע דער רעליגיעזער אייפֿער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און זייער וועלטבאַנעם איז אַ ליבעראַלער, זענען באַפֿרײַט פֿון אַנטיסעמיטיזם, אויב נאָר זייערע באַציִונגען מיט ייִדן ווערן נישט געשטערט דורך עקאָנאָמישער קאָנקורענץ. איז דער גורל אַזאַ, אַז מיט פּאַסיוון אַנטיסעמיטיזם מוזן מיר משלים זײַן, ווי מיר זענען משלים מיט דער עקסיסטענץ פֿון מיקראָבן, וואָס זענען עלול גורם צו זײַן אַ מגיפֿה. אָבער אַזוי לאַנג ווי עס איז פֿאַראַן אַן אויפֿזיכט, די מיקראָבן זאָלן געצוימט ווערן בײַ וועלכער עס איז מעגלעכקייט פֿון אַן עפּידעמיע, אַזוי איז אויך מיט דעם אַנטיסעמיטיזם. ער איז געווען, ער איז פֿאַראַן און ער וועט זײַן אַזוי לאַנג ווי לאַנג עס וועלן עקסיסטירן רעליגיעזע פֿאָראורטיילן. זײַן עפּידעמישקייט איז אָפּהענגיק נישט פֿון די פּאַסיווע אַנטיסעמיטן, נאָר פֿון רעזשימען און פֿינצטערע אידעאָלאָגיעס, וואָס מוזן האָבן אַן אָפּלייטער פֿאַר זייערע דורכפֿאַלן.

ווער עס טראַכט, אַז ווען עס איז וועלן פֿאַרשווינדן רעליגיעזע פֿאָר־אורטיילן ביז אַזאַ אָדער אַן אַנדער גראַד רעליגיעזיטעט אין דער וועלט, דער דאַרף געדענקען, אַז רעליגיעזער פֿאַנאַטיזם, אָדער טיפֿער רעליגיעזער גלויבן איז דער ברודער פֿון דער סעקסועלער אייפֿערזוכט.ביידע זענען שטאַרק ווי דער טויט. מתוך אמונה וועט אַ רעליגיעזער ייִד גיין אויף קידוש השם („ייהרג ואל יעבור״), ווי פֿאַר טיפֿער אמונה וועט אַ קאַטוילישע קריסטלעך מיידל זיך אַנשליסן אויף אַ גאַנץ לעבן אין אַ קאָנוועגט פֿון נזירות און מוותר זײַן אויף דעם שטאַרקסטן פֿון אירע אינסטינקטן — פֿאַר סעקסועלער ליבשאַפֿט און מוטערשאַפֿט. רעליגיע און סעקס זענען אַ צווייזײַטיקע מטבע, וואָס קיין שום כּוח איז נישט אימשטאַנד זי צו דעוואַלוירן.

אין פֿאַל פֿון רעליגיעזע פֿאַראורטיילן זענען אַלע אמונות גלײַך. צי וועט ווער לייקענען אַז אַ טיף־רעליגיעזער ייִד איז געגוי אַזוי אומטאָלע־ראַנט כּלפּי אַ „גוי״ ,אַן „ערל״ ווי אַ טיף־רעליגיעזער קריסט אין אומ־טאָלעראַנט כּלפּי דעם „זשיד״, „זשוויף״.

בײַ אונדזער שענסטן יום־טוב — פּסח — דער יום־טוב פֿון פֿרײַהייט, נעבן טעקסטן פֿון באַוווּנדערן גאָטס נסים, נעבן דער שפּילעוודיקייט פֿון „חד גדיא״, האָבן מיר אין דער „הגדה״ אַזאַ טעקסט ווי „שפֿוך חמתך״ — „לאָז אויס דײַן צאָרן צו די גויים, וואָס האָבן דיך נישט אָנערקענט, און צו די מלוכות, וואָס האָבן דײַן נאָמען נישט גערופֿן... לאָז אויס צו זיי דײַן ווּט און דײַן גרויסן כּעס. דערגרייך זיי. פֿאַרפֿאָלג זיי מיט גרימצאָרן און פֿאַרטיליק זיי פֿון אונטער גאָטס הימלען״. ביז הײַנט איז קיינעם פֿון די רבנים נישט אײַנגעפֿאַלן ענדלעך אַרויסצונעמען פֿון דער הגדה של פּסח די תּפֿילה וואָס פֿאַרשאַפֿט אונדז נישט קיין כּבֿוד. דער תּירוץ איז אַז די תּפֿילה „שפֿוך חמתך״ איז נישט געזאָגט געוואָרן אויף די קריסטלעכע און איסלאַמישע גויים, וואָס אָנערקענען דאָך דעם זעלבן גאָט וואָס ייִדן, נאָר די תּפֿילה מיינט די געצן־דינער...

בכן, איז נישטאָ קיין האָפֿענונג אַז אַנטיסעמיטיזם זאָל פֿאַרשווינדן, אַזוי לאַנג ווי עס הערשן רעליגיעזער פֿאַנאַטיזם און מיט אים אַלע נאַרישע פֿאַראורטיילן...

# נאך זעקס מלחמות אין שאטן

## פונעם חורבן 1939—1945

„דער העכט אין דעם אקוואריום האט זעכציק מאל זיך אנ־
געשלאגן אן דער גלעזערנער וואנט און ער האט נישט באגריפן,
אז ער שלאגט קאפ אן דער וואנט".

(מאריס מעטערלינק — „די אינטעליגענץ פון בלומען")

ווי די פריערדיקע פינף מלחמות, האט אויך די זעקסטע נישט געבראכט קיין פאליטישע לייזונג, אויסער גורם געווען נאך מער בלוט־פארגיסונג און נאך מער טרערן, און צו דעם בלוט און טרערן פון אונדז און אנדערע האט זי אונדז גורם געווען א מאראלישן חורבן. ווי דער חורבן אין די יארן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האט זיך אויף אייביק איינגעשניטן אין אונדזער לייב און לעבן, אזוי האט זיך איינגעשניטן אין אונדז אויף אייביק דער מאראלישער חורבן, וואס האט אונדז געשלאגן אין דער מלחמה אין לבנון און אין איר פינצטערן פינאל אין די פליטים־לאגערן אין מערב־ביירוט.

אויב יעדע מלחמה איז א פארברעך — און זי איז א פארברעך, ווייל קיין שום מלחמה לייזט נישט צווישנפעלקערלעכע קאנפליקטן אחוץ וואס זי באפרייט מערדערישע אינסטינקטן — דאן איז אן „איניציירטע" מלחמה א כפל־כפלימדיקער פארברעך. אזא איז געווען און געבליבן די מלחמה אין לבנון — א מלחמה פון דריי מענטשן, וואס זי דעקט זיך פולשטענדיק מיט דעם מאראלישן מהות פון דער אידעאלאגיע פון די דריי מענטשן: מנחם בעגין, אריאל שרון און רפאל איתן.

אונדזער מאראלישער חורבן אין דער מלחמה אין לבנון מיט זיין פינאל אין די פליטים־לאגערן אין מערב־ביירוט, ווו „אונדזערע" שותפים, די קריסטלעכע דזשומאיעל־פאלאנגעס האבן געשאכטן פרויען און קינדער, פאדערט פון אונדז א גרינטלעכן חשבון־הנפש, כדי צו זען ווו מיר האלטן אין דער וועלט. מיר זענען קוים אנטרונען פון דער „ענדגילטיקער לייזונג", וואס דער נאציזם האט פאר אונדז צוגעטראכט, מוזן מיר מיט אלע מעגלעכע כוחות זיך קעגנשטעלן דעם משיחישן שגעון פון אונדזערע נאציאנאליס־

טישע בריונים, וואָס ווי דאָס געשעט מיט באַפֿרײַטע שקלאַפֿן מאַכן זיי נאָך די אכזריותן, פֿון וועלכע זיי אַליין זענען געווען די קרבנות...

היסטאָרישע געשעענישן, פֿון וועלכע עלעמענטן זיי זאָלן נישט האָבן געוואָרן אַרויסגערופֿן, פֿאַרלויפֿן זיך נישט אָפּגעריסן איינע פֿון דער אַנדע־רער. זיי האָבן זייער דיאַלעקטיק. איך וואָלט זיי פֿאַרגליכן צו אַ פּילפּאַזיקער ראַקעטע, וואָס איינע אַקטיוויזירט די צווייטע און די צווייטע — די דריטע. אַפֿילו די מאַטעריאַליסטישע דיאַלעקטיק, וואָס זעט היסטאָרישע רעוואָלוצ־יאָנערע איבערשפּרונגען אין געשיכטלעכע פּראָצעסן, לייקנט נישט אַז די איבערשפּרונגען זענען נישט אָפּגעריסענע פֿון אָנגעזאַמלטע סיבות, נאָר זיי זענען אַ רעזולטאַט פֿון פֿריִערדיקע היסטאָרישע אָנלאָדונגען.



דער פּאָליטישער ציוניזם איז נישט אַנטשטאַנען ספּאָראַדיש; ער איז נישט אַנטשטאַנען ווײַל אין איינער אַ נאַכט אין אָנהייב פֿון די אַכציקער יאָרן פֿונעם פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָט לעאָן פּינסקער געחלומט אַ חלום פֿון ייִדישער מלוכישער זעלבשטענדיקייט און אין דער פֿרי האָט ער זיך אָוועקגעזעצט שרײַבן זײַן „אויטאָעמאַנציפּאַציע״, ווי אַן אינטעלעק־טועלע גימנאַסטיק. אין די זעכציקער יאָרן איז לעאָן פּינסקער נישט גע־קומען אויף דער אידעע אויטאָעמאַנציפּאַציע, ווײַל דעמאָלט איז דער צאַרי־שער רעזשים געווען ליבעראַלער צו די „רוסן פֿון משהס גלויבן״, און דאָס איינציקע, וואָס לעאָן פּינסקער האָט דעמאָלט געפֿאָדערט דורך דער רוסיש־ייִדישער פּרעסע איז געווען דאָס, אַז אַלע ייִדן אין דער רוסישער אימפּעריע זאָלן באַקומען בירגערלעכע רעכט. ערשט ווען דער ליבעראַליזם איז אָפּ־געטווישט געוואָרן אויף אָפֿענער אונטערדריקונג און אין דער רוסישער אימפּעריע האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָגראָמען, איז דער אַנטוישטער לעאָן פּינסקער אַרויסגעקומען מיט זײַן רוף צו זײַן „ראָסן־ברודער דעם רוסישן ייִד״ — דאָס איז די בראָשור „אויטאָעמאַנציפּאַציע״.

ענלעך מיט טעאָדאָר הערצל. הערצל איז געווען אַ פֿולשטענדיק אַסי־מילירטער ייִד, וואָס האָט אַפֿילו נישט געוואָלט זײַן זון זאָל בלײַבן אַ ייִד. ווען דליק זײַנע פּעיִקייטן וואָלט הערצל אין דער עסטרײַך־אונגאַרישער אימ־פּעריע געקענט זײַן דאָס וואָס עס זענען געווען לעאָן בלום און פּיער מענדעס פֿראַנס אין פֿראַנקרײַך, ברונאָ קרײַסקי אין עסטרײַך און הענרי קיסינדזשער אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אָבער דער אַנטיסעמיטישער כוליגאַניזם אין צאַרישן רוסלאַנד האָט ווי אַ קלעפּיקע קראַנקייט זיך אויסגעשפּרייט איבער מערבֿ־אייראָפּע. אין יענער צײַט האָט די מיליטערישע היעראַרכיע אין פֿראַנקרײַך אַפֿילו נישט פֿאַרטראָגן קיין אַרמיי־קאַפּיטאַן פֿון ייִדישן אָפּ־שטאַם, ווי עס איז געווען דער אַסימילירטער אַלפֿרעד דרײַפֿוס. די דרײַפֿוס־

אַפּערע אין פֿראַנקרײַך האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט די פֿרוסטראַציע פֿון דעם אַסימילירטן טעאָדאָר הערצל און אים סטימולירט צו ווערן דער טעאָ־רעטיקער פֿון אַ יידישער מדינה, און ער איז עס געוואָרן דער שעפֿער פֿון דעם פּאָליטישן ציוניזם. בענדזשאַמין ד׳יזראַעלי, הגם ער האָט באַזוכט ארץ־ישׂראל און געוועזן באַצויבערט פֿון ירושלים, איז נישט געגאַנגען דעם וועג פֿון לעאָן פּינסקער און טעאָדאָר הערצל. אין יענער תּקופֿה האָט דער רעזשים אין ענגלאַנד מעגלעך געמאַכט אַז ד׳יזראַעלי זאָל ווערן אַ בריטישער שטאַטסמאַן, פּרעמיער־מיניסטער און דער שעפֿער פֿונעם ענגלישן אימ־פּעריאַליזם.

הגם די אויבנגעבראַכטע פֿאַקטן האָבן נישט קיין דירעקטן שייכות צו דער טעמע, וואָס איך קלײַב זיך צו באַהאַנדלען, האָב איך זיי געבראַכט ווי אַ באַווײַז, אַז היסטאָרישע פּראָצעסן שפּרינגען נישט אַרויס צופֿעליק און אָפּגעריסן איינע פֿון די אַנדערע. זיי זענען ווי רינגען אײַנגעשווייסט אין אַ לאַנגער קייט.

פֿריִער אין ארץ־ישׂראל־פּאַלעסטינע און שפּעטער אין מדינת ישׂראל האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ שטייגער פֿון מבֿטל מאַכן היסטאָרישע פּראָצעסן, אָדער זיי צו באַהאַנדלען אָפּגעריסן פֿון זייער דיאַלעקטיק. דערפֿאַר נעמט נישט קיין סוף צו די מלחמות, און אויך די זעקסטע, די אומגליקלעכסטע, אין לבֿנון, איז נישט געווען די לעצטע. אויך בנוגע דעם אַפּאָקאַליפּטישן חורבן פֿון אונדזער פֿאָלק אין אייראָפּע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה ווערט אָט דער שטייגער אָנגעווענדט: דאָס וואָס עס איז געשען דאָרט ווערט אָוועקגעשטעלט באַזונדער און ווערט אָנגערופֿן „שואה״; דאָס וואָס איז פֿאָרגעקומען דאָ ווערט אָנגערופֿן „תּקומה״. אָדער ווי עס גייט דער טראַפֿאַרעט: „שם שואה — כאן תּקומה״: דאָרט חורבן, דאָ אויפֿקום. שוואַרץ־ווײַס, אָן דעם מינדסטן ניואַנס, אָן דער מינדסטער פֿאַרבינדונג. טאָמער וואָלט דער טראַפֿאַרעט צוגעטראַכט געוואָרן לשם תּפֿארת מליצה — מילא. די צרה איז אָבער וואָס דער טראַפֿאַרעט דריקט אויס אַ גאַנצע אידעאָלאָגיע, וואָס אין איר ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג האָט זי געבראַכט צו אַ געפֿערלעכן קולטור־נאַציאָנאַלן און פּאָליטישן קריזיס סײַ פֿאַר דער מדינה און סײַ פֿאַר די יידן אין די תּפֿוצות, ווי דעם וויכטיקסטן קוואַל פֿון כּוח פֿאַר דער מדינה.

די „ענדגילטיקע לייזונג״ האָבן די נאַציס פֿאַרטראַכט נישט פֿאַר באַ־זונדערע טיילן פֿון דעם יידישן פֿאָלק און נישט פֿאַר באַזונדערע אָרטשאַפֿטן און לענדערײַען, ווו עס לעבן יידן; די „ענדגילטיקע לייזונג״ האָט געצילט אומצוברענגען דאָס יידישע פֿאָלק טאָטאַל און אומעטום. בעת דער נאַצישער פֿעלדמאַרשאַל ערווין ראָמעל האָט מיט זײַן עקספּעדיציע־אַרמיי זיך דער־נענטערט צו על־אַלאַמיין, האָט דער דעמאָלטיקער יישובֿ אין ארץ־ישׂראל (אין 1941 — 450 טויזנט נפֿשות) נישט געמאַכט זיך קיין שום אילוזיעס

בנוגע זײַן גורל אין פֿאַל די נאַציס זאָלן אָקופּירן ארץ־ישׂראל. פֿון ארץ־ישׂראל איז נישט געווען ווו צו לויפֿן, ווו זיך עוואַקויִרן. פֿון צפֿון, מזרח און דרום — אַ פֿײַנטלעכע אַראַבישע וועלט; פֿון דער מערבֿ־זײַט — בלויז דער ים, אין לאַנד גופֿא — אַן איבערוויגנדיקע מערהייט פֿון אַראַבער בראש מיט דעם ירושלימער מופֿטי, וואָס האָט קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס. אין זייערע צוגעגרייטע פּלענער אויפֿן פֿאַל ראָמעל זאָל באַזעצן פּאַלעסטין, האָבן די בריטן אַרײַנגענומען אין חשבון צו עוואַקויִרן פֿון לאַנד בלויז די ייִדישע מנהיגים — פֿונעם ועד לאומי און פֿון דער ייִדישער אַגענץ. פֿאַר די „איבעריקע" האָט די „הגנה" צוגעגרייט אַ פּלאַן אַז אין פֿאַל די דײַטשן וועלן אַרײַן אין ארץ־ישׂראל, וועלן די 450 טויזנט ייִדישע נפֿשות, מיט ווײַבער און קינדער זיך קאָנצענטרירן אויפֿן כּרמל און זיך קעגנשטעלן די דײַטשן ביז צום לעצטן אָטעם. דער „כּרמל־פּלאַן" האָט געזאָלט זײַן אַ פֿריִערדיקער מאָדעל פֿאַר דעם שפּעטערדיקן העראָיִשן קאַמף אין וואַרשע־ווער געטאָ דעם 19־טן אַפּריל 1943.

די צוגרייטונגען פֿונעם ייִשובֿ צו קעמפֿן ביזן לעצטן אָטעם אין פֿאַל די נאַציס וועלן אָקופּירן ארץ־ישׂראל, האָט אין דער רגע פֿון אמת אָפּגעווישט אַלע טעאָריעס און אידעאָלאָגיעס און באַשטעטיקט ווי אַ ביאָלאָגיש געזעץ, אַז בנוגע דעם גורל פֿון אונדזער פֿאָלק אין שײַכות צו זײַן פֿיזישן קיום, איז גלות און ארץ־ישׂראל היינו הך...

ייִדן, ווי אַ פֿאָלק מיט אַ נאַציאָנאַלער רעליגיע, זענען אַ מינדערהייט אומעטום און אין אַלע מעגלעכע דעמאָגראַפֿישע, געאָגראַפֿישע און פּאָליטישע סיטואַציעס: אַ מינדערהייט צווישן פֿעלקער אין די תּפֿוצות און אַ מינדערהייט ווי אַ מלוכה־פֿאָלק צווישן דער מערהייט פֿון הונדערטער פֿעלקער, שבֿטים, רעליגיעס און זיטן; אַ מינדערהייט צווישן פֿעלקער, וואָס איז זיכערהײַטלעך און עקאָנאָמיש אָפּהענגיק פֿון דעם גוטן ווילן און טאָלעראַנץ פֿון די גרויסע פֿעלקער.

די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונגען זײַט דעם 29־טן נאָוועמבער 1947, ווען די אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער האָט אָפּגעשטימט די צעטיילונג פֿון ארץ־ישׂראל צווישן ייִדן און פּאַלעסטינעזער, ביז דער מלחמה אין לבֿנון, דעם 5־טן יוני 1982, האָבן נאָך מער פֿאַרפֿעסטיקט די דאָזיקע אַקסיאָמע, אַז אַ מינדערהייט, מעג זי מיליטעריש זײַן אינעם כּוח פֿון אַ „גרויסמאַכט", בלײַבט זי אַ מינדערהייט און איר מיליטערישע איבערגעוויכט פֿאַרלירט זיך אין דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן דרוק פֿון דער אויסערלעכער מערהייט.

דער נאַצישער אַנגריף אויף סאָוויעט־רוסלאַנד, אין יוני 1941, און די מפּלה פֿון פֿעלדמאַרשאַל ראָמעלס עקספּעדיציע־כּוחות בײַ על־אַלאַמיין אין אָקטאָבער 1942, האָבן מעשׂה נס פֿאַרמיטן פֿון דעם ייִדישן ייִשובֿ אין ארץ־ישׂראל דעם אַפּאָקאַליפּטישן גורל פֿון די ייִדן אינעם נאַצי־אָקופּירטן אייראָ־

פע. ס׳איז אָבער נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז דער וויסטער חורבן אויף אונדזער פֿאָלק אין אייראָפּע אונטער דער נאַצישער הערשאַפֿט איז געוואָרן דער דעטערמינאַטאָר פֿאַר דעם גורל פֿון דער ייִדישער מדינה, וואָס איז אויפֿגעקומען אין רעזולטאַט פֿון דעם חורבן און ווי אַ רעקאָמפּענסאַציע פֿאַר דעם חורבן. דעריבער איז דער געשאַפֿענער טראַפּאַרעט „שם שואה — כאן תקומה" אַ מיסטיפֿיצירנדיקער און פֿאַרפֿירערישער. דער טראַפּאַרעט האָט גורם געווען עס זאָלן זיך שאַפֿן די אומבאַגרינדעטע פֿאַרריסנקייט און די אומגליקלעכע פּאָליטישע קאָנצעפּציעס, וואָס האָבן אונדז גורם געווען אַלע ביז איצטיקע מלחמות, וואָס די זעקסטע איז זיכער נישט די לעצטע.

אויף דעם פֿינף־און־דרײַסיקסטן יאָר זײַט איר אַנטשטייונג,* איז אונ־דזער מדינה נאָך ווײַט פֿון צו זײַן אַ סטאַביליזירטע מדינה מיט אינטער־נאַציאָנאַל־אָנערקענטע גרענעצן; הימל־ווײַט פֿון צו ווערן אַן אײַנגעגלי־דערטער גוף צווישן די פֿעלקער אין דעם ראַיאָן, און מיר זענען איינזאַם צווישן די פֿעלקער פֿון דער וועלט. מיר זענען געבליבן מיט איין־איינציקן פֿרײַנד — אַמעריקע, ווײַל זי דאַרף אונדז פֿאַר אירע גלאָבאַלע אינטערעסן אין דעם ראַיאָן פֿונעם מיטעלן מזרח.

פֿאָדערט זיך פֿון אונדז אַ טאָטאַלער חשבון הנפש מיט אַזאַ מאָראַלישן שאָק, וואָס זאָל עפֿענען די אויגן פֿון די וואָס שטייען בײַם רודער פֿון אונדזער מדינה, זיי זאָלן ראַדיקאַל זיך אָפּווענדן פֿון דעם ביז־איצטיקן פֿאַרפֿירערישן וועג און פֿון דער פֿאַרריסנקייט, צו וועלכער עס האָט גע־בראַכט דעם אוממאָראַלישער טראַפּאַרעט „שם שואה כאן תקומה".

דער ציל פֿון דעם פּאָליטישן ציוניזם איז געווען צו לייזן די ייִדן־פֿראַגע — בעיקר די ייִדן־פֿראַגע אין אייראָפּע. ביז ערבֿ דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אין אייראָפּע געלעבט אַ שעפֿעריש ייִדיש פֿאָלק. אין אָט דעם פֿאָלק האָבן געבליט אַלע מענטשלעכע באַפֿרײַערישע אידייען. כאָטש נישט אַלע אידעאָלאָגישע גרופּן זענען געווען ציוניסטישע, האָבן זיך אָבער אַלע קעגנזײַטיק באַפֿרוכפּערט, איינע האָט סטימולירט די צווייטע. הײַנט איז כּמעט אוממעגלעך זיך פֿאָרצושטעלן דעם כּמות און איכות פֿון דער אָנ־געזאַמלטער ענערגיע בײַ ייִדן אין מיזרח־אייראָפּע פֿאַר אַלע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעען:

אין דעם נאַציאָנאַלן רעזערוואַר אין מזרח־אייראָפּע האָט זיך אויס־פֿאָרמירט דער כּוח פֿון און פֿאַר דער קומענדיקער ייִדישער מדינה אין דעם באַנײַטן ארץ־ישׂראל. דער פּיאָנערישער כּוח פֿאַר דעם שעפֿנסטן אין דעם באַנײַטן ארץ־ישׂראל — די קיבוצים־באַוועגונג — איז געקומען פֿון

---

* די ווערטער זענען געשריבן אין דער מיט 1983.

דאָרט. די שעפּערס פון דער מדינה אונטערוועגנס — די הסתדרות — זענען געקומען פון דאָרט, אַלע האָפּענונגען פאַר דער צוקונפט אין ארץ־ישׂראל האָבן זיך פאַרמירט דאָרט.

דער היטלעריזם האָט אונדז חרובֿ ונחרבֿ געמאַכט. ער האָט אומגעבראַכט דעם נאַציאָנאַלן רעזערוואַר מיט אַלע זײַנע שעפּערישע כּוחות. מיטן אומברענגען די ייִדן אין מזרח־אייראָפּע — פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, ווײַסרוסלאַנד, אוקראַיִנע און בעסאַראַביע — און פאַרניכטנדיק דעם רעזערוואַר האָט דער היטלעריזם צעשטערט די יסודות פון אַלע, אַלע ייִדישע אידעען ועל כּולן די ציוניסטישע אידעע. עס איז גאָרנישט קיין צופאַל וואָס צילנדיק צו ליקווידירן די ציוניסטישע אָנשטרענגונג אין דעם באַנײַען ארץ־ישׂראל האָט דער ירושלימער מופֿטי קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס צו העלפן זיי אין דער „ענדגילטיקער לייזונג". די „ענדגילטיקע לייזונג" דאָרט האָט געמיינט די „ענדגילטיקע לייזונג" אויך דאָ, אין ארץ־ישׂראל. ווי איך האָב אָנגעמערקט אויבן האָט קיין סך דערצו נישט געפעלט.

די פּאַסיווקייט פון די רעגירונגען פון די פרײַע לענדער און אויך פון דער ייִדישער געזעלשאַפט אין אָט די לענדער צו דער נאַצישער „ענדגילטיקער לייזונג" פון דער ייִדן־פראַגע אין אייראָפּע, האָט נאָך טיפער געמאַכט דעם חורבן. איך האָב עס געוווּסט אין יענע יאָרן און הײַנט ווייסן עס אַלע, אַז ס'איז נישט געמאַכט געוואָרן דער מינדסטער ערנסטער פּרוּוו פון אַן אָרגאַניזירטער רעטונגס־אַקציע. די פּאַסיווקייט פון דער ייִדישער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכקייט אין די פרײַע לענדער, און אויך אין ארץ־ישׂראל־פּאַלעסטינע צו דעם וואָס עס געשעט דאָרט, האָט איבערגעלאָזט אויף הפקר דעם גאַנצן שעפערישן ייִדישן פאַרמעג.

דאָס סעפּאַרירן דעם ייִדישן גורל דאָרט פון דעם גורל דאָ, האָט אויסגעגראָבן אַ תהום אונטער דעם פונדאַמענט פון דער קומענדיקער ייִדישער מדינה. אין דער אכזריותדיקער פּאַסיווקייט כּלפּי דער אויסראָטונג פונעם ייִדישן פאָלק אין אייראָפּע, האָט זיך מאַניפעסטירט די פאַלשע אידעאָלאָגישע אײַנשטעלונג, אַז די „שואה" איז אַן אומפאַרמײַדלעכע קאָנסעקווענץ פון דעם גלות. פון גלות קען מען זיך נישט ריכטן עפּעס אַנדערש... הגם ווען נישט דער נאַצישער איבערפאַל אויף סאָוועט־רוסלאַנד און דער זיג פון מאַרשאַל מאָנטגאָמערי בײַ על־אַלאַמיין, וואָלט חלילה דער ייִשובֿ אין ארץ־ישׂראל נישט פאַרמיטן די „שואה"...

אַלע וועלן מסכּים זײַן, אַז ווען חס וחלילה עס זאָל האָבן די נאַציס געלונגען צו באַהערשן אַלע ייִדישע יישובֿים אין דער וועלט און אומברענגען דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק, ווי זיי האָבן פּלאַנירט, וואָלטן זיי אויך דעם גאָט פון ישׂראל אומגעבראַכט. ווײַל דער גאָט פון ישׂראל עקסיסטירט ווען עס עקסיסטירט עם ישׂראל, וואָס גלויבט אין אים. אָן גלויביקע איז נישטאָ גאָט. אויב אַזוי מיט גאָט, מכּל שכּן אַן אידעע,

וואָס ווערט געטראָגן פֿון לעבעדיקע און אַקטיווע מענטשן. אויב די נאַציס האָבן אומגעבראַכט די מיליאָנען, וואָס האָבן אויסגעטראָגן די ייִדישע אידעען, זענען אויך מער נישטאָ די אידעען גופֿא, אײַנשליסלעך די ציוניסטישע אידעע. אין דער שארית הפליטה איז געבליבן בלויז דער זכרון פֿון דער אידעע און די נאָסטאַלגיע, ווי אין זיי איז געבליבן דער זכרון פֿון זייערע אומגעבראַכטע משפּחות און פֿרײַנד.

דער שפּעטערישער אידעישער רעזערוואַר פֿאַר דער קומענדיקער ייִדישער מדינה איז פֿאַרניכטעט געוואָרן אין מײַדאַנעק און אין אוישוויץ, אין טרעבלינקע און אין סאָביבאָר, אויפֿן פּאָנאַר און אין בעלזשעץ. דער וואָס וויל נישט זען אָט דעם טראַגישן אמת, דער זעט גאָרנישט און ער גייט זײַן ווײַטערדיקן וועג ווי אַ בלינדער.

פֿון דעם גרויסן און שעפֿערישן ייִדישן רעזערוואַר אין מיזרח־אייראָפּע איז געבליבן אַ צעקלעמטע און פֿאַראומגליקטע שארית הפליטה. נאָך דער מלחמה האָבן די מערבֿ־אייראָפּעיִשע מדינות מורא באַקומען פֿאַר אָט דער שארית הפליטה אָן אַ היים און אָן אַ באָדן אונטער די פֿיס. אַזאַ עלעמענט איז אירידענטיש, פֿרוסטרירט און ער קען זײַן געפֿערלעך פֿאַר די פֿיזיש, פּאָליטיש און עקאָנאָמיש צעשטערטע מערבֿ־מדינות.

קיין שום מדינה האָט נישט געוואָלט האָבן בײַ זיך אָט דעם עלעמענט, וואָס איז געבליבן אָן אַן אָנהאַלט. אויב די פֿרײַע מערבֿ־מדינות האָבן נישט אַרײַנגעלאָזט צו זיך די ייִדישע פּליטים, וועלכע זענען געלאָפֿן פֿון די נאַציס ערבֿ דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיי אַוודאי נישט געוואָלט אויפֿנעמען די שארית הפליטה פֿון דעם געשאָכטענעם פֿאָלק. אַפֿילו ענגלאַנד, וואָס האָט געהאַט דעם מאַנדאַט אויף ארץ־ישׂראל און וואָס האָט געגעבן דעם ייִדישן פֿאָלק די באַלפֿור־דעקלאַראַציע פֿאַר אַ ייִדישער נאַציאָנאַלער היים אין א״י, אַפֿילו זי האָט פֿאַרטריבן די שיפֿן מיט פּליטים פֿון די ברעגן פֿון דער „צוגעזאָגטער היים״. קיינער האָט די שארית הפליטה נישט געוואָלט האָבן.

אויף דעם אַז די מנהיגים פֿון די מערבֿ־מדינות אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן געוואָלט באַצײַטנס פֿאַרמײַדן פֿון דער שארית הפליטה צו בלײַבן אין מערבֿ־אייראָפּע, אָדער זיי זאָלן פּרווון זיך באַזעצן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אָדער אַפֿילו אין דער דעמאָלטיקער פּאַלעסטינע, קען דינען ווי אַן עדות דער באַריכט פֿון דעם וויסנשאַפֿטלער העברי פֿילד אין זײַן בוך „פּראָיעקט מ.״: פֿאַרן סוף פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אויף דער איניציאַטיוו פֿון דעם פּרעזידענט פֿראַנקלין ד. רוזוועלט געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיסיע וואָס זאָל אויסאַרבעטן פּלענער ווו צו באַזעצן און אויפֿריכטן די ייִדישע פּליטים פֿון די נאַצי־שחיטות. צו אָט דער קאָמיסיע האָט געהערט אויך דער מחבר פֿון דעם דערמאָנטן בוך „פּראָיעקט מ.״. דערציילט ער, אַז די ייִדישע פּליטים האָבן געזאָלט ווערן אײַנגעאָרדנט

אין דרום־אַמעריקע, אָדער אין צפֿון־אַפֿריקע.

פּאַלעסטינע איז נישט געקומען אין באַטראַכט, ווײַל ענגלאַנד האָט זיך קעגנגעשטעלט. ווען דוד בן־גוריון האָט שפּעטער געפֿאָדערט פֿון ענגלאַנד בלויז הונדערט טויזנט סערטיפֿיקאַטן פֿאַר דער שארית הפליטה, האָט דער סאָציאַליסטישער אויסערן־מיניסטער בעווין געזאָגט „נאָו". שפּעטער האָט אַמעריקע געענדערט איר פּאָליטיק און געשטיצט די צעטיילונג פֿון פּאַלעסטינע, ווו די שארית הפליטה זאָל אײַנגעאָרדנט און אויפֿגעריכט ווערן.



דער ענדציל פֿון נאַצי־דײַטשלאַנד דורך דער צווייטער וועלט־מלחמה צו באַהערשן דעם נאַפֿט־רײַכן מיטעלן מיזרח, איז נאָך דער מפּלה פֿון די נאַציס געבליבן אָפּגעדעקט פֿאַר די צוויי הויפּט־זיגער: סאָוויעט־רוסלאַנד און די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אין זייער דראַנג צום מיטעלן מיזרח, האָבן זיי קודם כל געוואָלט פּטור ווערן פֿון די אײַנגעבראָכענע מערבֿ־אייראָפּעיִשע אימפּעריאַליזמען אין דעם ראַיאָן, און פֿאַר אַלעם פֿון די בריטן. איבער נאַכט זענען דער קרעמל אין מאָסקווע און דאָס „ווײַסע הויז" אין וואַשינגטאָן געוואָרן פֿלאַמיקע ציוניסטישע אידעאָלאָגן. זײַט טעאָדאָר הערצל אויפֿן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אין 1897, האָט קיינער נישט געהאַלטן אַזאַ איבערצײַגנדיקע ציוניסטישע רעדע, ווי עס האָט געהאַלטן דער סאָוועטישער פֿאַרשטייער, אַנדריי גראָמיקאָ, אין לייק סאַקסעס, אין נאָוועמבער 1947. די פֿלאַמיקע ציוניסטישע רעדע פֿון דעם סאָוועטישן פֿאַרשטייער אין אונ"אָ איז געווען אַ סך רעאַלער און ערנסטער פֿון דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע; זי האָט באַלד בײַגעטראָגן צו דער צעטיילונג פֿון פּאַלעסטינע און דער אַנטשטייונג פֿון דער ייִדישער מדינה.

דאָס אָפּשטימען פֿאַר שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה האָט מיט איין קלאַפּ דערגרייכט צוויי לעבנסוויכטיקע גלאָבאַל־פּאָליטישע צילן: ערשטנס וועלן די בריטן פֿאַרטריבן ווערן פֿון דער מיטל־מיזרחדיקן ראַיאָן, פֿון דעם נאַפֿט־מאַגאַזין פֿאַרן אויפֿבוי און אַנטוויקלונג פֿון די צעשטערטע אייראָפּעיִשע לענדער און פֿאַר דעם טרײַב־כּוח פֿון דער וועלט־עקאָנאָמיע, און צווייטנס וועט די ייִדישע מדינה אַבסאָרבירן די פֿאַרביטערטע פֿאַראָרעמטע און היימלאָזע שארית הפליטה פֿון די די.פּי.־לאַגערן אין דײַטשלאַנד און די וואָס לויפֿן פֿון מיזרח־אייראָפּע.

סאָוויעט־רוסלאַנד, דער פֿאַרביסנסטער שונא פֿונעם ציוניזם, בראש מיט סטאַלינען, וואָס האָט בכלל אָפּגעפֿרעגט די עקסיסטענץ פֿון אַ ייִדיש פֿאָלק, איז געוואָרן נישט בלויז דער העראַלד פֿון אַ ציוניסטישער מדינה, נאָר איז אויך געוואָרן דער געווער־ליפֿעראַנט (דורך טשעכיע) און דער מענטשן־צושטעלער פֿאַר דער יונגער ציוניסטישער מדינה. די פֿירער פֿון

דעם דעמאָלטיקן ייִדישן יישובֿ אין ארץ־ישׂראל, וואָס האָבן נישט געהאַט די מינדסטע פֿאַרשטעלונג וועגן דעם באַדייט פֿון דעם חורבן דאָרט פֿאַר דער קומענדיקער ייִדישער מדינה — און זיי האָבן דעם חורבן פֿאַרשוויגן — האָבן די אַנטשטייונג פֿון דער ייִדישער מדינה געזען פֿאַראײַנפֿאַכט ביז אַבסורד. נישט די צוויי זיגערישע גרויסמאַכטן, אַמעריקע און סאָוויעט־רוסלאַנד, האָבן אַרויסגעזעצט די ענגלענדער פֿון פּאַלעסטינע, כּדי צו האָבן אַ פֿרײַען וועג צו קאָנטראָלירן די נאַפֿט־אוצרות אינעם מיטעלן מזרח, וואָס איז אויך געווען דער הויפּטציל פֿון נאַצי־דײַטשלאַנד אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָר די „אַרבעט״ איז אָפּגעטאָן געוואָרן דורך דער „הגנה״, און אַנדערע זאָגן: דורך אצ״ל און לח״י, וואָס האָבן אויפֿגעריסן אַ פֿליגל פֿון האָטעל „מלך דוד״ אין ירושלים און אויפֿגעהאָנגען צוויי בריטישע סערזשאַנטן. דורך דעם זענען סטאַלין און בעריאַ און מאַלאָטאָוו און מיקאָיאַן איבערצײַגט געוואָרן אין דער ריכטיקייט פֿון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע און זיי האָבן עס צוגעהאָלפֿן אצ״ל און לח״י אויפֿשטעלן אַ ייִדישע מדינה פֿאַר דער פֿאָלק, וואָס נעכטן־אייערנעכטן האָבן זיי געטענהט, אַז עס עקסיסטירט איבערהויפּט נישט...

אויב דער קרעמל און דאָס „ווײַסע הויז״ האָבן זיך אַנגעשלאָסן אָן דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, האָט די יונגע מדינה באַקומען אַן אינטער־נאַציאָנאַלן מאַנדאַט צו רעאַליזירן די עקסטרעמסטע ציוניסטישע צילן, וואָס וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי האָט זיי אידעאָלאָגיש פֿאָרמולירט, יצחק טאַבענקין האָט זיי דיסקרעט אַדאָפּטירט, דוד בן־גוריון האָט געוואָלט זיי דורכפֿירן און מנחם בעגין איז געגאַנגען זיי דערגרייכן דורך אַ „סעפּעראַטן״ שלום מיט מצרים און דער מלחמה אין לבֿנון... נאָך אַזאַ „גרויסמאַכטיקייט״ איז ריכטיק די אַקסיאָמע: „דאָרט שואה — דאָ תּקומה״. פּשוט און פּראָסט, שוואַרץ און ווייס, אָן דער מינדסטער שאַטירונג, אָן דעם מינדסטן ספֿק...

מיט אָט דעם סימפּליציזם פֿון נישט דערשאַצן דעם פֿאַרנעם פֿון דעם חורבן פֿון אונדזער פֿאָלק און זײַן אויסווירקונג אויף דעם גורל פֿון דער מדינה; פֿון איבערשאַצן די אייגענע כּוחות און נישט דערשאַצן דעם גלאָבאַלן געראַנגל צווישן די צוויי גרויסמאַכטן פֿאַר העגעמאָניע אין דעם וועלט־טייל ווערט געפֿירט די פּאָליטיק פֿון דער מדינה פֿון סאַמע אָנהייב אָן ביזן הײַנטיקן טאָג, ווען דער אַנאַכראָניסטישער און דורך דער צײַט פֿאַרסקלעראָטישער רעוויזיאָניזם האָט אַרײַנבאַקומען אין זײַנע הענט די מאַכט פֿון דער מדינה און ער פֿירט די מדינה קאָנסעקווענט צום אָפּגרונט. די סכּנהדיקע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע אַנטוויקלונגען ווערן נישט דעשיפֿרירט. במילא גייט די מדינה־פּאָליטיק באַזונדער און די אַנטוויקלונגען גייען באַזונדער.

דאָס אויסבאַהאַלטן דעם פֿאַרנעם פֿון דעם חורבן; די אײַנשטעלונג, אַז פֿון גלות קען מען עפּעס בעסערס נישט דערוואַרטן און די אַקסיאָמע „דאָרט

— שואה און דאָ תּקומה״ און שפּעטער די „ווידערגוטמאַכונג״ צווישן דער מדינה און דײַטשלאַנד — האָט פולשטענדיק פאַרווישט די טיפקייט און דעם פאַרנעם פון דעם חורבן. ער איז געבליבן אויסער דעם באַוווסטזײַן פון דעם יונגן ייִדישן דור. צום ערשטן מאָל האָבן יוגנטלעכע און קינדער אין די שולן אין ישׂראל געהערט וועגן דעם חורבן ערשט ווען אַדאָלף אײַכמאַן איז געמשפּט געוואָרן אין ירושלים, 17 יאָר נאָך דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. נאָכן אויפהענגען אײַכמאַנען און צעשיטן זײַן אַש אויפן ים, איז דער חורבן ווידער געבליבן בלויז אין די ווענט פון „יד ושם״, פאַר טוריסטן און אָפיציעלע געסט.

די מזרח־עדהס, וואָס זענען מאַסנווײַז געבראַכט געוואָרן מיט דער עליה אין די פופציקער יאָרן, און באַלד פון אָנהייב זענען זיי סעפּאַרירט געוואָרן אין באַזונדערע שבֿטים, האָט מען גאָרנישט דערציילט וואָס עס איז געשען מיט דעם גרויסן ייִדישן פאָלק, וואָס האָט אין איין האַלבן יאָרהונדערט צוגעגרייט ארץ־ישׂראל צו ווערן אַ ייִדישע מדינה. דער יוגנט פון די מיזרח־עדהס האָט מען נישט דערציילט וואָס פאַר אַ קולטור עס האָבן געשאַפן די אשכנזישע ייִדן אין מיזרח־איראָפּע, אַ קולטור, אָן וועלכער עס וואָלט נישט מעגלעך געווען אַזאַ פּיאָנערישע אָנלאָדונג, ווי דאָס באַנייטע ארץ־ישׂראל האָט געפאָדערט. דער פאַרשפּרייטער בלבול, אַז דאָרט זענען ייִדן געגאַנגען צו דער שחיטה ווי שעפּסן, האָט אין די מיזרח־עדהס געשאַפן אַ קאָמפּלעקס נישט בלויז צו די „שעפּסן״, נאָר אויך צו די אשכנזישע פירער פון דער מדינה און צו די אשכנזישע ייִדן בכלל.

דאָס וואָס אין די שולן איז נישט אײַנגעפירט געוואָרן ווי אַ קעגנשטאַנד די געשיכטע פון חורבן; דאָס וואָס עס ווערט נישט דער ישׂראל־יוגנט דערציילט וועגן דער גבֿורה פון די ייִדן דאָרט אין זייער ערגסטער שעה — אַ גבֿורה, וואָס האָט נישט קיין גלײַכן אין דער וועלט — נאָר דער שקר אַז „זיי זענען געגאַנגען ווי שעפּסן צו דער שחיטה״, איז אײַנגעוואָרצלט געוואָרן, האָט אויפגעשטעלט אַ וואַנט צווישן די ספרדים, וואָס ווילן זײַן די פירער, און די אשכנזים. און דאָס אין דער צײַט ווען דער חורבן דאָרט ווירקט נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג אין פאַרשיידענע פאָרמען סײַ דאָ, אין ישׂראל, און סײַ אין אַלע ייִשובֿים אין דער וועלט.

אינערלעכע קאָנפליקטן אין ייִדישן פאָלק זענען נישט קיין זעלטנקייט: דער קאָנפליקט צווישן צדוקים און פרושים האָט חרובֿ געמאַכט די ייִדישע מלוכה, דער קאָנפליקט צווישן די קאַראימער און ראַבאַניטן האָט געריסן פון אונדז שטיקער, דער קאָנפליקט צווישן חסידים און מתנגדים האָט פאַרצאַפּט אַ סך ייִדיש בלוט. אָבער צווישן ספרדים און אשכנזים איז קיין מאָל נישט געווען קיין קאָנפליקט. דער קאָנפליקט איז אַנטשטאַנען דווקא אין דער ייִדישער מדינה, און איצט ווערט דער קאָנפליקט אויסגענוצט דורך דעם אויטאָריטאַטיוון און אַוואַנטוריסטיש־פּרימיטיוון רעזשים

פֿאַר „דיווידע עט אימפּעראַ" — פֿאַר צעטיילן און הערשן.

פֿאַרוואָס איז דאָס אַלץ געשען? ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען די פֿאַר־קריפּלטע קאָנסטרוקציע?

די פֿירער פֿונעם יישובֿ, און שפּעטער פֿון דער מדינה, און אַזוי ביז הײַנט, האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן און גיבן זיך ווײַטער נישט אָפּ קיין חשבון, אַז מיטן אויסלעשן זיך פֿון דעם לעצטן קרעמאַטאָריע־אויוון אין אוישוויץ האָט זיך דער חורבן נישט פֿאַרענדיקט. אַ חורבן פֿון אַזאַ אַפּאָ־קאַליפּטישן פֿאַרנעם ענדיקט זיך נישט אין איין טאָג, צי אין איין יאָר, אַפֿילו נישט אין 100 יאָר. די אויסווירקונג פֿון דער „שואה" וועט אָנ־האַלטן במשך צענדליקער יידישע דורות. נאָר בלינדע און פֿאַרטומלטע זעען נישט און באַנעמען נישט, אַז די באַגלייט־דערשײַנונגען און פּועל־יוצאס פֿון אונדזער חורבן אין אייראָפּע ווירקן ביז הײַנטיקן טאָג אין פֿאַרשיידענע פֿאָרמען און געשטאַלטן, אויך מיט שאַרפֿע ביאָלאָגישע אַק־צענטן.

מיר פֿאַרשטייען, למשל, אַזוי גוט, אַז דער ביאָלאָגישער חורבן, וואָס עס האָט גורם געווען דאָס אַראָפּוואַרפֿן די ערשטע אַטאָם־באָמבע אויף היראָשימאַ, רופֿט זיך אָפּ אויף אַ סך דורות יאַפּאַנער אין דער ווײַטער צוקונפֿט. אין היראָשימאַ האָט די אַטאָמישע צעשטערונג און אויסשטראַלונג אַרומגענומען אַ האַלבן מיליאָן נפֿשות אויף דער אַלגעמיינער צאָל פֿון הונדערט מיליאָן יאַפּאַנער. אונדזערע פֿירער דאָ זענען אַריבערגעגאַנגען צו דער טאָג־אָרדענונג („שם שואה — כאן תקומה") נאָך דעם ווי עס איז אומגעבראַכט געוואָרן מער פֿון נײַנציק פּראָצענט פֿון דעם רעזערוואואַר פֿון דער ציוניסטישער אידעע — אַ דריטל פֿון אונדזער פֿאָלק אין דער צאָל, אָבער קוואַליטאַטיוו שיער נישט אַ טאָטאַלער חורבן.

ווי דאָס עצם אַנטשטיין פֿון דער מדינה איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פֿונעם חורבן (אויך פֿון זײַן מאָראַלישער אויסווירקונג אויף דער נישט־יידישער וועלט), אַזוי זענען אויך אַלע נעגאַטיווע דערשײַנונגען אין דער מדינה אַ רעזולטאַט פֿונעם חורבן.

די מדינה איז אויפֿגעקומען ווען זי האָט נאָך נישט געהאַט קיין פֿונדאַמענט. איר פֿונדאַמענט האָט געדאַרפֿט זײַן קבוץ גלויות, אײַנזאַמלען די מערהייט יידן אין דער יידישער מדינה. די אידעע פֿון קיבוץ גלויות האָט זיך אויפֿגעלייזט ווי אַ פֿאַטאַ מאָרגאַנאַ. קיינער רעדט נשט מער פֿון קיבוץ גלויות. ווי אין 19־טן יאָרהונדערט האָבן יידן אין דער צאַרישער אימפּעריע זיך אויסגעקויפֿט פֿון מיליטער־דינסט, אַזוי קויפֿן זיך הײַנט אויס יידן פֿונעם קבוץ גלויות. יידן זענען מקיים די מצווה פֿון קבוץ גלויות דורך די באָנדס; דורך דעם יונייטעד דזשויש אַפּיל; דורך „איי־לאַוו יזראַעל"; דורך פּאַראַדירן מיט דער פֿינפֿטער עוועניו אין נאַפּאָלעאָני־שע הויזן און מיט ישׂראל־פֿענער; דורך קומען אויף אַ חודש צײַט אין

אַ קיבוץ, כּדי צו העלפֿן אַראָפּנעמען טאָמאַטן און צוריקפֿאָרן אַהיים מיט אַ ישׂראלדיק „גורל״ אָדער מיט אַ ישׂראלדיקן „באַי״ — אַלץ באַשטייערונג צו קיבוץ־גלויות.

די עליה, וואָס האָט געזאָלט קומען פֿון די ענטוזיאַסטישע ייִדישע ייִשובֿים אין דער פֿרייַער וועלט, איז אויסגערונען. דער יונגער ייִדישער דור אין די פֿרייַע לענדער גייט אַוועק נישט בלויז פֿון ישׂראל, נאָר בכלל פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. נישט די ייִדישע מדינה אַפּעלירט צו אים און נישט דער ייִדישער ייִשובֿ אין זייַן לאַנד באַפֿרידיקט אים. ער זוכט זייַן פּלאַץ אין דער פֿרעמד. דער לעצטער איבערבלייַב פֿונעם מיזרח־אייראָפּעיִשן רעזערוואַר פֿאַר עליה — די ייִדן אין סאָוויעט־רוסלאַנד ווייַכן אין דער מערהייט פֿון אונדזער מדינה.* פֿון דעם פּאַטעטישן רוף „שלח את עמי״ האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז 80—85 פּראָצענט פֿון די ווייניקע ייִדן, וואָס ווערן אַרויסגעלאָזט פֿון רוסלאַנד, קומען נישט צו אונדז; זיי עמיגרירן אין דעם לאַנד, צו וועלכן עס איז אַלע מאָל געגאַנגען די ייִדישע עמיגראַציע פֿון מזרח־אייראָפּע — קיין אַמעריקע, אַזוי איז געווען אין יאָר 1882 און אַזוי איז געווען אין יאָר 1982, אין דעם 35־טן יאָר פֿון דער עקזיסטענץ פֿון דער ייִדישער אומאָפּהענגיקער מדינה.

וואָס איז טרויעריקער: ווי עס איז מיט 100, צי מיט 75, צי מיט 50 יאָר צוריק געגאַנגען די ייִדישע עמיגראַציע קיין אַמעריקע, אַזוי גייט אַן אין די לעצטע יאָרן אַן עמיגראַציע פֿון ייִדן קיין אַמעריקע פֿון זייער אייגענער, אויסגעחלומטער מדינה. פֿון דאָרט איז אַמאָל געגאַנגען די עמי־גראַציע צוליב פּאָגראָמען, צוליב אַנטיסעמיטישער דיסקרימינאַציע, צוליב דעם וואָס ייִדן זענען נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו נאָרמאַלע פּרנסה־קוואַלן. עס דערשיטערט דעריבער די פֿראַגע: צוליב וועלכע מאָטיוון גייט די עמיגראַציע, אָדער ירידה, פֿון אונדזער מדינה? צי קענען נישט יונגע ייִדן אין ישׂראל מאַכן וועלכע קאַריערעס עס דערלויבט זיי נאָר זייער בילדונג, אינטעליגענץ און אַמביציע? צי פֿעלן פּרנסה־קוואַלן אין ישׂראל? צי איז נישט דער לעבנס־סטאַנדאַרט אין ישׂראל דער העכסטער אין דער וועלט? צי מוז מען בייַ אונדז זיך אָנשטרענגען בייַ אַן אַרבעט? צי פֿעלן בייַ אונדז לופֿט־פּרנסות, פֿון וועלכע מען קען מאַכן אַ „משוגע לעבן״? צי איז נישט די בערזע געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער ספּאָרט צו דערציִען שטעקעלעך־ייִדן?

די סיבה פֿון דער ירידה איז אַ מאָראַלישע. בייַ אַ טייל פֿון דעם יונגן

---

* ביז די פּאַראייניקטע שטאַטן האָבן אויף דער אינטערווענץ פֿון דער ישׂראל־רעגירונג געשלאָסן די טויערן פֿאַר די ייִדן פֿון רוסלאַנד.

יידישן דור אין ישׂראל איז פֿאַרלוירן געגאַנגען די מאָטיוואַציע פֿאַר דער יידישער מדינה.



דער חורבן אין מיזרח־אייראָפּע, די „שואה", האָט פֿולשטענדיק צע־טרייסלט די קולטור־באַזע פֿון די יידישע ישובֿים אין דער וועלט. די מדינה, מיט איר שעפֿערישן פּאַטאָס אין די ערשטע יאָרן נאָך איר אַנטשטייונג, האָט געזאָלט שטאַרקן די קולטור־באַזע. האָבן די פֿירער פֿון דער מדינה געמאַכט מיט די יידישע יישובֿים אין דער וועלט דאָס זעלבע וואָס זיי האָבן געמאַכט מיט די מיזרח־עדהס פֿון דער מאַסן־עילה; זיי האָבן צעבראָכן זייער אַלטע קולטור־באַזע און נישט געהאַט וואָס זיי צוריקצוגעבן. זענען די יידישע יישובֿים געבליבן אויסגעליידיקט — אין די תּפֿוצות צו אַסי־מילאַציע, צו פֿרעמדע אידעען און צילן, און דאָ די מיזרח־עדהס — צו פֿרוסטראַציע, צו פֿאַרביטערונג, צו שׂינאה צו די אשכנזים, אָדער צו נאַרקאָ־טיקס און פֿאַרברעך, ביזן אויפֿצייכענען האַקנקרייצן אויף די ווענט און אָנ־רופֿן די אַשכנזים — אשכנאַצים. נישט די מיזרח־עדהס דאַרף מען באַשולדיקן דערין, נאָר די פֿירערס, די דערציִונג־פּאָליטיקער, זיי טראָגן די אחריות.

די מאַסן־אַסימילאַציע פֿון דעם יונגן יידישן דור אין די תּפֿוצות און דאָס אויסלאָזן זיך פֿון דער עליה, די ירידה פֿון ישׂראל, די גייַסטיקע און סאָציאַלע צעטומלונג אין ישׂראל און אויך די אָפּטע און אומענדלעכע מלחמות, זענען אין תּוך אַ המשך פֿון דעם חורבן, אַ רעזולטאַט פֿון דער „שואה" דאָרט! אָבער אַזוי ווי דאָס איז אין סתּירה צו דעם צוגעטראַכטן טראַפֿאַרעט „שם שואה — כאן תּקומה", ווייל מען נישט אָנערקענען די ווירקלעכקייט. אויב די פֿאַקטן שטימען נישט מיט דער דערוואַרטונג, איז ערגער פֿאַר די פֿאַקטן.

ווען דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע האָט די יידישע מדינה גע־דאַרפֿט זייַן די פֿעסטע דאַמבע קעגן דער אַסימילאַציע פֿון יידן; מיט דער אַנטשטייונג פֿון דער יידישער מדינה האָט געדאַרפֿט פֿאַרשווינדן אַנטי־סעמיטיזם. אין דעם פֿינף און דרייַסיקסטן יאָר פֿון דער עקסיסטענץ פֿון מדינת ישׂראל קען מען פֿעסטשטעלן אַזביידע „אַקסיאָמעס", וועגן אַסי־מילאַציע און אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי בלויז אַ ווונטש. דער אַסימילאַציע־פּראָצעס בייַ יידן האָט אַלע מאָל עקסיסטירט, אַפֿילו ווען יידן האָבן געהאַט אַן אייגענע מדינה ביז מיט אַ צוויי טויזנט יאָר צוריק. יידן אין זייער אייגענער מדינה האָבן זיך דעמאָלט אַסימילירט אין העלע־ניזם. און אַזוי אויך במשך דעם גלות האָבן זיך יידן אַסימילירט אין פֿאַרשידענע קולטורן. אָבער אין קיין שום תּקופֿה, אַפֿילו נישט אין דער תּקופֿה פֿון שאול התּרסי, ווען יידן האָבן פֿאַרקויפֿט סינטעטיש יידישקייט צו געצן־דינער, פֿון וואָס ס'האָט זיך געשאַפֿן דאָס קריסטנטום — האָט די

אַסימילאַציע נישט אַנגענומען אַזאַ גאַלאָפּנעם אימפּעט ווי היינט צו טאָג: אין דרום־אַמעריקע דערגייט די צאָל געמישטע חתונות צו 70 — 80 פּראָ־צענט; אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן „בלויז" צו 50 פּראָצענט. די קולטור־אַסימילאַציע איז נאָך שטאַרקער. אַנשטאָט אינעם ליכט און קלימאַט פֿון דער יידישער מדינה זאָל די צאָל יידן זיך פֿאַרמערן, אָדער לכל הפּחות נישט פֿאַלן, פֿאַרזיכערן אונדז די סאָציאָלאָגן, אַז אין הונדערט יאָר אַרום וועט די צאָל יידן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן זיין בלויז איין איינציקער מיליאָן. די פֿאַרמינערונג פֿון דער צאָל יידן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון זעקס מיליאָן היינט אויף איין מיליאָן אין די פֿאַרויסגעזעענע הונדערט יאָר, וועט, לויט די סאָציאָלאָגן, געשען נישט ווייל די פֿאַרשווונדענע פֿינף מיליאָן וועלן האָבן עולה געווען קיין ישׂראל, נאָר פּשוט: די אַסימילאַציע וועט פֿאַרצוקן די מערהייט יידן.

אָט די דערשיינונגען זענען נאָכווייען פֿון דעם חורבן דאָרט. די מדינה האָט זיי נישט פֿאַרמיטן.



דער במקום פֿון דעם אומגעבראַכטן יידישן פֿיזישן און גייסטיקן רע־זערוואַר צו באַפֿעלקערן די מדינה נאָך איר אַנטשטיין, האָט געדאַרפֿט זיין די איניציִירטע מאַסן־עליה פֿון די איסלאַמישע לענדער. אין אָט די עדהס, וואָס זייער קולטור איז באַזירט אויף פּאַטריאַרכאַלישקייט און רע־ליגיעזע טראַדיציעס מיט דער משיח־אידעע ווי אַ רעליגיעזער באַגריף — „וגאלנו גאולה שלמה למען שמך" — ווי עס זאָגט זיך אין דער תּפֿילה, האָט געפֿעלט די סעקולער־נאַציאָנאַלע ציוניסטישע אַנלאָדונג און דער אַקטיווער פּאַטאָס פֿאַר באַפֿרייונג, וואָס עס האָט פֿאַרמאָגט דער פֿאַרשני־טענער שטאַם אין מיזרח־אייראָפּע. פֿאַר דעם מיזרח־אייראָפּעישן שטאַם איז די גאולה געווען „למען עמנו" און נישט „למען שמך". די יידן פֿון תּימן, למשל, האָבן זיך אויפֿגעהויבן און געקומען, ווייל די שליחים האָבן געבראַכט צו זיי די בשׂורה, אַז משיח בן דוד איז געקומען און די תּמימותדיקע יידן האָבן אין די בשׂורה געגלויבט באמונה שלמה.

די פּיִרערס און געשטאַלטערס פֿונעם יישובֿ אין דער צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן, ווי שוין דערמאָנט, זיך ווייניק געקימערט וועגן די יידן, וואָס וועלן פֿאַרפּייניקט און אויסגעמאָרדעט אין די געטאָס און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין מיזרח־אייראָפּע. אַפֿילו ווען עס איז געווען אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען ווייניקע, האָבן די „מוסדות" זיך אָפּגעזאָגט צו ראַטעווען מיט דער טענה נישט צו האָבן וועלכע ס'איז מגע ומשׂא מיט די נאַציס. ווייטיקלעך און שרייענדיק, למשל, איז געווען דער פֿאַל מיט די יידישע פֿרויען און קינדער פֿאַרשפּאַרטע אין „האָטעל פּאָלסקי"

אין וואַרשע, וואָס זייערע מענער און פֿאָטערס האָבן זיך דעמאָלט געפֿונען אין ארץ־ישׂראל. די נאַציס האָבן געלאָזט וויסן דער בריטישער אַדמיניס־טראַציע אין ירושלים, אַז זיי זענען גרייט אויסצוטוישן אַזעלכע פֿרויען און קינדער אויף די שוועבער־פֿאַרווונדעטע דײַטשע געפֿאַנגענע זעלנערס אין די שפּיטעלער אין פּאַלעסטינע. די „מוסדות" האָבן אָפּגעזאָגט צו פֿאַר־נעמען זיך מיט דער זאַך. פֿאַר זיי איז נישטאָ קיין אויסבײַט פֿון גע־פֿאַנגענע דײַטשע שווער פֿאַרווונדעטע זעלנער אויף ייִדישע פֿרויען און קינדער! אַזעלכע מענער און פֿאָטערס אין ארץ־ישׂראל, וואָס האָבן געהאַט פֿינאַנציעלע מעגלעכקייטן, האָבן פֿון אייגענער איניציאַטיוו געדונגען אַן אַדוואָקאַט. ער האָט זיך פֿאַרבונדן מיט דער קאַנצעלאַריע פֿון דעם הויך־קאָמיסאַר אין ירושלים, דאָן געפֿאָרן קיין טערקיי און אַזוי אַרום געראַטעוועט אַ צאָל פֿרויען און קינדער, וועלכע וואָלטן אומגעקומען צוזאַמען מיט די איבעריקע פֿרויען אין „האָטעל פּאָלסקי" און מיט אַלע ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ...*



מיט דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה איז נישט געמאַכט געוואָרן די מינדסטע רעוויזיע אין די אַלטע אײַנשטעלונגען אין ליכט פֿון די גרונטיקע ענדערונגען, וואָס דער חורבן האָט גורם געווען. די „לייזונג" איז געווען אַ פּשוטע: נישטאָ יענע ייִדן וועלן זײַן אַנדערע ייִדן. פֿונעם גלות האָט מען זיך עפּעס אַנדערש נישט געקענט ריכטן; דער אידעאָלאָגישער פּראָגנאָז האָט זיך באַשטעטיקט. די „שואה" (און נישט חורבן, וואָס רופֿט בײַ ייִדן אַרויס די אַסאָציאַציע פֿון חורבן ירושלים) איז אויסגענוצט געוואָרן אויף צו נעמען בײַ די דײַטשן אַנטשעדיקונג־געלטער פֿאַר די אויסגעמאָרדעטע ייִדן, „ווידערגוטמאַכונג". די „ווידערגוטמאַכונג" איז דורכגעפֿירט געוואָרן מיט אַן אייפֿער, וואָס ווען אַ ברוכטייל פֿון אים, פֿון דעם אייפֿער, זאָל פֿריִער האָבן פֿאַרווענדט געוואָרן אויף צו ראַטעווען ייִדן, וואָלטן מיר געהאַט נאָך אַ הונדערט טויזנט לעבעדיקע ייִדן אין ארץ־ישׂראל! נאָך אין אונ־דזערע טעג איז די „שואה" („האָלאָקאָסט" בלע"ז) אויסגענוצט געוואָרן דורך דעם פּרעמיער־מיניסטער מנחם בעגין ווי אַ ווערטפֿולע פּאָליטישע מטבע אין די פֿאַלן ווען עס האָבן אים אויסגעפֿעלט ראַציאָנאַלע פּאָליטישע אַרגו־מענטן. כאָטש מיט יאָרן צוריק האָט ער געפּרוּווט ליקווידירן דעם „יום הזכרון" כ"ז ניסן און אים אַרײַנפּאַקן אין תשעה באב, די „שואה" און

* דאָס האָט נישט געשטערט דער לח"י־באַוועגונג צו זוכן פֿאַרבינדונגען מיט די נאַציס, כדי בשותפֿות צו קעמפֿן קעגן די ענגלענדער...

דער „יום הזכּרון" זאָלן זיך אים מער נישט פּלאָנטערן צווישן די פֿיס אויפֿן וועג צו גרויסמאַכטעריי און צו אַן ארץ־ישׂראל אין די גרענעצן פֿון דער הבֿטחה. ווי איר ווייסט זענען אַלע ווירקלעכע הויכע נאַציאָנאַלע צילן פֿון דער מדינה געוואָרן לעצטראַנגיקע, דער עיקר איז: דער „יום הזכּרון" זאָל מער נישט פֿאַרנעמען קיין פּלאַץ אינעם קאַלענדאַר פֿון דער מדינה...

די מדינה איז געוואָרן אַ ציל פֿאַר זיך גופֿא, דער דאָזיקער ציל פֿאַר זיך דאַרף אויסגעברייטערט ווערן. מדינת ישׂראל דאַרף ווערן אַ גרויסמאַכט, אַן אימפּעריע, און כּדי דאָס דערגרייכן איז דער וויכטיקסטער פֿאַקטאָר אין דער מדינה געוואָרן די אַרמיי. אַ קולט פֿאַר זעלנעריי! אַלע אַנדערע פֿאַקטאָרן — בילדונג, וויסנשאַפֿט, ווירטשאַפֿט, אַנטוויקלונג און אַפֿילו עליה זענען נישט מער ווי באַדינונגס־פֿאַקטאָרן פֿאַר דער אַרמיי. און לאָמיר זען דעם אכזריותדיקן אמת: דער מיליטערישער פֿאַקטאָר אין דער מדינה איז געוואָרן אַ סחורה עובֿר לסוחר, ווי דאָס בלוט פֿון דעם ייִדישן זעלנער (זעלנער פֿון אַ יוגנט נאָך אַזאַ שרעקלעכן פֿאַרלוסט פֿון יונגע ייִדישע כּוחות אינעם נאַציאָנאַלן חורבן אין דער נאַצי־תּקופֿה) וואָלט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עקספּאָרט־אַרטיקל פֿאַר וועלכן מען באַקומט האַרטע וואַלוטע. דאָס איז צו אונדזער אומגליק אַ צווייטע אויפֿלאַגע פֿון גענומען געלט פֿאַר בלוט, בעת די ערשטע אויפֿלאַגע איז געווען דאָס פֿאַרהאַנדלען דאָס בלוט פֿון די זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע ייִדן דורך די נאַציס. געווי, ווי דאָס נעמען געלט פֿאַר דעם פֿאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט דורך היטלער־דײַטשלאַנד איז געווען אַ געפֿערלעכער טויט־קלאַפּ פֿאַר דער מאָראַל פֿון דער מדינה, אַזוי איז אויך די פּאָליטיק פֿון פֿאַרהאַנדלען דעם כּוח פֿון דער אַרמיי פֿאַר דאָלאַרן אַ צווייטער טויטקלאַפּ פֿאַר דער מאָראַל פֿון דער מדינה. אָבער אַז די וועלט — די וועלט וואָס האָט אין יאָר 1947 געהאָלפֿן די מדינה זאָל אויפֿקומען — האָט זיך אַנטוישט אין אונדזער מאָראַל, באַשולדיקן מיר די זעלבע וועלט, אַז זי איז אויף ס'נײַ געוואָרן ווילד־אַנטיסעמיטיש, הגם אין גרונט האָט זי קיינמאָל נישט אויפֿגעהערט צו זײַן אַנטיסעמיטיש.

ווי די פֿירער פֿון דער מדינה האָבן נישט באַגריפֿן די פֿאָלגן פֿון דעם חורבן, ווי זיי ווירקן זיך אויס סײַ אין דער מדינה גופֿא און סײַ אין די תּפֿוצות, און זיי האָבן דעריבער נישט געמאַכט די געהעריקע אויספֿירן, אַזוי אויך האָבן זיי נישט געזען, אַז צוזאַמען מיט דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה האָט דאָס פּראָבלעם פֿון די פּאַלעסטינעזער באַקומען נײַע אויפֿרײַס־עלעמענטן מיט אַ צײַטזייגער. דאָס פּאַלעסטינעזער פּראָבלעם איז דורך אונדזערע פֿירערס דערקלערט געוואָרן ווי אַ פּליטים־פּראָבלעם, און מיט דעם פּראָבלעם פֿון פּליטים פֿאַרנעמט זיך, ווי באַקאַנט אונר"אַ, אַן אָפּטיילונג פֿון דעם פֿאַרבאַנד פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער. ס'איז, הייסט עס, נישט אונדזער פּראָבלעם. מיר דאַרפֿן זיך בלויז שיצן קעגן די פֿאַדאַיונס

און טעראָריסטן פֿון צווישן די פּליטים ביז דאָס אומגליק וועט זיך אויפֿלייזן פֿון זיך אַליין. מיר דאַרפֿן נאָר זײַן מיליטעריש שטאַרק און אָנלערנען די שכנותדיקע אַראַבישע מדינות, זיי זאָלן צוימען דעם פּאַלעסטינעזער טעראָר און אויב נישט — וועלן זיי זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר יעדן טעראָר־אַקט פֿון יענער זײַט גרענעץ.



דאָס פּאַלעסטינעזער פּראָבלעם האָט געזען אחד־העם אין אָנהייב פֿונעם צוואַנציקסטן י״ה און ער האָט שוין דעמאָלט געוואָרנט מען זאָל דאָס פּראָבלעם נישט פֿאַרזען. אָבער דוד בן־גוריון האָט אויף אַזוי ווײַט מבֿטל געמאַכט דעם גאַנצן ענין פֿון אַן אַנטשטייענדיקן פּאַלעסטינעזער פּראָבלעם און פֿון אַראַבער אין פּאַלעסטינע בכלל, אַז אין זײַן מאָנאָגראַפֿיע, אין ייִדיש, צוזאַמען מיט יצחק בן־צבֿי „ארץ־ישׂראל״ (דערשינען אין ניו־יאָרק אין יאָר 1918), שרײַבט ער, אַז די פֿעלאַכן אין ארץ־ישׂראל (זײַן נאָמען פֿאַר די פּאַלעסטינעזער) זענען אייגנטלעך נישט קיין אַראַבער, נאָר זיי זענען געוועזענע ייִדן, וואָס האָבן אָנגענומען דעם איסלאַמישן גלויבן... חיים אַרלאָזאָראָוו האָט באַצאָלט מיט זײַן לעבן פֿאַר דעם וואָס ער האָט יאָ געזען און זיך גערעכנט דערמיט, אַז אין לאַנד לעבט נאָך אַ פֿאָלק און אַז מע מוז נעמען אין באַטראַכט דאָס דאָזיקע פֿאָלק אין שײַכות צו דער צוקונפֿט פֿון ייִדן אין ארץ־ישׂראל. האָט דאָך דער ערשטער מדינה־פּרעזי־דענט, חיים ווייצמאַן, געהאַט זיך אויסגעדריקט, אַז מיט דער אַנטשטייונג פֿון מדינת ישׂראל איז אָפּגעשאַפֿט געוואָרן איין עוולה (קעגן די ייִדן) און ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן אַ צווייטע עוולה (קעגן די פּאַלעסטינעזער)...

אַ מערדערישע קויל האָט אומגעבראַכט חיים אַרלאָזאָראָוו, אָבער זעקס מלחמות האָבן נישט אומגעבראַכט — נישט די פּאַלעסטינעזער און נישט דאָס פּראָבלעם. אומגעקערט: פֿון יעדער מלחמה אין וועלכער מיר האָלטן אָפּ מיליטערישע נצחונות, קומען די פּאַלעסטינעזער אַרויס פּאָליטיש שטאַר־קער און נאַציאָנאַל בעסער אָרגאַניזירט. די זעקסטע מלחמה, אין לבֿנון, דירעקט קעגן די „חיות אויף צוויי פֿיס״ און די „מרצחים״, ווי מנחם בעגין באַצייכנט די פּאַלעסטינעזער, האָט די פּאַלעסטינעזער געבראַכט גאָר נאָענט צו ווערן אַ מלוכיש פֿאָלק.

ווי דאָס נישט מאַכן דעם אויספֿיר פֿון דעם חורבן דאָרט און אים אָפּפּטרן מיט דעם טראַפֿאַרעט „שם שואה — כאן תקומה״ האָט שווער געשלאָגן אונדזער מדינה און ביי איר צוגענומען דעם מאָראַלישן פּרעראָ־גאַטיוו אָפּצובויען דאָס ייִדישע פֿאָלק, אַזוי האָט דאָס נישט וועלן זען די עקסיסטענץ פֿון אַ פּאַלעסטינעזער פֿאָלק פֿאַרוואַנדלט אונדזער מדינה אין אַ מעכטיק־באַוואָפֿנטן געטאָ אַרומגערינגלט פֿון אַ שׂינאהדיקער אַראַבישער

וועלט, וואָס וואַרט בלויז אויף אַ רגע פֿון אונדזער שוואַכקייט, כּדי אונדז צו פֿאַרניכטן.



דער סאָציאַליסטישער ציוניזם איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אויך אין ארץ־ישׂראל. דער כּמעט רעליגיעזער קולט פֿאַר פֿיזישער אַרבעט, די וואָלונטאַרע קיבוצים־באַוועגונג, די אָרגאַניזאַציע פֿון דער הסתדרות און דער נײַער לעבנס־שטייגער, זענען געווען וויכטיקע זײַלן צום קומענדיקן סאָציאַליסטישן מדינה־בנין. אַפֿילו אין די אָנהייב פֿופֿציקער יאָרן האָט נאָך דוד בן־גוריון פֿון דער כּנסת־טריבונע פּראָקלאַמירט „סאָציאַליסמוס בימינו".

דער נאַטירלעכער פֿאַרבינדטער פֿון רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז אַוודאי אַ צווייטע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין שכנהשאַפֿט. אָבער די מנהיגים פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פּאַלעסטינע און שפּעטער אין ישׂראל, האָבן געזוכט צו פֿאַרבינדן זיך מיט דעם עמיר פֿייצאַל, צי מיט דעם מלך אַבדאַללאַ (ווי אין דער לעצטער תּקופֿה מיט די פֿאַשיסטישע אכזריותדיקע טעראָריסטן־פֿאַלאַנגיסטן אין לבֿנון), אָבער קיין מאָל נישט מיט וועלכן עס איז רעוואָלוציאָנערן כּוח קעגן די פֿײַצאַלס און אַבדאַללאַס.

אין יאָר 1948 האָבן די פֿירערס פֿונעם יישובֿ, ערבֿ דער פּראָקלאַמירונג פֿון דער מדינה, געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דעם מלך אַבדאַללאַ וועגן צע־טיילן צווישן זיך טעריטאָריע, אײַנשליסלעך ירושלים — אויף ייִדיש מערבֿ־ירושלים און אַבדאַלליש מיזרח־ירושלים. דערקעגן האָבן זיי נישט געזוכט די מינדסטע פֿאַרבינדונג מיט די וואָקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע כּוחות אין דער גרעסטער אַראַבישער מדינה — מצרים. פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג אין מצרים איז דאָך אַרויסגעקומען נישט בלויז אַבדול נאַצער (וואָס האָט געזוכט קאָנטאַקטן מיט משה שרת, און דוד בן־גוריון האָט געמאַכט אַ סוף צו זיי), נאָר פֿון די רעוואָלוציאָנערע רײַען אין מצרים איז אויך אַרויסגעקומען אַנוואַר סאַדאַט, וואָס נאָך פֿיר בלוטיקע און אומנויטיקע מלחמות מיט אַ סך טויזנטער קרבנות, איז ער געקומען קיין ירושלים מיט דעם ווילן פֿון אַן אויפֿריכטיקן שלום. אָבער צום באַדויערן איז דער שלום צווישן מצרים און ישׂראל געשלאָסן געוואָרן פֿון אונדזער זײַט נישט פֿון אַ מיושבֿדיקער רעגירונג, נאָר פֿון אַ רעגירונג, וואָס בראש פֿון איר שטייט אַן אַנאַכראָניסטישער רעוויזיאָניסט, וואָס האָט איבערגעלאָזט דעם קאַלענדאַר און דעם זייגער בײַ זײַנע בית״ר־אָפּטיילונגען אין די ברוינע העמדלעך אין אַמאָליקן פּוילן...

דער שלום מיט מצרים איז דורך מנחם בעגין באַטראַכט געוואָרן נישט ווי אַ גוטער אָנהייב ענדלעך צו דערגרייכן אַ שלום אויך מיט אַנדערע שכנותדיקע אַראַבישע מדינות און צו לייזן דאָס אומגליקלעכע און קאָמפּליצירטע פּאַלעסטינעזער פּראָבלעם, נאָר ער האָט דעם שלום

מיט מצרים פֿאַרטראַכט ווי אַן אויסגעקליגלטן סטראַטעגישן „טריק" צו נײַטראַליזירן די גרעסטע אַראַבישע מדינה, כּדי צו באַקומען „פֿרײַע הענט" אויפֿצושטעלן אַן אימפּעריע לויט דער מוסטער פֿון „רק כּך" — אין די פֿוסטריט פֿון יהושע בן־נון.

אַ סך בײַ אונדז האָבן זיך געוווּנדערט: ווי קומט עס וואָס נישט אַן אַרבעטער־רעגירונג, נאָר דווקא אַ רעגירונג בראש מיט דעם געוועזענעם קאָמאַנדיר פֿון בית״ר און אצ״ל מיט דער לאָזונג פֿון „רק כּך" — אַ ייִדישע מדינה פֿון ביידע זײַטן ירדן — האָט געשלאָסן אַ שלום מיט מצרים און דערצו אַוועקגעגעבן צו מצרים דעם סיני, די נאַפֿט־אוצרות אין סיני און די ייִדישע ייִשובֿים אין צפֿון־סיני, „דאָס ווערק פֿון ייִדישער איניציאַטיוו אויף אייביקע יאָרן אין סיני", צוזאַמען מיט דעם „שטאָלץ" — ימית.

צי האָבן די פּרעזידענטן דזשימי קאַרטער און אַנוואַר סאַדאַט אָפּגענאַרט דעם „רק כּך'ניק" מנחם בעגין? אַ, ניין, נישט דזשימי קאַרטער און נישט אַנוואַר סאַדאַט האָבן אין קעמפּ דייוויד אויסגענאַרט פֿון מנחם בעגין דעם סיני מיט דעם גאַנצן קלאַפּער־געצייג, וואָס האָט אונדזער מדינה אָפּגעקאָסט מיליאַרדן, נאָר דאָס האָט מנחם בעגין פֿאַרטראַכט איבערצוקליגלען סײַ דעם אַמעריקאַנער און סײַ דעם מצרישן פּרעזידענט מיט אַן „עפּאָכעמאַכנדיקער סטראַטעגיע", וואָס האָט נישט דעם מינדסטן אָנשפּאַר אין דער ווירקלעכקייט. ווען עס איז אים יאָ געלונגען „צו פֿירן אין באַד אַריין", איז עס די זשורי פֿון דעם נאָבעל־פּרײַז אין אָסלאָ, וואָס האָט בעגינען צוגעטיילט דעם פּרײַז פֿאַר שלום, בעת ער האָט פֿאַרטראַכט די מלחמה אין לבֿנון.

דער אָפּמאַך אין קעמפּ דייוויד, וואָס רעדט בפֿירוש וועגן אַ „פֿולער אויטאָנאָמיע" פֿאַר די פּאַלעסטינעזער אויף די באַזעצטע געביטן מערבֿדיק פֿון דעם ירדן־טײַך און אין עזה־פּאַס, איז באַלד בײַם אונטערשרײַבן געמיינט געוואָרן פֿון מנחם בעגין ווי אַ פֿיקציע. ער וועט דעם שלום מיט מצרים אויסטײַטשן ווי אַ סעפּעראַטן שלום, וואָס איז מיט גאָרנישט געבונדן מיט דעם אָפּמאַך וועגן דער „פֿולער אויטאָנאָמיע" פֿאַר די פּאַלעסטינעזער. עס האָט אים בלויז געוווּנדערט וואָס בעתן ראַטיפֿיצירן די אָפּמאַכן אין קעמפּ דייוויד דורך דער כּנסת האָבן זײַנע בוזעם־פֿרײַנד און אידעען חבֿרים, ווי יצחק שמיר, דעמאָלט דער פֿאָרזיצער פֿון דער כּנסת, זיך אָפּגעהאַלטן פֿון שטימען פֿאַר די אָפּמאַכן, און גאולה כּהן האָט געשטימט קעגן. פֿאַרוואָס האָבן זיי דעמאָלט זיך נישט אָנגעשטויסן, אַז דעם שלום מיט מצרים וועט מנחם בעגין אינטערפּרעטירן ווי אַ סעפּאַראַטן שלום און די מעשׂה מיט דער אויטאָנאָמיע וועט זיך ענדיקן מיט אַנעקסיע פֿון די באַזעצטע געביטן? שפּעטער, ווען דאָס איז זיי קלאָר געוואָרן, זענען ביידע צוריקגעקומען, אויסגעגלײַכט די ליניעס און גאולה כּהן מיט איר פֿראַקציע איז צוגעטרעטן צו דער קאָאַליציע. די איניציִירטע מלחמה אין לבֿנון האָט

אויפֿגעדעקט אַלע קאָרטן פֿון דער „עפּאָכעמאַכנדיקער סטראַטעגיע", וואָס האָט ביז איצט געבראַכט צו קרובֿ פֿינף הונדערט טויטע און צוויי טויזנט פֿאַרוווּנדעטע מיט אַ וויסטן זומפּ פֿאַר די לעבעדיקע, נישט אַרויסצוקריכן.

אַוודאי, פֿאַר די צילן פֿון דער „עפּאָכעמאַכנדיקער סטראַטעגיע" איז „ווערט געווען" צוריקצוגעבן דעם גאַנצן סיני, צוזאַמען מיט די נאַפֿטקוואַלן, וואָס ישׂראל האָט אַנטוויקלט, צוזאַמען מיט די מיליטערישע פֿליפֿעלדער, וואָס ישׂראל האָט אויפֿגעבויט, צוזאַמען מיט די בליִענדיקע קאָלאָניעס אין וועלכע מיליאַרדן דאָלאַרן זענען אַרײַנגעבראַכט געוואָרן. אָבער וואָס פֿאַר אַ ווערט האָבן בײַ אונדז מיליאַרדן דאָלאַרן אַנטקעגן באַקומען „פֿרײַע הענט" אויפֿצושטעלן אַ גרויס ישׂראל מיט אַלע טעריטאָריעס פֿון די שבֿטים אין ארץ־ישׂראל ווי אין די צײַטן פֿון יהושע בן־נון? אויסער דעם וועט דער „סעפּאַראַטער" שלום מיט מצרים אויף אייביק שפּאַלטן די אַראַבישע מחנה, אויף אייביק דערווײַטערן די גרעסטע אַראַבישע מדינה — מצרים — פֿון אַלע אַראַבישע מדינות. קיינער פֿון די ביז־איצטיקע ישׂראל־מנהיגים האָט נישט פֿאַרטראַכט אַזאַ „עפּאָכעמאַכנדיקע סטראַטעגיע", ווי ער, מנחם בעגין, און זײַן סטראַטעגיע וועט רעאַליזירן דער נײַער „זבענג וגמרנו־העלד" — אריאל שרון, וואָס וועט אײַנשטעלן אַ נײַע אָרדענונג אין לבֿנון און אין גאַנצן מיטעלן מיזרח...

דעם 5־טן יוני 1982 האָט אריאל שרון אָנגעהויבן אײַנשטעלן „די נײַע אָרדענונג" אין לבֿנון, און ער שטעלט זי אײַן ביזן הײַנטיקן טאָג. פֿאַר אָט דער „נײַער אָרדענונג" זענען געפֿאַלן פֿון אונדזער זײַט מער קרבנות ווי די פּאַלעסטינעזער טעראָריסטן האָבן אונדז גורם געווען במשך 20־25 יאָר. ווי אַ קרבן פֿאַר דער „נײַער אָרדענונג" איז אויך געפֿאַלן אונדזער מאָראַלישער פּרעסטיזש אין לאַנד און אין דער וועלט. בײַ אַזאַ קאַטאַס־טראָפֿאַל־געפֿאַלענעם פּרעסטיזש איז קוים זיך צו וווּנדערן וואָס די וועלט האָט אונדז באַשולדיקט אין די שחיטות, וואָס עס האָבן דורכגעפֿירט די פֿאַלאַנגיסטישע פֿאַשיסטן פֿון דער דזשומאַיעל־משפּחה אין די פּליטים־לאַגערן סאַבראַ און שאַטילאַ, אַ שחיטה וואָס דערמאָנט ווירקלעך די אכזריות און דעם סיסטעם פֿון די נאַציס כּלפּי ייִדן.

פֿאַראַן אַ ייִדיש פֿאָלקס־ווערטל: „אַז מען לייגט זיך מיט הינט שטייט מען אויף מיט פֿליי". דאָס פֿאַרבינדן זיך מיליטעריש און פּאָליטיש מיט די קריסטלעכע פֿאַלאַנגעס פֿון דער משפּחה דזשומאַיעל, וואָס זענען געבויט אויפֿן סיסטעם פֿון דער נאַצישער אידעאָלאָגיע פֿון מאָרד, זיי אָנטאָן אין מונדירן פֿון צה"ל, זיי באַוואָפֿענען מיט געווער פֿון צה"ל און בויען אויף זייער מאָראַל — איז אַ „נײַע אָרדענונג" נישט בלויז אין לבֿנון נאָר אויך בײַ אונדז... און ווי און ווינד איז אונדז פֿון אַזאַ „נײַער אָרדענונג".

למען היסטאָרישן אמת דאַרף מען דערמאָנען אַז אויף וויפֿל די ערשטע פֿירערס פֿון דער מדינה זענען געווען סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן,

וואָרעם דוד בן־גוריון, ווי געזאָגט, האָט פֿון דער כנסת־טריבונע פּראָ־
קלאַמירט, אַז נאָך אין אונדזער דור וועלן מיר האָבן אַ סאָציאַליסטישע
אָרדענונג אין ישׂראל (סוציאליסמוס בימינו), האָבן זיי זיך שנעל באַפֿרײַט
פֿון דער לאַסט. אַזוי האָט דוד בן־גוריון אין יאָר 1956 זיך פֿאַרבונדן צו
אַ בשותּפֿותדיקער אַקציע מיט די אונטערגייענדיקע אימפּעריאַליסטישע
כּוחות — מיט ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך, הגם מיר אַליין האָבן מיט ווייניקער
פֿון 10 יאָר פֿריִער בײַגעטראָגן אונדזער חלק צו ליקווידירן די בריטישע
אימפּעריע. נישט אָן דער השפּעה פֿון פֿאַרטרײַבן די בריטן פֿון ארץ־
ישׂראל זענען אַקטיוויזירט געוואָרן די רעוואָלוציאָנערע כּוחות אין מצרים.
די „יונגע מצרים" האָבן פֿאַרטריבן דעם לעביונג, דעם מלך פֿאַרוק, זיך
באַפֿרײַט פֿון דער בריטישער אַפּוטרופּסות און נאַציאָנאַליזירט דעם סועץ־
קאַנאַל, וואָס איז דאָס נאַטירלעכע אייגנטום פֿון דעם מצרישן פֿאָלק. האָט
אונדזער דעמאָלטיקער פֿירער געמאַכט אַ מלחמה־קנוניה מיט די בריטישע
און פֿראַנצויזישע רעאַקציאָנערע כּוחות, כּדי צוריקצודרייען די היסטאָרישע
רעדער — העלפֿן די בריטן און די פֿראַנצויזן צוריק באַהערשן זייער
קאָנצעסיע — דעם סועץ־קאַנאַל. דאָס איז געווען די ערשטע איניציִירטע
מלחמה פֿון דער יונגער מדינה, אַ מלחמה וואָס האָט אָפּגעשניטן די וועגן
צו אַ שלום מיט די אַראַבישע שכנים נאָך דעם ווי דער וואָפֿן־שטילשטאַנד
אין ראָדאָס 1949 האָט געהאַט געעפֿנט אַ זיכערן וועג צו שלום. זײַט דער
סיני־אַקציע האָט זיך אײַנגעשטעלט דער פּזמון, אַז „ס'איז נישטאָ מיט
וועמען צו רעדן וועגן אַ שלום"...

די ערשטע „איניציִירטע" מלחמה, פֿאַר וועלכער עס איז, נאַטירלעך,
געפֿונען געוואָרן אַ „קאַזוס בעלי", איז געווען דער חטא הקדמון וואָס
האָט געפֿירט צו אַלע ווײַטערדיקע מלחמות. די מדינה פֿון אַ נאָר־וואָס
אויסגעשאָכטן און חרובֿ געוואָרן פֿאָלק; די מדינה וואָס פֿאַר איר אויפֿקום
זענען געפֿאַלן (אין לאַטרון) קינדער וואָס האָבן זיך על־פּי־נס אָפּגעראַטע־
וועט פֿון די גאַז־קאַמערן; די מדינה וואָס אַ טייל פֿון אירע געפֿאַלענע
אין די שפּעטערדיקע מלחמות זענען קינדער פֿון דער שארית הפּליטה פֿון
דעם שרעקלעכן חורבן, פֿון אייניציק־געבליבענע פֿון פֿאַרצווײַגטע און דורות־
דיקע משפּחות — די מדינה האָט גענומען אויף זיך די ראָל פֿון אַ זשאַנדאַר
אינעם מיטלען מיזרח. ס'איז נישט גענוג צו באַפֿרייען די ייִשובֿים אין גליל
פֿון דעם טעראָר פֿון פּי.על.אָו. אָדער אש"ף אָדער אָב"פּ, ווי זיי הייסן דאָרט,
נאָר אונדזער דעקלאַרירטע אויפֿגאַבע איז: אַרײַנצושלעפּן אונדזער מדינה
אין אַ שרעקלעכער מלחמה־קאַמפּאַניע, כּדי צו „מאַכן אָרדענונג" צווישן די
זעכצן אכזריותדיקע כּאַמולעס אין לבֿנון, וואָס שעכטן זיך אויס קעגנזײַטיק,
אויסוויילן אונדזער פֿאַרבינדעטן פֿאַלאַנגיסט־טעראָריסט אַלס פּרעזידענט און
אָוועקזעצן אויף אונדזערע באַגנעטן אַ רעגירונג, וואָס זאָל אפֿשר אויך
שרײַען אויף די גאַסן פֿון ביירוט: „בעגין מלך ישׂראל!" „אריק מלך
ישׂראל!"

מיט אַ בעגיניש־שרונישע רעגירונג אין ביירוט האָט זיך געדאַרפֿט פֿינאַליזירן דער ערשטער אַקט פֿון דעם „גראַנדיעזן פּלאַן", וואָס איז פֿאַרטראַכט געוואָרן מיט דער הילף פֿון ניַיטראַליזירן מיליטעריש די גרעסטע אַראַבישע מדינה — מצרים — דורך דעם איַינגעבילדעטן „סעפּאַראַטן" שלום. דערפֿאַר האָט מנחם בעגין אָוועקגעגעבן דעם סיני, די נאַפֿט־קוואַלן, די ייִדישע בליִענדיקע קאָלאָניעס, ימית, און דערפֿאַר האָבן „גושניקעס" און „כּך"איסטן אַראָפּגעגאָסן פֿון די ימית־דעכער צואה און פּעך אויף די קעפּ פֿון ייִדישע זעלנערס, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אַהין מיטן כּוח פֿון מיליטערישע באַפֿעלן...

פֿאַר שלמות ארץ־ישׂראל איז אַלץ ווערט!...

די וועלכע עס דינט דער זכּרון געדענקען זיכער, אַז אין די פּופּציקער יאָרן פֿלעגט דער דעמאָלטדיקער פּרעמיער־ און זיכערהייט־מיניסטער, דוד בן־גוריון, אויפֿמערקזאַם מאַכן פֿון דער כּנסת־טריבונע דער „חרות"־אָפּאָזיציע אויף זייַנע צוקונפֿט־פּלענער: „איר ווייסט וואָס איך טראַכט וועגן אונדזערע גרענעצן!" וואָס האָט ער געטראַכט? די ירדן־מלוכה איז דעמאָלט געווען גרייט צו מאַכן שלום מיט ישׂראל, אָבער נישט אַבדאַללאַ, נישט זייַן משוגענער זון און שפּעטער אויך זייַן אייניקל, דער מלך כּוסיין, האָבן נישט געוואָלט זייַן די ערשטע אויף צו מאַכן שלום מיט ישׂראל. זיי האָבן געוואָלט זייַן די צווייטע, נאָך מצרים, אָדער לכל הפּחות נאָך סיריע. אַזוי אויך לבֿנון — נישט די טעראָריסטישע און נאַצי־פֿאַשיסטישע פֿאַלאַנגעס פֿון דער משפּחה דזשומאַיעל — נאָר דאָס אָפֿיציעלע סוווערענע לבֿנון. לבֿנון האָט געוואָלט זייַן די צווייטע, נאָך מצרים, אָדער לכל הפּחות נאָך סיריע. בייַ אונדז איז אָבער אָנגעגאַנגען דער רעפֿריין, אַז „נישטאָ מיט וועמען צו רעדן וועגן שלום". ערשט נאָך פֿיר בלוטיקע מלחמות מיט טויזנטער געפֿאַלענע זעלנער פֿון אונדזער זייַט און נאָך מער קרבנות פֿון דער מצרישער זייַט, איז שוין יאָ געווען מיט וועמען צו רעדן...

פֿריִער, ווען „ס'איז נישט געווען מיט וועמען צו רעדן", איז אַנואַר סאַדאַט באַצייכנט געוואָרן ווי אַ נאַצישער אַגענט. ער זאָל אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן קאָאָפּערירט מיט די נאַציס, אָבער אין דער זעלבער צייַט האָבן מיר זיך פֿאַרבונדן מיט די דזשומאַיעל־פֿאַלאַנגעס, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן דורך פּיער דזשומאַיעל אויפֿן מוסטער פֿון די נאַציס, נאָר נישט מיט ברוינע העמדלעך, מיט שוואַרצע העמדלעך. ברוינע העמדלעך האָט אָנגעטאָן אַ ייִדישע פּאַראַ־מיליטערישע אָרגאַניזאַציע אין פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן, ווען פֿאַשיזם איז געווען אין דער מאָדע... אגב, אויך לח"י אין פּאַלעסטינע האָט געזוכט קאָנטאַקטן מיט די נאַציס, נאָר זייער שליח איז אויפֿן וועג צו די נאַציס אַרעסטירט געוואָרן דורך די בריטן און אַזוי אַרום איז די ייִדישע אָרגאַניזאַציע ניצול געוואָרן

פֿון קאָלאַבאָראַציע מיט די נאַציס, כּדי זיי צו העלפֿן פֿאַרטרײַבן די בריטן פֿון פּאַלעסטינע...

ווען פּרעזידענט אַנואַר סאַדאַט איז אין נאָוועמבער 1977 דערשינען אויף דער כּנסת־טריבונע אין ירושלים, האָט זיך איבער טײַכן בלוט און ימים שׂינאה אַריוסגעוויזן, אַז ס'איז יאָ דאָ מיט וועמען צו רעדן: אַז מצרים וויל יאָ שלום; אַז מצרים האָט נישט בדעה אַרײַנצושטויסן די ישׂראל־ייִדן אין ים אַריין. אַז דער „געוועזענער קאָלאַבאָראַטאָר מיט די נאַציס", אַנואַר סאַדאַט, איז אַ מאַן פֿון שלום און כּבוד.



אין זײַן פֿאַנטאַסמאַגאָרישער אײַנרעדעניש, אַז אַט וועלן זיך אויפֿהייבן די פֿינף מיליאָן ייִדן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און דער קרובֿ מיליאָן ייִדן אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער און זיי וועלן עולה זיין קיין ישׂראל, האָט דוד בן־גוריון געזען די דעמאָלדיקע טעריטאָריע פֿון אונדזער מדינה ווי אַ צו קליינע. עס וועט נישט זײַן ווו צו באַזעצן די אַלע מיליאָנען ייִדן, אַפֿילו ווען ער האָט געוואָלט האָבן אַ מיליאָן ייִדן אין נגבֿ. פֿאַר אַכט־צען מיליאָן ייִדן דאַרף מען אַ גרויסע טעריטאָריע. אין יענער צײַט האָט דוד בן־גוריון באַשטימט דעם דעמאָלטיקן מפא״יניק און הײַנטיקן פֿירער פֿון דער „התחיה"־פֿראַקציע און מיניסטער אין בעגינס רעגירונג, פּראָפֿ׳ יובל נאמן, ווי דעם הויפּט פֿון דעם פּלאַניר־דעפּאַרטאַמענט פֿון דער ישׂראל־אַרמיי. צווישן אַנדערע גרויסע פּלענער, וואָס דאָ איז נישט דער פּלאַץ צו רעדן וועגן זיי, האָט פּראָפֿ׳ יובל נאמן פּלאַנירט די געאָפּאָליטיק פֿון מדינת ישׂראל. לויט אַט די פּלענער האָבן די מינימום־גרענעצן פֿון מדינת ישׂראל געדאַרפֿט זײַן אַזעלכע ווי זיי זענען געוואָרן אין רעזולטאַט פֿון דער זעקסטאָגיקער מלחמה. דער יורש פֿון דוד בן־גוריון, מנחם בעגין שטייט שטאַל און אײַזן אויפֿן שטאַנדפּונקט פֿון פּראָפֿ׳ יובל נאמנס באַשטימטער געאָפּאָליטיק ווי אַ התחלה פֿאַר באַפֿרײַען גאַנץ ארץ־ישׂראל: יהודה און שומרון און דער עזה־פּאַס בלײַבן אויף אייביק ווי אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער סוווערענער מדינת ישׂראל און פֿאַר ווײַטער וועלן מיר זאָרגן שפּעטער אַ ביסל...

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער געאָפּאָליטיק, ווי זי איז פּלאַנירט געוואָרן פֿון פּראָפֿ׳ נאמן און באַשטעטיקט געוואָרן דורך דוד בן־גוריון, איז דאָס וואָס אין גאַנג פֿון דער מלחמה אין לבֿנון האָט דער זעלבער פּראָפֿעסאָר געלאָזט וויסן אין דער עפֿנטלעכקייט, אַז דרום־לבֿנון איז אייגנטלעך אַ טייל פֿון ארץ־ישׂראל. באַלד דערנאָך האָט אויך דער שעף פֿונעם גענעראַל־שטאַב, רפֿאל איתן, דערקלערט, אַז די מלחמה אין לבֿנון איז פֿאַר דער גרויסקייט פֿון ארץ־ישׂראל. באַלד איז אין אײַלעניש נאָכגעקומען דער רבֿ

פון קרית שמונה און אַנדערע פון זייַנס גלייַכן און האָבן געפסקנט אַ הלכה, אַז דרום־לבנון איז ארץ־ישראל. ווערליק דער מאַפע פון יהושע בן־נונס אָקופּאַציע־מאַרש מיט 3220 יאָר צוריק ווייסט קינד און קייט, אַז ער האָט געמאַכט קרעפּלפּלייש פון די כנענישע מלכים אין גליל און דערגאַנגען כמעט ביז צידון, בפרט אַז די קאָלאָניזאַציע פון דעם שבט אשר איז דער־גאַנגען ביז צום טייַך ליטאַני... איז דרום־לבנון אַ טייל פון מדינת ישׂראל...

דאָ האָט איר דעם אייגנטלעכן זין פון די „אָבסערוואַציע־טורעמס" אָדער „זיכערהייטס־גאַרניזאָנען", וואָס בעגין און שרון פאָדערן אין דרום־לבנון...

די פּאָליטיק וואָס דרינגט אַרויס פון די געאָפּאָליטישע פּלענער האָט געמוזט פירן צו דער מסקנה, אַז „ס'איז נישטאָ מיט וועמען צו רעדן", וואָרעם ס'איז נישטאָ וועגן וואָס צו רעדן. די פּאָליטיק פירט אויך צו דער מסקנה, אַז ס'איז נישטאָ קיין פּאַלעסטינעזער פאָלק, במילא קומט נישט די פּאַלעסטינעזער פליטים קיין זעלבסטבאַשטימונג־רעכט. אויב די פליטים פון פּאַלעסטינע ווילן אַ מדינה, זאָגט אריאל שרון, אַז זיי האָבן שוין אַ מדינה — אין יאַרדאַניע, דאָרט האָבן זיי אַ ברירה צו שלאָגן כפרות מיט דעם מלך כוסיין און אַליין ווערן די מושלים...

פון אונדזער אייגענעם נסיון ווייסן מיר, אַז נישט בלויז דער דיאַלעק־טישער סטאַלין האָט געהאַלטן, אַז ייִדן זענען נישט קיין נאַציע, נאָר אַ רעליגיעזע עדה. אויך די יאַהודים אין דייַטשלאַנד און די אַסימילאַטאָרן פון משהס גלויבן אין אַמאַליקן רוסלאַנד און אין פּוילן, האָבן געזאָגט דאָס זעלבע. וואָס איז געווען דער ענטפער פון די ייִדן? דער ענטפער איז געווען: „מיר האָבן אייַך אַלע ניין איילן אין דער אדמה מיט אייַער ,וויסנשאַפט'. ווער מיר זענען און וואָס מיר זענען וועלן מיר אַליין באַ־שטימען און נישט איר!" און מיר האָבן באַשטימט! אויף דער דעפיניציע פון אונדזערע פירערס, ווער עס זענען די פּאַלעסטינעזער אַראַבער, ענטפערן זיי אונדז טויזנט מאָל ברוטאַלער ווי מיר האָבן געענטפערט אונדזערע פאַרלייקענערס, — מיט בלוטיקן טעראָר, מיט אומאיבעררייַסלעכע אויפברויזן און מיט פּאָליטישן קאַמף, פאַר וועלכן זיי געפינען וואָס אַמאָל מער פאַר־שטענדעניש בייַ די, וואָס האַלטן דעם גורל פון דער וועלט אין זייערע הענט, סאָוועט־רוסלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין דער מלחמה אין לבנון זענען די באַוואָפנטע פּאַלעסטינעזער מילי־טעריש צעריבן געוואָרן אויף שטויב. אונדזער אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיג, וואָס די גענעראַל־שטאַבן פון גרויסע מדינות פאָרשן אויס און ווען אים נאָכפאָרשן. מיר זענען אַפילו באַצייכנט געוואָרן ווי די „פערטע גרויסמאַכט". אָבער פּאָליטיש האָבן מיר געליטן אַ גרויזאַמע מפּלה, וואָס אירע קאָנ־סעקווענצן איז שווער פאָרויסצוזען. מיר האַלטן זיך פּאָליטיש אויף די פיס בלויז דערפאַר, ווייַל דעם אייגנטלעכן נצחון פון דער מלחמה האָט אָפּ־

געהאַלטן אַמעריקע, אָן צו געבן איין איינציקן שאָס. מיר האָבן באַצאָלט מיט טײַער בלוט פֿון כּמעט 500 קינדער פֿון אַ פֿאָלק וואָס איז נאָך נישט צו זיך געקומען נאָך דעם גרעסטן חורבן אין אונדזער געשיכטע, און די פּרוכטן פֿון דער מלחמה האָט אָראָפּגענומען אַמעריקע.

דערפֿאַר איז ווידער געשען אַ „נס" און מיר זענען פּאָליטיש נישט אין גאַנצן צעשטערט געוואָרן. אָבער די קאָנסעקווענצן פֿון דער שרעקלעכער פּאָליטישער מפּלה האָבן אָנגעהויבן צײַטיקן מיט דעם מאָרד פֿון „אונדזער" פּרעזידענט באַשיר דזשומאַיעל, מיט דער שחיטה אין די פּליטים־לאַגערן סאַברא און שאַטילאַ, און מיט דער ממש אומגלויבלעכער אַנטיסעמיטישער כוואַליע, וואָס האָט זיך אויפֿסנײַ צעווילדעוועט אין דער וועלט.

פֿון דער „גראַנדיעזער סטראַטעגיע", דורך דעם „סעפּאַראַטן" שלום מיט מצרים צו נײַטראַליזירן די גרעסטע אַראַבישע מדינה, כּדי צו באַקומען פֿרײַע הענט צו פֿאַרווירקלעכן די גרויסקייט־מאַניע פֿאַר אַן אימפּעריע, זענען בלויז גרעסער געוואָרן די מיליטערישע בית־עלמינס מיט קבֿרים פֿון קינדער, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו דערפֿילן דעם טעם פֿון לעבן. אומזיסטע קרבנות אויפֿן מזבח פֿון אַוואַנטוריסטן.

ווער עס האָט נאָכגעפֿאָלגט די ליניע פֿון אַנוואַר סאַדאַט, פֿון זײַן רעדע פֿון דער כּנסת־טריבונע, ביזן אונטערשרײַבן די אָפּמאַכן אין קעמפּ דייוויד, ביזן אָנהייבן די בילאַטעראַלע פֿאַרהאַנדלונגען וועגן אײַנפֿירן די אויטאָנאָמיע פֿאַר די פּאַלעסטינעזער, האָט געמוזט ווערן איבערצײַגט, אַז אים איז אָפּילו נישט איינגעפֿאַלן צו באַטראַכטן דעם שלום מיט ישׂראל ווי אַ סעפּאַראַטן צווישן די צוויי מדינות. בלויז אינעם מוח פֿון אַ פֿאַנאַטי־קער האָט געקענט געבוירן ווערן די מחשבֿה, אַז כּדי צוריקבאַקומען דעם סיני איז אַנוואַר סאַדאַט גרייט געווען אויף אייביק צו זײַן פֿאַרשטויסן פֿון דער גאַנצער אַראַבישער וועלט און אויפֿגעבן די ראָל, וואָס מצרים האָט פֿאַר זיך אָנגעצייכנט פֿאַר דער פּאַן־אַראַבישער אידעע אין דער צוקונפֿט.

פֿאַרקערט, דורך פֿאַרבינדן דעם שלום צווישן ישׂראל און מצרים מיט דעם אָפּמאַך פֿאַר „פֿולער אויטאָנאָמיע" פֿון די פּאַלעסטינעזער אויף די באַזעצטע געביטן, האָט סאַדאַט זיך געזען ווי דער גואל פֿון דער פּאַלעס־טינעזער נאַציע און ווי דעם הויפּט־מנהיג פֿון דער גאַנצער אַראַבישער וועלט. נישט סאַוד־אַראַביע, נישט סיריע, נישט איראַק, נישט דער קרעמל, האָבן דערנענטערט די פּאַלעסטינעזער צו זייער ציל פֿון זעלבסט־באַשטימונג, נאָר ער, סאַדאַט, האָט עס באַוויזן! און אַז דער ענדציל פֿון דער אויטאָנאָמיע פֿאַר די פּאַלעסטינעזער וועט האָבן דערגרייכט געוואָרן, וועט אַנוואַר סאַדאַט האָבן דערגרייכט וואָס אבדול נאַצער האָט געוואָלט דערגרייכן און געבליבן בײַם וועלן: ער וועט ווערן דער אָנערקענטער מנהיג פֿון דער גאַנצער אַראַבישער וועלט און האָבן צוריקבאַקומען די „אַראַבישע טעריטאָריעס" אָן אָן איין איינציקן שאָס.

דורך דער שגעונדיקער מלחמה אין לבֿנון האָט דער יורש פֿון אַנואַר סאַדאַט, כוסני מובאַראַק, דורכגעזען דעם גראַנדיאָזנעם „סטראַטעגישן פּלאַן״ פֿון מנחם בעגין, און זײַנע ראַטגעבערס, און ער האָט צוריקגערופֿן דעם מצרישן אַמבאַסאַדאָר פֿון תל־אבֿיבֿ, אײַנגעפֿרוירן דעם שלום און פּראַקטיש מבֿטל געמאַכט דעם פּלאַן פֿאַר אויטאָנאָמיע. אויף די חורבֿות פֿון דער אויטאָנאָמיע איז אויפֿגעשטאַנען דער רייגאַן־פּלאַן, וואָס דערנענטערט דאָס אַנטשטיין פֿון אַ פּאַלעסטינעזער מדינה אַ סך שנעלער און קאָנקרעטער, ווי די אויטאָנאָמיע וואָלט זי דערנענטערט.



כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם שלמות־הארץ־פּסיכאָז, מיט וועלכן ברייטע קרייזן אין ישׂראל זענען פֿאַרכאַפּט געוואָרן, ווי מיט אַ משיחישן פּסיכאָז, איז די שטים פֿון דער רבֿ אליעזר וואַלדמאַן פֿון קרית ארבע, וואָס אין גאַנג פֿון דער בלוטיקער מלחמה אין לבֿנון האָט ער, אַ רבֿ, אַ שומר מצוות, אָנגעשריבן אַן אַרטיקל (אין דער אויסגאַבע „נקודה״) אונטערן נאָמען „העוז לגמור את המלאכה״ — „די דרייסטקייט צו פֿאַרענדיקן דאָס שטיקל אַרבעט״. אין דער צײַט ווען אריאל שרון און מנחם בעגין האָבן אָנגעהויבן די מלחמה, כּדי צו „מאַכן אָרדענונג״ אין לבֿנון און אין מיטעלן מזרח בכלל, און אויף די באַגנעטן פֿון צה״ל צו קרוינען אַן „אייגענעם״ פּרעזידענט אין ביירוט, האָט דער רבֿ פֿונעם משיח־אינקובאַטאָר, קרית ארבע, אויסגעפּלאַפּלט דעם ענדציל פֿון דעם „גראַנדיעזן פּלאַן״ פֿון בעגין־שרון עט לעווינגער־כהנא: „זיכער — שרייבט דער רבֿ אין זײַן אַרטיקל — זענען מיר פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער אינערלעכער אָרדענונג אין דער וועלט, אָבער מען קאָן נישט דערגיין צו אַזאַ אינערלעכער אָרדענונג, נישט זאָרגנדיק פֿריִער פֿאַר דער אויסערלעכער אָרדענונג, דאָס הייסט זיך קעגנשטעלן דעם רשע דורך מיליטערישער גבֿורה און דורך דרייסטקייט זיך מקריבֿ צו זײַן״. און דער אויספֿיר פֿון דעם משיח־ברענגער פֿון קרית ארבע איז: „מיר וועלן זיכער באַשטימען די אָרדענונג סײַ אין מיטעלן מזרח און סײַ אין דער וועלט״, ווײַל — שרײַבט ווײַטער דער רבֿ — „אויב מיר וועלן אויף זיך נישט נעמען די דאָזיקע אחריות, זענען מיר פֿאַרברעכערס נישט בלויז כּלפּי זיך גופֿא, נאָר כּלפּי דער גאַנצער וועלט, ווײַל ווער דען וועט באַשטימען די אָרדענונג אין דער וועלט? די אַלע מנהיגים פֿון מערבֿ מיט זייער שוואַכן כאַראַקטער?״.

אין קרית ארבע איז אַרויס די אָל פֿון זאַק... אריאל שרון האָט אָנגעהויבן מאַכן אָרדענונג אויף דער גאַנצער וועלט...

פֿון אַזעלכע ווערטער פֿון אַ רבֿ בישׂראל, משטיינס געזאָגט, אין גאַנג פֿון דער מטורפֿדיקער מלחמה אין לבֿנון, ווערט קלאָר ווי דער טאָג, אַז

מנחם בעגין און אריאל שרון איז גאָרנישט אײַנגעפֿאַלן אין קיין איין אײנציקער רגע זיך אָפּצושטעלן בײַ װעלכע בידנע 40 צי 50 קילאָמעטער אין דרום־לבֿנון. זייער אייגנטלעכער פּלאַן אין זײַן גראַנדיעזקייט איז געװען אַריבערגיין ביירוט, מאַרשירן אויף צפֿון און מערבֿ, פֿאַרקערעװען אויף מיזרח און דרום, גיין פֿאָרויס „מיט דרײַסטקייט זיך מקריבֿ צו זײַן", װי עס פּסקנט דער רבֿ לויט דער הלכה פֿון ספֿר פּראַלניק, און מאַכן אָרדענונג אין דער גאַנצער װעלט: אַהיימשיקן דעם פּרעזידענט ראָנאַלד רייגען, שלאָגן כּפּרות מיט די מנהיגים אין קרעמל, אָװעקזעצן אין װאַטיקאַן אַן אייגענעם פּויפּסט (אפֿשר פֿון דער משפּחה דזשומאַיעל), אַראָפּזעצן אַלע מלכים און שײַכן אין די אַראַבישע לענדער, מאַכן אַ סוף צו דער ממשלה פֿון אינדיראַ גאַנדי אין אינדיע, ליקווידירן דעם פּרעזידענט פֿון פּאַקיסטאַן, װאָרעם זיי אַלע פֿירן דאָך די װעלט שלימזלדיק. „נאָר מר װעלן באַשטימען די אָרדענונג אין דער װעלט" (ציטירט דעם רבֿ װאַלדמאַן פֿון ק"ק קרית ארבע).

אין אָט דעם משוגעת, װאָס האָט בײַ אונדז אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַק־טער, װי עס האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער דער מטורפֿער כאָמייניזם אין פּערסיע, האָט געקענט מעגלעך װערן, אַז בעת אונדזער מדינה געפֿינט זיך אין דער איסלאַמישער װעלט, מיט װעלכער מיר װעלן פֿריִער אָדער שפּעטער זײַן געצװוּנגען צו מאַכן שלום, האָבן מיר זיך פֿאַרבונדן דװקא מיט אַ פֿאַשיסטיש־טעראָריסטישער קריסטלעכער מינדערהייט־גרופּע אין לבֿנון, װאָס אַפֿילו די קריסטלעכע װעלט בראָש מיט דעם פּויפּסט האַלטן זיך פֿון דער װײַטנס פֿון איר.

אין די פֿערציקער יאָרן האָבן די פֿירער פֿון לח"י געזוכט צו פֿאַרבינדן זיך מיט פֿאַשיסטישע מאַרד־מדינות; געװעזענע אָנפֿירערס פֿון אצ"ל און לח"י, איצט בײַ דער מאַכט אין מדינת ישׂראל, פֿאַרבינדן זיך מיט די שװאַרצסטע כּוחות און צװישן זיי האָבן זיי זיך פֿאַרבונדן מיט די פֿאַלאַנגעס אין לבֿנון, װאָס אויף די קערפּערס פֿון די דורך זיי אויסגעמאָרדעטע פֿרויען און קינדער אין די פּליטים־לאַגערן פֿון סאַבראַ און שאַטילאַ, האָבן זיי מיט מעסערס אויסגעשניטן צלמים — דעם סימבאָל פֿון זייער רעליגיע...

אַלע נישט־רעאַליסטישע פֿאַלש־משיחישע אַװאַנטורעס, אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע קאָמפּליקאַציעס אין דער מדינה זינט איר אָנטשטייונג, און די גרויסמאַכט־מאַניע פֿון פֿירערס װאָס האָבן זיך נישט גערעכנט און רעכענען זיך װײַטער נישט דערמיט, אַז זייער פֿאָלק איז אויסגעשאָכטן געװאָרן צוזאַמען מיט זײַן גײַסטיקן און מאַטעריעלן פּאָטענציאַל, איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פֿון אונדזער פֿאָלקס־חורבן אין די יאָרן 1939־1945. די מדינה װאָס איז געקומען װי אַן אמתער נס אין רעזולטאַט פֿון דעם חורבן, האָט קודם כּל געדאַרפֿט װערן די קליניק צו באַלאַנסירן און אויפֿהאַלטן די גײַסטיקע און קולטור־גלײַכגעװיכט פֿון די ייִדן אין ישׂראל און אין דער

וועלט, וואָס האָבן פֿיזיש דעם חורבן אויסגעמיטן, אָבער גײַסטיק דער־שיטערט געוואָרן און זיך פֿאַרלוירן. אַנשטאָט דעם זענען די ייִדן אין דער וועלט דעמאָביליזירט געוואָרן פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון אויפֿהאַלטן זייער נאַציאָנאַלע מאָראַל און קולטור. אויב „שם שואה — כאן תּקומה", דאַרפֿן די ייִדן אין דער וועלט בלויז געבן דער מדינה פֿינאַנציעלע הילף און ווײַטער זענען זיי באַפֿרײַט פֿון אַלעמען און אַלץ; אויב „שם שואה — כאן תּקומה" זענען די „שילומים" פֿון דײַטשלאַנד פֿאַר דעם פֿאַרגאָסענעם בלוט מאָראַליש באַרעכטיקט, וואָרעם פֿון גלות האָט מען זיך נישט געקענט ריכטן עפּעס אַנדערש ווי נאָר „שואה". און מיט דער צײַט זענען מיר געוואָרן אַ וואַסאַל פֿון אַ מעכטיקן פֿעאָדאַל, וואָס קאַרגט נישט פֿאַר אונדז קיין געלט און קיין געווער, כּדי מיר זאָלן ווי פֿאַרגיפֿטיקטע נאַרקאָמאַנען מער נישט קענען לעבן אָן די געלט־ און געווער־אײַנשפּריצונגען. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ לוקסוסדיקן „גרויסמאַכט"־באַוואָפֿנטן געטאָ, וואָס איז געצוווּנגען צו פֿירן אַן אומאיבעררײַסלעכע מלחמה פֿאַר זײַן עצם עקזיסטענץ, ווי עס איז דער שטייגער פֿון יעדן מסוכּנדיקן געטאָ.

צווישן די אָפּהילכן פֿון דער אַרטילערישער באָמבאַרדירונג אויף מערבֿ־ביירוט האָבן מיר געהערט די וואָרענונגען פֿון אַמעריקאַנער סענאַטאָרן, אַז אויב מיר וועלן אין לבֿנון האַנדלען קעגן די אינטערעסן פֿון די פֿאַר־אייניקטע שטאַטן, וועלן מיר מער קיין געווער נישט באַקומען, די געלט־שטיצעס וועלן אָפּגעשטעלט ווערן און פֿון די געלטער וואָס אַמעריקאַנער ייִדן גיבן פֿאַר ישׂראל וועלן מער נישט אַראָפּגענומען ווערן פֿון די שטייערן, וואָס די שפּענדער דאַרפֿן צאָלן פֿון זייער הכנסה... די דאָזיקע דראָאונג האָט באַדײַט, אַז אויב מיר וועלן נישט גיין אין שפּאַן, וועט אַמעריקע אַרויסלאָזן די לופֿט פֿון אונדזערע רעדער, כּדי מיר זאָלן בלײַבן בײַ דער פּוסטער אײַנ־רעדעניש, אַז מיר זענען אַ דריטע צי אַ פֿערטע, אָדער פֿינפֿטע גרויסמאַכט, וואָס קלײַבט זיך „מאַכן אָרדענונג" אין מיטעלן מיזרח און אין דער גאַנצער וועלט...

אונדזער נאַציאָנאַלער קאַטאַקליזם אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט געבראַכט צום אַנטשטיין פֿון מדינת ישׂראל. האָט דער גורל באַשטימט, אַז די מדינה זאָל זײַן דער איינציקער נאַציאָנאַלער מכשיר צוריק אויפֿצובויען און אויפֿהאַלטן די עקסיסטענץ פֿון אונדזער פֿאָלק דאָ און אין דער וועלט. אָט דעם אמת האָבן געדאַרפֿט אײַנקריצן אין זייערע נשמות אַלע ביז איצטיקע פֿירערס פֿון מדינת ישׂראל, און האַנדלען וועדליק אָט דעם אמת, וואָס אַפֿילו גאָט אַליין קען אים נישט אָפּפֿרעגן. זיי האָבן עס נישט געטאָן. זיי האָבן דעם חורבן אַריבערגעשפּרײַזט און נישט געענדערט דאָס מינדסטע אין די פֿאַרגליווערטע טעאָריעס און אײַנשטעלונגען פֿון פֿאַרן מבול. ביז זיי האָבן דערפֿירט צו דעם איצטיקן מצבֿ פֿון גרויסמאַכטי־שער פֿאַרריסנקייט, פֿון פּסיכאָפּאַטישן משיחיזם, און ווי עס איז דער

שטייגער אין אַזעלכע פֿאַלן, זענען די פֿירערס־פּאַציענטן־פֿון־דעם־וואַנזין נישט מסוגל צו באַגרײַפֿן, אַז פֿון דער מדינה איז אָפּהענגיק אונדזער זײַן, אָדער — חלילה — נישט זײַן אומעטום — דאָ און אין די תּפֿוצות...

## דער אויספֿיר

דער פֿאַל מדינת ישׂראל איז אַן איינציקער אין דער גאַנצער מענטש־לעכער געשיכטע. נישט געווען נאָך אַזאַ פּרעצעדענס, אַז אַ פֿאָלק וואָס איז געווען דערוויַיטערט פֿון זײַן אור־לאַנד קרובֿ צוויי טויזנט יאָר, זאָל פֿון אַ וויַיטקקייט אויף טויזנטער קילאָמעטער צוריק אויפֿבויען זײַן היים אין דעם אַלטן לאַנד. דאָס איז געווען אַ זעלטענער עקספּערימענט אַזוי לאַנג ווי דאָס פּיאָנערישע, באַגײַסטערטע און בענקענדיקע פֿאָלק האָט געלעבט און געבויט. דאָס דאָזיקע פֿאָלק איז אויסגעשאָכטן געוואָרן. אַן אָט דעם פֿאָלק, וואָס האָט באַוויזן דעם וווּנדער פֿון אויפֿריכטן זײַן אַלטע היים אין ארץ־ישׂראל, איז מדינת ישׂראל נישט מער אַן עקספּערימענט, נאָר איז אַן אַבסאָלוטער באַדינג פֿון זײַן אָדער פֿאַרשווינדן. בײַ דער דעמאָביליזאַציע פֿון ייִדן אין דער וועלט, בײַ דער וואָלונטאַרער אַסימי־לאַציע פֿון דעם יונגן ייִדישן דור אין די פֿרײַע ייִדישע ייִשובֿים, איז מדינת ישׂראל דער לעצטער שאַנס פֿון ייִדן צו בלײַבן לעבן ווי אַ פֿאָלק בכלל.

אין דער ישׂראל־אַרמיי איז אײַנגעפֿירט דער שטייגער, אַז אַן איינציקן זון פֿון אַ פֿאַמיליע בעמט מען נישט ווי אַ פֿראָנט־קעמפֿער. די סיבה איז קלאָר. מדינת ישׂראל איז דער בן־יחיד בײַם ייִדישן פֿאָלק! ווער עס פֿירט אַן אַוואַנטוריסטישע פּאָליטיק מיט אָט דעם בן־יחיד אין איניציִירטע מלחמות — דער ריזיקירט מיט דער עצם עקסיסטענץ פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק בכלל.

אַ פֿאַרנונפֿטיקע און אויפֿבויערישע פּאָליטיק אין דער מדינה גופֿא און כּלפּי דער וועלט וועט זײַן אַזאַ וואָס וועט געפֿירט ווערן מיט באַוווּסטזײַן, אַז מיר זענען נאָך נישט קיין פֿאָלק, נאָר מיר זענען די שארית־הפּליטה פֿון אַ געשאָכטן פֿאָלק. נישט די גרייס פֿון דער מדינה וועט באַשטימען, נאָר די צאָל, די קוואַליטעט און די מאָראַל פֿונעם פֿאָלק אין דער מדינה איז און וועט זײַן דער אַבסאָלוטער באַדינג!

בײַ די אַנטשטאַנענע באַדינגונגען אין רעזולטאַט פֿון דעם פֿיזישן חורבן פֿון אונדזער פֿאָלק צוזאַמען מיט זײַנע אידעאַלן און ווערטן, זענען די אַלטע אידעאָלאָגיעס און אידעען פֿאַרפֿירנדיקע פֿאַקטאָרן. וואָס קומט אַרויס פֿון דעם כּסדרדיקן דעקלאַמירן „ציוניזם", „ציוניסטישע צילן", „רעאַ־ליזירן דעם ציוניזם", אויב דאָס לאַנד, וואָס עליה איז זײַן בלוט, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ לאַנד פֿון ירידה, פֿון אַנטלויפֿן? וואָס קומט אַרויס פֿון דעם קלאַמערן זיך אין אַנאַכראָניסטישע לאָזונגען אויב סך הכּל 35 יאָר

זײַט דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה איז זי נישט קיין אַרויסרוף, נישט פֿאַר אַ גרויסן טייל פֿון דער יוגנט אין ישׂראל און נישט פֿאַר דער ייִדישער יוגנט אין דער וועלט בכלל? גאָרנישט אויסער נאָך און נאָך מלחמות וועלן אַרויסקומען פֿונעם קלאָמערן זיך אין די אַנאַכראָניסטישע גראַנדיעזע אידעען פֿון זשאַבאָטינסקי, טאַבענקין און דוד בן־גוריון, אויב דער עצם באַגריף „ציוניזם" איז אַרײַנגענומען געוואָרן אין גענדזן־פֿיסלעך און איז געוואָרן דער סינאָנים פֿון בטלנות. נישטאָ קיין גרעסערער חוזק פֿון דעם קלאַסישן, פּיאָנערישן ציוניזם ווי דאָס בילד ווי אַזוי אַראַבישע אַרבעטערס בויען די משיח־קאָלאָניעס אויף די באַזעצטע געביטן און די ייִדישע קאָלאָניסטן פֿון די באַפֿרײַטע שטחים אינוועסטירן אין דער בערזע אַ טייל פֿון די הלוואות וואָס זיי באַקומען פֿון דער רעגירונג אויף צו פֿאַרייִדישן דעם פּאַלעסטינעזער ים.

איך האָב נישט קיין רעצעפּטן פֿאַר דער שווערער קראַנקייט, אין וועלכער עס געפֿינט זיך אונדזער מדינה: פּאָליטיש, עקאָנאָמיש, סאָציאַל, נאַציאָנאַל און מאָראַליש. אין איינס בין איך אָבער זיכער: פּונקט ווי דער נדר „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני" האָט צוריק געפֿירט די ייִדן קיין ירושלים, אַזוי וועט מיט אַ נדר „אויב איך וועל פֿאַרגעסן דעם חורבן פֿון מײַן פֿאָלק דאָרט וועל איך פֿאַרגעסן מײַן פֿאָלק און מײַן לאַנד", קענען אויפֿגעריכט ווערן אונדזער פֿאָלק דאָ און אין דער וועלט, במילא — בײַ אַן אויפֿגעריכט פֿאָלק — וועט אויך לײַכטער זײַן אויפֿצוריכטן אונדזער מדינה קודם כּל מאָראַליש, ווי דעם פֿונדאַמענט פֿון אַלץ!

1983

# די קולטור־היסטאָרישע ראָל
# פֿון דער ייִדיש־ליטעראַטור

ווען מיר וואָלטן געוועז ענלעך צו אַלע קולטור־פֿעלקער, וואָלט דאָס דערשייַנען פֿון דער צווייִ־בענדיקער אַנטאָלאָגיע פֿון דער ייִדיש־ליטעראַטור אין מדינת ישׂראל, וואָס שליסט איין 204 מחברים וואָס האָבן געלעבט און לעבן אין ישׂראל זינט דעם אויפֿקום פֿון דער מדינה, געפֿייַערט געוואָרן ווי אַ נאַציאָנאַלער קולטור־יום־טובֿ. אָבער דאָס ייִדישע פֿאָלק איז געווען און איז ווייַטער צעברעקלט. יעדער טייל האָט זייַן באַזונדערע פֿאָלקס־געשיכטע, מיט אַ באַזונדער ליטעראַטור, לשון און פֿילאָזאָפֿיע. איז דער יום־טובֿ פֿון דערשייַנען פֿון דער אַנטאָלאָגיע געבליבן דער יום־טובֿ פֿון ייִדישע שרייַבער און ייִדישע לייענער.

אָביעקטיוו און קולטור־היסטאָריש איז די ייִדישע ליטעראַטור די דריטע וואַנט אין דעם נאַציאָנאַלן דרייַעק: תּנ״ך, תּלמוד און — די ייִדיש־ליטע־ראַטור. סימבאָליש איז אויך דער פֿאַקט וואָס די אַנטאָלאָגיע פֿון דער ליטע־ראַטור אין ייִדיש אין מדינת ישׂראל איז געשאַפֿן געוואָרן אין דעם זעלבן ארץ־ישׂראל, אין וועלכן עס איז געשאַפֿן געוואָרן דער תּנ״ך, דער אָנהייב פֿון דעם תּלמוד־קאָמפּענדיום, וואָס האָט זיך באַלד איבערגעטראָגן אין בבֿל — אין גלות.

פֿאַרגעסט מען אויף אַ רגע זייַן קאַנאָניזאַציע, זייַן פֿאַרהייליקטקייט, איז אויך דער תּנ״ך נישט עפּעס אַנדערש ווי אַן אַנטאָלאָגיע פֿון אַלע ליטעראַטור־פֿאָרמען, וואָס האָבן במשך אַ טויזנט יאָר זיך אַנגעקליבן אין פֿאָלק אין ארץ־ישׂראל: פֿאָלקלאָר, דערציילערישע פּראָזע, פֿילאָזאָפֿיע, גע־שיכטע, עסעיִסטיק, פּאָליטישע פּובליציסטיק און אַפֿילו שפּריכווערטער. אין תּנ״ך האָט איר אַפֿילו אַפּיקורסות, וואָס די הייַנטיקע אָרטאָדאָקסיע וואָלט צו אַזאַ נישט דערלאָזט, ווי אַ שטייגער: דער ספֿר קהלת און איובֿ. אין ספֿר איובֿ זאָגט דאָס ווייַב צו איר לייַדנדיקן מאַן: „עודך מחזיק בתומך? ברך אלהים ומת!" — „האַלטסט זיך נאָך אַלץ בייַ דייַן רעכטפֿאַרטיקייט? לעסטער גאָט און שטאַרבֿ!" (איובֿ ב 9). און אָוודאי וועט די הייַנטיקע אָרטאָדאָקסיע אין ישׂראל נישט דערלאָזן אין זייער אַ בוך אָדער אַ צייַטונג

זאָל אויפֿגעדעקט ווערן אַ געשיכטע, ווי די וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיט דוד המלך, דעם געשעצסטן פֿון אַלע ייִדישע מלכים, וואָס פֿון אים דאַרף אַרויסקומען משיח. ער האָט גענומען מיט אַן אשת איש, בת־שבע איז געווען איר נאָמען, און כּדי ער זאָל קענען פֿרייַ אָנהאַלטן די ליבע־באַ־ציִונגען מיט דער אשת איש, האָט ער אַוועקגעשיקט איר מאַן, אוריה החיתי, אויפֿן פֿראָנט, ער זאָל דאָרט געהרגעט ווערן, און ער איז געהרגעט געוואָרן. הייַנט וואָלט קיין שום רבֿ אין ישׂראל נישט מסכּים געווען צום זיווג פֿון בועז מיט דער גויע רות, דער אלמנה פֿון אַ ייִדישן מאַן. אַ באַווייַז דערצו זענען די דראַמעס פֿון געמישטע פֿאַרפֿעלקער וואָס קומען לעצטנס פֿון רוסלאַנד, דער עיקר ווען די מאַמעס זענען קריסטלעכע...

בייַם צוזאַמענשטעלן די אַנטאָלאָגיע תּנ״ך זענען פֿאָרגעקומען שאַרפֿע דיסקוסיעס וואָס יאָ און וואָס נישט אַרייַנצונעמען פֿון די פּאַרטיקע אַלטע און נייַע פֿאַרשריבענע ליטעראַרישע ווערק. דאָס וווּנדערבאַרע ליבע־ליד, אָדער ליבע־לידער, שיר השירים, איז געשטאַנען פֿאַר דער געפֿאַר צו בלייַבן אויסער דער תּנ״ך־אַנטאָלאָגיע. האָט זיך פֿאַר דער ווערק אייַנ־געשטעלט רבי עקיבֿא, אַז שיר השירים איז נישט קיין עראָטיש ליד, נאָר איז אַ הייליקע אַלעגאָריע. נעמלעך: דער געליבטער איז די שכינה, גאָט אַליין, און די געליבטע איז די כּנסת ישׂראל, פֿאָלק ישׂראל. איי, אין שיר השירים זענען פֿאַראַן אַזעלכע עראָטישע פֿערזן ווי אַ שטייגער: „שני שדיך כּשני עופֿרים תּאומי צבֿיה הרועים בשושנים" — דייַנע בריסטן זענען ווי צוויי צווילינג־ציקעלעך פֿון אַ הירשין, וואָס פּאַשען זיך צווישן ליליעס" און „צרור המור דודי לי בין שדי ילין" — „ווי אַ בינטל מירע שלאָפֿט מייַן געליבטער צווישן מייַנע בריסטן" — פֿערזן וואָס פּאַסן זיך אַריין אין מאָדערנער פּאָעזיע — האָט שוין אויף דעם געענטפֿערט דער מלמד שלמה לייזער רעשעס, וואָס אין זייַן חדר האָב איך געלערנט ווי אַ ייִנגל: „שדיך" און „שדי" איז נישט וואָס דו מיינסט, אַז אַן אשה האָט — האָט ער געלערנט — נאָר דאָס זענען משה רבנו און אהרון הכּהן. אין דער זעלבער צייַט האָבן די רעדאַקטאָרן פֿון דער אַנטאָלאָגיע נישט אַרייַנגענומען אין תּנ״ך פֿערצן שאַפֿונגען, וואָס זענען שפּעטער באַצייכנט געוואָרן ווי „ספֿרים חיצונים" (אויף גריכיש אַפּאָקריפֿן), צווישן זיי: דעם ספֿר סירא און דאָס בוך וועגן מכּבייער. ערשט די סעפּטואַגינטאַ, די איבערזעצונג פֿון תּנ״ך אויף גריכיש, האָט זיך דערבאַרעמט איבער די ספֿרים חיצונים און זיי אַרייַנגענומען אין תּנ״ך פֿאַר די ייִדן אין עגיפּטן, וואָס זייער שפּראַך איז געווען גריכיש.

אייַנזאַמלען, אויפֿשרייַבן און רעדאַגירן די תּנ״ך־טעקסטן האָט גע־דויערט אַ פֿינף הונדערט יאָר. מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז ביז אַרום דעם 6טן יאָרה׳ פֿאַר אונדזער צייַט־רעכענונג איז נישט געווען אויף וואָס צו שרייַבן — נישט קיין פּאַפּירוס, נישט קיין פּאַרמעט, סייַדן אויס־

קריצן אויף ליימענע טאָוולען. גײַסטיקע שאַפֿונגען און אויך געזעצן זענען איבערגעגאַנגען בעל־פּה פֿון דור צו דור. ערשט שפּעטער, נאָך דעם ערשטן חורבן, זענען געזאַמלט געוואָרן די טעקסטן פֿון דעם פֿאָלקס מויל, מסתמא אויף אַן ענלעכן שטייגער ווי די פֿאָלקלאָריסטישע עקספּעדיציע פֿון ש. אַנסקי, וואָס איז אַרומגעפֿאָרן איבער יידישע שטעטלעך און אײַנגעזאַמלט יידישן פֿאָלקלאָר אין אָנהייב פֿון דעם יאָרה׳. נישט צופֿעליק ווערט משה רבנו פֿאָרגעשטעלט אין דער מאָלערײַ און אין צייכענונגען מיט צוויי לוחות, אויף וועלכע עס זענען אײַנגעקריצט די „עשרת הדברות״. דאָס איז דער מאַקסימום וואָס איז געווען מעגלעך אויפֿצושרײַבן אויף ליימענע טאָוולען. ערשט אַרום דעם זעקסטן יאָרה׳ פֿאַר דער הײַנטיקער צײַט־רעכענונג האָבן די עגיפּטער אויסגעפֿונען, אַז פֿונעם פּאַפּירוס־בוים קען מען מאַכן אַ שטאָף אויף צו שרײַבן אויף אים, און אין דריטן יאָרה׳ האָט מען אָנגעהויבן פּראָדוצירן פּאַרמעט פֿון שעפּסן־ און ציגן־פֿעל. אָבער אויך ווען עס איז שוין געווען אויף וואָס צו שרײַבן, האָט מען געמוזט אויסמײַדן צו שרײַבן מיט וואָקאַלן, כּדי די ווערטער זאָלן זײַן קורצע און במילא זאָלן די טעקסטן זײַן קורצע.

נאָך פֿאַרן שליסן דעם תּנ״ך איז דער לעבנסשטייגער פֿון יידן געווען היפּש דערווײַטערט פֿון די געזעצן, ווי זיי ווערן פֿאָרמולירט אין דער תּורה שבכתב. דאָס פֿאָלק האָט געשאַפֿן מנהגים, וואָס זענען געוואָרן רעליגיעזע פֿאַרשריפֿטן (הלכות). האָט זיך דאָס לעבן פֿון יידן געפֿירט ווערדליק די מנהגים און טראַדיציע און נישט ווערדליק דער תּורה. כּדי אַרײַנצוברענגען אָרדענונג אין דער רעליגיעזער יוריסדיקציע, האָט רבי יהודה הנשיא ווי ווײַט מעגלעך אײַנגעזאַמלט אַלע מנהגים און פּירעכצער, ווי זיי האָבן געגאָלטן אין פֿאָלק און אַזוי אַרום האָט ער געשאַפֿן די משנה. דאָס איז געווען די ערשטע פֿאַרפֿיקסירונג אין שריפֿט פֿון דעם בעל־פּה־קאָדעקס.

נישט צילנדיק האָט די משנה אַוועקגערוקט דעם תּנ״ך אויף אַ ווײַטער־דיקן פּלאַן. פֿאַראַן אַפֿילו אַ מיינונג, אַז ווען די קירכן־פֿאָטערס וואָלטן נישט באַזירט דעם קריסטלעכן גלויבן אויף תּנ״ך, וואָלטן יידן מסתּמא בכלל געהאַט אַוועקגערוקט אָן אַ זײַט דעם תּנ״ך. אַ באַווײַז: אין די ישיבֿות פֿאַרשט מען נישט דעם תּנ״ך און מען פּלפּולט זיך נישט איבער אים, בעת דער הויפּט־אָביעקט צו לערנען איז דער תּלמוד.

אויך די הלכות (דער שטייגער און די געזעצן) אין דער משנה זענען פֿון רבי יהודה הנשיא נישט געבליבן פֿאַרשטיינערט. דאָס לעבן האָט אַרײַנ־געפֿירט ענדערונגען און צו די ענדערונגען האָבן די געלערנטע גענומען שטעלונג — דאָ עפּעס געענדערט דאָרט עפּעס פֿאַרלײַכטערט, אָדער באַ־שווערט — האָט זיך אין ארץ־ישׂראל אָנגעהויבן שאַפֿן דער צווייטער קאָמפּענדיום אין דער ליטעראַטור בײַ יידן, דער תּלמוד. באַלד איז די נײַע לערע איבערגעגאַנגען אין די ישיבֿות פֿון פּומבדיתא און סורא אין

בבל און אַזוי אַרום האָבן זיך במשך פֿון עטלעכע הונדערט יאָר געשאַפֿן דער תּלמוד בבלי און תּלמוד ירושלמי. דער תּנ״ך איז געשריבן געוואָרן אין לשון קודש (העברעיִש) מיט איין איינציקן ספֿר (דניאל) אין דער שפּראַך, אין וועלכער ייִדן האָבן דעמאָלט גערעדט, (אַראַמעיִש), אין דער צײַט ווען דער תּלמוד איז אַ צוויי־שפּראַכיקער — דער משנה־טייל איז אין העברעיִש, ווײַל רבי יהודה הנשיא האָט געשריבן זײַן ווערק אין העברעיִש, און די גמרא (דער דיסקוסיע־טייל) איז געשריבן אין דער דעמאָלטיקער פֿאָלקס־שפּראַך, אַראַמעיִש.

זינט עס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער תּלמוד, ווי פֿריער ס׳איז אָפּגעשלאָסן און קאַנאָניזירט געוואָרן דער תּנ״ך, האָבן ייִדן ביז דעם אויפֿקום פֿון דער ליטעראַטור אין ייִדיש נישט געשאַפֿן קיין שום אָריגינעלע ליטעראַטור. די גאַנצע שעפֿערישע ענערגיע איז אַוועק כּמעט בלויז און אויסשליסלעך אויף קאָמענטאַרן, פּירושים, ביאורים, מדרשים, שאלות ותשובֿות — אַלץ באַזירט אויפֿן תּלמוד — קיין שום נײַע ווענדונג. דער „מורה נבֿוכים״ (װעגװײַזער פֿאַר צווייפֿלער), געשריבן אין אַראַביש פֿון דעם מחבר פֿון דער משנה־תּורה, דעם רמב״ם, און „כּוזרי״, געשריבן אין אַראַביש („אַל־כּאַזאַרי״) פֿון יהודה הלוי און אייניקע אַנדערע, זענען די איינציקע וועלטלעכע שאַפֿונגען אין אָט דער לאַנגער תּקופֿה. און אויך דער „מורה נבֿוכים״ איז אויסגעשטאַנען חרמס און איז אַפֿילו פֿאַרברענט געוואָרן ווי אַפּיקורסות.

אויב אין דער אַנטאָלאָגיע, וואָס האָט באַקומען דעם פֿאַרקירצטן נאָמען תּנ״ך, איז פֿאַראַן בעלעטריסטיק, שילדערונגען, שטייגער, פֿאָלקלאָר און פֿאַנטאַזמאַגאָריע, איז דער תּלמוד פֿרײַ פֿון קינסטלערישער ליטעראַטור און פֿון פֿאָלקס־שטייגער.

צום ערשטן מאָל אין דער גאַנצער געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק איז אין ייִדיש געשאַפֿן געוואָרן אַ פֿאָלקס־ליטעראַטור, וואָס אירע עלעמענטן זענען סײַ וועלטלעך און סײַ רעליגיעז, אַזאַ ווי עס איז אין דערווירקלעכקייט דאָס לעבן פֿון ייִדן. אין אָט דער ייִדיש־ליטעראַטור דריקט זיך אויס צום ערשטן מאָל דאָס פֿאָלק גופֿא, מיט זײַנע שטרעבונגען, מיט זײַנע גײַסטיקע און פֿיזישע ראַנגלעניש, מיט סאָציאַלע און פּאָליטישע אידעען, אַן אַרומנעמענדיקע ליטעראַטור אין אַלע זשאַנערן — ראָמאַניסטיק, נאָוועליסטיק, פּאָעזיע, דראַמאַטורגיע, עסעיִסטיק, פּובליציסטיק און פֿילאָזאָפֿיע, ווי בײַ אַלע קולטור־פֿעלקער.

נישט געקוקט אויף די וועזנטלעכע אונטערשיידן צווישן דעם תּנ״ך, תּלמוד און דער ייִדיש־ליטעראַטור, זענען אַלע דרײַ סימבאָליש פֿאַרבונדן מיט רינגען, און די דרײַ ליטעראַטור־בנינים שאַפֿן אַ פֿאַמיליע־גאַנצקייט: אינעם העברעיִשן תּנ״ך איז אַרײַנגענומען געוואָרן אַ ספֿר („דניאל״) וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דער דעמאָלטיקער פֿאָלקס־שפּראַך אַראַמעיִש;

דער תּלמוד איז געשריבן סײַ אין העברעיִש און סײַ אין אַראַמעיִש; ייִדיש האָט אין זיך אַלע שפּראַך־עלעמענטן פֿון די ייִדישע לשונות — העברעיִש און אַראַמעיִש. אין דער צײַט ווי דער תּנ"ך איז אין זײַן טעמאַטיק באַגרענעצט צו איין לאַנד — ארץ ישׂראל, און דאָס זעלבע אויך דער תּלמוד, באַגרענעצט צו בבֿל, איז די ליטעראַטור אין ייִדיש אַן אוניווערסאַלע. זי שילדערט דעם שטייגער פֿון ייִדן כּמעט אויף אַלע קאָנטינענטן, ווו נאָר עס האָט דערגרייכט די ייִדישע עמיגראַציע אין די לעצטע הונדערט און פֿופֿציק יאָר, אויסער די היסטאָרישע ראָמאַנען און נאָוועלן וועס נעמען אַרום אַלע תּקופֿות אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע. די ליטעראַטור אין ייִדיש איז איינציק אין דעם מחברים־צוזאַמענשטעל סײַ אין זשאַנער און סײַ אין ריכטונג: פֿון נחמן בראַצלאַווער ביז הלל צייטלין, פֿון מענדעלען ביז י. ל. פּרץ, פֿון שלום עליכם ביז איציק מאַנגער, פֿון יהואש ביז אהרון צייטלין, פֿון שלום אַש ביז יצחק באַשעוויס — אַ ווונדערלעכע גאַלעריע נישט אויסצושעפּן אין דער צאָל און אין זייערע זשאַנערן.

נישט געקוקט אויף איר קוואַליטעט און ראָל סײַ אין שילדערן און סײַ אין געשטאַלטן דאָס לעבן פֿון ייִדן, האָט די ייִדיש־ליטעראַטור געהאַט און האָט אויך הײַנט צוויי קעגנערישע עלעמענטן:

די עקסטרעם־רעליגיעזע און די אַסימילאַטאָרן. וואָס שײַך די עקסטרעם־רעליגיעזע, לעבן זיי נאָך הײַנט מיט די נאָרמעס וואָס זענען אײַנגעשטעלט געוואָרן אין בבֿל מיט אַ טויזנט זעקס הונדערט יאָר צוריק און זיי זענען מבֿטל יעדן אויסדרוק פֿון וועלטלעכקייט אין דער ליטעראַטור. ווי שוין דערמאָנט העכער, וואָלטן זיי הײַנט נישט טאָלערירט אין דער ליטעראַטור פֿון ייִדן אַזאַ אַפּיקורסות ווי אין קהלת, אַזאַ עראָטיק ווי אין שיר השירים צי דעם הילול השם אין איובֿ. זיי זענען נישט גרייט צו טאָלערירן וועלכן עס איז אָפּנויג אין רעליגיעזן קולט.

די קעגנערישקייט פֿון די אַסימילאַטאָרן כּלפּי דער ייִדישער ליטעראַטור האָט איר לאַנגע געשיכטע, וואָס גרייכט ביז דער חבֿרותא פֿון משה מענדעלסאָנס חסידים אין דײַטשלאַנד, וואָס האָבן געפֿירט אַ מלחמה קעגן ייִדיש, ווי די שפּראַך פֿון די ייִדישע פֿאָלקס־מאַסן. אָט די אַסימילאַנטישע ריכטונג איז איבערגענומען געוואָרן דורך די שפּעטערדיקע דורות אַסימילאַטאָרן. די שׂינאה צו ייִדיש און דער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען אַזאַ פֿאַרביסענע, אַז ווען אַ פּוילישער שרײַבער האָט איבערגעזעצט אויף פּויליש די „קליאַטשע" פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים, האָבן ייִדישע אַסימילאַטאָרן שאַרף אַנגעגריפֿן דעם איבערזעצער פֿאַרוואָס ער האָט אַרײַנגעפֿירט אין דער פּוילישער שפּראַך אַ זשאַרגאָניש בוך. טעאָדאָר הערצל, וואָס איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַסימילאַטאָר אויף אַזוי ווײַט אַז ער האָט נישט געמלט זײַן זון, כּדי ווען ער וועט אַלט ווערן 18 יאָר זאָל ער אַלײן באַשטימען צו וועלכער רעליגיע ער וויל געהערן, האָט אין זײַן בראָשור

„יודענשטאַאַט״ — אַ פּלאַן פֿאַר אַ ייִדישער מדינה — געשריבן, אַז אין דער קומענדיקער ייִדישער מדינה וועט מען האַלטן די רעליגיעזע ייִדן סעפּאַרירט אין די בתּי־מדרשים, אָבער דעם זשאַרגאָן (ייִדיש) וועט מען בכלל אין דער מדינה נישט אַרײַנלאָזן. די שפּעטערדיקע ציוניסטישע פֿירער אין מזרח־אייראָפּע, מיט אַ מינערווערטיקייט קאָמפּלעקס כּלפּי די יאַהודים אין דײַטשלאַנד, האָבן פֿון הערצלען און אַנדערע אַסימילאַטאָרן אין דײַטש־לאַנד און עסטרײַך איבערגענומען די שׂינאה צו ייִדיש ווי אַ טייל פֿון דער נעגאַציע צו אַלע ווערטן, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן אין גלות (שלילית הגלות).

איז פּאַראַדאָקסאַל געשען, אַז די ייִדישע מדינה — ווו מיט יאָרן צוריק איז באַקעמפֿט געוואָרן יעדער אויסדרוק אין ייִדיש אין דער פֿאָרם פֿון צײַטונגען, ביכער און ייִדיש טעאַטער — איז געוואָרן דער צענטער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, און דער ייִדישער שרײַבער־פֿאַראיין, וואָס האָט אַן אייגן הויז אין תּל־אָבֿיבֿ, אַ היים פֿאַר דעם ייִדישן שרײַבער, האָט אַרויסגעגעבן אַ צוויי־בענדיקע אַנטאָלאָגיע פֿון די שאַפֿונגען פֿון 204 ייִדישע שרײַבער, וואָס האָבן געלעבט און לעבן אין די עטלעכע פֿערציק יאָר ווי עס עקזיסטירט מדינת ישׂראל. דאָ, אין ארץ ישׂראל, איז געשאַפֿן געוואָרן דער תּנ״ך, דאָ האָט זיך אָנגעהויבן שאַפֿן דער תּלמוד און דאָ איז דערשינען די גרעסטע אַנטאָלאָגיע אין דער געשיכטע פֿון דער מאָדער־נער ייִדישער ליטעראַטור...

סימבאָלן האָבן זייער אייגן לעבן.

